מענדעלע מויכער־ספֿרים

# געזאמלטע ווערק

אונטער דער אלגעמיינער רעדאקציע פון א. גורשטיין,
מ. ווינער און י. נוסינאָוו

באנד IV

מעלוכע־פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע 1940

מענדעלע מויכער־ספאָרים

# פישקע דער קרומער

טעקסט־רעדאקציע פונ ריווקע רובינ

נאָכוואָרט פונ מ. ווינער

מעלוכע-פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע 1940

מײַנ ליבנ, טײַערנ פרײַנט מענאשע מארגאָליס,
ברענגט דעמ דאָזיקנ סײפער בעמאטאָנע פונעמ
גאנצנ הארצנ

דער מעכאבער.

טײַערער פרײַנט!

טרויעריק איז מײַנ ניגנ אינ דער קאפעלע פונ דער יִדישער ליטעראטור. אינ מײַנע כיבורימ ליגט אויסגעדריקט א יִיד מיט די ביינער, וואָס ווענ ער זינגט אפילע אמאָל א פריילעכס, דאכט זיכ גאָר אויס פונדערווײַטנס, עפעס קלאָגט ער, פארגייט זיכ ווײנענדיק. אינ זײַנע זמירעס הערט זיכ עפעס אנ אומעטיקער שטייגער פונ אייכעס. לאכט ער, שטייענ אימ אינ די אויגנ טרערנ, וויל ער א ביסל לוסטיק זײַנ, רײַסט זיכ אימ דערבײַ טימ פונעמ הארצנ א ביטערער זיפצ — אונ טאָמיד אלצ אוי ווײ, ווײגעשריגנ !..

איכ רייד מיר, כאָלילע, נישט אײַנ מיט גאדלעס, אז איכ בינ א סאָלאָווײ אינ אונדזער יִדישער ליטעראטור, נאָר אינ איינ זאכ אָבער בינ איכ אינ אימ יאָ שטארק געראָטנ. דער דאָזיקער מאָרעשכוירעדיקער מעשוירער פונ די פייגל שפילט זײַנע ניגונימ אונ צעגיסט זיכ אינ אומעטיקע שטייגער דאפקע נאָר אינ ווֶעסנע־צײַט, ווענ די גאנצע וועלט איז ווי נײַ־געבוירנ, ווענ עס בליט, עס שמעקט מעכײַע אומעטומ, עס שײַנט, עס לויכט אונ איטלעכנ איז פריילעכ אפנ הארצנ.—

מיר ביידע, טײַערער פרײַנט, האָבנ אָנגעהויבנ אונדזער ארבעט אינ דער יִדישער ליטעראטור פונקט אינ דער וועסנע-צײַט פונעמ יִדישנ לעבנ דאָ בא אונדז אינ לאנד. פונעמ זעכציקסטנ יאָר אינ אונדזער צײַט הייבט זיכ פאר יִדנ אָנ גאָר א נײַ לעבנ, — א לעבנ שוינ מיט א גרינגער געמיט, פול מיט גוטע האָפענונגענ אפ שפעטער. דענסטמאָל זײַנענ מיר געווענ

ביידע נאָך זייער יונג און האָבן מיט א ברען זיך א נעם געטאָן צו דער פען, געארבעט געשמאַק, איטלעכער אף זיין גאנג, דער אוילעם האָט פון אייַער שרייַבן געלעקט די פינגער, גאָר אָנגעקוואָלן הערנדיק, ווי־אַזוי איר רעדט צוקער־זיס איבער פיל וויכטיקע זאכן אין דעם יידישן לעבן; ווי־אַזוי איר זייַנט אף יידן א מיליץ־יוישער און לערנט זיי מיט גוטן, גאנץ פריינטלעך, צו קענען זיך אליין, צו וויסן פון זייער לעבן צו זאָגן, א פּאָנעם צו האָבן און זייַן לייַטיש גלייַך. עס האָבן אייַך אויס דעם מויל זיך געשאָטן פערל, וואָס פינקלען, לויכטן און וועלן אייביק זייַן א צירונג אין דער יידישער ליטעראטור. איך, פון מייַן זייַט, האָב אין יענער פריילעכער וועסנע־צייַט מיר אויך אונטערגעברומט, געשריבן, געשפילט אף מייַן שטייגער. אין מייַן שפּילן האָט געוויינטלעך איינס סטרונע געברומט טרויעריק און געמאכט אף די צוהערער א שטיקל מאָרעשכוירע. א טייל האָבן מיך געהערט גערן מיט א פארקלעמט הארץ, ווידער א טייל האָבן זיך געקרימט, מעשונע זיך געקראצט, נישט צופרידן געוועזן, וואָס איך ריר זיי אָן בא דער לעבער און דערמאָן זיי נישט קיין פריילעכע זאכן. נאָר, ווי די מייַסע איז, — איך האָב מיר געשפילט און געטאָן מייַנס.

יענע שיינע וועסנע־צייַט איז אוועק. אז אָך און ווי איז דעם יידנס לעבן! און מיר איז פאר צאָרעס פארגאנגען דער כיישעק צו שרייַבן. עס האָט מיר א צייַט לאנג אָפּגענומען דאָס לאָשן.

און ווען איך נעם אצינד אפיר מייַן פארדארטע, פארטריקנטע פען און גיי ווידער מיט דער שפּראכע ארויס, האָב איך עס צו פארדאנקען אייַך, נאָר אייַך, וואָס אין אייַער געזעלשאפט איז מיר צוגעקומען א שטיק געזונט. אייַערע קלוגע רייד, אייַער ארבעטן שטענדיק פאר אונדזער פאָלק האָבן מיך דערפרישט און מיר צוגעגעבן כיישעק צו נעמען זיך אויך פאר עפּעס אן ארבעט. פון הייליקן פייַער, וואָס ברענט טאָמיד אין אייַער יידיש הארץ, האָט זיך פארטראָגן א פונק צו מיר אין מייַן הארץ, עס האָט זיך אָנגעצונדן און ברענט אצינד ווי אמאָל אין די יונגע יאָרן.

יאָ, מיר ביידע האָבן אָנגעהויבן אונדזער ארבעט אין דער ליטעראטור גלייַך אין איין צייַט, נאָר דאָס מאזל אונדזערס איז ניט גלייַך. איר זייַט דאָרט ארויף אויבן, אין די הויכע פענצטער; איר האנדלט דאָרט מיט בריליאנטן און דימענטן פון דער יידישער היסטאָריע; איר שטעלט ארויס די שענסטע צירונג פון אונדזער פאָלק פארצייַטנס, דאָס בעסטע, דאָס טייַערסטע אין זייַן לעבן. איר האָט איבערגעהאט אייסאָקים מיט הילעל, ראבי מייער, ראבי אקיוואָ און מיט נאָך אנדערע גרויסע לייַט, מעיוכאָסים פון הויכן סאָרט מענטשן. מיר אקעגן איז באשערט געווען זיך ארומצואַלאָזן אפן נידעריקן טרעפּל פון יידישן לעבן אונטן אין די קעלערס. מייַן „יעש־בעקאָנ״

איז: שמאטעס און פוילע סכוירע. איך האָב נאָר שטענדיק צו טאָן מיט עוויוינים, קאפצאָנים, אומגליקלעכע נעבעכ; אויכ מיט מענטשעלעכ דראבעס, פאָקוסניקעס אוכעדוימע אזעלכע מינע נעפאשעס, קליינישקע, ני־דעריקע פארשוינעג. מיר כאָלעמט זיכ נאָר בעטלערס. פאר מייַנע אויגנ שוועבט טאָמיד א טאָרבע — די אלטע, גרויסע יידישע טאָרבע הענגט מיר טאָמיד, ווי יענעמ מאָרעשכוירעניק א לונג-און-לעבער אפ דער נאָז. ווהינ איכ זאָל מיכ נישט קערנ און ווענדנ, זע איכ פאר מיר די טאָרבע; וואָס איכ זאָל נישט וועלנ עפּעס דערציילנ אָדער זאָגנ, קומט מיר אפיר די טאָרבע!..

אוי, אלצ די טאָרבע, די יידישע טאָרבע!

יאָ, טייַערער פריינט, דורכ אייַכ האָב איכ באקומענ ווידער א ברענ צומ שרייַבנ — און אָט האָט איר אייַכ הייַנט; באאווינוויסיינו האָראבימ, טאקע ווידער א טאָרבע: א פישקע דעמ קרומענ, מישטיינסגעזאָגט, מיט וועלכנ איכ טרעט ארויס פאר דעמ אוילעמ, נאָכ אזא לאנגער צייַט שטילשווייַגנ. איכ ווייס, אז מייַנ פישקע דער קרומער איז עפּעס נישט אזא מאטאָנע אפ אָפּצודאנקענ אייַכ מיט אימ פאר אייַער פריינטשאפט. נאָר וויסנדיק בא מיר אייַער גוט הארצ, אייַער צוגעלאָזטקייַט צו מענטשנ, פארהאָפ איכ, אז איר וועט מייַנ אָרעמענ פישקענ אופנעמענ מיט א „באָרוכ־האבאָ". זייער מעגלעכ גאָר, איר זאָלט אימ נאָכ ארייַנבעטנ אינ זאל ארייַנ, אימ באקענענ מיט אייַער הויזגעזינד און מיט אייַערע געסט דאָרט. פישקע וועט זיכ בא אייַכ אָפּלייגנ מיט דער טאָרבע, אייַכ דערציילנ מייַסעס, און איר וועט פונ זיי האנאָע האָבנ. און פאָרשטעלנדיק זיכ אזוינס, שמייכלט פאר יתרייד און דאנקט אייַכ פונ גאנצנ הארצנ

דער מעכאבער.

# 1

קוים גיט א שײַן די ליכטיקע זון און זומער-לעב אין דעם לאנד, מענטשן ווערן ווי נײַ געבוירן און דאָס הארץ פרייט זיך זיי, קוקנדיק אפ גאָטס וועלט דער שיינער, — דענסטמאָל הייבט בא יידן זיך אָן די רעכטע אומעטיקע צײַט, צו קלאָגן און פארגיסן טרערן. עס גייט דאָס גאנצע צעטל טרויער: טאנייסים, פײַניקן זיך, יאָמער און געוויין פון ספירע — ביז העט אין די גרויסע בלאָטעס און נאסע אָסיענדיקע קעלט. דענסטמאָל שטעלט זיך פאר מיר, מענדל מויכער־ספאָרים, דער גרויסער יאריד, איך ארבעט, פאָר באשטענדיק ארום, צו פארזאָרגן יידישע קינדער אין אלע שטעטלעך מיט די אלע נייטיקע מאטעריאלן צום וויינען — מיט קינעס, מיט סליכעס, ווײַבערשע טכינעס, מײַנעלאָשנס, שויפרעס און מאכזוירים. האקלאל, יידן קלאָגן, פארוויינען דעם זומער — און איך מאך דערווײַל געשעפטן. נישט דאָס בין איך אויסן.

אונטערוועגנס איינמאָל, שיוואָ־אָסאָר־בעטאמוז, גאנצפרי, זיץ איך מיר אפ דער קעלניע פון מײַן בײַדל אין טאלעס-און-טפילן מיט דער בײַטש אין דער האנט, גאנץ יידישלעך. די אויגן זײַנען מיר צוגעמאכט, ביכדיי נישט אָנצוקוקן באם דאוונען די ליכטיקע וועלט. מײַסע־סאָטן אָבער איז זי, די נאטור, ווי הייסט מען עס, געווען וונדער-שיין, גאָר א בילד. און עס האָט מיך געצויגן, עפעס ווי א קישעף, א קוק צו טאָן. איך האָב א היפשע צײַט מיך געראנגלט מיט מיר אליין. דער יעיצערטויוו זאָגט: „פע!.. מען טאָר נישט!" דער יעיצערהאָרע אקעגן טאָרעט: „נישקאָשע! האָב האנאָע, נארעלע!" און עפנט מיר דערבײַ טאקע אוף איין אויג. עס טוט מיר א שײַן, נאָר ווי אפ צולאָכעס, עפעס א בילד-שיינע פאנאָראמע: פעלדער, געשפרענקלט מיט בליענדע רעטשקע, ווײַס ווי שניי, נעבן געלב-גילדענע ראצעמאָרענע פאסן פון ווייץ און מאט־גרינלעכע, הויך־געוואקסענע

קוקורוזעס. א שײנער גרינער טאָל, באַדעקט פֿון בײדע זײַטן מיט װעלדלעך ביס־בײמער. אונטן פּלײצט א טײַכל, רײן, קלאָר װי קריסטאָל, אין װעלכן עס טוקן זיך די שטראַלן פֿון דער זון און באַלײגן עס מיט פֿינקלדיקע גילדענע פֿליטערלעך. די שאָף און די קי אַף דער פּאַשע דאָרט זעען פֿונדערװײַטנס אױס װי טונקעלע, רויטע, געפּלעקטע פּינטעלעך. — „פּע, פּע!" — מוסערט מיך דער יעיצערטוּיוו מיט יענע װערטער פֿונעם פּײרעק: „א ייִד אונטערװעגנס, אַז ער איז מאַפּסיק דאָס לערנען און זאָגט: „װי שײן דער בוים איז, װי שײן דאָס פֿעלד" — איז גלײַך װי ער טוט זיך אַלײן א מײַסע אָן". — דער יעיצערהאָרע אָבער פֿאַרטראָגט מיר אונטער דער נאָז מעכײַעדיקע רײכעס פֿון סטערטעס הײ, געװירצ און קרײַטעכצער, װאָס צעגײען זיך אין אַלע אײװורים. ער צעגיסט זיך אין קונציקע ניגונים פֿון אַלערלײ שפּיל־פֿײגעלעך, װאָס קיצלען בא דער נעשאָמע. ער לאָזט מיך פֿילן אַף מײַן פּאָנעם א װאַרעם װינטעלע, װאָס גרײַזלט מיר די פּײעס, שושקעט מיר אין די אױערן: קוק, האָב האַנאָע און זײַ א מענטש, דו נאַרישער ייִד אײנער! — איך בעבע, מרוקע מיר, מישטײנסגעזאָגט, אַלײן ניט רעכט צו הערן, װאָס איך בעבע. עפּעס טראָגט מיר דער מויעך, עס פּיקט מיר אין קאָפּ און עס טראַכט זיך זידלערײַען: געפּײגערטע נעפּאַשעס... אָן לײַב, אָן לעבן... נעשאָמעס פֿאַרוקטע אין טשאָלנס... אָן רײעך, אָן טאַם... דראַפּאַטשעס צעשאָטענע... פֿאַרדאַרטע אָפּגעשלאָגענע הױשײַנעס!.. איך צעשאָקל מיך מיט געמאַכטער קאַװאָנע, בײַכדײ עס זאָל זיך נישט טראַכטן, און דערהער גראָד, װי דאָס מויל לאָזט פֿון זיך אַלײן אױס יענץ שטיקל דאַװנען מיט די װערטער: „המחזיר נשמות לפגרים מתים"[1], דאָס הײסט אַף קאָרבנמינכע־טײַטש: דער דאָ קערט אום די נעשאָמעס צו די טויטע פּגאָרים.

הא, װאָס? אַקעגן װעמען? — טו איך מיך א כאַפּ, פֿאַרשעמט פֿון מײַנע אײגענע מיִעסע גערדאַנקען. און בײַכדײ צו פֿאַרגלעטן מײַן פֿעלער אַקעגן דעם ריבױנעשעלױלעם, מאַך איך קלאָמפּערשט א מינע, װי נישט זײַ מײַן איך, דאָס פֿערדל מײַן איך... דערלאַנג דעם שלימאַזלניק מײַנעם א שמיצל מיט דער בײַטש, מאַכנדיק דערבײַ: א־א־א, פּעגירע אײנע!..

א שײנער אײַנפֿאַל אַפּילע! נאָר הײַנטיקס מאָל האָט עס װײניק געװירקט. עס האָט מיך שטאַרק געקרענקט, פֿאַרװאָס גראָד הײַנט זאָל מיר גאָר אײַנפֿאַלן אַזעלכע גערדאַנקען, — הײַנט, װען װײנען און קלאָגן באַדאַרף מען אַף דעם גרױסן כורבן, אַף די גרױסע צאָרעס, װאָס די קינדער ייִסראָעל האָט געטראָפֿן: — די קאָמאַנדע פֿון נעװוכאַדנעצאַר מעלעך באָװעל איז אַרײַן אין יערושאָלאַיִם און פֿון איר א טעל געמאַכט... איך מאַך א ראַכמאָנעס־

1 האמאכ:יר נעשאָמויס ליפּגאָרים מײסים.

פּאָנעם און זאָג די סליכעס צום הײַנטיקן שווערן טאָג אַף א וויינענדיק קאָל, וואָס איז געגאנגען אלץ העכער און טרויערדיקער אין דעם פּיזמען דאָרט, בא יענע ביטערע ווערטער:

„והשפיפון מצפון — און דער פּיפּערנאָטער, דער טאָטער פון צאָפן-זײַט, כשבולת שטפני — האָט מיך ווי א שטראָם וואסער פארטראָגן ווײַט, והציד — און דער יעגער, דער טויט-שלעגער, שלח יד — טוט א לאַפּ, א כאַפּ, והצפיר והשעיר — אויך די ציג, אויך דער צאַפּ"[1] ...

א ייִד אבי ער שרײַט זיך א ביסל אויס מיט א פּיזמען, רעדט זיך אָן ווי א פויק און זאָגט אָפּ א סליכע, דאכט זיך אים, ער האָט שוין אלץ-דינג אָפּגעטאָן און איז, ווי אן אָפּגעשמיסן קינד נאָכן אויסוויינען זיך, ווײַטער זיך גאנץ צופרידן. איך זיץ מיר אָנגעלענט אַף דער קעלניע, גלעט מיר דאָס בערדל, שוין מיט א גרינגן געמיט, גלײַך ווי איינער רעדט: „מײַנס האָב איך געטאָן, גענוג יויצע געווען, אציגנד, גאָטעניו, איז נאָר געווענדט אין דיר. ווײַז זיך, טאטע-פּאָטער, רחום צדיק"[2]. „גיי שוין, גיי, זײַ מויכל!", מאך איך צום פערדל מיט גוטן, איבערבעטנדיק עס אין הארצן פאר דעם צונעמעניש „פּעגירע" פריִער. מײַן שלימאזלניק טוט זיך א קני אַף די פעדערשטע פיס, א בוק מיטן קאָפּ צו דער ערד און קרעכצט, עפּעס אזוי ווי גערעדט: „אדוינֵי-פּאָרעצ, און וואָס איז עפּעס מ׳קויעכ עסן?" — קלוג, כ׳לעבן, ווי דער טאָג! זאָג איך, געבנדיק אים בעשאס-מײַסע א צייכן, אז ער מעג אופשטיין, זיך שטעלן אַף די פיס. נישט אומזיסט שטייט אין די קינעס: „ציון, בך כל בהמה ועוף חכמו"[3], דאָס הייסט: בא דיר, קנעסעס-ייִסראָעל, זײַנען אלע בעהיימעס קלוג... נישט דאָס בין איך אויסן. פון דער דאָזיקער מעמרע בין איך טראכטנדיק ווײַטער ארופּ אַף די קנעסעס-ייִסראָעל, זיך פארטיפט אין די געדאנקען מיקויעכ זייער כאָכמע, זייער פירונג, זייערע פּײַנע-בעריעס און מיקויעכ זייער לאגע, נעבעך. דער קאָפּ טאלאבענדעט זיך מיר אהין, אהער. עס דאכט זיך מיר עפּעס דער פּיפּערנאָטער, נעוווכאדנעצאר מיט דער קאָמאנדע, א שרעקלעכע מילכאָמע, א קלאָפּערײַ, א געשלעגערײַ, די קאָמאנדע ברעכט ווענט, זעצט אויס טירן, שויבן. ייִדן, א טייל מיט פעקלעך טכוירע און אלטע כפייצים, טוען זיך אָן א קויעך, שרײַען גוואלד און לויפן... איך כאַפּ א שטעקן, לאָז מיך — און בוך אַף דער ערד, אויס-ציִענדיק זיך ווי גרויס איך בין!

---

1 וועהאשפיפוין מיצאָפוין קאשיבוילעס שטאָפאָני, וועהאצאיאָד שאָלאכ יאד, וועהאצפיר וועהאסאָיִר.

2 ראכום, צאדיק.

3 צייוין, באָכ קאָל בעהיימאָ וועויפ כאָכאָמו.

אפּאָנעם, אין דאַונען האָב איך, זאָל נישט אויסגערעדט זײַן, געכאַפּט א דרעמל. מײַן ביידל, טו איך א בליק, איז אַרײַן אין קאַליוושע, וואָס אף דעם באַלעגאָלישן לאָשן הייסט עס א „טינטערל”. אין דעם הינטערשטן רעדל איז פאַרטשעפּעט אַן אַקס פון עפּעס אַן אַנדער ביידל. דאָס פערדל מײַנס שטייט אין געהאַקטע ווונדן מיט איין פוס איבער דער האָלאָבלע, פאַרדרייט אין די לייצן און סאָפּעט ווי א גאַנדז. פון יענער זײַט ביידל שיטן זיך טויטע קללות, אף ייִדיש, מיט א קײַכן און הוסטן אינאיינעם. א ייִד! טראַכט איך מיר, איז אָן סאַקאָנעס — און טו מיך א לאָז אין איין קאַעס אף יענער זײַט וואָגן. דאָרט אונטערן וואָגן ליגט פאַרפּלאָנטערט אין טאַלעס־און־טפילין א ייִד, די בײַטש פאַרדרייט מיט די רעצועס, צאַפּלט און אַרבעט מיט אַלע קויכעס זיך אויסצודרייען. איך שרײַ: סטײַטש! ער — סטײַטש, סטײַטש! איך באַטל צו אים אויס אַלע כאַלוימעס, ער באַמלט צו מיר, נישט אָנצוקוקן איינער דעם אַנדערנס פּאָנעם. איך פילדער: ווי שלאָפט עס אין דאַוונען א ייִד! ער צוריק: ווי פּאַסט עס א ייִד! איך גיב אים אין טאַטן, ער מיט א צוגאָב אין דער מאַמען אַרײַן. איך שמײַס זײַן פערדל, ער, אויספּלאָנטענדיק זיך, לויפט און שמײַסט מײַן פערדל. ביידע פערדלעך שטעלן זיך דיבאָם, און מיר, שטאַרק אָנגעצונדן, לאָזן איינער צו דעם אַנדערן זיך צו הענדום־פּענדום, ווי די העגער, מיט דער דייע אָנצונעמען זיך פאַר די פּייעס. אקעגן א רעגע שטייען מיר שטיל, שאַרף אָנקוקנדיק איינער דעם אַנדערן. עס האָט געמוזט זיך אויסזען משונע־ווילד, האָבן דעם זיבעטן כיין: צוויי ייִדישע גיבוירים אין טאַלעס־און־טפילין שטייען אָנגעדרודלט, גרייט צו באַווײַזן זייער גוורע און זיך פּאַטשן אפן פרײַען פעלד, ווי אין א בעסמעדרעש, לעהאַוודל... אַזעלכעס האָט מען בעעמעס געמעגט אף כידושים גיין זען. מיר שטייען, קוקן, און אָט באַדאַרף שוין פליִען הייסע פּעטש. פלוצלים שפּרינגען מיר איינער פונעם אַנדערן אף עטלעכע טריט אָפּ און לאָזן ביידע שטאַרק פאַרוווּנדערט אין איין קאָל אַרויס: „אוי, רעב אַלטער!”... „אוי־אוי, רעב מענדעלע!” —

אַלטער יאַקנעהאָז איז א יאָדערדיק ייִדל, א געשפּיקעוועטער, מיט א דיק בײַכל. זײַן פּאָנעם איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר, פון וועלכע ס'איז דאָ גענוג אף פּייעס, אף א באָרד און אף וואָנצעס אי פאַר זיך אי פאַר נאָך עטלעכע ייִדן צו באַטיילן. אין דעם יאַם האָר ליגט א וויספּע — א ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס ראָוו יאָר פאַרלייגט, אָן א שום היסמאַנעס. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אַמאָל עפּעס א פאַר־ענדערונג, אונטער א פאַר־פּייסעכ אַשטייגער, בעשאַס עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריִע און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פינף פינגער, — דענסטמאָל בלאָזט זי הילכנדיקע טקיִעס, ווי א

שויפער. דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאנצ טונעיאַדעווקע. איניינעם מיט די אינדיקעס דאָרט גיט זי דענסטמאָל קאָנצערט. אלע אינ שטעטל בלייַבנ פארגאפט, אונ עס שיטנ זיך איר שמעק־טאבעקע פונ אלע זייַטנ מיט ווינטשעוואניעס יאקנעהאָזנ אָנ א צאָל: אסיס, אסיס! — איבערהויפט אינ די יִדישע שטעטלעך צעשפּילנ זיך די נעז אינ יענער צייַט. מיסטאמע שמעקט דאָך עס מיט עפּעס אונ עס האָט א טאמ... דאָס איז שוינ דאָרט אזוי גע־שטעלט, ווי פארשע „יִסרוי״ ציגלענ זיך די ציגנ. נישט דאָס בינ איך אויסנ. אלטער יאקנעהאָז איז א טונעיאַדעווקער מויכער־ספאָרים, מייַנער א באקאנטער פונ אלטע יאָרנ. ער איז א מענטשל פאר זיך, נישט שטארק איבערגעשפּיצט, נישט קיינ גרויסער באלדאברענ, שטענדיק אָנגעבלאָזנ, ווי ברויגעז אפ דער וועלט. האגאמ ער איז בעטעווע נישט קיינ שלעכטער מענטש.

נאָך דעמ ברייטנ שאָלעמ־אלייכעמ פונביידע צדאָדימ, נעמענ מיר זיך איינער דעמ אנדערנ אויסצופאָרשנ, דאָס הייסט בא אונדז יִדנ געוויינטלעך: א טאפּ טאָנ אינ וואָגנ, אָדער א שמעק טאָנ, וואָס הערט זיך.

— ווהינ פאָרט עס א יִד? — גיב איך אלטערנ א טאפּ.

— ווהינ עס פאָרט א יִד? עט... — ענטפערט אלטער צוריק מיט א פרעג, ווי דער שטייגער איז פונ יִדנ, נישט צו ענטפערנ גלייַך, אָפּצופּאטערנ יענעמ מיט „עט״ אונ אָנצושטויסנ זיך אפנ ווונק — די אלע כאָכמעס, וואָס אינ דער מעלאָכע אָנשמעקנ, א טאפּ טאָנ שטעקנ... — א יִד פאָרט! אינ דער ערד מיט דעמ קאָפּ פאָרט ער... אונ רעב מענדעלע פאָרט עס ווהינ? — טוט ער מיר צוריק א טאפּ.

— אהינ... ווהינ געווייַנלעך איך פאָר אינ דער צייַט.

— איך שטויס מיך שוינ אָנ ווהינ. אהינ, קיינ גלופּסק, ווהינ איך פאָר אויך אצינד, — מאכט אלטער מיט אזא מינע עפּעס, ווי עס ארט אימ, צומ פידיענ זאָל עס כאָלילע נישט שאטנ. — נאָר פארוואָס, רעב מענדעלע, איז בא אייַך הייַנט עפּעס מינ־האצאד, מיט א הינטער־וועגעלע, אונ פאָרט נישט אהינ מיטנ גלייַכנ שליאך?

— הייַנטיקס מאָל איז מיר גראָד אזוי אויסגעקומענ, ס'איז רעכט. שוינ טאקע א לאנגע צייַט בינ איך אפ דעמ וועג נישט געוועזנ. אונ בא אייַך, רעב אלטער, פארוואָס איז דאָס עפּעס הינטנ־ארומ? — טו איך א שמעק, — פונוואנענ קומט עס א יִד?

— פונוואנענ א יִד קומט! פונ אלדי שווארצע יאָר!.. פונ דעמ שיינעמ יארִיד. נאט אייַך א יארמעלינעצ! אייַנגעזונקענ זאָל זי ווערנ!

אונ דערווייַל, ווי אלטער מייַנער שילט, פלוכט יארמעלינעצ מיט דעמ יאריד דאָרט, פאָרנ אָנ אקעגנ גוייִשע פורלעך מיט א געשריי, פארוואָס

דער וועג איז פֿאַרשטעלט. דערנאָך, ווי זיי האָבן דערזען, צוקומענדיק, מיך און אַלטערן, ביידע אין טאַלייסים מיט גרויסע שעל־ראָשן אַפֿן קאָפּ און לאַנגע ברייטע רעצועס, צעשרײַען זיי זיך שוין גראָבלעך, מיט געשפּעט:

— באַטשיטי, יאַקיִ פּאַני־בערי, צאַטצי, ע־ע!.. טראַסצאַ וואַשי מאַטערי, דײַטע דאַראָגי! היי כּודקאָ זשידקי, לאַבסאַרדאַקי!..

איך מיט מײַן אַלטערן טוען מיר געשווינד זיך אַ נעם צו די בײַדלעך מיט אימפּעט. אַ פּאָר פֿון די פּויערן, כאָטשע נישט פֿון ייִדישע קינדער, נאָר עמעס מוז מען זאָגן, האָבן געהאַט אַזויפֿיל יוישער צו העלפֿן אונדז אין דער נויט. און ביזכוס זייער שטופּ טאַקע איז מײַן בײַדל באַלד אַרויס פֿונעם טינטערל. זיסט, וואָלטן מיר זיך אָוועקגעבאָברעט גאָט ווייס וויפֿל, און נאָך געקענט מיעס צערײַסן אונדזערע טאַלייסים. מיט די אײַסעוועס אײַנײַנעם איז שוין אויסגעקומען גאָר עפּעס אַנדערש: זיי האָבן געשטופּט אַפֿן רעכטן עמעס טאַקע, „והידים ידי עשו"[1], באַלד צו דערקענען געווען אײַסעווס הענט, און באַ אונדז, לעהאַוודל, איז נאָר געווען „הקול קול יעקב"[2], דאָס הייסט מיר האָבן זיך נאָר געקוועטשט, זיך געמאַכט, ווי מיר שטופּן קלאָמפּערשט... נישט דאָס בין איך אויסן. ווײַבאַלד נאָר דער וועג איז געוואָרן פֿרײַ, זײַנען די גראָבע כאַמולעס זיך געפּאָרן זייער וועגס, אויסדרייענדיק די פּאַרצעס צו אונדז, אַלץ געלאַכט, געשפּעט, וואָס מיר גייען אָנגעטאָן, ווי גאַלאָכים, לעהאַוודל, נעבן די פֿערד אין וועג און דינען דעם בוירע מיט דער בײַטש אין דער האַנט... אַ טייל האָבן, טײַטנדיק אַף אונדז מיט אַ עק פּאָלע, ווי אַ „כאַזער־אויערל", געשריגן: „זשיד כאַלאַמיי!" אַלטערן האָט עס נישט אַזוי געאַרט. אויך מיר לײַט! — מאַכט ער מיט אַ קנײַטשל, — פֿאַר וועמען, מישטײַנסגעזאָגט, מען האָט זיך דאָ צו שעמען... מיך אָבער האָט דאָס שפּעטן זייערס יאָ געאַרט. גוואַלד, ריבוינעשעלוילעם! פֿאַר וואָס? פֿאַר וואָס?..

— אַלמעכטיקער גאָט! — זאָג איך מיט אַ געבעט אַף טכינע־לאָשן. — עפֿן דײַנע אויגן און טו לוגן פֿון דײַן האַרבעריג, דאָס איז דער הימל, ווי דײַנע פֿאַרכטצומע ייִדעלעך זײַנען צו שפּאָט און צו שאַנד נײַערט וועגן דעם קאָוועד פֿון דײַן ליבן נאָמענס וועגן, ווײַל זיי פֿאָרכטן דײַן פֿאָרכט, זיי אָכפּערן דײַנע געבאָט האָפּערדיק מיט וואָרהאַפּטיקײַט. דערום וועלגער אַף אונדז דײַן באַרעמהאַרציקײַט, און לאָמיר טאָן געפֿינען לײַטזעליקײַט און כיין אין דײַנע אויגן און אין די אויגן פֿון אַלע מענטשן. באַשירעם דײַנע האָפּערדיקע געליבטע שאָף, דײַן ראַכמאָנעס זאָל טאָן ברומען אַף דײַנע

---

1 וועהאַיאָדאַים יעדיי אײַסאָוו.

2 האַקויל קויל יאַאַקוווו.

פארשטאנדיקע פּאָרכטער. טו אויכ באַגיטיקנ מײַנ מאזל פּאר מײַנ לויבונג און באַשײַנונג הײַנט דײַנ נאָמענ באַשײַמפּערלעכ מיט אכפּערקײַט. טו צושיקנ מיר, דײַנ קנעכט מענדל, דער זונ פונ דײַנ דינסט גנענדל, און קאָל-יִסראָעל עפּעס פּארנאָסע, א גוט געשעפטל מיט נאכעס רועכ, אָמײנ!..

## 2

נישט לאנג שיִעס געמאכט, קריכנ מיר ארוס אפ די בײַדלעכ — און הײַדא ווײַטער אינ וועג ארײַנ. איכ פּאָר פאָרויס, און אלטער הינטער מיר אפ א בײַדל פונ אלטע צעריסענע ראָגאָזשעס, פיר רעדלעכ נישט קײנ גלײַכע, געקרעמפּעוועטע מיט שטריקלעכ, און א קרעמפּעלעצ צווישנ די פלעקלעכ. די אויסגעסמילעוועטע קלעצלעכ ווארפנ זיכ אינ אלע זײַטנ אפ די אקסנ, סקריפּענ, קוואָקענ און קענענ קײנ אָרט זיכ נישט געפינענ. דאָס בײַדל אינגאנצנ איז זיכ מאטריִעכ צו שלעפּנ א הויכע, זײער א דארע שקאפּע מיט א קרעציקנ, אָנגעביסענעם רוקנ, גאָלע אײטער, גרויסע אויערנ אינ א קאָלטענעוואטער גריווע, פארפלאָנטעטע מיט היי און קלאָטשע, וואָס קריכנ ארויס פונעם אלטנ כאָמעט.

פונעם דאווענ איז מיר איבערגעבליבנ נאָר די שטיקלעכ דרויב צום לעצט, פונ וועלכע מענ מאכט, געוויינטלעכ, עפּעס נישט אזא פײַערש. אָפּגעפּאטערט דעם דאווענ, הײבט זיכ אָנ גאָר א נײַער אײסעק מיט דעם יִעיִצערהאָרע. נעמ, טאָרעט ער, נעמ א ביסל בראנפנ! דערקוויק דאָס הארצ. — „אי... אי!", ווער איכ מיכ אָפּ מיט א קנײטשעלע, „שיוואָ-אָסאָר-בעטאמוז, אינ אזא טאָנעס!" — „עט!", באקומ איכ א ענטפער, „א שײַכעס א ביסל צווישנ א יִידל הײַנט און נעווויכאדנעצארנ פּארצײַטנ!.. גרעסערע צאָרעס איז דאָ, און פונדעסטוועגנ — גאָרנישט. זײַ נישט קײנ נאר. דו ביסט, נעבעכ, אלט, שלאפּ, נישקאָשע!" — איכ גיב א מאכ מיט דער האנט איבערנ פּאָנעם, ווי אָפּצוטרײַבנ א פליג א זלידנע, און כאפּ דערווײַל א קלײנ קוקעלע אפנ רענצעלע דאָרט אינ בײַדל, ווו עס געפינט זיכ בא מיר טאָמיד א גוט ביסל ספּירט, רעטשענע קיכלעכ, קאָרנלעקעכ, קנאָבל, ציבעלע און שאָר-יִעראָקעס. די סמאהע גײט איבער די ליפּנ, דאָס הארצ כאלעשט, דער מאָגנ בורטשעט: גוואלד, א ביסל בראנפנ! גוואלד, עפּעס פארבײַסנ! — איכ קער געשווינד אוועק דעם קאָפּ אינ דער זײַט און קוק, באטראכט אלצדינג אינ פעלד ארום מיר, ביכדיי צו פארשלאָגנ דעם בײזנ געדאנק.

דער הימל איז בלוי, לויטער, אָנ א פיצל וואָלקנ. די זונ בראָט, סמאלעט, עס ווײעט נישט קײנ ווינטעלע, מענ פילט נישט קײנ ליפּטעלע, די טוווע אפ די פעלדער, די בײמער אינ די וועלדער שטײענ שטיל, ווי צו-

געקאָוועט, קיינ שאָקל אפילע זיכ נישט צו טאָנ. קי אפ די פּאַשע ליגנ מיר, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלענ צווייַלנ די אויערנ, קייַענ אונ מאַלעגיירענ. אנדערע גראָבנ אונטער זיכ די ערד מיט זייערע הערנער, שאַרנ מיט די קאָפּיטעס אונ רעווענ, שרייַענ פאַר גרויס היצ. דער בוהייַ פּאַרייַסט דעמ עק, לויפט גאַלאָפּ, וואַרפנדיק דעמ קאָפּ אינ אַלע זייַטנ, שטעלט פּלוצלימ זיכ אנידער, אָנגעבויגנ דעמ שטערנ האַרט צו דער ערד, שמעקט, פּאָכט מיט די נאָזלעכער, לאָזט ארויס א ברומענ, סאָפּעט אונ דריגעט מיט די פּיס. נעבנ אנ אַלטער, אויסגעקרימטער אונ האַלב-פּאַרדאַרטער ווערבע, איבערגעשפּאָלטנ אינ דער העלפט אַמאָל פונ א דונער, שטייענ פערד, איינער אפנ אנדערנ פאַרלייגט די קעפּ, צו מאַכנ כאָטש עפּעס א שאָטנ, אונ שמייַסנ מיט די ווייַדלענ, פּאָטער צו ווערנ ווי ס'איז פונ די בייזע פליגנ.— אפ א צווייַגל אינ דער הייכ וויגט זיכ א סאָראָקע, אויסזעענדיק פונדערווייַטנס, ווי אָנגעטאָנ א ווייַס טאַלעסל מיט פאַסנ טשיילעס פאָרנט, אונ דאַוונט שאָקלענדיק זיכ. זי בוקט זיכ, פּאַלט טאַכנונ מיטנ קעפּל, שפּרינגט א ביסל אונטער, א קליינ קראַקעלע געבנדיק א פּאָר מאָל. בלייַבט דערנאָכ ווייַטער שטיינ אָנ לאָשנ, שטרעקט אויס דאָס העלדזל אונ קוקט, גלאַט אזוי, אינ דער וועלט אַרייַנ, מיט פאַרשלאָפענע אייגעלעכ.— אפ דעמ גאַנצנ וועג איז שאַ־שטיל, מענ זאָל דאָס הערנ ערגעצ א שאָרכ, א פּיפּס, מענ זאָל דאָס זענ פליענדיק ערגעצ א פויגל, נאָר קאָמאַרנ, מיקענ טראָגנ ווי די רוכעס זיכ אינ דער לופט אַרומ, פליענ טאַנצנדיק פאַרבייַ די אויערנ, טוענ א גרילצ, א זזשע, אייַנראַמענדיק עפּעס א סאָד, אונ באַלד טאַקע מאַרש ווייַטער. נאָר צווישנ היי, צווישנ טוועס דאָרט שמוצערנ די גרילנ, זומזענ, צימבלענ אונ גייענ מיט די טאַצנ...

ס'איז הייס, ס'איז שטיל, ווונדערלעכ שיינ. שאַ! גאָטס באַשעפעניש רוענ...

איכ ליג מיר פאַר גרויס היצ פּאָשעט צעלייגט אפ דעמ וואָגנ אינ העמד, מעכילע, מיט דעמ טאַלעסקאָטנ, אונטערגעהויבנ אפנ שפּיצ קאָפּ דאָס געשטעפּטע פּעלפּענע היטל אונ אראָפּגעלאָזנ ביז די פּיאַטעס מייַנע אונטערגענייטע ברעסלער וואָלענע זאָקנ, וואָס איכ טראָג, באַאָווינויסיינו האָראַבימ, אינ זומער אפילע, אונ האָב מעשונע שטאַרק געשוויצט. איכ וואָלט דערפונ גאַנצ האַנאָע געהאַט אפילע, ווענ די זונ זאָל מיר נישט געווענ זייַנ גלייַכ אקעגנ פּאָנעמ, מאַכמעס איכ האָב ליב צו שוויצנ, אונ קענ שאָענלאַנג אוועקליגנ אינ באָד העט־העט אפ דער איבערשטער באַנק, בעשאַס דער גרעסטער היצ. מייַנ טאַטע, זאָל זיכ מיִענ, האָט מיכ פונ קינדווייַז־אויפ דערצו געוווינט. ער איז געווענ א הייסער, געבראָטענער, א ברענענדיקער פייַערדיקער ייִד. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט זיכ צו פּאַרענ, צו שוויצנ אונ דערמיט אָפּגענומענ די וועלט, זיכ שטאַרק באַליבט געמאַכט באַמ ייִדישנ אוילעמ. עס

האָט געשטעקט דרינען דאָס פּינטעלע ייִדישקייט מיט דעם ברען, און מען האָט אַף אים געקוקט ווי אַף אַ שיינעם, בעגאָטישן ייִדן, געמאַכט מיט דערכערעצ: „יאָ, אין שמייסן־זיך איז ער אַ ראַמדן־מופלעג, ער פאַרשטייט דעם איניען מערכעצ. ער קען, ער קען שוויצן גאָר אַ כאַריפעס״. —

שוויצן איז אַ ייִדישע זאַך. נישטאָ קיין שאַבעס, קיין יאָמטעוו, וואָס אַ ייִד זאָל פריִער נישט גוט שוויצן. ווער אונטער אַלע פעלקער פון די ש׳ווים אומעס שוויצט נאָך אַף דער וועלט מער ווי ייִדן?.. נישט דאָס בין איך אויסן.

און בעשאַס שוויצן, איי ווילט זיך עס קוויקן! עס טריקנט מיר אין האַלדז, עס ברענט מיך אַ טרונק, איך שטאַרב עסן. דער יעיצערהאָרע נעמט מיך וויטע־ אָן, שטאַרקער ווי פריִער, רעכנט מיר אויס דאָס גאַנצע צעטל ייִדישע מייכאָלים: אַ געבראָטענע לעדוויצע מיט קאַשע, אַ ראָסל־פליישל, אַ לאָקשן־קוגל מיט אַ גאַנעוו — אַן אָנגעפּילט העלדזל אינווייניק — פאַרפעלעך איינגעפרעגלט מיט גריוון. איך בין טויט מיט אַלע אייוורים, דער אַפּעטיט איז אַ שרעק, און ער — אַלץ טאַקע ווייטער: כרעמזל, פראַקעס, פּיטשע מיט לעבערלעך־פּענעצלעך, רעטעך מיט ציבעלע, אַ קראָפּ פון אינדיק אין אַ פאַסטערנאַק־צימעס. און פלוצלים, איך געדענק ניט וויִאַזוי, וואַקסט פאַר מײַנע אויגן ווי פון דער ערד אויס דאָס רענצעלע... „לעכאַיִם, נאַרעלע!״ — רעדט אויס מיר דער רוּעך. — „גענוג זיך נאַריש געמאַכט, דו לעקיש איי־נער!״ — די האַנט מײַנע שטרעקט זיך עפּעס, ווי אַליין פון זיך, אויס, עפנט אויף דאָס רענצעלע און גיט אַ כאַפּ דאָס פלעשל געשווינד. איך קוק מיך אַרום, ווי אַ גאַנעוו, אין אַלע זייטן, און מײַן קוק באַגעגנט זיך מיט דעם בליק פון פערדל, וואָס האָט, קראַצנדיק זיך אין דעם שפּיץ האָלאָבלע, אויס־געדרייט דעם קאָפּ צום בײַדל און קוקט אַף מיר עפּעס שטאַרק אָנגעבלאָזן, גלײַך ווי עס וואָלט גערעדט מיט פאַריבל: „נאַ, זע! אַ הינטערשטער פוס איז מיר שטאַרק געשוואָלן, פאַרבונדן מיט שמאַטעס, עס רינט מיר נאָך אַן אויג, עס יאַטרעט זיך מיר דער האַלדז, דאָס מויל זאָל מיר אָפּנעמען, אויב איך ווייס דעם טאַם פון אַ האָבער. פונדעסטוועגן — וואָס זאָל איך טאָן? — שלעפּ איך מיך הונגעריק, קראַנק, צעבראָכן, נישט אויסצושפּאַנען זיך, כאָלילע, פון דער אַווידע״... דאָס פלעשל גליטשט זיך פון די הענט מיר אַרויס, צוריק אין זײַן רו אַרײַן. איך שטופּ דאָס רענצעלע פון מיר אַוועק ווײַט זייער פאַרשעמט, מאַכנדיק דערבײַ מיט אַ קרעכץ טיף פונעם האַרצן: אָט פון וועמען באַדאַרף אַ ייִד זיך אַ מוסער נעמען, בײַ וועמען זיך לערנען סייכל! מלפנו מבהמות ארץ[1]: ער לערנט אונדז פון די בעהיימעס

1 מאַלפּיינו מיבאַהאַמויס אָרעצ.

אינ דער וועלט... ניינ, פערדל מײַנס! איכ גיי אויכ אינ יאָכ אונ שפּאַנ מיכ פונ דער אווידע נישט אויס... נישקאָשע, רעב פערדל, דער רועכ וועט אונדז ביידע נישט נעמענ! אדם ובהמה, א מענטש א בעהיימע תושיע ה׳ [1]. העלפט גאָט!.. נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

א ייִד, אבי ער האָט איינ מאָל געגעבנ א בראָכ די מיִעסע טײַווע פונ עסנ, מאכט אימ שוינ די אכילע אווי נישט אויס, אונ קענ דאָס גאנצע לעבנ זײַנס אָפּקומענ קימאט מיט גאָרנישט. אי הײַנט נאָכ, אינ אונדזערע צײַטנ, געפינענ זיכ זייער פיל ייִדנ, בא וועלכע ס'איז דאָ נאָר א סימענ פונ מאָגנס, טאקע עטוואָס, ווי א קעזאיִס. אונ ס'איז דאָ א גרויסע האָפענונג, אז מיט דער צײַט — די טאקסע, באלעטויוועס אונ דעסגלײַכנ לאָזנ נאָר נישט פארשטערט ווערנ — וועלנ זיי פונעמ עסנ אלץ מער־מער זיכ אָפּגעווינענ, ביז עס וועט קומענ דערצו, אז בא ייִדנ אינ די שפּעטערדיקע דוירעס וועט, כוץ מערידו, אפילע אויכ קיינ סימענ פונ קיינ מאָגנ נית זײַנ. ייִדנ וועלנ דענסטמאָל אינ דער וועלט זייער א שיינ פּאָנעמ האָבנ...

מיט דעמ דאָזיקנ שמועס אצינד בינ איכ אויסנ, אז נאָכנ אוועקשטופּנ דאָס רענצעלע פונ מיר, בינ איכ געוואָרנ עפּעס שטארקער אונ מיכ שוינ געפילט גאָר קיינ מײַסע נישט. איכ האָב מיר געטראכט פונ מיסבער אונ אונטערגעברומלט עפּעס א טישעבאָוודיק ניגנדל. שוינ, דאכט זיכ, גאָר גוט. טראָגט דער רועכ אָנ א יונגע אָרלטע, א מעכוערעס, מיט א טעפּל פּיליניצעס, דאָס בעסטע לאקעטקע מײַנס. אנ אנדערער אפּ מײַנ אָרט, פונ יענע גוטע לײַט, וואָלט עס גענומענ אפּ זײַנע קיילימ: דאָס איז דער יעיצערהאָרע אליינ אינ דעמ געשטאלט פונ א אישע געקומענ מיט אנ אויסרייד... נאָר, לוי האָיאָ! איכ בינ א באלנ געוועננ אונ זיכ גוט צוגעקוקט, — פּאָשעט, אנ אָרלטע אָנ כאָכמעס! אונ בעטנדיק מיכ אוועקצוקויפנ בא איר די פּיליניצעס איניינעמ מיט דעמ טעפּל פאר צענ גראָשנ, רוקט זי עס מיר אונטער גלײַכ אונטער דער נאָז. דער רייעכ איז מיר פארגאנגענ שטארק אינ דער נאָז, עס וועסערט מיר דאָס מויל, עס קלעמט מיר דאָס הארצ, טונקל ווערט מיר אינ די אויגנ. עס גלוסט זיכ מיר א שרעק! אונ מאכמעס מוירע, איכ וועל מיכ נישט קענענ אײַנהאלטנ, כאפּ איכ אונ שפּרינג אראָפּ אפּ דער ערד שטארק צעקאָכט, ווי איינער ראטעוועט זיכ אינ א סרייפע, — אז איכ האָב נישט צעבראָכנ רוק־אונ־לענד, איז גאָר גרויסע ניסימ! — אונ לאָז ארויס נישט מיט מײַנ קאָל א געשריי: רעב אלטער! — די קאוואָנע מײַנע איז דערמיט געווענ, אלטער זאָל זײַנ א שוימער.

[1] אָדאָמ אוּוּעהיימאָ טוישיִא אדוינאָי.

אפֿנ וואָגנ אינ דער לענג ליגט ראקומ, מעכילע, מײַנ רעב אלטער, אונטערגעשפּארט דעמ קאָפּ מיט בײדע הענט, רויט ווי א צוויק, צעכראשטעט, מיט דעמ רויט-פֿארוואָקסענעמ הארצנ אינ דרויסנ, פֿארברענט, פֿארבראָטנ, אונ נויטש׳זייס באשלאָגט אימ, אז דאָס הארצ, סאָנע־צ׳ענ, האָט געריסנ, קוקנדיק אפֿ אימ.

— הא־א? — מאכט אלטער, דערהערנדיק מײַנ געשריי, עפּעס אפֿ קי׳יש, נישט רירנדיק זיכ פֿונ אָרט, — וואָס איז?

יענע מיט דעמ טעפּל פּילניצעס, גיב איכ א בליק, איז שוינ נישטאָ, ווי אויסגעטריקנט געוואָרנ. איכ מאכ מיר אנ אויסרייד אונ טו א פֿרעג אלטערנ:

— וויפֿל, מיינט איר, זאָל אצינד האלטנ א זייגער?

— א זייגער אצינד וויפֿל זאָל האלטנ? — ענטפֿערט אלטער מיט א פֿארדומפּט קאָל. — ווייס איכ? צו די ערשטע שטערנ וועלנ די אויגנ אויסקריכנ געגוג ווארטנדיק, נו מײלע... אָ, שטארק הייס!

— א געשמאקע היצ, א־א־א! — רופֿ איכ מיכ אָנ, גײענדיק צופֿוס נעבנ אלטערס בײַדל. — איר שוויצט, רעב אלטער? איכ מיינ, שוינ צײַט צו פֿאַסינ. אונדזערע אָדלער זײַנענ, נעבעכ, מיד, קוימ וואָס זיי שלעפּנ זיכ. צומ טראקט אפֿ גלופּסק איז נאָכ דאָ א פּאָר ווערסטלעכ, עפּשער נאָכ מיט א שמיצל. ניט ווײַט פֿונדאנענ, דאָרט ווו עס הייבט זיכ אָנ צ׳ענ א וואלד העט־העט ביז צומ שליאכ, זע איכ אינ דער זײַט, לינקס, זייער א גוט אָרט צו פּיטערנ.

אינ עטלעכע רעגע ארומ האָבנ מיר ארא־פּגענומענ זיכ אינ דער זײַט פֿונעמ וועג אונ צוגעקומענ צו יענעמ אָרט, ווו ס׳איז געווענ וואלד, שיינע פֿעלדער, א געמייזעכצ אונ אלע גוטע זאכנ. מיר האָבנ אויסגעשפּאנט אונדזערע לייבנ, געלאָזט זיי פֿרײַ פּיטערנ זיכ דאָרט באמ ברעג וואלד, אונ אליינ האָבנ מיר זיכ אונטערגעלעגט אונטער א בוימ.

3

אלטער יאקנעהאָז האָט קוימ געאָטעמט פֿאר היצ, אנגסטנ האָבנ אימ באשלאָגנ. ער האָט געזיפֿצט, געקרעכצט, אזוי אז עס האָט מיכ, פֿארוואָר, באמ הארצנ אָנגעכאפּט. אונ ביכדיי אימ צו מינטערנ א ביסל, אויכ טאקע צו ריידנ, צו פֿארברענגענ א ביסל די צײַט, לאָז איכ מיכ ארײַנ מיט אימ אינ א שמועס אזוי:

— אפּאָנעמ, רעב אלטער, אײַכ איז געשמאק הייס?

— בע! — ענטפֿערט אלטער גאנצ בעקיצער, עפּעס ווי אָנגעברויגעזט רוקנ-

דיק זיך אונטער דעם בוים, ווו עס איז נישט געווען אזא גרויסע באהעל־טעניש פון דער זון, וואָס עס האָט אריינגעשיינט דורך די צווייגן.

— פע, נישט גוט פון דעם טאָנעס, וואָס איר קרעכצט אזוי? — מונ־טער איך מיין אלטערן, פעסט בא זיך אָפּגעמאכט, מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך ארויסבאקומען בא אים א וואָרט.

— בע! — מאכט אלטער, און ווייטער טאקע א רוק או. טערן בוים.

מיט „בע" אליין אָבער האָב איך נישט געוואָלט מיך באגניגן. איי, טראכט איך, דו ביסט א געבראָטענער אקשן! נישקאָשע, דו וועסט בא מיר ריידן, היינט, שוויס אין דער זייט, — עס מוז זיך אָנהייבן פון געשעפט. דאָס בעסטע, איינציקע מיטל ריידנדיק צו מאכן א יידן. א ייד, בעשאס דער גסיסע אפילע, קוים דערהערט ער נאָר עפּעס געשעפט, ווערט ער לעבע־דיק און דער מאלכאמאָוועס אפילע קען דענסטמאָל צו אים אויך נישט צוטרעטן. דעם ערגסטן סוינע מיינעם ווינטש איך נישט אריינקומען צו א סויכער, בעשאס עס דאכט זיך אים נאָר געשעפט. ער איז מעוואטל דענסט־מאָל איטלעכן, אפילע דעם בעסטן פריינט, אן אייגענעם ברודער, מיט דעם בליק... נישט דאָס בין איך אויסן. איך ווענד מיך צו אלטערן מיט אזא שמועס.

— מיר וועלן, דאכט זיך, רעב אלטער, מאכן א געשעפטל. גוט, כ'לעבן, וואָס מיר האָבן זיך דאָ היינט באגעגנט. איי, האָב איך עס היינט מיט מיר א מין סכוירע; גינגאָלד!

דאָס מיטל מיינס האָט געווירקט. אלטער איז ווי איבערגעביטן גע־וואָרן. ער הייבט זיך א ביסל אונטער און קוקט אפּ מיר מיט אופגעשטעלטע אויערן. איך גיב אים ווייטער איין פּיזעם, אזוי:

— היינטיקס מאָל, רעב אלטער, גייט דאָס געשעפט צווישן אונדז אפּ מעזומען געלט. איר פאָרט דאָך פון יארמעלינעצער יאריד און מוזט, אָן איינהאָרע, האָבן פולע קעשענעס.

— פולע קעשענעס, יאָ! א הארץ פול מיט מאקעס האָב איך; — זאָגט אלטער שטארק אָנגעברויגעזט. — איך זאָג אייך, רעב מענדל... נאָר נישטמער גאָרנישט, א מענטש אָן מאזל זאָל נישט געבוירן ווערן גלייכער... אייסאָ־קים; עס האָט מיר זיך געגלוסט נייע אייסאָקים! אן אנדער אפּ מיין אָרט — הע־הע־הע! בא מיר אָבער איז גאָרנישט, מיט דער פוטער אראָפּ. אזא אומגליק! א ווייטעק נאָר צו דערציילן. שנייץ די נאָז און שמיר דאָס פּאָנעם. נישטמער וואָס, גאָרנישט.

איך האָב גוט ארויסגעזען, אז מיט מיין אלטערן איז עפּעס נישט גלאט, ס'איז דאָ א צאָרע. אבי נאָר עס האָט אים זיך געעפנט א מויל, איז שוין גענוג געווען א קליין קוועטשעלע, עס זאָל אים זיך שיטן ניין מאָס רייד.

פון מײַן זײַט איז קיין מעניע נישט געװען. איך האָב געטאָן א גוטן קװעטש, און מײַן אַלטער האָט זיך צעװיגט, אָנגעהױבן צו דערציילן זײַן אומגליק אף זײַן שטייגער אזוי:

— מיילע, קום איך מיר צו פאָרן אף יארמעלינעצער יאריד. קומענדיק אפן יאריד, שטעל איך מיך מיט מײַן בײַדל אף דעם פלאַץ; פאַרשטייט איר מיך, און צעפּאַק מיר דאָס ביסל סכוירע. מיילע בעקיצער, — גאָרנישט. שטיי איך מיר און קוק ארויס אף לייזעכץ. געכראָגן אפן יאריד האָבן מיך די צאָרעס. איך בין הײַנט, נישט פאר אײַך געדאכט, מיעס אין דער קלעם. דער דרוקער מאָנט געלט. מיילע, דאָס איז גאָרנישט — מאָנט ער. ער וויל אָבער, פארשטייט איר, מער נישט געבן קיין סכוירע!.. מײַן עלטערע בסולע איז שוין אין די יאָרן. א בסולע, פארשטייט איר, באַדארף כאַסענע האָבן. מיילע, גיי זשע דריי דעם קאָפּ; זוך א כאָסן. כאַסאנים זײַנען דאָ, אָבער א כאָסן, דאָס הייסט, פארשטייט איר מיך, א כאָסן! איז נישטאָ... מײַן װײַב באדארף זיך צו די צאָרעס פארגלוסטן האָבן א ייִנגל; און נאָך װען — פאר פּייסעך. איר פארשטייט, וואָס הייסט א װײַב האָט א ייִנגל? א כאַסענע, כאַסענע הייסט עס! נישטמער — גאָרנישט.

— נעמט נישט פאר אומ-גוט, — זאָג איך צו אַלטערן, — וואָס איך פאַל אײַך אַרײַן אין די רייד. לעמײַ האָט איר אף דער עלטער גענומען א יונג װײַב, זי זאָל אײַך אזויפיל קינדלעך?

— גאָט איז מיט אײַך! — מאכט אַלטער פארוואונדערט. — איך האָב דאָך געמוזט נעמען א באַלעבאָסטע אין שטוב אַרײַן. וואָס וויל דען א ייִד מיט דעם כאַסענע האָבן? גאָרנישט! א ייִד וויל, נעבעך, האָבן א גוטע באַלעבאָסטע...

— לעמײַ זשע, רעב אַלטער, — טו איך א פרעג, — האָט איר געגעט אײַער ערשטע װײַב און איר פארוויסט דאָס לעבן? זי איז דאָך געוועזן א גוטע באַלעבאָסטע!

— בע! — מאכט אַלטער, פארקנייטשנדיק זיך מיט א פינצטער פּאָנעם.

— קיין אקאָרע, געלויבט האשעמ־ייִסבאָרעך, איז אײַער ערשט װײַב אויך נישט געווען, — לאָז איך אַלטערן מײַנעם אַלץ נישט אָפּ. — וווהין זײַנען הינגעקומען די קינדער, נעבעך? הא, וואָס?

— בע!.. — בעקעט אַלטער אָן לאָשן, א קראַצ געבנדיק זיך אין דער פּייע, א מאַך מיט דער האַנט און א זיפצ טיפ פונעם האַרצן.

„בע" איז בא אונדז, ייִדן, א טײַער וואָרט, וואָס האָט זייער פיל טײַטשן און איז א טערעץ אף אַלע קאַשעס. „בע" קען מען געברויכן אַלע צײַט אין א שמועס און עס זאָל טאָמיד פּאַסן. א ייִד קען מיט „בע" זיך טאָמיד אויסדרייען, ווען ער איז, נעבעך, אין דער קלעם און שטייט שמאָל.

מיט „בע" סיפּעקט א שווינדלער, אַ אָנזעצער, אז די באַלעכויוועס טרעטנ
צו מיט שטאַרקע טײַנעס. „בע" שטייט א ייִדנ בײַ אינ דער נויט, ווענ עס
באַווײַזט זיכ, אז ער איז, נעבעכ, א ליגנער. מיט „בע" קענ מענ אָפּענט־
פערנ יענעמ, וואָס דולט אָנ א קאָפּ צוויי שאָ, נישט צו הערנ, נישט צו
פאַרשטיינ אפילע איינ וואָרט פונעמ גאַנצנ שמועס. מיט „בע" קומט אָפּ א
שיינער, צעבראָכענער ייִד, ווענ ער דערלאַנגט שטילערהייט א ביס; א
שיינע־מוידיינע — ווענ ער טוט אָפּ א מיִעסע מײַסע; א דימענטיק מענטשל,
אָנ כאָכמעס, — ווענ עס לאָזט זיכ גאָר אויס; ער איז געמעלאָכעט, האָט
פול פליי אינ דער נאָז. האקלאל, „בע" האָט אלערליי טײַמימ, מעשונע
ווילדע פּיירושימ, ווי אשטיינער: רופּ מיכ קנאַקניסל, לאָד מיכ צומ אונע־
סאַנע־טויקעפּ, מעהייכעטייסע, קוימעמיִעס, געסמאַהע דיר פּאַרפּול, אונ נאָכ
טײַטשנ אָנ א צאָל. דאָס ייִדישע קעפּל שטויסט זיכ טאָמיד אָנ, וווּהינ דאָס
וואָרט „בע" צילט, אונ פאַרשטייט דעמ רעכטנ פשאט דערפונ, ווי עס פּאַסט
צומ איניענ. —

אלטערס לעצטער „בע" איז געווענ א ביטערס, מיט גרינע ווערעמ.
אינ אימ איז געלעגנ עפּעס ווי כאַראָטע, א באַנק־טאָנ, א באַשולדיקונג זיכ
אליינ. עס האָט אימ זיכער געמוזט ליגנ אפנ הארצנ ווי א שטיינ זײַנ
מיִעסע באַנעמונג אקעגנ דעמ ערשטנ ווײַב אונ די קינדער פונ איר. ער
האָט געמוזט אינ איטלעכס אומגליק, וואָס אימ טרעפט, זענ א שטראָף פונ
גאָט פאַר זײַנע זינד. דאָס האָט באַשײַמפערלעכ ארויסגעוויזנ זײַנ ביטע־
רער זיפץ אונ דאָס מאַכ־געבנ מיט דער האַנט. אויכ דער קראַצ אינ פייע
דערבײַ האָט אזויפיל געהייסנ: „פאַרבײַס די ליפּנ אונ שטומ!.. אינ דער
ערד מיטנ קאָפּ!"

איכ האָב מיכ אינ הארצנ שטאַרק באַשולדיקט, לעמײַ האָב איכ אופּ־
גערירט אלטערס אלטע וווּנדנ. דאָס איז טאַקע די מײַסע מיט א ייִדנ,
ארײַנצומישנ זיכ אינ יענעמס היימישע זאַכנ אונ ארײַנצוקריכנ מיט שײַלעס
יענעמ אינ דער נעשאָמע ארײַנ, בעשאַס זי טוט וויי אונ ווארגט זיכ, נע־
בעכ, מיט די צאָרעס שטילערהייט פאַר זיכ אליינ. אכוץ דעמ האָט מיכ
טאַקע געערגערט, וואָס די מי מײַנע איז אינגאַנצנ פאַרלוירנ. אלטער האָט
זיכ שוינ אזוי פײַנ צעוויגט אונ גערעדט מעכײַע, דאָס ציגל האָט גע־
קלאַפּט ווי א זייגער, פּלוצלימ באַדאַרפּ איכ אָנרירנ אינווייניק א רעדל,
אונ דער אומרו איז געבליבנ שטיינ! איבעראַנײַס מײַנע מיטל, איבעראַנײַס
פּיזעמ רעב אלטערנ. איכ האָב נישט געקאַרגט, ווײַטער אײַנגעגעבנ אל־
טערנ רייד־מיטל מיט דער פולער מאָס, צוגעפּאַסט צו אימ א גוט שלי־
סעלע, אָנגעדרייט אימ מיט קונצנ — אונ דער אומרו, דאָס ציגל זײַנס, האָט
ווידער זיכ צעשאָקלט.

## 4

— מײלע, שטײ איך מיר אַזױ נעבן מײַן בײַדל, — האָט אַלטער װײַטער אָנגעהױבן צו דערצײלן מיט זײַן לאָשן. — בעקיצער, װי איך שטײ מיר דאָ, קוק איך און באַטראַכט מיר דעם יאַריד. אַ יאַריד — אַ יאַריד, עס קאָכט! דער עולם איז גרױס. ייִדן מאַכן געשעפֿטן, שטאַרק פּאַרטראָגן, פּאָשעט זײ לעבן. אַ ייִדעלע אױף אַ יאַריד איז אַ פֿישעלע אין װאַסער. דאָרט, פֿאַרשטײט איר מיך, לעבט עס. יאַנקעװ אָװינוס בראָכע טאַקע: ו י ד ג ו — און זײ זאָלן זיך פֿישלען, בקרב הארץ — אױף דער װעלט[1]. — עמעס, רעב מענדעלע? שטײט טאַקע אַזױ געשריבן װי ייִדן זאָגן: „אױפֿן הימל אַ יאַריד"? הײסט עס, אױפֿאָנעם, די אױלעמהאַבע פֿאַר ייִדן איז אַ יאַריד!.. מײלע, שטײט, נישט שטײט, ייִדן יאַרידעװען; לױפֿן, האַנדלען, שטײען נישט אײַן אױף אײן אָרט. צװישן די סאָכרים זע איך בערך טעלעצע, אַמאָל אַ באַהעלפֿער, דערנאָך אַ מעשאָרעס, הײַנט רעב בער, שטײט מיט אַ גרױסע קלײט, פֿלאַמט אױפֿן יאַריד. בעקיצער, גאָרנישט. ס'איז אַ טאַראַראַם, אַ קאָכעניש. דאָרט, זע איך, לױפֿט אַ ייִדל, אַ צװײטער, אַ דריטער. אױך פּאָרלעך, פֿאַרשװיצט שטאַרק, דאָס מיצל אױפֿן שפּיץ קאָפּ, דאָ אַ טאַפּ, דאָרט אַ טאַפּ, אַ מאַך אַהין, אַ מאַך אַהער, אַ דרײ מיטן גראָבן פֿינגער און אַ קײַ דאָס שפּיצל בערדל, — געפֿאַלן, אױפֿאָנעם, אױף אַ האַמצאָע. עס לױפֿן גאָר אָן אַ נעשאָמע מעקלער, שאַדכאָנים, טאַנדעטניקעס, מאַכליאַרקעס, קורעלאַפּניצעס, ייִדענעס מיט קױשן, ייִדן מיט טאָרבעס, מיט פֿינף פֿינגער, באַלעבעסלעך מיט שטעקלעך, באַלעבאַטים מיט בײַכלעך. איטלעכן פֿלאַמט דאָס פּאָנעם, נישטאָ קײן צײַט, אַ רענדל אַ מינוט. מײלע, בעקיצער; גאָרנישט, עס האָט אױסגעזען, אָט כאַפּן זײ דאָס גליק. אײַ־אײַ, בין איך עס מעקאַנע, װי איטלעכן גײט דאָס מאַזל! איטלעכער פֿאַרדינט, שעפּט גאָלד, און איך, שלימאַזל, װאָס? שטײ װי אַ לײמענער גױלעם, פֿאַרלײגט די הענט נעבן מײַן צעריסן בײַדל, באַהאַנגען פֿון בײדע זײַטן מיט ציצעס, קאַמײעלעך, און אינװײניק — שמאָכטעס, פּעקלעך ספֿאָרים. אַ קאַטאָװעס כ'לעבן, טכינעס סאָרע באַס־טױװים! סאָרע באַס־טױװים אינגאַנצן איז װערט אַ דרײַער... גײ לעב, צעפּיר זיך מיט איר די הענט, מאַך כאַסענע אַ מײדל! איך שילט אין האַרצן זי, דאָס בײַדל, די דאַרע שקאַפּע מײַנע, האַלעװײַ װאָלטן זײ אױף דער װעלט נישט געװען! גענוג, מען באַדאַרף פּרוּװן דאָס מאַזל, אױך עפּעס טאָן. אַרבעטן. האַשעם־ייִסבאָרעך קען עפּשער ראַכמאָנעס האָבן, װאָס דען? בעקיצער, עס פֿאַרבײַסט זיך מיר דאָס היטל, עס פֿאַרקאַטשען מיר

[1] װעייִדגו בעקערעװ האָאָרעצ.

זיכ די ארבל, מײַנע פיס גייענ צו, ווי פונ זיכ אליינ, צו א וואָגנ, אונ באלד טאקע קײַ איכ מיר א שטרויעלע, וואָס איז פונעמ וואָגנ פארקראָכנ מיר גלײַכ אינ מויל ארײַנ. מיילע; קײַ איכ מיר דאָס שטרויעלע, אונ דער מויעכ מײַנער ארבעט. א קנייטשעלע, אהער, אהינ, אונ באלד טאקע א קלאפ מיטנ פינגער אינ שטערנ: ס׳איז דאָ! א שיינ געשעפטל, — א שידעכ צווישנ צוויי סאָכרימ, לײַטישע מענטשנ, וואָס שטייענ מיט קליײטנ אפנ יאריד. פארשטייט איר מיכ, ווער? איינער איז רעב עליאָקימ, רעב עליאָקימ שאראָגראָדער! דער אנדערער — רעב געצל גריידינגער. פארבייג איכ מיר מײַנ אייסעק, איכ דער ערד מיטנ קאָפּ דאָס בײַדל, מיט דער שקאפע, מיט דעמ דרוקער אינייִנעמ! טו מיכ א געשמאקנ נעמ צומ נײַעמ אייסעקל. לעמאזל, עס רירט זיכ!.. א האָפענונג, עס ווערט פאָרנ. בעקיצער, איכ טרײַב אָנ, עס רוקט זיכ. מײַנער ווייסט נישט מער, ווי קאלענדרעווענ, לויפנ פונ רעב געצלענ צו רעב עליאָקימענ, פונ רעב עליאָקימ צו רעב געצלענ. איכ לויפ שוינ; באָרעכהאשעמ, לײַטנ גלײַכ; שטארק באשעפטיקט; נישט ערגער פונ אלע יידנ. איכ האָרעווע, אקער מיט דער נאָז די ערד, עס מוז ווערנ! — אונ דאָ טאקע, אפ דעמ יאריד. וואָס דענ? איז דענ דאָ נאָכ א בעסער אָרט ווי אפנ יאריד? בעקיצער, אינ כאפעניש, אינ אײַלעניש, די מעכוטאָנימ קוקנ זיכ אָנ, איינער דעמ אנדערנ געפעלט, ביידע באקומענ כיישעק, ווילנ שטארק. נו, וואָס זשע באדארפ מענ נאָכ? אז ביידע מעכוטאָנימ צאפלענ, ברענענ, האָבנ כיישעק אונ זײַנענ פארטיק!.. איכ ווער גרעבער ווי לענגער פאר טימכע. דאָס פארדינסט איז בא מיר גלײַכ ווי אינ קעשענע. איכ קלער שוינ אפילע וויפל נאדנ מײַנ בסולע צו געבנ. דריליכ אפ אײַנשיטנ האָב איכ אפ דעמ סמאכ געהאנדלט נאָכ פריִער, שוינ געהאלטנ אפילע אינ קויפנ בא א טאנדעטניק א געניצט סאמעטנ מענטעלע. העמדער, דאָס איז שוינ די לעצטע דײַגע, ווי גאָט ווערט געבנ... מיילע; בעקיצער — גאָרנישט! נאָר הערט א מײַסע; וואָס קענ זיכ פארלויפנ. אז ס׳איז נישטאָ קיינ מאזל, זאָל מענ בעסער נישט געבוירנ ווערנ. — אז עס האלט שוינ בא טעפ־ברעכנ אונ מענ דערמאָנט זיכ גראָד ארומ כאָסנ־קאלע, לאָזט זיכ גאָר אויס... וואָס מיינט איר? — א ווייטעק, כ׳לעבנ, צו דערציילנ, — לאָזט זיכ גאָר אויס בוידעמ! ניינ, בוידעמ איז נאָכ א הונט, א גאָרנישט. עס לאָזט זיכ אויס קאפויר. הערט נאָר דאָס אומגליק, דעמ שטראָפ פונ גאָט! ביידע מעכוטאָנימ האָבנ — וואָס מיינט איר, האָבנ זיי? ביידע האָבנ — באָכערימ...

— ס׳טײַטש, רעב אלטער! — שיס איכ אויס מיט א געלעכטער. — איכ בעט אײַכ איבער, ווי אנ אייגענע מוטער: ווי פאלט איר אויס צו טאָנ אזא שטוסערײַ: רעדנ א שידעכ, איידער איר ווייסט, ווער פונ די מעכוטאָנימ האָט א בסולע אונ ווער א באָכערל?

— אוואדע, פשיטע! — גיט זיכ אלטער א קרימ שטארק מ׳ט פאר־
דראָס. — איכ האָב נאָכ, כ׳לעבנ, אזויפיל סייכל ווי אנדערע אונ באדארפ
מיכ בא קיינעמ נישט לערנענ. כ׳לעבנ, איז ער דענ א ייִד אונ ווייסט דענ
נישט, וויִאזוי עס ווערנ שידוכימ?.. דאכט זיכ; רעב מענדעלע, איר ווייסט
זייער גוט דעמ ייִדישנ איינפיר, דעמ גאנצנ שטייגער אינ דעמ מעשאדעכ־
זיכ־זײַנ אונ כאסענע האָבנ בא אונדז ייִדנ. וואָס זשע כידעשט איר זיכ
אזוי אפ דעמ אומגליק מײַנעמ, וואָס האָט זייער גרינג געקענט מיט איטלעכנ זיכ
מאכנ? — איכ האָב זייער ווויל געוווסט, אז בא רעב עליאָקימענ איז מע־
כויעוו זײַנ א בסולע; אונ נאָכ וואָס פאר א בסולע! אזא שטיק גאָלד זאָל
איכ האָבנ! איכ האָב זי מיט א יאָר פריִער געזענ אליינ מ׳ט מײַנע אויגנ,
אזוי זאָל איכ זענ פיל גוטס. נישטמער גאָרנישט, אז קיינ מאזל איז ניש־
טאָ, העלפט ניט קיינ כאָכמעס. באדארפ די שיינע בסולע קיינ צײַט נישט
האָבנ אונ אפ צעשפּרונגעניש כאסענע האָבנ. עפעס א אויסכאפעניש אפ
איר געקומענ, ווי אינ דער בעהאָלע. איכ זאָל דאָס אָנהייבנ כאָטשע עפעס
צו וויסנ. וויסנ זאָל איכ אזוי פונ מײַנ דאלעס! הײַנט פרעג איכ אײַכ,
אדעראבע, געדענקט זשע, אז איכ קומ דאָ וועגנ דעמ שידעכ, אונ זאָג
גאנצ ייִדישלעכ, ווי געוויינטלעכ: „רעב עליאָקימ! איכ וויל אײַכ מעשא־
דעכ זײַנ מיט רעב געצלענ“. ווענענ האָב איכ פונ מײַנ זײַט געקענט מיי־
נענ? מיסטאמע רעב עליאָקימס בסולע. זי, עס פארשטייט זיכ, מיט רעב
געצלס באָכערל. ארויסריידנ עס בעפּיירעש איז נאָר א געלעכטער, א אי־
בעריקע זאכ, וואָרעמ די קאשע איז דאָכ: פשיטע! וואָס לאָזט דו מיכ
הערנ? עס פארשטייט זיכ, אז נעמענ נעמענ זיכ נישט צוויי זכאָרימ, ווי
דענ זשע? א זאָכער מיט א נעקייווע, ווי דער שטייגער איז. דאכט
זיכ פונ מײַנ זײַט האָב איכ געהאנדלט, ווי עס געהער צו זײַנ. קיי־
נער, בא מײַנ ייִדישקײַט, וואָלט בעסער נישט געהאנדלט. בע־
קיצער, איכ האָב גערעדט ריינ, שארפ, דעמ רעכטנ איקער: מיקויעכ נאדנ;
מיקויעכ קעסט. דערבײַ מוזט איר נישט פארגעסנ; אז אפ א יארידּ; אונ
דערצו נאָכ מיט סאָכרימ, קענ מענ גאָר נישט ריידנ איבעריקע רייד, בײַ־
זאכנ, נאָר געציילטע ווערטער, דעמ איקער, דאָס געשעפט אליינ: נישטאָ
קיינ צײַט. מיילע, האָט איר אײַכ א ענטפער פונ מײַנ זײַט. הײַנט לאָמיר
גיינ צו רעב עליאָקימענ. רעב עליאָקימ ווידער פונ זײַנ זײַט, הערנדיק,
ווי איכ רייד אימ א שידעכ מיט רעב געצלענ, האָט זיכער דערוונטער גע־
מיינט זײַנ באָכער, אנדערש קענ עס דאָכ גאָר נישט זײַנ. אימ אליינ רעדט
מענ מיט רעב געצלענ? ווי שיקט זיכ עס? אונ אײַנפאלנ א בסולע —
האָט אימ אויכ נישט געקענט, אז ער ווייסט בא זיכ זייער גוט, ער
האָט כאסענע צו מאכנ א באָכער, נישט קיינ בסולע. מיילע, קומט

אויס, ביידע זײַנען גערעכט. נישטמער גאָרנישט. הײַנט פֿארשטייט איר שוין?

— בע!.. — מאכ איכ, קוימ אײַנהאלטנדיק זיכ פֿאר געלעכטער אונ אָנטוערנדיק זיכ א קוועכ אָנצוגעמענ א ערנסט פּאָנעמ.

— נו, געלויבט איז גאָט, אבי איר פֿארשטייט! — זאָגט אלטער, א טײַט געבנדיק אפֿ מיר מיטנ גראָבנ פֿינגער אונ מאכנדיק דערבײַ צעצויגנ „אָ"!.. — גלײַכ ווי איכ האָב מיט מײַנ „בע" געטראָפֿנ פּונקט אינ קארב.

אונ דעמ עמעס מוז איכ זאָגנ, איז מיר אלטערס דערקלערונג ארײַנ טאקע דערנאָכ אינ קאָפּ. טא, פֿארוואָס ניט? אפֿ דעמ יידישנ גאנג, ווי עס ווערנ געשלאָסנ שידוכימ בא אונדז, — פֿארוואָס זאָל זיכ טאקע אזוינס נישט מאכנ? — עס כאפּט זיכ מיר פֿונעמ מויל ארויס נאָכאמאָל „בע", א קוק געבנדיק אפֿ אלטערנ עפּעס גאָר פֿרײַנטלעכ.

— א־יאָ! — מאכט אלטער, ווײַטער א טײַט געבנדיק מיטנ פֿינגער, — א־יאָ, איר פֿארשטייט! נישטמער גאָרנישט. איר זײַנט נאָכ נישט פֿארטיק. עס האָט נאָכ געצאנקט אינ מיר עפּעס א האָפֿענונג. נעמ איכ מיכ צו א אײַסעקל, לאָז איכ עס אזוי גיכ נישט אָפּ.

— רעב אלטער, גאָט איז מיט אײַכ! וואָס רעדט איר? — שפּרינג איכ אזש אונטער פֿאר גרויס וווּנדער אונ מײַנ זיכער, אלטער איז אינ טאמעז פֿאר גרויס היצ מעשוגע געוואָרנ. — וואָס פֿאר א האָפֿענונג, רעב אלטער, האָט געקענט איבערבלײַבנ, נאָכ דעמ, אז עס האָט זיכ ארויסבאוויזנ צוויי כאסאנימ?

— לאָזט זיכ דינענ! — נעמט מיכ אײַנ אלטער. — לאָזט זיכ דינענ, רעב מענדעלע! ס'איז רעכט. עס האָט זיכ נאָכ געשלאָגנ בא מיר א אָדער. גאָט גיט די רעפֿוע פֿאר דער מאקע. פֿארשטייט איר מיכ, עס האָט געטאנצט אינ קאָפּ טעלעצע. נאָכ גאָר אפֿנ אָנהייב איז מיר אײַנגעפֿאלנ טעלעצע. דאָרט זײַנען שוינ דאָ מיידלעכ זיכערע, איר מעגט מיר גלייבנ. עס האָט מיר טכילעס זיכ געדרייט אינ קאָפּ מיטאמאָל: עליאָקימ, געצל, טעלעצע. פֿונ זיי האָט מענ באדארפֿט אויסקלײַבנ א פּאָר. האָב איכ באדארפֿט גראָד בלײַבנ בא רעב עליאָקימענ, אונ טעלעצע דערווײַל אוועקשטעלנ אינ דער זײַט. מיילע, אז דאָס אומגליק האָט מיכ דאָ אזוי געטראָפֿנ, וואָס זשע טוט מענ? באדארפֿ מענ ארויספֿירנ אפֿנ פּלאצ טעלעצע, געהויכט, געקרוינט, שוינ מיט דער גאנצער מוידיינע: רעב בערישל! בעקיצער, איכ פֿארײַב דעמ פֿעלער בא די פֿריִערדיקע ביידע צדאָדימ. שולדיק־שמולדיק, זיי א ביסל, איכ א ביסל, אונ א ביסל אויכ דאָס מאזל אונדזערס, מיסטאמע איז נישט געווענ מינ האשאָמאִימ, נישט באשערט, פֿארשטייט איר מיכ...

עס הייבט זיכ אָנ דער גרויסער מיזמער: רעב בערישל איז, אָנ אײַנהאָרע,

א גוויר, א דימענט, א באַלצדאָקע, א גאבע אינ פיל כעוורעס. סטײַטש, רעב בעריש! דעמ טיטל „כאָכעמ" רעכנ איכ נישט, ווײַל עס פארשטייט זיכ אַליינ, עס ליגט שוינ אינ דעמ נאָמענ גוויר. מיילע, גאָרנישט. דער פונק האָפּענונג האָט אינ מיר זיכ אַלצ ווײַטער מער צעברענט. גמ זו לטובה[1], טראַכט איכ, וואָס עס זײַנענ ווי בוימל אפנ וואסער ארופגעשווומענ צוויי באָכערימ, אַצינד איז דאָ פאר זיי ביידע טאקע צוויי בסולעס; גלײַכ ווי אָנגעמאָסטנ. רעב בעריש וועט מיר צורעכט מאכנ אַלצדינג, אונ עס וועט, אימירצעשעמ, זײַנ גוט. אהער — אהינ, בעקיצער, איכ ארבעט אפ אַלע קיילימ. איכ האָב ווײַטער דאָס לויפעניש. דאכט זיכ, אינ פלוג, גאָר נישקאָשעדיק, עס האַלט אפ א שטיקל שטייגער. נישטמער, גאָרנישט. באַדאַרפ זיכ אינמיטנדרינענ אויסלאָזנ דער יאַריד. א איבערקערעניש; אַלע צעפאָרנ זיכ, צעלויפנ זיכ, אויס געשעפטנ, — אונ פארפאלנ מײַנ מי, אזויפיל מי!

— הײַנט פארשטייט איר? — ווענדט זיכ אַלטער צו מיר מיט א ניגנ פונ געבעט, אויסשטרעקנדיק ביידע הענט, ווי ער קלאָגט זיכ, גיסט אויס זײַנ שווער־ביטער הארצ אונ פארלאַנגט פונ מיר עפעס א הילפ. — פארשטייט איר שוינ? אז ס'איז נישטאָ קיינ מאזל, דאָס פיצעלע מאזל, העלפנ נישט אַלע כאָכמעס. אוי, א צאָרנ פונ גאָט איז שוינ פונ א צײַט אפ מיר אויסגעגאָסנ געוואָרנ, א שטראָפ פאר מײַנע זינד. — „אפ מעזומענ געלט" זאָגט איר? א איבעריקנ גראָשנ האָב איכ דענ אינ קעשענע, אז אָכ אונ ווי אונ וויינד איז מיר!

— אײַ, ווי אינ באָד! — צעהיצ איכ מיכ אפ א קאָל אונ טו מיכ א געשמאקנ רוק.

אַלטער שטעלט אפ מיר אויס א פאָר אויגנ, שאָקלט מיט דעמ קאָפ, שטארק אופגעבראַכט, מאכנדיק דערבײַ ווי אינ דער וועלט ארײַנ:

— א גאנעוו א ביסל פונ א ייִדנ! א מענטש ווערט, סאָנע־ציִענ, צעזעצט, די גאַל שפרינגט אימ פאר צאָרעס, רעדט, אונ ער — גאָרנישט! האָט אינ זינענ זײַנ נעפעש. א קאטאָוועס, ס'איז הייס ווי אינ באָד! וועט צעשמאָלצנ ווערנ... איכ פארשטיי, נישקאָשע, ייִדישע אָנשטעלנ, דאָס ווײַל א ייִד א כאפ טאָנ זיכ צוריק, ארויסזעענדיק, אז בא יענעמ איז קיינ מעזומאָנימ נישטאָ, קיינ געשעפטנ מיט אימ וועט ער נישט מאכנ.

— כ'לעבנ... — רופ איכ מיכ אָנ, א צי געבנדיק אַלטערנ פאר דער באָרד, קעמינהעג ייִד, — וואָס פאַלט אײַכ אײַנ, רעב אַלטער, אזעלכס צו טראכטנ? איכ מיינ גאָר עפעס אנדערש. אײַער סאָפ מײַסע אַצינד אפ דעמ יאַריד האָט מיר דערמאָנט אינ זייער א שיינער מײַסע אמאָל אינ באָד,

---

1 גאמ זו לעטויווע.

וואָס ליגט מיר אַדהאיאָם אין טאַם, און קען עס נישט פאַרגעסן. אויך די אייגענע מײַסע, עס זאָל דאָס פעלן א האָר. נאָר דאָרט איז עס געווען בעקיצער, און זיך אויסגעלאָזט מיטן קנאַק. מען מעג עס הערן. אָ, איר שוויצט, רעב אלטער! רוקט זיך, זײַט מוחל, א קאַפּעלע אַהין, וועל איך מיר ליגן אָט אזוי מיט דעם רוקן צו דער זון און דערציילן.

אלטער ווישט מיטן עק ארבל פונעם העמד אָפּ דעם שווייס פון זײַן פּאָנעם, נעמט פון דער בוזעם-קעשענע ארויס זײַן פּאָרצעלײַענע פּיפּקעלע מיט עפּעס א יעפּייפּיע אויסגעמאָלט דערויף, מאַכט אויס מיט א דויטל, וואָס הענגט אף א קייטעלע באַם טאָמבאַקאָווג דעקל פון דעם ליולקעלע, דאָס קורצע ציבעכל, פון וועלכעס דאָס דינע אויסגעבויגענע מונדשטיקל, ווי אויך דער אונטערשטער טייל, זײַנען גרוי־שווארצלעכע ביינדעלעך, און דאָס מיטל־שטיקל א ווייכס, אויסגעהעפט ארום מיט זאַמד־פּאַטשערקעס; פאַרייכערט דערנאָך דאָס פּיפּקעלע, טוט דערבײַ א קליין קוקעלע אף דער יעפּייפּיע און ציט זיך אויס; ווי גרויס ער איז, אונטער דעם בוים. איך הוסט מיך אויס, טו מיך א רוק און הייב אָן מײַן מײַסע אזוי:

## 5

אין דער גלופּסקער געמויערטער באָד האַלט זיך זינט א לאַנגער צײַט אוף א באָכער — פּישקע דער קרומער. ווער פּישקע איז, פונוואַנען ער איז — דאָס איז נישט מיר, נישט קיינעם אײַנגעפאַלן צו וויסן. גאָרנישט! עס דרייט זיך ארום א באַשעפעניש, א פּישקע, ווי אלע אנדערע פאַרווערלאָזטע נעפאַשעס, זײַן גלײַכן, וואָס גיבן זיך א ווײַז בא אונדז, יידישע קינדער, עפּעס פון דער העלער הויט, ווי די שוועמלעך, פאַרטיק מיט־אמאָל, מיט די אלע כיינדלעך. מען זאָל עס געווען אָנהייבן זען, ווי זיי האָבן ביסלעכווײַז געשפּראָצט, כאָטש האָבן פון זיי פריער עפּעס א סימען!.. עס זיצן זיך ערגעץ אין לעכער קאַפּצאָנים, קינדלען זיך שטילערהייט — וועמעס אייסעק איז עס? — פרוכפּערן זיך און מערן. ס'איז אָן אײַנהאָרע א גרויס גערעטעניש. דאָס קליינוואַרג גיט זיך א הייב אף די פּיסלעך, און פּלוצלים שפּרינגען ארויס אין דער וועלט פרישצאַפּלדיקע קליינע יידעלעך: פּישקעלעך, כײַקעלעך, כאַיִמלעך, יאָסעלעך; נאַקעטע, באָרוועסע, מיט לײַבסערדאַקלעך, פּלאָנטען זיך אומעטום פאר די פיס, אף די גאַסן, אין די הײַזער און די קלײַזלעך. — קיין שטאַרק גרויסן פאַרשוין קען מען פּישקען נישט אָנרופן. ער האָט א גרויסן פלאַטשיקן קאָפּ, א ברייט גרויס מויל מיט געלע קרומע ציין, רעדט שטשעפּליאַווע, קען נישט קיין „רייש" שאַרף ארויסזאָגן און הינקט שטאַרק אף א פוס. פּישקע איז שוין געווען

אינ די יאָרנ, פונזײַנטוועגנ האָט ער שוינ געקענט לאנג כאסענע האָבנ אונ מעזאקע זײַנ גלופסק מיט עטלעכע קינדערלעכ; נאָר אפ זײַנ פינצטער מאזל, האָט מענ אינ אימ זיכ פארגעסנ, אונ ער איז, ווי א פוילער מינ אינ אונדזער ספאָרימ־האנדל, געוואָרנ א לעגער־סכוירע. מענ האָט אינ אימ זיכ פארגעסנ אפילע בעשאס דעמ רעקרוטנ־נעמענ פאר כאָליערע: כאטאנימ, דאָס הייסט, בעשאס גלופסקער קאָהאָל האָט געכאפט אינ דער בעהאָלע וויסטע קאליקעס, דראבעס, שלעפערס אונ זיי כאסענע געמאכט אפ דעמ הייליקנ אָרט צווישנ די קוואָרימ, מיט אבי־אָט מיידלעכ, ביכדיי דורכ דעמ זאָל די שלאפקײַט אופהערנ. אָנשטאָט אימ האָט קאָהאָל דאָס ערשטע מאָל מעכאבעד געווענ מיט כאסענע־האָבנ דעמ בארימטנ קאליקע יאָנטלענ; וואָס רוקט זיכ אפ זײַנ געזעס מיט צוויי קליינע הילצערנע בענקעלעכ אינ די הענט. מענ האָט אימ געפאָרט מיט דער אָרעמער ייִדענע, די מעפורסעמעס, וואָס האָט גרויסע ציינ ווי לאָפעטעס אָנ אנ אונטערשטער ליפ. די כאָליערע האָט זיכ פאר זיי שטארק דערשראָקנ, אונ נאָכדעמ, אז זי האָט פארשרעק מאזיק געווענ אינ גלופסק א סאכ מענטשנ, האָט זי געכאפט די פיס אפ די פלייצעס אונ איז אנטלאָפנ... דאָס צווייטע מאָל האָט מענ אויסגעקליבנ נאָכעמצע דעמ שטאָט־מעגעגע, דעמ געוויסנ לעקיש. לעקיש האָט אפ דעמ בעסוילעמ, פאר א גאנצער איידע שיינע־ייִדנ, צוגעדעקט דעמ קאָפ פונ יענער מויד; וואָס איר קאָפ איז פונ קינדווײַז אָנ באדעקט, איכ בעט אײַכ מעכילע, מיט א קרוינ אונ אפ וועלכער עס גייט אינ דער שטאָט ארומ א קלאנג, אז זי איז א אנדרויגענעס. דער אוילעמ, זאָגט מענ, האָט אפ זייער כאסענע זיכ גאנצ שטארק מעסאמייעכ געווענ, מענ האָט זיכ ווויל געטאָנ אונ עפעס גאָר א יאמ בראנפנ צווישנ די מאצייוועס אויסגעטרונקענ. אָט, האָט מענ געזאָגט, נישקאָשע! לאָזנ זיכ פרוכפערנ, לאָזנ ייִדישע קינדער, דער כאָליערע אפ צעשפרינגעניש, זיכ מערנ, לאָזנ אָרעמע קאליקעס, נעבעכ, אויכ האנאָע האָבנ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. האקלאל, פישקענ האָט קאָהאָל פארגעסנ. אפ גלופסק איז געקומענ ווײַטער א כאָליערע, אונ פישקענ האָט עס פאָרט נישט געהאָלפנ. ער איז געבליבנ א באָכער ווי פריִער. אפילע די מומע אָנ א נאָז, וואָס איר שטייגער איז צו העצקענ זיכ אינמיטנ דער גאס, בעשאס איר קלעזמערל סקריפעט אפ עפעס א מינ פידעלע, צוזינגענדיק דערצו אפנ בײַקעלכנ, נעמט צונויפ אפ א טעלערל נעדאָוועס, ביכדיי צוויי מייסימ זאָלנ גיינ טאנצנ, קאליקעס, קאפצאָנימ, אָרעמע מיידלעכ זאָלנ, כאָלילע, נישט פארזיצנ — אפילע די גוטע, בארעמהארצעדיקע מומעניו האָט אינ פישקענ זיכ גאָר פארגעסנ אונ אימ געלאָזט אומגיינ אָנ א ווײַב. ס'איז אוואדע, נעבעכ, א גרויס ראכמאָנעס, א צארבאלעכײַימ; נאָר מיסטאמע איז זײַנ מאזל שוינ געווענ אזוינס. — פיש־

קעס גאנג איז געווען געווייגטלעכ באָרוועס, אָנ א קאפּאָטע, נאָר אינ א גראָב געלאטעט העמד, מיט א לאנגנ פארשמאָלצעוועטנ ארבעקאנפעס, אונ טאכטויניט פונ גראָבע לײַוונט מיט א סאכ פאלדנ. זײַנ ארבעט איז געווענ צו גיינ רופנ אפ דער גאס: „באלעבאטימ, אינ באָד ארײַנ!" פרײַטיק; אונ „ווײַבערלעכ, אינ באָד ארײַנ!" מיטוואָכ. זומער, ווענ עס פלעגט זיכ אָנהייבנ ווײַזנ גאָרטנוואָרג, האָט אינ דער יידישער גאס זיכ געלאָזט הערנ זײַנ קאָל ווי פונ א שלײַענ: „יידעלעכ, אהער! יונגער קנאָבל, יידעלעכ!" — אינ באָד פלעגט ער היטנ דאָס אָנטאָנ, אונטערטראָגנ א שעפעלע וואסער, ארײַנלאָזנ א קויטיק העמד אינ דעמ ארבל ארײַנ, מיט א קנופּ איבערווייניק, ווי א מײַסטער, דערלאנגט א קויל פײַער, ווארפנדיק עס פונ איינ האנט אינ דער אנדערער, צו פאררייכערנ א ציגאר-טיטונ, אונ כאפּנ דערפאר מיטאמאָל א הארטנ צווייער אָדער א דרײַער. פישקע האָט זיכ שוינ געדעכנט דערמיט פאר א שטיקל קלייקוידעש אונ געהאט דאָס רעכט אפ געוויסע זאכנ, ווי אשטייגער: ארומגיינ איינעמ מיט דעמ פעקל שמײַסער, באָד־לײַט, איבער די הײַזער, נאָכ פורימ־געלט, כאנעקע-געלט, קומענ מיט דער קאָמפּאניע אפ א לעקעכ-אונ־בראנפנ, אפ א קרישמע־לייענענ, אפ א בריס בא באלעבאטימ אינ באָד, אונ כאפּנ א קויסע מיט א שטיקל האָניק־לעקעכ, אונ ארומגיינ פּייסעכ מיט א טאָרבע צונויפנעמענ בא די באלעבאטימ שטיקלעכ מאצע. — איכ האָב פישקענ זייער גוט געקענט, פלעג ליב האָבנ ארײַנצולאָזנ זיכ מיט אימ אינ א שמועס אונ אָנקוועלנ אמאָל פונ זײַנע ווערטער. ער איז גאָר נישט געווענ אזא מיעסער שויטע, ווי ער האָט אויסגעזענ. ווארעמ ווענ איכ בינ נאָר אינ גלופּסק, איז בא מיר די ערשטע זאכ פונ אלע מעלאָכעס זיכ ארויסצוכאפּנ אינ דער געמויערטער באָד, אויסצופּרודענ די זאכנ, די זאָקנ אונ צו פארענ די ביינער אפ דער אייבערשטער באנק. זאָגט אײַכ וואָס איר ווילט, דאָס איז דער בעסטער טײַנוג בא מיר. וואָס קענ, דאכט זיכ, בעסער זײַנ פונ שוויצנ? איכ זאָג אײַכ בעפיירעש נאָכאמאָל: אצינד־אָ אפילע וואָלט איכ אויכ שטארק האנאָע געהאט פונעמ ביסל שווייס, ווענ די זונ זאָל מיר נישט זײַנ אקעגנ פּאָנעמ. —

— רוקט זיכ נאָר, רעב אלטער! רוקט זיכ; זײַט מויכל, ווײַטער א ביסל! אָ, איר האָט איצט, אָנ איינהאָרע, גאָר דעמ גוטנ שווייס. טוט זיכ נאָר, זײַט מויכל, א רוק, אָט אזוי, אזוי...

— נו, אנ עק, א סאָפ זאָל עס האָבנ! — מאכט אלטער אָנגעברויגעזט. — איכ ליג שוינ, דאכט זיכ, גוט. ציט נישט, איכ בעט אײַכ, בא דער נעשאָמע אונ מאכט עס בעקיצער.

— האָט צײַט, רעב אלטער. דער טאָג איז נאָכ גרויס, — רופט איכ מיכ אָנ אונ הייב אָנ ווײַטער צו דערציילנ.

— ...אז איכ בינ געווענ מיט עטלעכע יאָר צוריק אינ גלופסק אונ פונדערווײַטנס אפ דער גאס דערזענ פישקענ, בינ איכ פּאָשעט אויס דער הויט געשפּרונגענ פאר גרויס ווונדער. פישקע מײַנער, זע איכ, גייט מיט די קרומע פיס, אָנגעטאָנ ווי א שטשאָגעל אינ א שפּיגל־נײַע טשערקאסענע קאפּאָטע, מיט נײַע שיכ אונ זאָקנ. אפנ קאָפּ א גרויס פליסנ היטל, אונ אפנ האַרצ בלישטשעט אימ, ערשט נײַ פונ דער נאָדל, א לײַבצודעק פונ האַרט אָנגעקראָכמאָלטנ ציצ מיט גרויסע רויטע קווײַטנ. וואָס קענ עס באַטײַטנ? טראַכט איכ בא מיר. זאָל זײַנ עפּשער, קאָהאָל האָט אימ אויסגעקליבנ פאָרט פאר א כאָליערע־כאָסנ? נאָר אפ גלופּסק אָבער איז אינ יענעמ יאָר קיינ כאָליערע נישט געקומענ. נישט דעריבער, ווײַל מענ האָט עפּשער אויסגערייניקט דעמ טײַכ, צוגענומענ די בערגלעכ איפּעשדיקע בלאָטע אונ די געפּײגערטע קעצ פונ די גאסנ, אָדער באַלעבאטימ האָבנ געמאכט א האסלע, אפ צולאָכעס דעמ גאנצ אלטנ מינהעג, ווײַטער נישט אויסצושיטנ דעמ מיסט, אויסצוגיסנ די פּאָמעניצעס אונטער דער נאָז, פאר די הײַזער? כאָלילע! ווי קענ מענ אפ אזא יידישער קעהילע אזוינס גאָר טראַכטנ! נאָר וואָס דענ? ס'איז גלאט געווענ נאָר דיינע ניסימ... יידנ האָבנ אפילע דענסטמאָל זיכ געקלאָגט אפ די בײַכער, צוביסלעכווײַז אויכ אונטערגעשטאָרבנ. נאָר דאָס איז געווענ גלאט אזוי, אנ איבערגאנג. מענ האָט עס צוגעשריבנ די גרינע אוגערקעס. דער אָרעמער אוילעמ האָט מיט א הייסנ הונגער זיכ צוגעכאפּט צומ יונגנ גאָרטנוואַרג אונ... ס'איז, געלויבט גאָט, מיט כעסעד... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. דערווײַל, ווי איכ טראַכט דאָ אונ ווונדער מיכ אזוי, איז פישקע פארשוווּנדנ געוואָרנ. גראָד בינ איכ, נישט הײַנט געדאַכט, דענסטמאָל געפּאַלנ אפ די קריזשעס, געליטנ שטעכעניש, שוינ טאקע א לאנגע צײַט נישט געלאָזט צו דער אָדער, נישט געשטעלט קיינ באנקעס, אכוצ נאָר אקעגנ א צענ פּיאווקעלעכ אינ דער גאנצער צײַט פונ עטלעכע כאָדאָשימ. נו, האָב איכ מיר פירגענומענ, מאָרגנ, בעלי נעדער, גיי איכ באצײַטנס אינ באָד, וועל דאָרטנ צוברענגענ גוטע עטלעכע שאָ, אונ שוינ אָנשמעקנ דאָרט אלצדינג... נישט דאפקע וועגנ פישקענ אליינ, ווי אויכ טאקע וועגנ אנדערע וויכטיקע זאכנ: מיקויעכ פּאָליטיקע, פּאָטשטנ אונ אלצדינג, וואָס קאָכט זיכ, פארלויפט זיכ אפ דער וועלט אונ אינ דער שטאָט. דאָס אייגציקע שטיקל אָרט פאר יידנ אפ צו שמעקנ, ארויסצוגעבנ, וואָס עס בורטשעט אינווייניק אינ זיכ, אונ כאפּנ צוריק עפּעס א לעק פונ אנדערע. דאָרט, אינ דער באָד, ווערט מענ געוויר פונ זייער פיל סוידעס, דאָרט ווערט אָפּגעמאכט זייער פיל געשעפטנ, אונ עס רודעוועט זיכ מער נאָכ ווי אפ א יאַריד. מענ באדאַרפ אהינ קומענ אינ א פרײַטיק, זעט מענ שיינס: אינ איינ ווינקל זיצנ רויפימ מיט

דעמ קליפערצײַג, ארומ זיי ייִדנ א סאכ. איינ רויפע גאָלט קעפ, דער אנדערער רויפע מיט א בריטווע צעקאדראשעטע פלייצעס, שטעלט באנקעס דעמ, כאפט אראָפ געשטעלטע באנקעס בא יענעמ, אונ ייִדיש בלוט גיסט זיכ טײַכנווײַז אפ דעמ פאָל, אונטער מענטשנ, פארמישט אינײנעמ מיט בלעטלעכ פונ בעזעמער אונ אָפגעגאָלטע האָר. דעמ רויפעס ברענענדיק ליכטל שמעלצט זיכ מיט א צעפלאָכטענעמ קנויט, שפריצט, בריזגעט מיט א בייזער, מיט א פלאמ־פײַער פונ א מיסע־מעשונע־קאָליר... — אפ די ווענט, אפ דער סטעליע נעבנ אויוונ חענגענ, ווי אינ דעמ גרעסטנ מאגאזינ, אלערליי קליידער: העמדער, זאָקנ, קאָלהאמינע לײַבצודעקנ, אלע סאָרטנ טאכטוינימ; קאפטנס, קאפאָטעס, אויכ קײַלעכדיקע פעלפענע היטלענ. — פונ דער אייבערשטער באנק לאָזנ זיכ הערנ שרעקלעכע קוילעס. א טייל ייִדנ ליגנ דאָרט אָנ קויכעס, זיפצנ אונ קרעכצנ; א טייל זײַנענ געוואָפנט מיט בעזעמלעכ אונ שרײַענ: „גוואלד, ייִדישע קינדער! גוואלד, האָט ראכמאָנעס! גוואלד! גוואלד, פארע!...” אינ באָד ווערט קאלט, אלע שרײַענ, אונ איינער שטרעקט נישט אויס א האנט אופצוגיסנ אפנ שטיינ, ביז צומ סאָפ געפינט זיכ עפעס א ווײַסעכעווורעניק אונ מאכט אָנ אזא היץ ווי אינ געהענעמ, אפ דערשטיקט צו ווערנ. צוויי אויסגעווייקטע ייִדנ שלאָגנ זיכ דאָרט פאר א ראשקעלע, אויסרײַסנדיק איינער פונעמ אנדערנס הענט מיט זידלערײַ — א שרעק! א דארער מעלאמעד, וואָס בלאָנקעט זיכ דאָ ארומ אָנ געצײַג, לייגט זיכ ארײַנ אינ שאָלעמ, מאכט א פשאָרע — אונ אלע דרײַ טונקענ זייערע פארשמאָלצעוועטע פאטשיילכנס אונ וואשנ זיכ פונ איינ ראשקעלע. אויבנאָנ, אינ א קופקעלע, זיצנ מעיוכאָסימ, נעגידימ, לײַטישע מענטשנ אונ שמועסנ אייסעק, פונ טאָכ־זאכנ: מיקויעכ די טאקסע, מיקויעכ הײַנטיקע אזעספענעמער, מיקויעכ דעמ נאבאָר, מיקויעכ די וויבאָרעס אפ גלאסנעס, אפ א ראָוו, מיקויעכ אכצנ־אונ־דרײַצנ אונ מיקויעכ דעמ נײַעמ פאָליצמייסטער. צו זיי שארט זיכ צו, ווי א קעצעלע, עפעס א שיינער־ייִד אונ מאכט א שמועס מיקויעכ דער טאלמוד־טוירע, מיקויעכ די נײַע גזיירעס, מיקויעכ כאטאָיִמ אינ שטאָט, אונ ראמט דערבײַ איטלעכנ אײַנ סוידעס אינ אויער... פלוצלימ קומט צו איינער א ווילער יונג, וואָס שארפט די ציינ אפ גלאסנע, אונ פארבעט מיט א כניפע־שמייכעלע אפ דער אייבערשטער באנק דעמ גרעסטנ יאכסנ אונ באלדייע, וועלכנ ער וויל א ביסל אויספארענ טשאקנדיק מיט זײַנ קאָוועד אליינ. דער שיינער־ייִד, וואָס האָט אויכ א קוק אפ עפעס א היסמאנעס אונ וויל אָפלעקנ א ביינ, פאלט דעסגלײַכנ אפ דער אייגענער האמצאָע, טוט זיכ א בייג מיט א כניפעלע אונ פארבעט אויכ א יאכסנ צומ טאנצ. אלע קריכנ ארופ אויבנ אפ דער באנק, די בעזעמלעכ הייבנ זיכ, אונ די געשעפטנ זײַנענ אָפגעמאכט... ביז־

כוס די מעיוכאָסים ווערט אינ באָד געשמאַק הייס. קליינ און גרויס, יונג און אַלט כאַפּנ זיכ צו די קיילים. דער אוילעמ קרעכצט, אויקעט, פּאָסמאַקעוועט זיכ אַפּ אַלערליי קוילעס,— און דענסטמאָל קריכט מײַנער אַרופּ העט־העט הויכ אינ אַ ווינקעלע, ביִ י ע כ י ד ע ס, פאַר זיכ אַליינ, און טוט זיכ אַ נעמ פאַרענ די ביינער אַפּ וואָס די וועלט שטייט.

— אוי, רעבּ אַלטער, אַ רוק! כאָטש אַ קליינ רוקעלע, אַהינ, אַהינ אַ ביסל קיינ צאָפנ־זײַט...

אַלטער קוקט מיכ אָנ עפּעס ווי אַ אָנשיקעניש, מאַכנדיק מיט די אַקסלענ: נאַ, נאַ!

— האָט צײַט אַ ביסל,— נעמ איכ אימ אײַנ,— וואָס איז אַזוי דאָס כאַפּעניש? באַלד, באַלד. לאָמיכ נאָר אַ קאַפּעלע זיכ אָפּרוענ.

## 6

אַלטער האָט זיכ עפּעס צו שטאַרק געפּאָרעט מיט דעמ מונדשטיקל, וואָס איז געווענ מיִעס פאַרלייגט. דערנאָכ האָט ער עס אָפּגעדרייט פונ ציבעכל, שילטנדיק עס מיט פאַרדראָס, אײַנגעזועצט אָנשטאָט אימ אַ געוונפּענדל, פאַרייכערט אַפּדאָסנײַ זײַנ פּיפּקעלע — פּופּ־פּופּ־פּופּ — און אַרויסגעלאָזט ווי פונ אַ קוימענ אַ גאַנצנ וואָלקנ רויכ. איכ האָב אַ ביסל אויסגעגלײַכט די אַלטע ביינער און ווײַטער אָנגעהויבנ צו דערציילנ.

אַפּ מאָרגנ בינ איכ געקומענ אינ באָד באַצײַטנס, אַ סאַכ פריִער, אײדער דער אוילעמ איז זיכ ביסלעכווײַז צונויפגעקומענ. בערל דער שמײַסער איז געזעסנ אינ הויז אַפּ אַ באַנק צווישנ ראַשקעלעכ, אופּגעשטעלט ווי אַ טורעמ איינע אינ די אַנדערע, און געבונדנ בעזעמלעכ, איבערקוקנדיק די בלעטלעכ מיט אַזאַ ערנסט פּאָנעמ, ווי אַ ייִדענע קלײַבט אַרבעס. נישט ווײַט פונ אימ שטייט נעבנ אויוונ איציק דער היטער, אַ ייִד מיט אַ גרויסער באָרד, וואָס איז אינ דעמ ברויט אַ יאָר דרײַסיק, טוט נישט מער, ווי קוקנ מיט צונויפגעלייגטע הענט אַפּ די פּעקלעכ זאַכנ, צווישנשווענ איטלעכנ באַמ אַרויסגיינ פונ מערכעצ: „צו רעפוע!” און ציט דערפונ דאָס שטיקל פּאַרנאָסע. ער גענעצט אַפּ אַ קאָל, אויסציִענדיק דערבײַ די הענט אינ דער הייכ, מאַכט אַ כעזשבנ, וויפל דאָס ווײַב בעט אַפּ שאַבעס, שמועסט איבער מיט בערלענ פונ די הײַנטיקע שיינע פּאַרדינסטנ, שפּעט אויס איטלעכנ פונ די באַלעבאַטימ באַזונדער, מאַכט אַלע אויסצודרייענ: דער איז אַזוינער, יענער — אַזוינער, נישטאָ די מענטשנ, וואָס אַמאָל, נאָר נישט דאָס מערכעצ, וואָס פריִער. ווייניקער פונ אַ זעקסער האָט דער

קאַרגסטער אפילו נישט געווּוסט. און היינט... — טוט ער א שפּיי און לאָזט אויס: היינט מעגן זיי אלע די קאַפּאָרע ווערן! —

בערל און איציק האָבן מיר געמאַכט א גרויסן „באָרוך־האבאָ". שוין טאַקע א היפּשע צייט, אַז מיר האָבן זיך נישט געזען, און איך בין בא זיי געווען זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט. מיר האָבן זיך צעשמועסט וועגן פיל זאַכן, און כ'בין אין דער מיט שמועס אַרופגעקומען אָפּ פישקען. ווו, פרעג איך, איז אונדזער פישקע?

— פישקע! — מאַכט בערל, א טרעסע געבנדיק דאָס בעזעמל. — העהע! פישקע איז א מענטש, א באַלעבעסל, איבערגליקלעך.

— פישקע! — זאָגט איציק, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ. — פישקע איז היינט א פּאָרעצ, אויסער זיינע שאָדן, געזאָגט געוואָרן אָפּ א סאַך!.. נו, פישקע! ער האָט זיך גאָר קיינמאָל אזוי גוט נישט געווונטשן.

אָט וואָס בערל דער שמייסער האָט מיר לעסאָפּ דערציילט.

— ...א דאָנערשטיק פאַרנאַכט איינמאָל, איינהייצנדיק אין אלע אויוונס און זיך שמאַרק אָנגעמאָרדעוועט פון דער אַרבעט, לייג איך מיך מיט כעוורע אין באָד אָפּ די בענק, א ביסל דעם אָטעם צו כאַפּן. כוץ אונדז זיינען דאָרט געלעגן אויסגעצויגן נאָך עטלעכע יידן, באַטלאָנים, וואָס האַלטן זיך דאָ אויף. ווי מיר ליגן זיך דאָ אזוי רויק, רייכערן און שמועסן זיך אזוי גאַנץ פריילעך, מיטאַמאָל הערן מיר, ווי מען פּאָרט עפּעס צו, גלייך צו דער באָד. נו צוגעפּאָרן — צוגעפּאָרן! וואָס מאַכט עס אויס? איידער מיר קוקן זיך אַרום, קומען אַריין דריי אייזערנע, געזונטע פאַרשוינען, אלע אין איין קאָל: „גוט־נאָוונט, יידן! ווו איז פישקע? גיט אַהער פישקען!.." דאָ האָב איך מיך שוין טאַקע א ביסל ווי דערשראָקן: וואָס הייסט עס פאַר א לאָשן, עפּעס גאָר אין איין אָטעם: „גיט אַהער פישקען". באַלד אָבער האָב איך זיך צוריק מעיאַשעוו געווען, וואָס איז דאָ אזוי דער שרעק? קיין גאַנעוו, כאָלילע, איז פישקע ניט, עפּעס געשעפטן גרויסע מאַכט פישקע אויך ניט, און ווען אפילו די פאַרשוינען זיינען כאַפּערס, וואָס זשע הערט זיי פישקע? אַקוראַט ווי דאָס מילכעדיקע קליינגל. מיט זיינע מיילעס איז פישקע, באָרעכהאַשעם, באַוואָרנט פאַר א רעקרוט.

— פישקען באַדאַרפט איר? — רופ איך מיך אָן באַהאַרצט. — ער איז אַציינד נישטאָ. נאָר זאָגט מיר, פּעטערס, צו וואָס טויג אייך פישקע? איך וויל עס וויסן.

די יידן קוקן זיך איבער א ווײַלע צווישן זיך, דערנאָך טרעט איינער פון זיי אַרויס און מאַכט צו מיר: מעהייכעטייסע, מיר וועלן אייך זאָגן. פאַרוואָס נישט? מען האָט, כאָלילע, דערמיט זיך נישט צו שעמען: דאָס איז א יידישע זאַך. די מייסע דערפון איז אזוי:

די בלינדע יעסוימע קענט איר דאָך, די בלינדע יעסוימע, וואָס זיצט שוין פון גאנצ לאנג נעבנ דער טויטער שול, באם אלטנ בעסוילעם, און בעט נעדאָוועס מיט דעמ באקאנטנ לידל, וואָס איינער פון די בעריעס האָט אפ איר געמאכט. די דאָזיקע בלינדע יעסוימע איז הײַנטיקס יאָר געבליבנ א אלמאָנע. זי האָט זיך געײַלט גיך צו פארקנאסנ מיט עפּעס א טרעגער, זיך מיסכײַעװ געווענ אימ אויסצוקליידנ באלעבאטיש און געבנ אימ זײַנ באדערפעניש, דערצו נאָך א ביסל געלט. הײַנט האָט געזאָלט זײַנ די כופע. מענ האָט אָנגעגרייט זייער א גוטע וועטשערע: בראָנפּן, בולקעס, פיש און טאָפּ־געבראָטנס. א גילדענע יויך מיט אויפעס, ווי דער שטייגער איז בא יידישע קינדער. דאָס אלצדינג קאָסט געלט. אז מענ איז אינגאנצנ פארטיק געוואָרנ, די קאלע אויסגעפוצט, אויסגעשלייערט, שײַנט, לויכט, ווי א יידישע טאָכטער, איז מענ געגאנגענ צו דעמ כאָסנ. נעמענ אימ צו דער כופע. דער טאכשיט אָבער, הערט נאָר, איז גאָר נישטאָ אינ דער היימ! מענ ווארט א שאָ, נישטאָ. מענ ווארט נאָך א שאָ, ער קומט נישט. ער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרנ! וואָס לאָזט זיך צומ סאָפ אויס? דער באָכער, ברענגענ זאָל ער, האָט כאראָטע! באשער זײַנ באָבע, וואָס איז אזויפיל יאָר שוינ א קעכנע בא אונדזער גוויר, לאָז געזונט זײַנ, וויינט, ליארעמט, פילדערט, שרײַט אפ דעמ שידעך, ס'איז איר נישט לעקאָוועד. זי דינט פאָרט אזא צײַט באמ היגנ גוויר, איז אויסגעקאָכט מיט א סאך באלעבאטימ אינ דער שטאָט, וואָס גייענ צומ גוויר אפ דער הינטערשטער טיר דורך דער קיך. זי קענ מאכנ א גוטנ קוגל מיט כאנציעס קאבאָלע, און צו אירע כרעמזלעך איז קיינ גלײַכנ נישטאָ. עפּעס א קאטאָוועס, א קעכנע אינ דעמ גווירס געזינד, וואָס האָט אינ יאטקע די גרעסטע דייע, וואָס דער שאמעס פונ דער שול ברענגט איר, מיט זײַנ קאָוועד אליינ, דעמ עסרעג בענטשנ, וואָס דער אונטער־כאזנ אינ דעמ קלײַזל לייענט איר פורימ די מעגילע אינ דער קיך און ריקלע די זאָגערנ טרינקט בא איר א גלעזל ציקאָריע ראָשעשאָנע נאָך אויסנעמעניש. פארוואָס זשע זאָל הײַנט דאָס איינקל איר אפ דער עלטער דאָס פּאָנעמ פארשווארצנ און צעשטערכען איר דעמ גאנצנ ייכעס? ניינ, כאָטש האקט אימ און בראָקט אימ. שרײַ כײַוועקײַעמ, עס העלפט נישט. ער וויל נישט דעמ שידעך, וויל נישט די קאלע. רופט מיך, זאָגט ער, קנאקניסל און לאָדט מיך צומ אונסאנע־טויקעפ. — מיר אלע זײַנענ געבליבנ ווי אפ דער מילכעדיקער באנק. עס טוט אָבער קיינעמ נישט אזוי באנק דער כאָסנ, ווי די וועטשערע. וואָס טוט מענ מיט דער וועטשערע, מיט אזעלכע פיש און געבראָטנס? מיר, מיסאסקימ, האָבנ א גאנצנ טאָג זיך אָנגעמאָרדעוועט, ארומגעלאָפנ, געטאָנ, געארבעט, אונדז קומט נאָך אויך פונעמ שאדכאָנעס. א אווײרע, כ'לעבנ, אזוי־

פיל מי, אונדזער מי, אונדזער ארבעט. מיר האָבנ געטראכט, געטראכט, געקלערט, געקלערט, אונ אונדז איז איַנגעפאלנ: פישקע! לאָז ער, כ'לעבנ, ארויספירנ איטלעכנ פונ דער נויט. לאָז פישקע, כ'לעבנ, זיַנ דער כאָסנ. וואָס מאכט עס אויס? וואָס קענ עס אים ארנ? מיר זיַינענ דאָס אצינד געקומענ נעמענ אים באלד טאקע צו דער כופע, אָנשטאָט דעמ טרעגער.

אינ דעמ, ווי די יידנ טיַינענ דאָ אזוי, קומט אָנ פישקע. מיר האָבנ אים געטאָנ א נעמ, געכאפט די קאָשערע מעציע, נישט צו מאכנ מיט אים קיינ פיל האסבאָרעס, קיינ לאנגע שיַילעס: גיי, באָכער, מיט די קראנקע פיס, גענוג זיכ געפאסעט! גיי, באָכער, אונטער דער כופע! -- מענ האָט אלצדינג אָפגעמאכט גאנצ געשווינד, נאָכ איידער פישקע האָט ציַיט געהאט אפילע זיכ ארומצוקוקנ. כעוורע האָט געהאט א גוטע וועטשערע, געגעסנ, געטרונ־קענ אפ וואָס די וועלט שטייט אונ צוגעווינטשעוועט דעמ נייַעמ פאָרפאָלק.

פישקע גייט עס היַינט אינ דער טשערקאסענער קאפאָטע, וואָס אינ איר האָט געזאָלט גייַנ דער טרעגער, אונ איז גאָר דער ווילער יונג. זיַינ ארבעט איז היַינט, ארויסצופירנ אלע פרימאָרגנ זיַינ וויַיב, די בלינדע יע־סוימע, אפ איר אָרט, נעבנ אלטנ בעסוילעמ, אונ טכילעס-האליַילע אוועק־צופירנ זי פונ דאָרט צוריק אהיימ. מיטנ עסנ אונ טרינקענ האָט פישקע נישט וואָס צו זאָרגנ. זיַינ וויַיב איז אנ איישעס-כאַיל, האָט א שטענדיקע גוטע פארנאָסע אינ די הענט. דאָס פאָרל האָט זיכ ליב, איינער דעמ אנ־דערנ האָט נישט, כאָלילע, אויסצוזעצנ קיינ כעסרוינעס...

— אָט דאָס, רעב אלטער, האָט מיר דערציילט בערל דער שמיַיסער. זעט איר שוינ, וופ איכ מיכ אָנ, וואָס אפ דער וועלט קענ זיכ טרעפנ. וויאזוי מענ פאָרט בא אונדז יידעלעכ הינקעדיקע מיט בלינדע, וויאזוי מענ שטעלט כופעס, מאכט זיווּגימ, צוליב וואָס? די טוערס זאָלנ זיכ זאט אָנעסנ, אָנטרינקענ. אזוי איז באמ געמיינעמ אוילעמ, בא די אָרעמע, אונ אזוי אויכ בא די נעגידימ. דאָרט ווערט אויכ זייער אָפט געשלאָסנ אזעלכע מינע שידוכימ, וואָס נישט געשטויגנ. עס פארשטייט זיכ, צוליב אנ אנדער מינ וועטשערע, מיט אנ אנדער כיינ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. זאָרגט, כ'לעבנ, נישט, רעב אלטער! אויב איַיכ איז נישט געראָטנ פאָרנ מיט א באָ־כער א זאָכער, דערפאר וועט איַיכ געראָטנ, אימירצעשעמ, צונויפירנ עפעס אנ אנדער מינ שידעכ. פאלט נאָר בא איַיכ ניט אראָפ. נישקאָשע, כ'לעבנ! איכ זע, איר טויגט, איר האָט געכאפט דעמ סטרי באלד טאקע, גאָר לאָמ־דיש. פארקערט, אדעראבע, אָנגעהויבנ איַיער ניַי געשעפט האָט איר גאנצ גוט, ווי א לאנד-שאדכנ טאקע. איַ וואָס, דער באָכער... נו, בע, כ'לעבנ! דערפאר אָבער, אז איר וועט ערגעצ שוינ אָנשמעקנ א מויד, וועט עס שוינ גייַנ ווי א מיזמער. א בלינדע, א שטומע, א קרומע: גיי, טאָכטער,

גיי מיט מאזל אונטער דער כופּע! דער דרוקער מאָנט געלט, די שקאפּע באַדארפ עסנ, די בסולע מײַנע מוז כאסענע האָבנ, מײַנ ווײַב איז געלעגנ געוואָרנ, לעמאזל, מיט א ייִנגל, גיי זשע, טאָכטער, גיי, רוק זיכ אונטער דער כופּע!..

רוקט זיכ נאָר, איר מאכשאָוועסנ, רעב אלטער, ווײַטער א ביסל. אָ, איר שוויצט, אָנ אײַנהאָרע, ווי א ביבער. שוויצט, שוויצט געזונטערהייט!

7

— מײלע בעקיצער, ווי די מײַסע איז, דערווײַל איז שאָפּל! — מאכט אלטער, ווי אלײנ צו זיכ, מיט א קרעכצ, באטריבט, פארומערט, אונ גרויסע טראָפּנ שווײס טרעטנ אימ ארויס אפנ פּאָנעמ. ער הײבט אופ די אויגנ, דערלאנגט אפ מיר א בליק, עפּעס מיט אזא דירנדיק קנײטשעלע, מיט אזא ראכמאָנעס-פּענעמל, ווי א זויגנדיק קינד קוקט אפ דער מאמע, בעשאס עס לעכצט נאָכ דער ברוסט. אלטער, נעבעכ, האָט געמײנט פּארנאָסע, עס האָט אימ געצויגנ צו מאכנ מיט מיר עפּעס א געשעפטל. וואָרעמ ווי ליגנ עס צוויי ייִדנ מיט בערד, אינמיטנ העלנ טאָג, גלאט אזוי אָנ אײסעק?! ווענ צוויי ייִדנ זאָלנ, אשטײגער, פארוואָרפנ ווערנ ערגעצ אינ א העק, אפ א וויספּע, ווו כוצ זיי איז נישטאָ קײנ לעבעדיק באשעפעניש, — איז גאנצ זיכער, אז אײנער וועט מיט דער צײַט מאכנ עפּעס א קלײטל, דער אנדערער — אויכ עפּעס א שטיקל געשעפט. בײדע צווישנ זיכ וועלנ האנדלענ, אײנער דעמ אנדערנ באָרגנ, געבנ אינ קאָמיסיע אונ אײנער פונעמ אנדערנ ציִענ דאָס שטיקל פּארנאָסע. אלטער האָט באלד טאקע א פרעג געטאָנ: „וואָס געפינט זיכ בא מאלאָסוי הײַנט עפּעס אינ בײַדל?" עס האָט אזויפיל געהײסנ, ווי: מאמע, טיטע!.. צעפּאקט אײַכ, רעב מענדל, אונ ארויס מיט דער סכוירע!

אײנ ברײרע! מענ טאָר זיכ ניט פוילנ. איכ נעמ אפיר מײַנ פּעקל סכוירע, אלטער זײַנ פּעקל, אונ נעמענ זיכ קנעלנ, געשמאק צומ אײסעק. מיר סטעכעווענ, בײַטנ, איכ גיב אלטערנ אינ כילעפ ארײַנ בערייִשע ביכלעכ מיט קורצע שורעלעכ אונ „האָ, אהאָ! ווײ געשריגנ!" — וואָס איכ וויל זיי פּאָטער ווערנ. ער איז אָבער אויכ קײנ נאר נישט אונ וויל זיי אפילע אינ די הענט ארײַנ נישט נעמענ.

— פוילע סכוירע! — זאָגט אלטער, פארקרימענדיק זיכ. — שמאָכטעס פונ עפּעס פארשימלטע באנק־קוועטשערס, אָרעמע באלאווײרעס! ווײס איכ, וואָס זיי האָבנ דאָרט עפּעס אָנגעמאכט! פאר ווועמענ? קײנער פונעמ אוילעמ פארשטײט דאָרט נישט אפילע קײנ וואָרט. עפּעס טערקיש, מישטײנסגע-

זאָגט, לאָשנ!.. איינמאָל שוינ געטאָנ א נארישקײַט, פירנ מיט זיכ אזא לעגער־סכוירע. פע, כ׳לעבנ! גיט אהער, רעב מענדעלע, עפּעס רעכטס!

איכ לייג ארויס רומל, איינ מינ נאָכ דעם אנדערנ. מײַנ אלטער קווענקלט זיכ אלצ, זעצט אויס כעסרוינעס. צו איינ מינ אָבער באקומט ער שטארק כיישעק אונ איז צו אים ווי צוגעזאָטנ געוואָרנ. ס׳איז בעעמעס געווענ גאָר אנטיק. די בלעטלעכ פונ קאָלהאמינע קאָפּירנ, אונ נישט פונ איינ גרויס. די אויסיִעס א ביסל מעטושטעשׂ, פונ אלערליי שריפט: ראשע, דימענט, פּערל, פּראָקימ, גרויס אונ קליינ וועליש. דאָס אויסשטעלעכצ גאָר א וווּנדער, שמאָלע פּאסיקלעכ אָנגעדרוקט מיט קליינע אויסיִעסלעכ בא די זײַטנ, א ברייטער פּאס מיט גרעסערע שריפט אינווייניק, אינ דער מיט, אונטנ א בויכ מיט פּיצעלעכ אויסיִעס, אָנגעזעצט ווי מאָנ, אונ צווישנ די אלע שטיקלעכ ציִענ זיכ אינ דער לענג, אינ דער ברייט סטעזשקעלעכ, ווי ווײַסע שמאָלע בענדלעכ, די אלע גוטע מײַלעס, וואָס ייִדנ אינ אונדזער ווינקל האָבנ ליב. פארוועגדסטע בלעטלעכ איז אינ פיל שטעלנ אויכ געווענ. דאָס איז דאָכ ערשט די גאנצע כאריפּעס: אדעראבע, לאָז א ייִד ברעכנ דעם קאָפּ, פאלנ אפ דעם סייכל אונ געפינענ. גלאט אזוי, פּראָסט, ווי עס געהער צו זײַנ, קענ דאָכ אפילע א גראָבער־יונג אויכ אָנטאפּנ... פונ גרײַזנ רעדט מענ שוינ נישט, דאָס מוז שוינ דאָכ זײַנ. אונ וועמענ גייענ זיי אָנ? א ייִד האָט א קעפּל אונ איז נישקאָשע נישט קראנק זיכ אָנצושטויסנ, וואָס מענ מיינט. נאָר א לאָשנ, א לאָשנ איז עס דאָרט געווענ... קונציק וויל, גאָר נישט צום פארשטיינ! אקוראט אינ דעם ייִדישנ גוסט. אָצ קוצק[1] איז דאָכ עפּעס אויכ גענוג גוט, הארבלעכ, מעכײַע, נאָר אָצ־קוצק־לאָשנ שרײַבנ בא אונדז הײַנט געוויינטלעכ אויכ פיל אנדערע, מענ קענ פאָרט, ווי עס איז, זיי אײַנבײַסנ, טרעפנ, וואָס זיי מיינענ. מיילע, וואָס זשע איז דאָס אזא כשיוועס? וואָס זשע לאָזנ זיי מיכ דאָ הערנ? גוט, עמעס גוט איז בא ייִדנ נאָר אזוינס, וואָס גרעכט דעם מויעכ אונ אומעגלעכ צו פארשטיינ. אז מענ פארשטייט עס נישט, מיסטאמע מוז דאָכ דרינענ עפּעס שטעקנ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ.

מײַנ אלטער כאפּט דעם דאָזיקנ מינ סכוירע מיט ביידע הענט, אונ מענ זעט, ווי עס קומט אים צו א שטיק געזונט. דערנאָכ בײַטנ מיר טכינעס — אפ באָווע־מײַסעס, מײַנעלאָשנס — אפ „טויזנט־אונ־איינ־נאכט", שיר־האמײַלעסנ — אפ קאמייעלעכ; סטעכעוועס א מייע זשיטאָמירער סליכעס — אפ בערשעטער טאלעסקאָטנס, ווילנער קינעס — אפ שויפרעס, כאנוקע־לעמפּלעכ — אפ וואָלפּ־ציינדלעכ, שאבעסדיקע מעשענע לײַכטער — אפ האוו-

1 אָצ קויצייצ.

דאָלעס און קינדערשע בליטשקענע יארמעלקעלעך. ביידע צדאָדים האָבן דערווײַל פונעם גאנצן מאסע-מאטן קיין גראָשן אין די אויגן נישט געזען און געבליבן שטארק צופרידן גלאט פונעם האנדל אליין. מען האָט דאָך געטאָן, געהאנדלט, געמאכט געשעפטן, נישט געזעסן ליידיק. אלטערס מאָרעשכוירע איז ווי א רויך פארשווונדן געוואָרן. ס'איז אים געווען צו דערקענען אין דעם פאָנעם, אז יארמעלינעצער יאריד מיט זײַן פינצטער מאזל איז אים פונעם זינען ארויסגעגאנגען. ער רעכנט עפעס שטילערהייט פאר זיך אפ די פינגער, האלטנדיק דעם לינקן אויער אָנגעבויגן, גלײַך ווי אין קאָפ בא אים כעושבנט א בוכהאלטער, צו וועלכן ער האָרכט זיך גוט צו, און, אפאָנעם, דער כעושבן ווײַזט אפ א פארדינסטל, אימירצעשעם, ווײַל דאָס מויל שפאלט זיך אים אין דער גאנצער ברייט, און פון צווישן זײַנע געדיכטע וואָנצעס בליצט ארויס א זיס שמייכעלע.

דערווײַל איז געוואָרן מינכע־צײַט. א געשמאק ווינטעלע הייבט אָן צו בלאָזן, און אפן הימל ווײַזן זיך שטיקלעך וואָלקן, אפ וועלכע מען האָט, ווי אפ טײַערע געסט, שוין א לאנגע צײַט ארויסגעקוקט. די ביימער הייבן פאמעלעך אָן זיך צו שאָקלען, איינער צום אנדערן אײַנגעבויגן דעם קאָפ, און פירן צווישן זיך א שמועס אפ זייער לאָשן, נאָך דעם, אז זיי האָבן אזוי לאנג געשוויגן שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אופגעוועקט די שלאָפעדיקע טוווע, אלע זאנגען כאפן זיך ווי יונגע קינדער אופ מיט א קאָל און צעקושן זיך גאָר פרײַנטלעך. גאָטס באשעפעניש רירט זיך אומעטום: אפן פעלד, אין וואלד און אין דער לופט. איינס נאָך דאָס אנדערע טרעטן שפילפייגלעך ארויס, אפ צווײַגלעך, ביימלעך, נידעריק און גאנץ הויך, פוצן זיך די פעדערלעך, א וויש מיט דעם שנעבעלע, א טרעסע, א שאָקל — און הייבן אָן די זיסע זמירעס צו זינגען, צו שווישטשען. באבעטשקעס, רײַך געקליידט, אין אטלעס, סאמעט, מאָרע-אנטיק, מיט טײַערע צירונג כאפן א טענצל, שוועבנדיק אין דער לופט, הייבן זיך, דרייען זיך און מאכן כיין. צוויי בושלעס, גווארדייצעס, מיט לאנגע, רויטע פיס שטייען אפן גראָז, פארײַסנדיק די קעפ אין דער הייך, און קוקן מיט גאדלעס. עפעס א קונדעס א פויגל שטיפט, פליט פון איין בוים צום אנדערן, מאכט: „קוקו, קוקו!" ווי ער שפילט זיך אין באהעלטעניש. אים ענטפערט אָפ פון צווישן ווייץ און קאָרן אן אנדער מין פויגל עפעס: „פיק־בער־וויק, פיק־בער־וויק!" — ווי גערעדט: אייביק וועסטו מיך דאָ נישט כאפן, כאָטש שיט מיר אָן זאלץ אפן עק. פאקט זיך, רעב קאָרעוו, ווײַטער, און אוועק, אוועק!.. נישט ווײַט אין א וועלדעלע קנאקט דער סאָלאָוויי, צעלאָזט זיך אפ זײַן העלדזעלע, מאכט זיסע שטייגער און שפילט גאָר מעכײַע. איטלעכער, וואָס קען נאָר עפענען א מויל, האלט דעם וועלט־בארימטן כאזן אונטער. זשאבעס אפילע פון

די טײַכלעכ ערגעצ טערעלייקען, אפילע פליגנ, בינענ האָבנ נישט געשוויגנ, אונ דער זשוק, דער שייגעצ, דער אָנכאפער, האָט פליִענדיק אויכ געזו־זשעט. דאָס איז געווענ אזא קאָנצערט, וועלכנ מענ האָט געמעגט אפ בי־לעטנ גיינ הערנ... די גאנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָרנ אונ באקומענ א פריילעכ פּאָנעמ. א פרייד, א פארגעניגנ צו הערנ, צו זענ, צו שמעקנ די זיסע רייכעס פונ אלע זײַטנ.

— רעב אלטער, ס'איז גוט! רעב אלטער, ס'איז שיינ! עס ציט עפּעס בא דער נעשאָמע, עס רעדט עפּעס צומ הארצנ: גאָטס וועלטל איז שיינ, גאָטס וועלטל לעבט! עס ציט אונ גלוסט זיכ ארײַנוואַרפנ זיכ עפּעס אהינ, אהינ מיט הענט אונ מיט פיס...

— רעב מענדעלע, בע... רעב מענדעלע, עט... פע! — טוט אלטער אפ מיר זיכ א קרימ. — שוינ צײַט בעסער מינכע דאוונענ. פארגעסט בעסער נישט פונ אײַערע אלע זאכנ צו זאָגנ „אניינו".

איכ פארבינד די זאָקנ, גארטל ארומ מיט א פאסעק די קאפּאָטע אונ הייב אָנ זאָגנ „קטוירעס" אפ א בײַ־קאָל, גאנצ לוסטיק. מײַנ אלטער, זאָל לעבנ, צעזשאָזט זיכ באלד טאקע נאָכ מיר אפ דער גראָבער סטרונע, אפ דער געמבע, אונ מירביידע גיבנ אָפּ א שוואכ זײַנ ליבנ נאָמענ, בעשאס אלע קרײַטעכצער אונ בלעטעכ אפ די פעלדער, אלע כײַעס אונ אויפעס אינ די וועלדער לויבנ גאָט, זאָגנ שירע. —

נאָכ באמ אָנהייב „פיטומ האקטוירעס", אז אלטער איז ארויס מיט דעמ גאנצנ אפטייקל קרײַטעכצער אונ געווירצנ: החלבנה — טײַוולש־קויט, והל־בונה — לויטערע ווײַרעכ, הצפורנ[1] — א וואָרצל, גלאט ווי א נאָגל, אינג־בער אונ שטענגלעכ זאפרענ... — האָט ער ארויסדערטאפט פונ אונטער דער קעלניע דאָס באלעגאָלישע טריפ־געווירצ, א קליינ פעסעלע „מאזניצע" מיט סמאָלע. מיט דעמ דאוונענ איז ער פארטיק געוואָרנ גיכ, אונ בעשאס איכ האָב נאָכ געהאלטנ אינ דער מיט, האָט ער שוינ געשמירט די רעדער.

— הײַעט נישט, רעב מענדעלע, מאכט עס בעקיצער, — טרײַבט מיכ אלטער אונטער, — נעמט זיכ איר דאָ צו אײַער וואָגנ, אונ איכ וועל דער־ווײַל א גיי טאָנ נאָכ די פערדלעכ. צײַט צו פאָרנ! ביז נאכט קענענ מיר גאנצ ווײַטלעכ אײַנפאָרנ.

אלטער גייט באלד טאקע אוועק, אונ איכ נעמ מיכ צו דעמ וואָגנ, טאָנ אימ זײַנ רעכט. איכ אײַל מיכ נישט, שמיר די רעדער באלעבאטיש. איכ קארג נישט קיינ טריפ־געווירצ, באטראכט מיר די אקסנ, איטלעכס פיצעלע באזונדער. דאָס האָט געדויערט א היפּשע צײַט — אונ מײַנ אלטער קומט נישט.

---

1 האכעלבענאָ ווּעהאלוווינאָ האציפוירענ.

די פערדלעכ האָבנ געמוזט פארגיינ ווײַטלעכ א ביסל אינ וואלד אונ זיכ גוט אונטערגעפּאסעט. אזוי דענק איכ מיר אונ טו א קוק אפ דער זונ, וואָס האלט נאָענט באמ אונטערגיינ. איכ שטיי מיר אזוי אוועק ווײַטער א היפּשע צײַט. די זונ האָט זיכ שוינ געזעצט. אירע לעצטע שטראלנ קריכנ ביסלעכווײַז אראָפּ פונ די ביימער, אפ וועלכע זיי האָבנ ערשט אזוי פריילעכ-לויכטנדיק זיכ געשפּילט, זאָגנ דעמ וואלד: א גוטע-נאכט...

עס באפאלט מיכ עפּעס א מוירע. עפּשער איז אלטערנ נישט גוט געוואָרנ? א קאטאָוועס נאָכ אזויפיל שווייס, נאָכ אזא לאנגנ טאָג פאסטנ! עפּשער איז ער דאָרט ערגעצ כאלאָשעס געבליבנ, אָדער עפּשער איז אימ דאָרט עמעצער באפאלנ? ס'איז דאָכ א וואלד, א פארלעגנ אָרט, אינ דער זײַט וועג! מענ טאָר אזוי די זאכ נישט לאָזנ, מענ מוז גיינ זענ.

איכ מאכ מיר הארצ אונ גיי אינ וואלד ארײַנ. איכ גיי אונ זוכ. א אוויירע אָבער די מי, — אלטער אונ די פערד זײַנענ אזוי ווי אינ וואסער ארײַנגעפאלנ. איכ בינ שוינ פארגאנגענ טיפלעכ אונ קומ לעסאָפּ צו עפּעס א לאנגנ, שמאָלנ טאָל, וואָס האקט פאר מיר איבער דעמ וואלד אינ צוויי טייל. דער טאָל איז באוואקסנ מיט טשערעט אונ מינע ביימלעכ שטעכעדיקע ווי דערנער, אונ ציט זיכ מיט איינ זײַט צומ שליאכ, מיט דער אנדערער — ערגעצ אנדערש, העט-ווײַט צו אלדי שווארצע יאָר. דער וואלד שטייט אונ שלאָפט, איבערגעדעקט פונ אויבנ עפּעס מיט א טונקעלנ פאָרהאנג. ארומ אונ ארומ איז שטיל. נאָר צײַטנווײַז הערט מענ, ווי צוויי הויכגעוויקסיקע ביימלעכ, נאָענטע שכיינימ, שושקענ זיכ מיט אראָפּגעלאָזענע קעפּ צווישנ זיכ, איינער דעמ אנדערנ א קיצל געבנדיק הינטערווײַלעכס מיט די צווײַגנ; אָדער ווי א פּאָר בלעטלעכ ערגעצ פלאטערנ, באַרירנ זיכ, גלײַכ ווי עס גרימט זיי עפּעס אונ לאָזט זיי נישט רוענ. דאָס רעדט דער וואלד פונ שלאָפ. דאָס כאָלעמט זיכ אימ נעכטיקער טאָג מיט אלע לייד אונ פרייד אינ אימ. דער שאָרכ פונ די דארע ריטלעכ דאָרט — דאָס קומענ אימ צו כאָלעמ ביימער, נעבעכ, וועלכע מענ האָט פאר דער צײַט אויסגעהאקט. דער קלאפּ באמ אראָפּפאלנ עפּעס פונ דער הייכ — דאָס באטײַט א נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פייגעלעכ, וואָס דער שפּארבער, דער זשוליק, האָט פלוצלימ צעשטערט. אונ דאָס טאקע פלאטערנ די בלעטלעכ דאָרט אפ דער טויטער מוטער מיט אירע דערהארגעטע קינדער, וואָס קומענ אצינד אימ צו כאָלעמ... עפּעס א גאנצער וואָלקנ מאָרעשכוירע רוקט זיכ אָנ אפ דעמ וואלד אונ אויכ אפ דער נעשאָמע מײַנער. דער קויעכהאמעדאמע, דער פּאָקוסניק, דער וועלט-בארימטער ליגנער, מעקלערט אויס מיט שווינדל עפּעס א מינ שוטפעס-געשעפטל, א קאָמיסיע צווישנ מיר אונ דעמ טאָל, וועלכנ איכ שטיי אונ קוק אָנ. איכ באקומ פונ אימ א

טראנספּאָרט מעשונע-שרעקלעכע בילדער, אונ פונ מײַנ קאָפּ-פאבריק גייענ די אייגענע סכוירע, איבערגעמאכט אפּ א אנדער שטייגער, מיט נאָכ פיל ווילדע זאכנ, אהינ צוריק. אינ איינ טראנספּאָרט קומט מיר פונ דאָרטנ אָנ א מעס, וו דערהארגעטער אלטער יאקנעהאָז, אונ ביינער פונ אונדזערע פערד, צוויי פּעגירעס. בא מיר אינ קאָפּ ווערט עס קונציק אויסגעארבעט מיט טויזנטער פּאדפּוצונגענ אונ באלד טאקע, גיכ, פלינק טראנספּאָרטירט צוריק מיט א גאזלענ א רויטנ, א געזונטנ אונ א וואָלפּ מיט א קארק אונ שרעקלעכע ציינ א צוגאָב דערצו.—

אונ ווי איכ האלט שוינ אפּ אראָפּצוגיינ אינ דעם טאָל, שטעלט מיכ פּלוצלים אָפּ א געדאנק אזוי: די ביידלעכ שטייענ דאָרט אפנ פעלד העפקער, פונעמ גאנצנ ביסל פּארמעגנ אונדזערס קענ, כאָליִלע, נישט בלײַבנ קיינ זייכער. עס וואָלט נישט געשאדט פריִער א קוק צו טאָנ. גאָר זייער מעגלעכ, עפּשער, אז אלטער האָט שוינ לאנג זיכ צוריקגעקערט מיט די פערד אונ באומרויִקט זיכ אצינד וועגנ מיר. דער דאָזיקער געדאנק לייגט זיכ מיר אפנ מויִעכ, אונ ווער בא מיר עפּעס שטארקער. די האָפענונג ווערט אלץ גרעסער, גרעסער, אזוי, ביז זי צערײַסט די געדיכטע וואָלקנס מאָרעשכוירע אונ עס לײַטערט מיר זיכ א ביסל אויס אפנ הארצנ.

איכ לאָז מיכ גייג געשווינד צוריק.

8

גאָט האָט געהאָלפנ, איכ בינ געקומענ בעשאָלעם אונ נישט אויסגעבראָכנ קיינ פוס בא איטלעכס מאָל פאלנ אפנ וועג, אינ אײַלעניש אָנשלאָגנדיק זיכ אינ א בוימ. דאָס אופשטיינ א געפאלענעמ אינ וואלד איז, כאָליִלע, נישט מיִעס אזוי ווי אינ שטאָט, ווו מענטשנ שטייענ אונ לאכנ. דעריבער פלעג איכ איטלעכס מאָל מיכ גאנצ פײַנ אופהייבנ פונ דער ערד מיט גרויס האנאָע אונ געלויבט גאָט, וואָס כאָטש מיט כעסעד. אונ אז דער כעסעד פונ גאָט איז יאָ אזוי גרויס מיט מיר, האָב איכ שוינ געהאט דאָס רעכט צו טראכטנ, מיסטאמע וועל איכ, קומענדיק, אויכ זויכע זײַנ צו טרעפנ מײַנ אלטערנ מיט די פערד. נאָר אזויפיל גנאָד פונ זײַנ ליבנ נאָמענ האָב איכ נישט פארדינט.—

אלטער איז נישטאָ!

איכ בלײַב שטיינ ווי אָפּגעבריט. זייער נישט גוט אפנ הארצנ! גאָט ווייסט, וואָס מיט אלטערנ איז געשענ, ווו זײַנ געבליינ איז אהינגעקומענ. דאָ האָט דאָס פינצטערע מאזל זײַנס זיכ טאקע געמיט. אזוי גלאט איז די זאכ זיכער נישט. הײַנט איז אויכ די שײַלע מיט מיר, וואָס טוט מענ?

וואָס קען פון מיר ווערן? דער כעזשבן מײַנער איז געווען: אָפּזיצן אין גלופּסק מײַנע זאכעניש׳ן, אָנעמען דאָרט ווי מעגלעך מער קינעס אפּ צו באַטיילן די אַלע שטעטלעך ארום און ארום, ווי דער שטייגער מײַנער איז טאָמיד. ס׳איז שוין די „דרײַ וואָכן״. די צײַט איז קורץ, א שאָ טאָר מען ניט פארלירן. בעיִמ, כאָלילע, איך פארהײַע מיך דאָ אין וועג, בלײַבן יידן אין די שטעטלעך אָן קינעס. א קאטאָוועס עפּעס, יידן אָן קינעס!.. איך קען מיר פֿאָרשטעלן דעם גוטן טישעבאָוו: יידן האָבן זיך שוין אָפּגעפּארטיקט מיט די מילכיקע לאָקשן, ארײַנגעלייגט אין בויך דאָס הארטע איי אײַנגעטונקט אין אש, זיצן שוין בארויגעז, אָנגעלאָדן אפּ דער ערד נאָר אין זאָקן מיט אויסגעטרעטענע פּ׳אטעס, פּליי בײַסן, קונדייסים האלטן די בערלעך גרייט צום ווארפן, מעןווארט נאָר הערן א אָנהייב, עפּעס א גוט וואָרט, און פלוצלים — נישטאָ קיין קינעס! מענדעלע איז צו אלדי שווארצע יאָר פארפאלן געוואָרן, נישט געבראכט קיין קינעס!.. צען יידן אפּ איין קינע. ס׳איז א שטופּעניש, א קוועטשעניש, א פארמישעניש מיט די פּליי, א פארפלאָנטעניש מיט די האָר; בערד, פּייעס פול אָנגעזעצט מיט בערלעך. עס גיט זיך נאָך אייער, לאָקשן, וואָס קריכן פונעם האלדז, איינעם דעם אנדערן אונטער דער נאָז... פון די ווײַבער איז די יעסורים נאָך נישט אזוי גרויס, זיי נעמען וואָס ס׳איז, אבי געדרוקטס, א טכינע, א בענטשערל, די דינים פונעם טרייבערן, א האגאָדע — אלציינס! — וואָס מאכט עס אויס? — וויינען, יאָמערן איבער דעם הויכ אפּ א קאָל. און וואָס באדארפּ מען דען מער ווי פארגיסן טרערן?

אוי, א מיִעסע לאגע. נישט פריילעך ארום און ארום, ביטער אפּן הארצן... נישט דאָס בין איך אויסן.

אָפּהענטיק פונדעסטוועגן טאָר מען ניט זײַן. מען מוז עפּעס טאָן, נישט זיצן מיט פארלייגטע הענט. מען מוז ווײַטער טאקע גיין זוכן. איך טו א קוק אפּ די שטערן און דערמאָן מיך, שוין צײַט אָנצובײַסן. איך נעם מיך צום רענצעלע, שמועס איבער פאר צאָרעס מיט דעם פלעשל בראנפן: בול־בול־בול — גלײַך אין מויל ארײַן. כאפּ אין אײַלעניש עטוואָס פארבײַסן. טאקע נאָר פון יויצע וועגן. געזעגן מיך מיט דעם פלעשל, נאָכאמאָל בול־בול־בול, און לאָז מיך גיין אלץ טאקע געשווינד.

איך בין ווידער אין וואלד, ווידער נעבן טאָל, און באלד טאקע בין איך שוין אין דעם טאָל. נאָר לאָמיר נישט זאָגן קיין ליגן. איך בין דאָרט נישט אליין, אפּן הארצן איז מיר אויך נישט אזוי שלעכט ווי פריִער. איך גיי אינצווייען, שמועס מיר מיקויעך מײַן איצטיקן אייסעק — און גאנץ נישקאָשעדיק, גאָר נישט אומעטיק. אפּאָנעם, בעשאס נעמענדיק זיך אין אײַלעניש צום פלעשל נאָך אזויפיל פּײַן און יעסורים, האָב איך איבערגע־

כאַפּט די מאָס, א איבעריקנ זופּ געטאָנ אפנ ניכטערנ מאָגנ, אונ געגעסנ
האָב איכ קימאט גאָרנישט,—ס'איז מיר אינ האלדז נישט געקראָכנ, מיכ
געוואָרגנ מיט דעמ ביסנ. דער דאָזיקער איבעריקער זופּ איז מיר בײַגע-
שטאַנענ אינ די נויטנ, ווי א טאטע. ער האָט מיר אונטערגעגעבנ מוט אונ
מיכ שטארק בארעדעוודיק געמאכט אפ מײַנ שפּאציר, נישט הײַנט געדאכט!
אזוי איז שוינ דער שטייגער מײַנער טאָמיד פונ א איבעריקנ לעק מאשקע,
פּורימ אָדער סימכעסטוירע אמאָל, שיט זיכ פונ מיר רייד ווי פונ א לע-
כערדיקנ זאק. איכ רייד צו דער וואנט אונ שמייכל מיר דערבײַ זייער
זיס, בינ גוט אונ ווייכ, כאָטש צוצולייגנ מיכ צו א געשוויר. דערנסטמאָל
צעציט זיכ מײַנ גופּ ווײַטלעכ, עפּעס איז ער גרינג, שיטער ווי לעמעשקע.
עס באָמבלענ זיכ ארומ אימ פונ אלע זײַטנ עפּעס כאלאָקימלעכ מענדעלע,
נישט רעכט צו פּילנ, ווו איז דאָס וויכטיקסטע מיטלסטע פּינטעלע, בא
וואָס אָנצונעמענ. עס ווערט דערנסטמאָל פונ מיר, דאכט זיכ, גאָר צוויי
מענדעלעכ. איינער קריכט קיינ יעהופּעצ, דער אנדערער קיינ בויבעריק,
די בעשוטפּעסע פּיס ווערנ מעשוגע, נישט צו וויסנ וועמענ צו פאָלגנ. איי-
נער פרעגט, דער אנדערער ענטפערט. די רייד מײַנע קומענ מיר, ווי פונ
דער זײַט א ווידערקאָל, צוריק טאקע אינ מײַנע אויערנ ארײַנ, עפּעס גאָר
נית מײַנ שטימע, א קאָל ווי פונ א פּוסטער פאס. דעמ קאָפּ אינגאנצנ,
פונדעסטוועגנ, פארליר איכ נישט, עפּעס בלײַבט מיר נאָכ איבער א שטיקל
זייכער ווי אינ כאָלעמ.

— גוטנ-אָוונט!—וויטע איכ מיכ מיט א פארבייג.—וווהינ עס גייט
מענ באנאכט דאָ?—עט... טיפּשימ, פערדישע קעפּ!—ענטפערט צוריק אָפּ
א מענדעלע מיט א גוט, זיס שמייכעלע.—זיי צו ווערנ פארפאלנ זיכ פאר-
גלוסט זיי. א געלעכטער, כ'לעבנ!—א גרוב, רעב מענדעלע! היט אײַכ די
ביינער,—יאָ, ווי איכ בינ א ייִד, א גרוב! איכ געפאלנ בינ שוינ אפילע,
דאָס צוואנציקסטע, דאכט זיכ, מאָל.—שטייט זשע, זײַט מויכל, אופּ! נישט
קיינ דערעכערעצ עפּעס זיכ צעלייגנ אזוי.—א שיינעמ דאנק, רעב קאָרעוו.
איכ מיט דער בײַטש טאפּ ווײַטער שוינ... א געלעכטער, כ'לעבנ, ביימלעכ
גייענ! געזונטערהייט!.. קומט בעקומפּאניע. פּע, דראפּעט נישט!.. אײַ, ווײַ-
טער א דראפּ! פּע, פּע, אויגנ ארויסגענומענ שיר מיר. טפו!—שפּײַט,
רעב מענדעלע, אפּ זיי! זיי באלד פּאָטער ווערט מענ זיי. אפּ א סטעזש-
קעלע אוויס דאָ גייט, זײַט מויכל, אפנ פרײַענ פעלד.—גוט, בינ שוינ דאָ!
אײַ, א לעוואָנע, א באקדײַזשע, א שיינע אדעסער לעוואָנע! א נאָז מיט
אויגנ!.. שא, מעקאדעש זײַנ די לעוואָנע! שאָלעמ-אלייכעמ?—אלייכעמ-
שאָלעמ!—שאָלעמ-אלייכעמ?—אלייכעמ-שאָלעמ! אזוי ווי איכ אקעגנ דיר
שפּרינג אונ אָנרירנ דיכ נישט קענ איכ... שפּרינגט זשע, פעטער!—האָצ,

האָצ, האָצ! אזוי מיכ אָנרירנ זאָלנ מײַנע סאָנימ נישט... וואָס זיי צו אונדז האָבנ, וואָס? — צעכליפּע איכ מיכ פּלוצלימ — וואָס איכ שולדיק, אז איכ לעב, איכ, אונ וויל עסנ, איכ? נא, א לײַב, מישטיינסגעזאָגט, א שפּענדל! שטענדיק קרענק, ווייטעקנ... אויכ געהאט א מאמע, מיכ געגלעט, געקושט האָט זי... וויי מיר, איכ בינ א יאָסעמ, א יאָסעמ! — צעוויינ איכ מיכ נאָכ שטארקער. — שא, שא! — ענטפּערט זיכ צוריק מיט א טרייסט, — וואָס קענ מענ טאָנ? ווי שעמט זיכ עס נישט א אלטער ייִד מיט א באָרד, א באַווײַבטער, א מעטופּל מיט קינדער צו וויינענ אינ דרויסנ פאר דער לעוואָנע! שא, נישט קיינ דערעכערעצ, כ׳לעבנ! שא, דער רועכ וועט אײַכ נישט נעמענ, נישקאָשע, היט זיכ בעסער! אָט איז א פּלויט. — יאָ, ווי איכ בינ א ייִד, טאקע א פּלויט! שוינ א גוטנ זעצ געטאָנ מיכ אפּילע. וואָס טוט מענ? — מענ נעמט אונ קריכט אריבער. אָט אזוי, אזוי. — א שיינעמ דאנק! איכ שטיי שוינ מיט ביידע פיס אינ גאָרטנ. באָרוכ־האבאָ, מעכוטנ! זײַט זיכ מאטריעכ ווײַטער! — האָט קיינ צאָרעס נישט, איכ גיי. וואָס פאר א גערעטעניש! באָב, ארבעס אָנגעזועצט, אוגערקעס גאָר אָנ א צאָל! — מאכט בראָכע, פעטער, לאָזט זיכ נישט בעטנ! — יאשער־קויעכ! אוגערקעס גאָר א דערקוויקעניש! געשמאק מעכײַע!.. הא, א קלאָפּ! וואָס באטײַט דער קלאָפּ? פונוואַנענ דער קלאָפּ?

דער קלאָפּ איז געווענ פונ א געזונטנ אָרל, וואָס האָט הינטנ־ארומ מיכ געטאָנ א כאפּ אונ מיר גוט געגעבנ אָנצוהערעניש, אז אינ א פרעמדנ גאָרטנ איז נישט שיינ צו קריכנ. דער קלאָפּ האָט באטײַט, אז פרעמדע אוגערקעס נעמענ באנאכט טאָר מענ נישט. פונ די קלעפּ, אונ מעגלעכ עפּשער אויכ טאקע פונ די פרישע אוגערקעס, האָב איכ קימאט אינגאנצנ מיכ אויסגעניכטערט. איכ בינ געשטאנענ א ווײַלע פארדולט, ווי אופכאפנדיק זיכ פונ שלאָפּ. דאָס ערשטע וואָרט מײַנס, עס פארשטייט זיכ, איז געווענ: גוואלד!.. באלד דערופּ בינ איכ מיכ מעיאשעוו: לאָמיכ, קלאָמפּערשט, מאכנ זיכ נישט ווייסנדיק, אונ גיב א פרעג דעמ אָרל מיט גוטנ, אפּ זייער גראָב לאָשנ. „צי ני באטשילי, טשויעש, טוטעטשקי זשידקא איס קינאמי? קאזשי-נאָ טשילאָוויטשע!“ — דער אָרל אָבער טוט זײַנ זאכ, וויל נישט הערנ, שלעפּט מיכ באמ ארבל, דערלאנגט מיר אמאָל אויכ א שטופּ פונ הינטנ — אינ איינ קאָל: קומ, קומ! עס העלפט נישט, איכ גיי, מענ קענ קיינ כאַזער נישט זײַנ. אונ מיר קומענ אזוי צו, ביידע, עפּעס נעבנ א שטוב, בא וועלכער עס שטייט א געשפּאנט בריטשקעלע מיט פיר גוטע פערד, — אונ עס לײַכט פונ די פענצטער.

באמ ארײַנקומענ אינ שטוב טוט דער אָרל מיכ א שטופּ פאָרויס, אונ אליינ שטעלט ער זיכ נעבנ דער טיר — אָנ א היטל. איינ ברייִרע, איכ נעמ

אויך אראָפּ דאָס היטל, קראַצט מיך אין קאָפּ און קוק ווי א נעכ-
טיקער.

בא א טיש זיצט א שרייַבערל און שרייַבט, סקריפּענדיק מיט דער פּען,
וואָס בעט זיך איטלעכע רעגע אין טינטערל אריַין; אָפּצונעצען א ביסל
דאָס מייַלכל אירס, נאָכדעם ווי זי ברעכט מיִעס אָן אפן פּאַפּיר. דאָס
שרייַבערל האָט מיט איר דאָס לויפעניש, קרימט זיך און זידלט זי בא
איטלעכן טונק. מען זעט, ביידע פּייַניקן זיך נעבעך, ביידע זייַנען נישט
צופרידן: זי מיט זייַן שווערער האַנט, מיט זייַנע מיִעסע גרייַזן, און ער —
מיט אירע כאַלאָשעסדיקע קלעקן. ער — איר א קוועטש, און זי — אים א
קלעק... אינמיטן שטוב שטייט א רויטער קאָלנער מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס
א מין מענטש מיט א בויך און א אָנגעבלאָזן פּאָנעם, גלאַנצט מיט די
קליינע אויגן, און בעשאַס עס פּאַרוואַרפט זיך אים דאָס שוואַרצאַפּעלע,
קוקט ארויס דאָס ווייַסלכל פון אויג פּאַרלאָפן מיט בלוט. ער דרייט די
לאַנגע וואָנצעס און רעדט אפן גוידער, בייזערנדיק זיך, צו צוויי פּאַר-
שוינען מיט אָנגעבויגענע קעפּ אין דער זייַט פון דער טיר: איינער א הויי-
כער מיט א געזונטן קאַרק, אונטערגעגאָלט דער האַלדז, און א זילבערנע
רייפּעלע אין לעפּל פונעם לינקן אויער; דער אנדערער — א דאַרער מיט א
שפּיצאַסט בערדל, אפן האַרצן א בלעך, האַלט א לאַנגן שטעקן מיט ביידע
הענט, בלינצלט מיט די אייגעלעך און בוקט זיך איטלעכע רעגע. דער רויי-
טער קאָלנער בייזערט זיך אפן ערשטן פון די צוויי פּאַרשוינען, שרייַט:
אין קייטן! קיין סיביר אזא סטאַראָסטע!.. און אפן צווייטן: פּאַסן וועל
איך פון דיר שינדן, דו, סאָטסקע, אזוינער און אזוינער, אין דייַן מאַ-
מען!..

איך בין טויט מיט אלע מייַנע איוורים. עס וואַרפט מיט מיר ווי אין
א קאַדאָכעס. עס רוישט מיר אין קאָפּ, קלינגט אין די אויערן. איך הער
נישט און זע נישט, וואָס ארום מיר טוט זיך. איך האָב נישט רעכט געהערט אפי-
לע די טייַנעס פון מייַן אָרל, בעשאַס קלאָגנדיק זיך אפּ מיר. נאָר אז דער
רויטער קאָלנער האָט א היק געטאָן אפּ מיר מיט דעם האַרבן וואָרט אפּ
יעוואָניש, האָב איך מיך באַלד אן געכאַפּט און שוין גוט געהערט. פּאַר
די אויגן מייַנע שוועבט א קולאַק, און עס הערן זיך שרעקלעכע ווערטער:
גאַנעוו, קאָנטראַבאַנדשטשיק, טרייפע־סכוירע, בייַטלשנייַדער, קייטן, טיור-
מאַ, קנוטעס, סיביר!.. ער זוכט זיך פּלוצלים צו מייַנע פּייעס, און נאָכ-
קרימענדיק מיך, שטאַרק אין קאַעס, כאַפּט ער אין אימפּעט פונעם טיש א
שער און שערט מיר אָפּ אינגאַנצן איין פּייע! — איך באַוואַש מיך מיט טרערן,
קוקנדיק אפּ דער ערד מייַן פּייע. מייַן גרוי-אַלטע פּייע, וואָס איז געוואַקסן
מיט מיר פון קינדווייַז־אופּ ביז אין מייַנע אַלטע יאָרן; וואָס האָט איבער־

געהאַט מיט מיר פרייד און לייד גענוג אינ מייַנ לעבנ. די מאַמע האָט זי אינ דער יוגנט געגלעט, געצוואָגנ, גאָר נישט געקענט זאַט אָנקוקנ זיכ אפ די שוואַרצע, שײנע גרייַזעלעכ אירע. זי איז געווענ א צירונג מייַנ פּאָנעמ אינ מייַנע גוטע טעג, ווענ איכ בינ געווענ פריש און שטאַרק. זי איז פרי פאַר דער צייַט גרוי געוואָרנ, פאַר צאָרעס, נעבעכ, — און איר גרויקייַט האָט מיר, כאָלילע, נישט געמאַכט קיינ בושע! ביידע האָבנ מיר זיכ פרי געעלטערט פאַר פּוראָניעס, נויט, עלנט, גריזאָטע, אומזיסטע פייַנטשאַפט און רעדיפעס אינ דער וועלט! ווענ, כאָלילע, האָט זי געשאַדט? וועמענ, כאָ-לילע, האָבנ מייַנע גרויע האָר עפּעס שלעכטס געטאָנ? — עס ווייגט אינ מיר דאָס האַרצ, שרייַט גוואַלד, שטיל, נישט אַרויסצובריענגענ אפ די ליפּנ קיינ וואָרט. איכ קוק שווייַגנדיק, ווי א שעפעלע באַמ באַשוירנ עס, און פונ די אויגנ קאַפּ, קאַפּ, טרערנ ווי די באָב... מייַנ הויל געבליבענע באַק האָט מיר שטאַרק געפלאַמט, דאָס פּאָנעמ האָט געמוזט מיר זיכ פאַרענדערנ — א שרעק! עס האָט געמוזט זייַנ א ראַכמאָנעס מיכ אָנצוקוקנ דענסטמאָל, ווייַל באַלד דערויף האָט דעמ רויטנ קאָלנער עפּעס ווי אָפּגענומענ דאָס לאַשנ, שוינ גערעדט מיט גוטנ, אַרופליגנדיק ביידע הענט מיר אפ די אַקסלענ.

אונטער דעמ מעשענעמ קנעפּל, אפּאָנעמ, האָט זיכ גערירט א מענטש-לעכ האַרצ. מייַנע גרויע האָר און מייַנ גאַנצ אויסזענ האָבנ אימ באַוויזנ מייַנ אָרנטלעכקייַט, און ווי איבערבעטנדיק מיכ, פאַלט ער מיט א בייזער אָנ אפ מייַנ אָרל, וואָס פאַר עפּעס א אוגערקע שלעפּט ער א אַלטנ מענטשנ, נעבעכ, — טוט א היק, און טרייַבט אימ אַרויס. ער אַליינ נעמט דאָס היטל, דרייט זיכ א ביסל אַרומ, זאָגנדיק דעמ, יענעמ א וואָרט, גייט דערנאָכ אַרויס, און באַלד הערט זיכ, ווי דאָס בריטשקעלע פאָרט אַוועק.

די אַלע מענטשנ אינ שטוב ווערנ לעבעדיק. דאָס שרייַבערל טוט א וואָרפ די פענ, אָפּשיקנדיק זי צו אַלדי רוכעס. דער סטאַראָסטע און דער סאָטסקע גלייַכנ זיכ אויס, אופהייבנדיק די קעפּ. איטלעכער גיט א מאַכ מיט דער האַנט צו דער גאַס צו, און די אויגנ זייערע ריידנ: יעוואָרעכע-כאָ! פאָר געזונטערהייט, און לאָז מענ דיכ נישט אָנקוקנ!.. דער סטאַראָס-טע כאַפּט דעמ אָטעמ, פאָרט אַרייַנ מיט אַלע פינפ פינגער צו זיכ אינ די האָר פונעמ קאָפּ, טוט אימ א גוטנ שאָקל און מאַכט דערבייַ: נו, א סטאַנאָוואָי!..

די גוייִמ האָבנ מיר געראָטנ, נאָכ דעמ, אז איכ האָב זיי דערציילט וועגנ מייַנ אומגליק, צו גיינ צו דער קרעטשמע באַמ דאָרפ, נישט ווייַט פונדאַנענ. דאָרט באַדאַרפ זייַנ אַצינד א אוילעמ מענטשנ, צוריקפאָרנדיק פונעמ מאַרק-טאָג. מעגלעכ, בא זיי וועל איכ עפּעס מיכ דערגיינ. איכ הייב אופ מייַנ פייע, באַהאַלט זי אינ קעשענע, בינד אונטער די באַק מיט א פאַ-טשיילכנ, זאָג א גוטע-נאַכט, און גיי אַוועק.

# 9

די קרעטשמע איז געווענ באלאגערט אינ דרויסנ מיט פורלעכ אונ וועגעלעכ אלערליי. א טייל ליידיקע, נאָר מיט א ביסל שטרוי, א טייל פארנומענע מיט מינע זאכנ אונ כפייצים, סײַ נישט קיינ פארקויפטע, סײַ געקויפטע דאָרט אפנ מארק. אפ איינ פורל ליגט אינ א זאק א כאזער, ארויסגעשטעקט פונ א לאָכ זײַנ שיינ פיסקל, אונ מאכט לעכער אינ קאָפּ, שרײַענדיק מעשונע אפ א גרילצנדיק קאָל. הינטער א וואָגנ, אָנגעלייגט מיט נײַע לאפּטיעס, מיט נײַע ליימענע טעפּ, טעפּלעכ אונ מאקרעטעס, שטייט צוגעבונדנ א רויט-געפּלעקטע קו מיט איינ האָרנ אונ רײַסט זיכ מיט אלע קויכעס זיכ צו באפרײַענ, גיכער קומענ צו אירע אלטע כאווערטעס אינ שטאל מיט דער בסורע: נישקאָשע, מענ איז אירער נאָכ נישט פּאָטער געוואָרנ, געבליבנ דער שאָר-האבאָר, מענ זעט זיכ געזונט!.. א פּאָר גרויע, ברייטבײַכיקע, פײַנע אָקסנ שטייענ געשפּאנט אינ דעמ יאָכ, מאכנ אזוי ערנסט מיט דעמ מויל אונ מאלעגיירענ געשמאק, קיינ מינוט, כאָלילע, נישט מאפסיק צו זײַנ, גלײַכ ווי זיי זײַנענ פּארטיפט אינ א וויכטיקער זאכ אונ טוענ מיט זייערע אָקסענע קעפּ אופּ עפּעס א גרויסנ סייכל. דעמ ארענדארס ציג שטייט דערווײַל אפנ וואָגנ, שטעקט הינטערווײַלעכס ארײַנ דעמ קאָפּ אינ א זעקעלע דאָרט, נעמט באלד אימ ארויס מיט א פול מויל, פּירקעט, דרייענדיק דאָס עקל, קײַט, מאכט מיט די באקנ, טרעסעט דאָס בערדלגיכ, געשווינד, ארומקוקנדיק זיכ אינ אלע זײַטנ. אנ אלטער, אויסגעדארטער דאָרפס־הונט, לעבט אפ דער עלטער פונ קיצווע, אָנ א שטעלע, מיט א הינקעדיק פיסל אונ א קאָלטנ באָמבלענדיק זיכ אימ אפנ עק, שארט זיכ צו נאָענט צומ וואָגנ, קוקט מיט דערכערעצ, קומט דערנאָכ צו נעענטער אפ עטלעכע טריט, שמעקט, זוכט מיט דער נאָז, דערטאפּט עפּעס א טרוקנ, אָפּגעלעקט ביינדל, לויפט מיט דער מעציִע אָפּ א ביסל ווײַטער, שטרעקט זיכ אויס אפ דער ערד אונ נעמט זיכ קנאקנ דעמ ביינ, האלטנדיק דערבײַ דעמ קאָפּ אינ דער זײַט אפ די פּאָדערשטע לאפּעס. דאָס פערדל דאָרט אינ יענעמ וואָגנ, נימעס ווערנדיק אימ א לאנגע צײַט צו שטיינ אפ איינ אָרט, גאָרנישט צו טאָנ, נאָר דרעמלענ, מאכנ מיט דער מאָרדע אונ שאָקלענ די אויערנ, איז זיכ מעיאשעוו אָפּצושטעקנ א וויזיט א פּאָר אײַנגעשפּאנטע אָקסלעכ, וואָס טוענ זיכ וויל איבער א זעקל פּאָלאָווע, אונ זײַנ זייער אוירעכ אפ וועטשערע. נאָר באמ גיינ פארהאקט זיכ די אקס פונ זײַנ וואָגנ אינ א רעדל פונ א אנדער פורל, שיר אומצוווארפנ עס. יענצ פערדל דאָרט, ארויסשפּרינגענדיק פונ די האָלאָבליעס, טרעט אָנ א אנדער פערד אפנ פוס, עס טוט א הירזשע אונ שטעלט זיכ דיבאָמ. די

ציג דערשרעקט זיכ, טוט גיכער א שפּרונג, אונ טרעט אָנ דעמ דאָרפסהונט אפנ ווײדל. ער שפּרינגט דערשראָקנ אוועק אפ דרײַ פּיס, הײַלנדיק אפ א קוויטש מיט א צענגאָרנדיקנ שאלשעלעס.

מיט גרויס מי שלאָג איכ מיכ דורכ צווישנ די אלע פּורלעכ, גוט צוקוקנדיק זיכ, טאָמער איז דאָ דאָס, וואָס איכ זוכ, אונ לאָז מיכ ארײַנגײנ אינ קרעטשמע.

דאָס אלצדינג, וואָס אינוועניק אינ קרעטשמע טוט זיכ, דערפּיל איכ ביסלעכווײַז, אײנס נאָכ דאָס אנדערע קעסײדער, נישט אפ אײנ מאָל. דעמ ערשטנ קיבעד דאָרט האָט מײַנ נאָז. באלד באמ ארײַנקומענ, נאָכ אפ דער שוועל, טוט מיר א זעצ א שארפ ביטערער צאפּנ־שטינקנדיקער רײעכ פונ בראנפנ, מאכאָרקע אונ מענטשנ־שווײס אינײנעמ. אז די נאָז ניסט אָפּ איר „מא-טויווי” פונ אזא באָרעכ־האבע מיט א הילכ, צעגיסנדיק זיכ אינ שטײגער, — גײענ צומ סמיק די אויערנ. א ראַש, א געפּילדער פונ אויסגעמישטע אינײנעמ דינע, גראָבע, הײזעריקע, צערעפּעטע אונ כריפּעדיקע קוילעס קײַקלענ זיכ ארײַנ אינ זײ מיט א גרילצנ, — נאָר טויב צו ווערנ! אז די נאָז מיט די אויערנ האָבנ שוינ זײערס אָפּגענומענ, געהאט זײער ערלעכ אויסקומעניש, זײַנענ שטארק אינ דער ארבעט, נעבעכ, די אויגנ. נאָכדעמ ווי זײ בלאָנקענ זיכ פריִער ארומ אינ דער טונקלעניש צווישנ א געדיכטנ אוילעמ מענטשנ צונויפגעשמאָלצנ אינײנעמ, נישט צו האָבנ א פּיצל סימענ פונ עפּעס א זאכ, דערזעענ זײ פונדערווײַטנס אפ א לאנגנ הילצערנעמ טיש א כײפעוודיק ליכטל אינ א לײמענ לײַכטערל, וואָס ברענט מיט א רויטנ שטעכעדיקנ פלאמ, ארומגערינגלט מיט געל־גרינ־בלוי־גרויע רעדער, ווי רעגנבויגנס, פונ דער הײסער פּארע אונ זײַלנ רויכ, וואָס שלעפּנ זיכ איבער דער שטוב ארומ. ערשט דערנאָכ הײבנ אָנ ארויסצושווימענ פונעמ טונקעלנ טומאנ קעסײדער: נעז, בערד, בערדלעכ, טשופּרינעס, גאנצע פּענעמער אונ צורעס פונ ג׳אנצבלענ אונ נעקײוועס. עס שווימענ ארויס רעדלעכ מענטשנ. א טײל האלטנ זיכ אפ די פיס, ערשט נאָכנ פּערטנ, פינפטנ טרונק בראנפנ. אינ דער זײַט האלדזנ זיכ צוויי שיקורימלעכ, זידלענ זיכ פאר גרויס ליבשאפט מיט מיִעסע ווערטער. נעבנ זײ שטײט א פלוינעסטע, באָרוועס, אינ א קורצ קלײדל, מיט א געשטיקט העמד אויסגעשניטנ ווײַט, אונ האָט האנאָע, פּאטשט אײנעמ, דעמ אנדערנ אפנ רוקנ מיט גוטנ, מאכנדיק דערבײַ: גענוג, אהײמ, אהײמ! דאָס שיקערע פאָרפאָלק אָבער שמעלצנ זיכ נאָכ מער פאר ליבשאפט, נעמענ זיכ שטײַפער ארומ — אונ פאלנ. ווידער א טײל זיצנ אפ לאנגע בענק נעבנ פלעשלעכ מאשקע מיט פארבײַסנ. צוויי באלעגופנ טרינקענ אײנער צומ אנדערנ לעכאַימ אונ זײַנענ בײדע, ווי מענ זאָגט, בעגילופנ. אײנער א שטארקער

ליבהאָבער פונעם ביטערנ טראָפּנ, אונ וואָס דאָ איז שטענדיק זײַנ מאָקעמ־
מענוכע, וויטעט זיכ פונדערווײַטנס, רייכערנדיק זײַנ ליולקעלע, דאָס מיט
די דאָזיקע צוויי לײַט, דאָס מיט יענעמ, דאָס מיט אנ אנדערנ, אונ ווינ-
שעוועט צו: לעכאַימ, לעכאַימ! כאָטש מענ קוקט זיכ אפילע אפ א־מ נישט
אומ. אונ גאָר צולעצט שווימט ארויס אינ דעמ געשטאַלט פונ א ייִדענע,
א רירנדיקע, א זשוואָווע, מיט אָפּגעבלאַקעוועטע פּעלענע מושקעס אונ
עפּעס א מינ טיכל אפנ קאָפּ, דעמ שענקערס ווײַב מיט איר קאָוועד אליינ, —
נעבנ פּעסלעכ, פלעשער, קעלישקעלעכ, גלעזלעכ, קרענצלעכ בייגל, געקאָכטע
אייער, דארע פישלעכ אונ שטיקלעכ פארהארטעוועטע לעבער. דאָס מויל מאַכט איר
זיכ קיינ רעגע נישט צו, די הענט אירע רוענ אויכ נישט פונעמ טײַנענ,
ריידנ מיט איטלעכנ באזונדער, פונ געבנ אונ נעמענ גרייט געלט מעזומענ
אָדער מאשקאָנעס, אָדער מיט א קרײַדל אָנשרײַבנ אפ דעמס, אפ יענעמס
כעזשבנ פּאסקעלעכ אונ רינגעלעכ.

איכ דריי מיכ ארומ ווי א גער צווישנ דעמ דאָזיקנ גאנצנ עולעמ,
פרווו ריידנ מיט דעמ, מיט יענעמ, — אונ דער שפּיצ איז אלטערס ווערטל
טאקע: מיילע בעקיצער, גאָרנישט.

אינ קרעטשמע ווערט שיטערער, דער עולעמ הייבט אָנ זיכ צעפאָרנ,
אונ איכ לאָז מיכ צוגיינ צו דער באַלעבאָסטע, האלטנדיק די בײַטש אונ־
טערנ אָרעמ אקעגנ אירע אויגנ. דאָס כו איכ בעקיוונ, מיט אנ אויבער-
האסבאָרע, ווײַל קרעטשמערקעס ביכלאל האָבנ ליב באלעגאָלעס, קויפנ זיי
אונטער מיט בראנפנ, מיט עסנ אונ מיט נאָכ עפּעס, ביכדיי זיי זאָלנ
פארפאָרנ צו זיי מיט פּארשוינענ. די בײַטש איז מיר געווענ א מייליצ אונ
מיר געגעבנ כיינ אונ לײַטזעליקײַט אינ דער באלעבאָסטעס אויגנ. עס הייבט
זיכ צווישנ אונדז אָנ אזא שמועס:

— גוט־נאָוונט! — גוט־יאָר! — ווו איז דאָס אײַער מאנ? — וואָס טויג אײַכ
מײַנ מאנ? — גלאט אזוי זיכ. — זאָגט, עפּשער וועל איכ טויגנ? — טא... מע-
הייכעטײַסע! — אהער, אהינ, מיר צעשמועסנ זיכ ברייטלעכ. איכ דערציייל
איר דאָס אונגליקל, וועלכעס מיכ האָט דאָ געטראָפנ, מײַנ איצטיקע מיִעסע
לאגע. זי טרייסט מיכ מיט א זיפצ, אונטערשפּארנדיק דעמ קאָפּ מיט דער
האנט אונ צוויי פינגער אפ דער באק, מאכט אלצ: „א מײַסע, א מײַ־
סע!“ — אונ ווײַטער א זיפצ. — איכ טו איר צוליב, דערצייל אלצדינג: ווער
איכ בינ, ווי איכ הייס, מיט וואָס איכ האנדל. אונ זי פונ איר זײַט באַ־
שיט מיכ מיט רייד, זאָגט מיר ארויס איטלעכס פּיצעלע, וואָס בא איר
אונטערנ נאָגל, פונ איר מאנ דעמ שלימאזלניק, פונ די קינדער אונ פאר־
נאָסע... עס ווערט צווישנ אונדז א נאָענטע באקאנטשאפט. מיר רעכענענ
זיכ אויס, אז מיר זײַנענ גאָרביידע שטיקלעכ קרויווימ. זי הייסט כאיע-

טרייַנע, נאָכ מייַנס א קאלטער מומע פונ דער באָבעס צאַר. א סימכע, א פרייד! זי פרעגט מיכ אויס אפ מייַנ ווייַב, אפ די קינדער, אפ איטלעכנ בא מיר באזונדער, אונ אז דער מאנ איז דערופ אָנגעקומענ, זאָגט זי אים אָנ די בסורע גיכ אינ איינ אָטעמ: מיר האָבנ א גאסט... א טייַערנ גאסט, רעב מענדעלע מויכער-ספאָרימ... מייַנער א קאָרעוו! אונ לאָזט אויס מיט גאדלעס צומ מאנ, אָנגענעמענדיק זיכ מיטביידע הענט בא די זייַטנ:

— הא, מיינסט עפשער, פונ א שטאל האָסטו מיכ ארויסגענומענ! נישקאָשע, איכ וועל, באָרעכהאשעמ, פאר אנדערע נישט מעוויִעש ווערנ. מעגסט זיכ, כ'לעבנ, איבערנעמענ מיט מייַנ מישפּאָכע!

טא, ריבוינעשעלויִלעמ! — טראכט איכ מיר. — לאָז זייַנ אזוי: שאָול האָט געזוכט איילענ, אונ געפונענ די מעלוכע, איכ זוכ פערד — אונ געפונענ א כאיִע-טרייַנע...

כאיִע-טרייַנעס מאנ איז געווענ א ייִד מיט א לאנגע נאָז. דאָס שי-מערע בערדל, די פייעס אונ די ברעמענ — העל־בלאָנד ווי פלאקס. בעשאס שווייַגנ קייַט ער די צונג, אונ איידער ער קלייַבט זיכ צו ריידנ, באלעקט ער זיכ פריִער, אזוי אז אימ אָנקוקנדיק דענסטמאָל, פארשטייט מענ, וואָס טייַטש לעקיש. באמ אָפּשטעקנ מיר א שאָלעמ-אלייכעמ מורמלט ער עפּעס גאָר אָנ ווערטער, אונ פונעמ גאנצנ באנעמענ זייַנעמ דערקענ איכ באלד, אז ער ליגט אונטערנ ווייַבס פאנטאָפל, האָט פאר איר דאָס נייַניאָריקע קאדאָכעס. ווי עס האָט שפּעטער מיט דער צייַט זיכ ארויסגעוויזנ, הייסט ער אינ דער סוויווע: כאיִמ-כאָנע כאיִע-טרייַנעס, אונ כאיִע-טרייַנע אליינ הייסט: כאיִע-טרייַנע קאָזאק.

— ווו האָסטו עס ביז אצינד געהינעט? — נעמט כאיִע-טרייַנע דעמ מאנ אפּנ ציהונדער, — וווהינ האָט עס דיכ, שלימאזל, דער שווארציאָר געטראָגנ? האָסטו געהערט? הענ א ביסל!.. מענ זאָל אוועקווארפנ א שטופ מיט דעמ באלעבאטישקייַט אונ גאָרנישט... נישקאָשע, רעב מענדעלע איז א אייגענער, פאר אימ מעג מענ זאָגנ, וואָס פאר א שלאק דו ביסט, א שלאק פונ זייַנ ליבנ נאָמענ. קוקט אימ אָנ, שטייט ווי א ליימענער גוילעמ אונ קייַט די צונג...

— דו האָסט דאָכ מיכ אליינ, האָסטו מיכ געשיקט צו גאווריִלענ נאָכ א זאק קארטאָפלעס, מיכ געשיקט! — פארענטפערט זיכ כאיִמ-כאָנע, באַ-לעקנדיק זיכ פריִער מיט דער צונג.

— אונ דער רעבע, דער שיינער רעבע איז קראנק געווענ ברענגענ צו טראָגנ דעמ זאק קארטאָפלעס! עסנ, נישקאָשע, קענ ער פאר צענ.

— דער רעבע איז דאָכ געגאנגענ, דער רעבע, אָפּפירנ די פעריסטע

קי מיט דעם קעלבל צינ פעלד אָפפירנ. — גיט כאימ־כאָנע דעם ווײַב צו פארשטײנ.

— אָט שווײַג שוינ, שווײַג, קײַ דיר בעסער די צונג. — מאכט כאיע־טרײַנע, קוקנדיק בײז אפנ מאנ. דערנאָכ ווענדט זי זיכ צו מיר מיט א גאנצנ שמועס, וואָס זי האָט פונ איטלעכנ אויסצושטײנ. ווענ נישט זי, וואָלט די גאנצע שטוב שוינ לאנג האָרנעם־קאָרנעם איבערגעקערט געוואָרנ, — אונ מ'שט אלצ ארײַנ אינ די רייד: „נישקאָשע, פאר אײַכ מעג מענ, ווי פאר א טאטנ, איר זײַט דאָכ א אײגענער, רעב מענדעלע!"

איכ לײג מיכ ארײַנ אינ שאָלעמ אונ פאר'כט בא כאיע־טרײַנע דעם מאנס דאָליע. פונ שאָלעמ ווענ זאָג איכ א ביסל א ליגנ, באשולדיק ביכ־לאל אלע מענער, מיכ דערונטער אויכ א ביסל, אונ כאנפע, לויב אינ טאָג ארײַנ די אלע ווײַבער, באזונדערס כאיע־טרײַנע. כאָלילע ווענ נישט זײ, וואָלט די וועלט קײנ וועלט נישט געווענ. כאיע־טרײַנע איז געוואָרנ ווײכער.

— געזונט זאָלט איר זײַנ, רעב מענדעלע! — זאָגט זי מיט א שײַנענ־דיק פּענעמל אונ מאכט באלד טאקע צום מאנ מיט גוטנ:

— געווינ צו קײַענ די צונג, נעמ בעסער, כאימ־כאָנע, וויש איבער דאָ די קעלישקעלעכ אונ די טעלער, פונ וועלכע אײסעוו האָט געפרעסנ. — רעב מענדעלע מוז אוואדע גוט הונגעריק זײַנ, — טוט זי א זאָג צו מיר, אופ־הײבנדיק זיכ פונעמ געזעס אירס באמ שענקל, — איכ פיל עס אינ מיר אלײנ טאקע. אינ א מארק־טאָג פארשפּעטיקנ מיר זיכ טאָמיד מיט דער וועטשערע. נישטאָ, נימער ערגער, קײנ צײַט. קומט, זײַט מויכל, מיר בעטנ זײער שײנ צו אונדז אינ שטוב.

גלײַכ פונעמ שענקל קומט מענ ארײַנ אינ א פינצטער אלקערל, ווו אקעגנ איז אָפנ א טיר נאָכ אינ א אלקער אונ לינקס אינ דער זײַט פירט א טיר אינ א היפּשנ כײדער, — א נידעריקער, אָנ א דיל, מיט קלײנע פענצ־טערלעכ. די שײַבלעכ זײַנענ א טײל צעשפּאָלטנ, א טײל געלאטעט פונ צונויפגעקלעפּטע שטיקלעכ אונ א טײל אינגאנצנ אויסגעשלאָגנ; נאָר ער־געצ אינ א ווינקל שטעקט א איבערגעבליבענע שטיקל גלאָז, ווי דער אײנ־אײנציקער צאָנ בא א זקײנע, וואָס בא נאָר עפּעס א ווינטל שאָקלט זיכ עס, שטיל געבעבעט: זימ־זימ־זימ... ז'ײער אומעטיק. אינ אײנ עק שטוב, צו דער גאס צו, שטײט א טיש, נעבנ אימ, בא די ווענט — לאנגע, שמאָלע בענק, נישט געפּארבט. אינ דעמ אנדערנ עק אקעגנ שטײט א בעט מיט א סאכ בעבעכעס, אָנ אײַנהאָרע: מיט קישנס, גרויסע, מיטעלע, קלײנע, קלײניטשקע, א הויכער טורעמ ביז אינ דער סטעליע. אונ בא דער זײַט אויווונ דאָרט ציר. זיכ א ברײטע באנק, וואָס דינט באנאכט פאר

א בעט צו שלאָפֿן. ארום די ווענט אין דער הייך הענגען פּאָרטרעטן, באַ־
דעקט מיט שפּינוועבס, מיט געפּייגערטע פֿליגן, אויסגעטריקנטע אייער פֿון
פֿרייַסן און פֿליגן-קויט. פֿונעם קויט אַף די דאָזיקע פּאָרטרעטלעך קוקן
ארויס עפּעס געשטאלטן: א „מיזרעך" מיט קראָליקלעך, מיט מעשונע-ווילדע
כייַעלעך, האלב ציג — האלב הירש, האלב לייב — האלב אייזל, האלב לעמ־
פּערט און האלב פּיפּערנאָטער. א הויכער האָמאָן, געקליידט ווי א אונ־
טער־אָפּיצער, הענגט אַף א טליִע, וואָס גרייכט אים קוים ביז צום אקסל,
אזוי אז גיכער הענגט די טליִע אַף אים. דערבייַ שטייט מאָרדעכייַ אין א
שטרייַמל, א ראַצעמאָרענע קאַפּאָטע, מיט א גארטל, אויבן א טיזליק, אין
שיך און זעקעלעך מיט פּייקעלעך, טאקע נאָר „מאָנדרוש". ארום אים „באַ־
בערדלטע, באַנאָזנדיקע" ייִדן מיט קויסעס אין די הענט און מאכן: „לע־
כאיִם, רעבע מאָרדכע!" צו זערעשן מיטן טאָפּ האָבן זיך זייער מיִעס צו־
געכאַפּט די פֿליגן, האָבן פֿון איר, נעבעך, איבערגעלאָזט נאָר א האלבן
קאָפּ מיט א שטיקל פֿעדערכיילעך. נאַפּאָלעאָן, נעבעך, איז אויך אַרייַנגע־
פֿאלן אהינצו אין ייִדישע הענט. אז אָך און ווי איז צו אים, וואָס פֿאר
א פּאָנעם ער האָט געהאט! ער איז געהאנגען צווישן פּויטיפֿערס וויַיב,
עפּעס א פֿארזעעניש, א מיִעסקייַט, וואָס מאכט כיין, שלעפּנדיק יויסעף
האצאדיק בא די פּאָלעס, — און צווישן א שמאָלן, פֿארשמאָלצעוועטן, שטארק־
אָנגעבויגענעם שפּיגל, הינטער וועלכן עס האָט געשטעקט א פֿאודארטער
לולעוו און אלטע אָפּגעשלאָגענע הוישייַנעס.

אין שטוב דרייט זיך ארום א דיקע, א ברייטע, א האָרעפּאשנע מויד,
מיט א פּאָר באקן ווי די פּאמפּושקעס; אפֿן קאָפּ זייער ווייניק האָר און
צוויי קליינע צעפּעלעך פֿון הינטן. די הענט האלט זי ביז די עלנבויגנס
שטייַף צו ביידע זייַטן, די אָרעמס אויסגעשטרעקט גלייַך פֿאָרנט, ווי צוויי
האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך, שליטלט זיך, נישט צו הייבן קיין
פֿיס, ארויסשיקנדיק דעם קאָפּ א ביסל פֿריִער פֿאר איר, רוקט זיך גיך,
טראָגנדיק אין די הענט א טישטעך מיט טעלער, און גרייט צום טיש.
כאיע־טרייַנע רוימט איר עפּעס אין אויער אייַן, זי קערט אויס די האָלאָ־
בליעס, דער קאָפּ לאָזט זיך פֿאָרויס, זי אליין מיט די פֿיסעלעך באלד טא־
קע נאָך אים און ווערט גיך אנטרונען פֿון דער שטוב. אין א ווינקעלע
קריגן זיך א שטיק פֿיר קינדער, מיידלעך מיט ייִנגלעך, רייַסן זיך עפּעס
איבער א קליין הינטעלע, א מאָפּסיק, וואָס פּישטשעט, נישט צו הערן, צו
זען, וואָס הינטער זיי טוט זיך אין שטוב. כאיע־טרייַנע באַפֿאלט זיי פֿלוצ־
לים, טוט שטילערהייט א קניפּ דעם, א צופּ יענעם, כאַפּט דאָס פּיצל הינ־
טעלע און ווארפֿט עס ארויס. די קינדער שטעקן זיך אונטער די נעז אָפּ
פֿייַגן און צעלויפֿן זיך אין די ווינקעלעך. באלד קומט אָן כאיִם־כאָנע מיט

א גרויסע לאַדיש סמעטענע. דאָס ווײַב נעמט עס בא אים צו, פּאָרעט זיך דערמיט א ביסל דאָרט פאַר זיך און הייסט זיך אונדז וואַשן.

א באָכערל אָן א קאַפּאָטקע, באָרוועס, אין א לײַבסערדאַקל מיט הייז־לעך, לויפט אַרײַן מיט א סימכע: דער רעבע האָט געכאַפּט אין שטאַל א וואָראָבייטשיקל. אַלע קינדער בלײַבן פאַרגאַפט מיט אויסגעצויגענע פּענעמער פאַר גרויס וווּנדער, און איידער זיי זײַנען צו־זיך געקומען, קומט אַרײַן א יונגערמאַנטשיק עפּעס מיט א געשוואָלענער נאָז און גראָבע ליפּן, וואַשט זיך גיכער איבער דער פּאָמעניצע, זעצט זיך דערנאָך צום טיש און רוקט אַרײַן אין מויל א גרויס שטיק ברויט, אַלץ אין כאַפּעניש, אין אײַלעניש, נישט צו שענקען קיינעם א קוק, גלײַך ווי אויס מוירע, ער זאָל, כאָלילע, נישט פאַרשפּעטיקן, מען זאָל אָן אים נישט אָפּעסן. דערווײַל רוקט זיך אַרײַן יענע ברייטע מויד מיט די פּאַמפּושקעס, אויסגעפּוצט שאַבעסדיק, און זעצט זיך אויך צום טיש. כאַיע־טרײַנע מאַכט צו מיר, ווײַזנדיק מיט א פינגער אַפּ דער מויד: דאָס איז מײַן עלטערע טאָכטער, כאַסיע־גרונע. דער אוי־לעם עסט, פריִער עפּעס מיט דערעכערעץ: א שעפּ מיט דעם לעפל און א לייג אַנידער, דערנאָך הייבט עס אָן גיין לעבעדיק, ראַשיק. א צען לעפל אַרבעטן געשמאַק אין איין שיסל און פליִען פון דאָרט געשווינד אין צען מײַלער, וואָס זופּן, איטלעכס אַפּ זײַן שטייגער. ס'איז א כאַפּעניש, א בעהאָלע, א זופּערײַ: ווופּ־הופּ, הופּ־פּופּ! מײַנע נײַ־געפונענע קרויווים טרײַבן מיך אַלץ אונטער: עסט, לאָזט זיך נישט בעטן. און איך: וו־ווי־פּ־פּיפּ! אַפּ מײַן נוסעך. דער יונגערמאַנטשיק מיט דער געשוואָלענער נאָז פּוילט זיך נישט, אַרבעט פאַר צען און גרונטעוועט זיך ביז דעם פּויגל, וואָס קומט לעסאָפּ אַרויס, אויסגעמאָלט אינווייניק אַפן דעק פונעם שיסל. אָפּגעפּאַרטיקט זיך פון דער אַרבעט מיט א זיפץ טיף פונעם בויך, שטעלט ער אויס א פּאָר גלעזערנע אויגן, און קוקט אַפן אוילעם, טוט פּלוצלים א שטורעק די האַנט, אונטערהייבנדיק זיך א ביסל פונעם אָרט, גלײַך צו מיר, מאַכנדיק דערבײַ: שאָלעם־אַלייכעם! איר זײַט מיר עפּעס קענטלעך... מאַ שמייכעם? — איך זאָג אים מײַן נאָמען. ער שפּרינגט אויש אונטער פאַר גרויס וווּנדער.

— רעב מענדעלע!.. רעב מענדעלע מויכער־ספאָרים!! פּישש!.. א קאַטאָוועס עפּעס! ווער קען נישט רעב מענדעלען? איך האָב געהאַט אַמאָל די זכיִע, אין גלופּסק נאָך, קויפן בא אײַך א בענטשערל.

— רעב מענדעלע איז מײַנער א קאָרעװ. — זאָגט כאַיע־טרײַנע מיט גאַדלעס, שמעלצנדיק זיך פאַר פריידן, און אָנווײַזנדיק מיר אַפן יונגנמאַנ־טשיק, מאַכט זי: דאָס איז אונדזער רעבע. — אנו, הערשיִעקעלע, — ווענדט זי זיך צום באָכערל אָן דעם קאַפּאָטקעלע, — רעב מענדעלע וועט דיך פאַר־

הערנ. שעמ דיכ נישט, נישקאָשע, דער פעטער וועט דיכ נישט אופעסנ.

הוישיִעקעלע האָט א פינגער אינ דער נאָז, קוקט אינ דער זײַט, אָנבלאָזנדיק זיכ, פארציט דעמ אקסל אונ מאכט: איכ סעמ מיכ, סעמ מיכ...

— וויפל איז אַלט אײַער הוישיִעקעלע, זאָל לעבנ? — פרעג איכ די מאמענ.

— מײַנ הוישיִעקעלע, זאָל לעבנ, איז אינ וועסנע געוואָרנ בארמיצ־ווע — ענטפערט די גליקלעכע מאמע.

— נו, הוישיִעקעלע, — נעמ איכ דעמ באָכערל אָנ פארנ בעקעלע, — זאָג, שעמ דיכ נישט, וואָס גייט הײַנט פאר א סעדרע?

— זאָג, זאָג! — טרײַבט מענ הוישיִעקעלענ אָנ פונ אלע זײַטנ. — ער שטעלט אויס א פאָר אויגנ אונ שווײַגט.

— ב... ב... ב... — מאכט דער רעבע מיט די גראָבע ליפנ.

— ב־ב... בוהײַ! — לאָזט הוישיִעקעלע אויס אפ א קאָל, קוקנדיק צומ רעבנ.

— נו, באָלאָק, באָלאָק... — זאָג איכ אונטער אונ גיב ווײַטער הוישיִע־קעלענ א פרעג, — וואָס האָט אזוינס באָלאָק געשיקט זאָגנ?

דער רעבע לעקט דעמ פינגער, קעדיי דער טאלמיד זאָל זיכ דערמיט אָנשטויסנ.

— לעקנ. — טוט הוישיִעקעלע א געשריי מיט אימפעט.

— ווער, ווער? — טרײַבט הוישיִעקעלענ אונטער דער רעבע, אונ עס ווערט אימ גרינגער אפנ הארצנ, מיינענדיק, אז ער האלט שוינ מיט דעמ טאלמיד זײַנעמ אפ א שטיקל דערעכ — ווער, הא?

— דער רעבע! — שרײַט הוישיִעקעלע אויס אפ א קאָל.

— דו פארשטאָפטע קאָפ איינער! — צעהיצט זיכ דער רעבע מיט קאעס. — ווער, זאָגט באָלאָק, וועט לעקנ?

— די יִידנ... — טוט הוישיִעקעלע גיכ א זאָג אפ א קוויטשיק קעלכנ.

— יאָ, די יִידנ, די יִידנ... הוישיִעקעלע! — זאָג איכ, א גלעט געבנדיק אימ דאָס בעקעלע. — זייער וויל, דו קענסט.

די מאמע איז גאָר איבערגליקלעכ, האלט די הענט אפנ בויכ אונ קוועלט: אז וויל איז, כ׳לעבנ, דעמ בויכ, וואָס האָט אזא טאכשדט געבוירנ. דער טאטע קײַט די צונג אונ האָט שטארק האנאָע.

נאָכ דער וועטשערע שמועסט מיט מיר כאיע־טרײַנע איבער וועגנ מײַנ אייסעק אזוי: אינ א פאָר שאָ ארומ באדארפ אָנקומענ מײַנ יאנקאָ מיט די פערד. דענסטמאָל, רעב מענדעלע, זעצט איר אײַכ אופ רײַטנדיק אפ איי־נעמ, מײַנ מאנ אפ דעמ אנדערנ פערד, אונ פאָרט פארנעמענ די בײַדלעכ

מיט די סכוירע דערווײַל אהער. און ווײַטער וועלן מיר שוין זען. לעסאטע לייגט זיך א ביסל צו, אָט האָט איר אײַך א בעט מיט איבערבעטן.

— א שיינעם דאנק! — רופ איך מיך אָן. — אין די בעבעכעס, אז איך וועל ארײַנפאלן, וועט שווער זײַן דערנאָך ארויסצובאקומען מיך פון דאָרט. גאָט ווייס, וויפל איך קען דאָרט אָפּשלאָפן, און דאָ איז די צײַט טײַער. אַן אנדערס מאָל, אימירצעשעם, אז איך וועל קומען צו אײַך מיט מײַן ווײַב און די קינדער צוגאסט, דענסטמאָל, זעט איר, געזעגן איך מיך מיט אײַך אלע און ווארפ מיך, אַפ גאָטס באראָט, ארײַן טיף אין דעם טהאָם בע־בעכעס אַפ א לאנגער, לאנגער צײַט.

— מיר בעטן, מיר בעטן! — מאכט כאיע־טרײַנע מיט כיין. — זעט זשע, — מיט אלע קינדער טאקע. נעמט אויך מיט יאכנע־סאָסען. זאָגט זשע זיך נישט אָפּ כאָטש נעמען א קישעלע אהין אין אלקערל.

— שלאָפט געזונט! — געזעגנט זי זיך מיט מיר. — נישקאָשע, מײַנער וועט אײַך גאנצפרי, קילכויכ האשויר, אופוועקן.

10

כאיע־טרײַנע איז טאקע א קאָשערע יידענע, א גוטע, נאָר וואנצן האָט זי געהאט אין שטוב רעשאָים, זייער בייזע. זיי זײַנען מיר באפאלן, ווי־באלד איך האָב מיך געלייגט אפן טאפטשאן אין אלקערל, און די מיל־כאָמע צווישן אונדז האָט זיך אָנגעהויבן. ביידע צדאָדים האָבן זיך פאר־אקשנט, געארבעט אין אייסעק: זיי — מיטן מויל, איך — מיט די הענט. זיי קריכן, איך שפרינג אונטער. זיי מיט טײַנעס: „דער טאפטשאן איז אונדזערער, דערעכערעץ זשע, רעב ייד, און לאָזט זיך בײַסן" — איך זיפץ, פארבײַס די ליפן, קראצ מיך מיט אלע קויכעס: זיי א ביס — איך א קראצ; זיי אַפ מיר — איך אפן קישן. אראָפּ, צו אלדי שווארצע יאָר, דאָס קישן! דאָס הינקעדיקע בענקל אַפ דרײַ פיסלעך פאלט אום; דאָס ליימענע קריגל מיט נעגלוואסער — טראַכ־טראַכ! טאראקאנעס אפן דיל לויפן, דרא־פּען, הארמידערן. פעדערן פון דעם צעריסענעם קישן פליען אין דער נאָז, אין די אויגן ארײַן. דער טאפטשאן אונטער מיר ריפּעט־סקריפּעט. א טא־ראראם, א גערודער! איך בין דול, צעמישט, צאפל מיט אלע גלידער און ווארפ מיך פון איין זײַט אַפ דער אנדערער. עס הערט נישט אוף צו בײַסן. עס שטינקט וואנצן. — נימעס ווערנדיק מיר די גאנצע מײַסע, בלײַבט בא מיר אויקער צו זײַן. איך פארלאָז מײַן געלעגער, שפרינג אראָפּ גלײַך צום פענצטער, צו אָטעמען א ביסל פרײַ, און טו א קוק אין דרויסן אַפ גאָטס וועלט.

אפנ בלויענ הימל שטיל, רויִק גייט די גילדענע לעוואָנע. איר שייַנענדיק פּאָנעמ איז זייער ערנסט, עפּעס שטארק פארטראכט. שא ארומ אונ ארומ... איר פארטראכטקייַט ווארפט אפּ מיר אָנ א זיסע מאָרעשכוירע, זי רעדט עפּעס צו מייַנ הארצ, די נעשאָמע מייַנע נעמט זי מיר ארויס מיט איר איטלעכנ בליק. זי רופט אינ מיר ארויס א יאמ געפילנ, אונ עס טראכט זיכ, טראכט זיכ עפּעס גאָר פונ זיכ אליינ. עס טראכט זיכ פונ דעמ ביטערנ לעבנ פול קרענקונג, אלערליי ליידנ מיט באליידיקונג, פול פלאָגנ, אָנשיקענישנ, אלטע אויכ נייַע, אונ צעפּיעסטעטע מיכ פאר איר ווי א שלאפ קינד, נעבעכ, פאר דער מוטער: אוי, מאמע, עס טוט וויי!.. אוי, ווערט מענ עס פארשווארצט, קומט מענ עס אָפּ... קארג קאָפּדרייעניש, בויכווייטעק, — איז מענ נאָכ גרויס אינ די אויגנ. קארג אייגענע מאקעס אונ ווונדנ, — האָמ מענ נאָכ אויסצושטיינ געבראָטענע לייד. קוימ־קוימ, וואָס מענ זשיפּעט, — פארגינט מענ נאָכ נישט דאָס שטיקל געפּלאָגטע לעבנ. אוי, מאמע, עס שמארצט, אוי, עס טוט וויי!.. די לעוואָנע קוקט אפּ מיר מיט איר ליכטיקער צורע אלצ ערנסט, פארטראכט, אונ, דאכט זיכ, זי נעמט מיכ אייַנ: „שא, בידנע קינד, שא! וואָס זאָל מענ טונ?“... דאָס הארצ וויינט אינ מיר נאָכ מער, הייסע טרערנ טרעטנ מיר ארויס אינ די אויגנ, איכ שפּאר אָנ דעמ קאָפּ אפּ מייַנ אָרעמ, די זייַט מיט דער אָפּגעשוירענער פּייע דער לעוואָנע אקעגנ, נא, זאָל זי זענ, זאָל זי כאָטש זענ!.. עפּעס עפנט זיכ אינ מיר א קוואל פונ געפילנ, צופּנ מיכ באמ הארצנ, פארפלייצנ מיר די געדאנקענ. די אויגנ, אָנגעקוואָלענע ווי די באנקעס, קוקנ אינ דער וועלט ארייַנ מיט א רירנדיק געבעט: גוואלד, העלפט, האָט ראכמאָנעס! עס טוט וויי, וויי, וויי... אזוי כאפּט זיכ אופּ פונעמ שלאָפ בא דער נאכט א קראנק קינד, נעבעכ, יאָמערט פונעמ הארצנ פאר זיכ אליינ, קוקט מיט די אויגעלעכ, בעטנדיק ראכמימ. — נישטאָ קיינער! קיינער! קיינער הערט נישט! אלע שלאָפנ, שא!.. א הינטל נאָר שטייט אפּ דער גאס וואכ, דער ווידל צווישנ די פיס, דער קאָפּ פארריסנ הויכ, אונ בילט מיט א קאלטער לעבער אקעגנ דער לעוואָנע. זי גייט איר וועג רויִק, פארטראכט, פונ א הונטס בילנ זיכ גאָר נישט צו מאכנ...

אפנ הארצנ ווערט מיר גרינגער. עפּעס ווארעמט מיכ אינווייניק א געפיל פונ האָפענונג אונ טרייסט אָנ ווערטער, — אזא געפיל, וואָס א ייִד פילט, אז ער וויינט זיכ אויס פאר גאָט אפּ זייַנע צאָרעס; אזא געפיל, וואָס מאכט דעמ מענטשנ ווייכ ווי טייג, גוט אָנ א ברעג, גרייט איטלעכנ אוועקצוגעבנ די נעשאָמע, ארומצונעמענ די גאנצע וועלט אונ זי א קוש צו טאָנ פאר גרויס ליבשאפט. —

אונ זיי, די ווענצעלעכ, זייַנענ דענ נישט גאָטס־באשעפעניש? וואָס זייַ־

נען זיי שולדיק, אז זיי שטינקען, נעבעך? וואָס זאָלן זיי טאָן, אז עס ליגט שוין אזוי אין דער טעווע זייערער צו בײַסן? טוען עס נישט פאר שלעכטס, פאר סינע און צולאָכעס, נאָר פאר דעם שטיקל פארנאָסע: זיי ווילן, נעבעך, טרינקען, אָנזעטיקן זיך מיט יענעמס בלוט. מיילע, לאָז שוין מײַנס איבערגיין. עפּעס דאָס ערשטע מאָל אין לעבן איז מיר דען וואנצן? און וועלכער ייִד האָט דען נישט פון זיי צו זינגען און צו זאָגן?..

איך גיי אוועק פון דעם פענצטער, און זאָגנדיק: „אין דײַנע האנט טו איך מײַן זעל באהאלטן", גיב איך מיך א וואָרף אפן טאפטשאן און — גאָרנישט, איך שלאָף. כאלוימעס האָב איך פײַנט צו דערציילן. נאָרישקײַטן!

דאָס אופשטיין אפּ מאָרגן גאנצפרי האָט מיר געקאָסט גרויס מי. עס האָט מיר ווי געטאָן איטלעכס איווער. נאָר די נויט האָט מיך געצווונגען און מיט מיר א טראָג געטאָן פון מײַן געלעגער. א ייִד לעבט מיט אימ־פעט. די נויט טרײַבט אים צו לויפן, ארומצוזאָגן, צו טאָן, צו ארבעטן. לאָז נאָר שוואך ווערן א קאפּעלע דער אימפּעט, בלײַבט ער ליגן ווי א דערהארגעטער. יאָמטעוו דערפילט א ייִד זײַנע ווייטעקן, דענסטמאָל האָט ער געוויינטלעך צײַט קראנק צו זײַן.

די נויט האָט מיך פון מײַן געלעגער אופגעהויבן. די נויט האָט מיך אפּ די פיס געהאלטן, די נויט האָט מיך רײַטנדיק אפּ א פערד אופגעזעצט, די נויט האָט מיר אין קארק געגעבן, און איך האָב מיך געדירט פונעם אָרט איינייגעם מיט כאימ־כאָנע, כאיע־טרײַנעס מאן. האַרב איז בא א ייִדן נאָר דאָס ערשטע ריר, דערנאָך, אבי א קוועטש די ספּרונזשינקע, גייט עס שוין ווי אפּ פוטער, ער קריכט שוין אפילע וווהין מען באדארף נישט, וווהין מען האָט אים קלאל נישט געבעטן. ער דראפּעט זיך אפילע אפּ די גלײַכע ווענט. איך קום באלד צו מײַנע קרעפטן, בין פריש און שטארק אפּראָסנײַ.

אז דער אוילעם זאָגט: „א ייִדישע נעשאָמע קען מען נישט שאצן", — מיסטאמע איז רעכט. גאָר אין אָנהייב האָב איך גערעכנט, כאיע־טרײַנע פרייט זיך דאָ מיט מיר אזוי פּאָשעט, וואָס זי האָט דערטאפּט פלוצלים א קאָרעוו, און נאָך אזעלכן, וואָס רײַבט זיך אוים ספּאָרים! דאָס רײַבן זיך אַליין ארום עפּעס א זאך האָט שוין א גרויסן ווערט בא ייִדן. א ייִד, פון די שיינע באלעבאטים אפילע, ווען עס קומט אים אויס צו האָבן א איי־סעק אין די פּריסוטסטוועס, הייבט אָן צום ערשטן פון סטאָראָזש — ער רײַבט זיך דאָך פּאָרט ארום די אדוינים דאָרט — שמועסט מיט אים איבער, און גייט אוועק צופרידן. לעסאטע, טראכט ער, איז געזונג. דער סטאָראָזש איז נישט קיין שלעכטער מענטש. — דער שאמעס, וואָס רײַבט זיך ארום א ייִדישער שקאָלע, הייסט בא א טייל פון ייִדישן אוילעם: דער אינספּעק־

טאָר; דער ייִדישער בריוו-טרעגער — פּאָטשטאר; דער ייִד פון דער פּאָטשט, — אזויפיל קימאט ווי פּאָטשטמייסטער. קורץ, ווי מען זאָגט טאקע: „דעם ראָטס שיקסע קען פאסקענען שײַלעס"... בא דער וועטשערע, אָנקוקנדיק די דיקע, ברייטע מויד, וואָס שוין צײַט איר אונטער דער כופּע, איז מיר שוין אַרײַן אין נאָז, אז כאיע־טרײַנעס פרייד באטײַט, איך קען איר צוניץ קומען צו א שידעך... און, דאכט זיך, גאָר אפ מיר גופע האָט זי א אויג. דעריבער טאקע האָט די מויד אזוי שאבעסדיק זיך אויסגעפּוצט... דאָס איז מיר דערנאָך קלערער געוואָרן פון כאים־כאָנעס רייד, פאָרנדיק מיט מיר אפן וועג. עפּעס האָט ער צופיל אויסגעפרעגט מיך וועגן מײַן באָכערל מיט אזא שמועס:

— אזוי! איז אײַער באָכערל שוין גֿעוואָרן, אײַער באָכערל, בארמיצ־ווע — און נאָך נישט קיין כאָסן, נישט! איך אין זײַנע יאָרן האָב שוין כאסענע געהאט, אין זײַנע יאָרן. — מײַן כאיע־טרײַנע לאָזט מיך די נעכט ניט שלאָפן: גוואלד, א באָכערל! וואָס ליגסטו, גאזלען, אזוי?... גוואלד, א כאָסן! — די בסולע מײַנע האָט איר דאָך געזען, די בסולע, א גוטע באלעבאָסטע. עפּשער טאקע שוין צײַט איר כאסענע צו מאכן, שוין צײַט עפּשער? — וואָס זאָגט איר, רעב מענדל? עפּעס זײַט איר דאָך א ייִד א לאמדן, שוין צײַט? מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאכט איבערגעשמועסט... איר זײַט בא איר שטארק כאָשעוו, זײַט איר. אלץ קומט אומגעריכט. בא־דארף זיך גראָד מאכן א מײַסע, און איר האָט פארבלאָנדזעט צו אונדז... זייער אָנגעלייגט, כ׳לעבן. איז אײַער באָכערל שוין, זאָגט איר, בארמיצווע, אײַער באָכערל?

אין דעם, ווי מיר שמועסן דאָ אזוי, קומען מיר צום אָרט פון די בײַדלעך. פריִער באטראכט איך גוט מײַן בײַדל אין איטלעכס ווינקעלע. באָרעכהאשעם, אלצדינג דאָ אינגאנצן, — און לאָז מיך צוגיין דערנאָך צו אלטערס בײַדל. דאכט זיך, אויך נישט גערירט, עס שטייט אפ זײַן אָרט. נאָר קוים נעם איך מיך צום לאנטוך, מיט וועלכן דאָס בײַדל איז איבער־געדעקט, און טו א טאפּ, בין איך פארצאפּלט געוואָרן: עס רירט זיך עפּעס אונטער אים... איך שפּרינג אָפּ שטארק דערשראָקן אפ צען איילן אין דער זײַט. דאָס לאנטוך הייבט זיך דערווײַל אוף, און איך דערזע פאר מײַנע אויגן זיצנדיק אפן וואָגן מיט א פארבונדענעם קאָפּ — אלטער יאקנעהאָז...

## 11

וואָס מיט אַלטערן איז פירגעגאנגען, ווו ער איז הינגעקומען, פונוואנען ער האָט פֿלוצלים זיך גענומען און פאַרוואָס דער קאָפּ איז אים פאַרבונדן — די דאָזיקע שײַלעס דערקלערט אונדז באַלד אַלטער מיט זײַן קאָשער מויל אַליין, אַזוי:

— מיילע, גיי איך מיר נאָך די פערדלעך. בעקיצער נישטאָ קיין פערדלעך! נישמער, טראַכט איך מיר, גאָרנישט. אַפּאָנעם, זיי זײַנען פאַרגאַנגען ווײַטלעך. גראָז אין וואַלד איז זייער גוטע, שאָטן אויך דאָ. פאַרוואָס נישט? אַ מענטש, לעהאַוודל, זוכט אויך, ווו גוט איז. מיילע, גיי איך מיר ווײַטער, ווײַטער, פאַרשטייט איר מיך. — מען הערט נישט, מען זעט נישט. וואָס טוט מען דאָ? ס'איז דאָך עפּעס שאָפֿל! פֿלוצלים דאַכט זיך מיר אין וואַלד עפּעס אַ שאָרך אויף יענער זײַט פון אַ טאָל. מײַנער — באַלד טאַקע אַראָפּ, אַרויף, אַהין, בעקיצער גאָרנישט. דערווײַל ווערט שפּעטלעך, ס'איז שוין טונקל, עפּעס גאָר נישט קיין גוטער מאַסעמאַטן!.. דאַכט זיך מיר ווידער אַ שאָרך, איך — ווײַטער אַהין, דריי מיך, זוך — און ווײַטער גאָרנישט. עס פאַרדריסט מיר שוין, פאַרשטייט איר מיך, וואָט איז דאָס פאַר אַ גאַנג? בעקיצער, ווידער אַ שאָרך און עפּעס ווי טריט. — אָט האָסטו זיי, די שיינע לײַט! אַ קרענק זיי אין די ביינער! — פֿלוך איך שטאַרק אויפגעבראַכט און דערשלאָג מיך אַהין, ערגעץ אין אַ העק, צווישן געדיכטע צווײַגן. אַהאַ, ס'איז דאָ, דערטאַפּט!.. וואָס? צו אַלדי שוואַרצע יאָר, — עפּעס אַ רויטע קו... אַ קו, וואָס, ווי געוויינטלעך, זיך פון דער טשערעדע אָפּגעריסן און פאַרגאַנגען אין וואַלד. אַצינד וואָס? איך ווייס גאָר נים, ווו איך בין. נישמער שטיין איז קיין טאַכלעס נישט, מיילע, גיי איך מיר אין צאָרעס, אויף גאָטס באַראָט, און פאַרגיי מיר צו אַ פײַערל, וואָס האַלט באַם אויסגיין. האָלאָוועשקעס רייכערן זיך, ס'איז נאָך דאָ אין זיי אַ פונק. דאָס גראָז אַרום און אויסגעטרעטן, עס וואַלגערן זיך ברעקלעך ברויט, שאָלעכץ פון אייער, פון אוגערקעס, ציבעלעס און קנאָבל, אויך צעריסענע שמאַטעס און שמאַטקעלעך. דאָ איז, אַפּאָנעם, געווען אַ היפּשע קאָמפּאַניע, און ווי עס זעט אויס, אַ כאָפּטע ציגײַנער. גאָר עפּעס נישט קיין גוטער אייסעק! ציגײַנער האָבן ליב צו לאַקכענען. פֿלוצלים דאַכט זיך פון גאַנץ ווײַט עפּעס אַ קאָל. עפּשער רופט עס דאָרט רעב מענדעלע? גייט מיר איבער אַ געדאַנק, און איך לאָז מיך גיין געשווינדער. דאָס קאָל: דאָ הערט עס אויף, דאָ לאָזט עס זיך ווידער הערן, און וואָס נעענטער — ווערט עס אַלץ שרעקלעכער, ווי איינער שרײַט גוואַלד... עפּעס גאָר אַ שרעק, כ'לעבן! נישטמער גאָרנישט. איך טו מיר מײַנס און גיי. עס העלפט נישט,

נאָר קוק מיך גוט ארום און היט די ביינער. בעקיצער, אקעגן מיר וואקסט אויס פונדערווייטנס עפּעס א קרעטשמעלע, א כורוועלע אפ הינערשע פיסלעך. עפּעס איז מיר עס נישט געפעלן. איך באהאלט מיך א ביסל אין דער זייט צווישן צווייגן. גראָד טאפּ איך דאָרט אָן עפּעס א דרענגל. נעם עס אין דער האנט, פארשטייט איר מיך, לעיעסער ביטאָכן. זיצ שטיל און קוק מיר, וואָס וועט דאָ זיין. עס קומט מיר אין קאָפּ אריין שרעקלעכע זאכן, מייסעס מיט גאזלאָנים און גלופסקער גאנאָווים. פלוצלים ווייטער א געשריי, א ביטער געשריי, ווי פון איינעם, וואָס איז אין א גרויסער סאקאָנע, און, דאכט זיך, דאָס ביטערע געשריי איז פון כורוועלע. עס כאפּט מיך אָן באם הארצן. עס טראָגט מיך אונטער פונעם אָרט, און איי־דער מיך צו באטראכטן, שטיי איך שוין נעבן קרעטשמעלע, אליין נישט רעכט צו געדענקען, וויארום האָב איך מיך דאָ גענומען. עפּעס געפּיקט האָט מיר אלץ אין קאָפּ: א אייגענער, א אייגענער! א קאשע אפּ א מייסע! עפּשער איז גאָר רעב מענדעלע אין א סאקאָנע. איך ווייס דען, אפּאָנעם, ווו איך בין? ס'איז טאקע א מוירע, נישמער גאָרנישט! מיין טויט זאָל דאָ זיין, מוז איך מיך דערגיין, וואָס טוט זיך דאָ אזוינס. עפּעס בין איך דאָך א שטיקל אקשן אויך. בעקיצער, איך גיי מיר פּאמעלעכן און האָרך מיך גוט צו. עפּעס הערט זיך א פארדומפּט קאָל. איך קום צו נעבן א צעשאָטענעם טויער, קוים וואָס ער האלט זיך פאר אלטקייט. מיינער — פּוצ אריין אינווייניק אין א גרויס הויז! גיי אפּ די שפּיץ פינגער, זוכ, נישטער אין דער פינצטער, שא, שטיל. איך נעם ארויס פון דער קעשענע א פּע־קעלע מיט עטלעכע שוועבעלעך, רייב, רייב מיט א ציטערדיקע האנט, — אומזיסט, עס וויל נישט ברענען. דאָס לעצטע צינדט זיך לעסאָף אָן, און באלד טאקע לאָזט זיך הערן א געשריי גאָר אין איין אָטעם, ערגעצ פון דער זייט דאָרט. דאָס שוועבעלע פארלעשט זיך, און גאָרנישט. איך טאפּ אין דער פינצטער, קריך ערגעצ אריין, און שלאָג מיך אפּ עמעצן עפּעס אָן. די האָר שטעלן מיר זיך קאפּויר, פרעגט מיך בעקיירעם, אפּ וואָס פאר א וועלט איך בין. בעקיצער, בא דער שיין פון דער אופגייענדיקער לע־וואָנע, דורך א קליין אויסגעשלאָגן פענצטערל, אין א פארשימלט ביידערל אָן א טיר, דערזע איך, ליגט איינער געבונדן, ווי א שאָף, מיט הענט און מיט פיס, איז, נעבעך, טויט, בלייך ווי די וואנט, קוים־קוים וואָס ער זשיפּעט. — גאָט האָט אייך געבראכט אהער, — זאָגט דער אומגליקלעכער פארשוין. — בינדט מיך גיכער אוף, ווארעם איך בין פארביי. די שטריק האָט מיר זיך איינגעשניטן אין דעם לייב, און עס ברענט מיך א טרונק... — ווער האָט אייך אזוי געפענטעט? — טו איך א פרעג, נעם באלד ארויס מיין מעסער און שנייד אופ די שטריק. — אין זיין טאטנס טאטן אריינגעפלויגן! —

שילט דער פֿאַרשוין, אויסגלײַכנדיק די ביינער. — אזא מאמזער, נאָטקע גאַנעוו! — וואָס, א גאַנעוו? — רופֿ איך מיך אָן, שאַרף אָנקוקנדיק דעם פֿאַרשוין. — יאָ, יאָ, אַלצדינג אין דער קאָרט! ערשט הײַנט נאָך האָט ער געגאַנוועט א פּאָר פֿערד. — איך שפּרינג אַזש אונטער הערנדיק אַזוינס. בקיצור, איך הייב אָן באַלד טאַקע דעם פֿאַרשוין אויסצופֿרעגן, זאָג סימאָנים, — און עס קומט אַלצדינג קלאָר אַרויס ווי בוימל אויפֿן וואַסער. בא יענץ פֿײַערל אין דעם וואַלד זײַנען דאָס געזעסן א גאַנצע כאָפּטע שלעפּערס, פֿײַנע־לײַט, איינער פֿון די שיינע נעפּאַשעס האָט זיך געלאָזט שפּאַצירן דאָרט און צוגענומען אונדזערע פֿערדלעך. איך דערגיי מיך דעם וועג, אויף וועלכן די שלעפּערס האָבן זיך געלאָזט פֿאָרן, און עס בלײַבט בא מיר, באַלד אָן שיעור, נאָך די גאַנאָווים זיך צו לאָזן. דער פֿאַרשוין פּרוּווט מיך אָפּהאַלטן, לייגט מיר שטיינער אויפֿן האַרצן: ער האָט מוירע, דער מאַמזער זײַנער איז א רוציייעך, מיט אים פֿאָרן נאָך בוידן פֿאַרשוינען, אַלע קימאַט אַזעלכע ווי ער. מיך אָבער האָט עס נישט געלאָזט רוען. בלײַבן אָן א פֿערד קען איך נישט. — ניין, ניין! איך מוז זיי דעריאָגן, עס מעג זיך זײַן, וואָס עס וויל. לאָזן שפּײַען זיך אין דער קאַשע קען איך נישט. א רעגע איז אַצינד טײַער: בלײַבט איר דאָ, רוט זיך אויס, בא מײַן צוריקקומען מיט די פֿערד, אימירצעשעם, נעם איך אײַך און מיר פֿאָרן ביידע פֿונדאַנען אַוועק. — אַזוי זאָג איך דעם פֿאַרשוין, צו וועלכן עס ציט מיר עפּעס שטאַרק דאָס האַרץ, נעם די פֿיס אויף די פּלייצעס — און לאָז מיך געשווינד אין וועג אַרײַן.

דאָס אַלטע ווילדע קרעטשמעלע שטייט אַרײַנגעדרוקט א ביסל אין וואַלד, בא דעם שליאַך, ווו עס טיילן זיך וועגן אין פֿאַרשידענע זײַטן. לינקס פֿאָרט מען קיין גלופּסק, קיין וואָלין, און רעכטס — אין שטעט פֿון פּאָדאָלער גובערניע. איך נעם מיך רעכטס. בקיצור, איך גיי נישט, נאָר איך לויף. אין קעאַס בין איך — א שרעק. איך וואָלט צעריסן דעם גאַנעוו, ווי א הערינג. עס פֿעלט מיר מער נישט צו די גוטע אייסאָקים, בלײַבן זיצן אין פֿעלד אָן א פֿערד, אָן א גראָשן געלט. נישטמער גאָרנישט. מײַנע פֿיס הייבן אָן זיך אָפּצוזאָגן פֿון דעם גיכן גאַנג, דער מאָגן וויל נישט וויסן פֿון קיין שום זאַך און מאָנט עסן. א קלײניקײַט עפּעס אַזא גרויסן טאָג אָפּצופֿאַסטן. שלעכט! עס עסט מיך דער געדאַנק: פֿאַרפֿאַלן די מי, אומזיסט דאָס לויפֿן! זיי, די שיינע נעפּאַשעס, זײַנען אַוועק א היפּשע צײַט פֿריִער פֿון מיר, און וואָס נאָך? זיי פֿאָרן, אַקעגן זשע איך גיי צופֿוס. עס שטאַרקט מיך נאָר איין האָפֿענונג: טאָמער וועט אָנלויפֿן עפּעס א כוירף. א גליק נאָך, וואָס די לעוואָנע שײַנט און מען קען כאָטש זען ווי אין העלן טאָג. בקיצור, איך גיי, שוין נישט אַזוי געשווינד מיט אימ־

פּעט ווי פריִער, אָבער איכ גיי, נעם מיר ארויס די אויגנ קוקנדיק. נישטאָ
קיינ לעבעדיק באשעפעניש. נישמער גאָרנישט, איכ טו מיר מײַנס, אלצ
ווײַטער, ווײַטער. נעם איכ מיכ צו עפּעס א זאכ, פארשטייט איר מיכ,
לאָז איכ עס אזוי גיכ נישט אָפּ. בעקיצער, דאכט זיכ, א קלאפּנ פונ רעד־
דער... אינ דער ערד מיטנ קאָפּ! אפּ צעשפּריינגעניש פּאָרט מענ גאָר מיר
אקעגנ, נישט אינ דער זײַט, וווהינ איכ באדארפ. איַ, א מאזל, מײַנ
פינצטער מאזל! — איכ ווענדע מיכ צו איינ פורל, צו דער אנדערער. אלע
זײַנענ שיקער־לאָט. אצינד, פארשטייט איר מיכ, ווער איכ שוינ גאָר מיִעס
אינ קאעס. אָבער ווי נאָכ אינ קאעס... אונ טו מיכ א לאָז ווײַטער מיט
אימפּעט. איכ בינ שוינ אָפּגעגאנגענ א היפּשע שטרעקע וועג, ס'איז שוינ
טאקע גוט שפּעט. אינ מיר איז נאָכ דאָ אלצ א האָפענונג, עס וועט מיכ
אָניאָגנ א פורל. אונ פונדערווײַטנס דאכט זיכ טאקע עפּעס פורלעכ, נאָר
אינ דער ערד מיטנ קאָפּ! ווידער טאקע מיר אקעגנ... ניינ! טראכט איכ,
הײַנטיקס מאָל לאָז איכ עס אזוי נישט אָפּ. דאָס לעצטע, וואָס בא מיר
געפינט זיכ, גיב איכ אוועק, אבי מענ זאָל מיכ אונטערפירנ. איכ טרײַב
מיכ אונטער, גיי מיט קוראזש, נאָר די פורלעכ דאָרט רירנ זיכ, דאכט
זיכ, נישט. שטייענ עפּעס אפּ איינ אָרט.

א הארצווייטעק נאָר, א צעשפּרינגעניש! נישמער גאָרנישט. בעקיצער,
צוקומענדיק נעענטער, דערזע איכ, דאָס זײַנענ בײַדלעכ. עס פאלט מיר
באלד אײַנ, עפּשער זײַנענ עס די פײַנע־לײַט. איכ האלט אײַנ דעמ גאנג,
גיי מיר שטיל, פּאמעלעכנ אונ טראכט, וואָס טוט מענ? בא דער זײַט וועג
ציט זיכ א וועלדעלע, — מײַנער ארײַנ אהינ, באהאלט מיכ צווישנ ביימער,
פונוואנענ איכ קוק ארויס אונ באטראכט די בײַדלעכ אקעגנ. יאָ, דאָס
זײַנענ מיט די אלע סימאָנימ זיי, זיי! איינ בײַדל ליגט אָנגעבויגנ צו דער
ערד, ארומ אימ א גאנצ פּעקל: מאנצבלענ, ווײַבער, יונג אונ אלט, קינד־
אונ־קייט, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע. דער האקט, יענער קלאפּט, איינער
גיט אייצעס, דער אנדערער פלוכט, זידלט, ווײַבער קווטשענ, אונ קינדער
שרײַענ, פּישטשענ. ס'איז א געשילטערײַ, א געבייזערײַ, א פּאטשערײַ, א
כאָרכלערײַ מיט א געוויינ אונ א געלעכטער אינאיינעמ. צווישנ דעמ ראש
הערנ זיכ קוילעס: שולדיק איז דאָס נײַע פערדל, פארברענט זאָל עס ווערנ!
אזא פליאגע! דעמ גאנצנ וועג האָט עס געצויגנ אלצ אינ דער זײַט, אפּ
צולאָכעס אלצ אינ דער זײַט... עפּעס א מארשלעפּטע קרענק, פייגערנ זאָל
עס! פּײַוועשקעס קאָשערע מעציִע, א כאָליערע אפּ אימ! — פּיסקאטשעס,
שטינק־מעסלעכ, קוליעס שטרוי אָנ הענט, אָנ אויגנ, גאָרנישט, — נאָר פּרעסנ,
דריכנענ! — זידלט זיכ איינער, א רויטער יונגאטש מיט ברייטע פּלייצעס, אונ
ווײַזט דערבײַ איטלעכנ א קולאק. איכ זוכ מיט די אויגנ אונ דערזע: אינ

די אָבעדריקעס מיט שלייעס שטייט אָפּגעשפּאנט בא דעם הינטערשטן ביידל איינער פערדל, ריעב מענדעלע! מען האָט אים, אפּאָנעם, מעכאבער געווען גיין אפּן דראָנזשיק. — איי, כאָבעם מיינער! — מאכ איכ פאר פרייד. — דו האָסט זיי אָנגעמאכט א גוטע כאסענע, נישקאָשע... ווו זשע איז ערגעץ מיין שלימאזלניצע? מיין שקאפּע, זע איכ, שטייט צוגעבונדן הינטער דעם דראָזיקן ביידל טאקע. איכ באטראכט מיין דרענגל, נעם ארויס מיין מעטער און לאָז מיכ אזוי שטילערהייט, ווי א קעצעלע, צום ביידל, בעשאס די כאָפּטע איז שטארק באשעפטיקט דאָרט מיט דער אקס, שנייד געשווינד איבער די שטריק, כאַפּ מיכ ארויפּ ריימענדיק און פאָר מיט ביידע טוטים אָן א זיי־געזונט אוועק. מיילע, גאָרנישט! באדארפּ גאָר, צו אלדי שווארצע יאָר, איינער פון דער כאָפּטע דערזען, מאכט א געפּילדער, און עס ווערט א קאָכעניש. דער רויטער יונגאטש, זע איכ, יאָגט העמדום־פּעמדום, און אָט־אָט דעריאָגט ער מיכ. מיינער שמייסט, טרייבט די פערד. זיי לאָזן זיכ הייַנטיקס מאָל נישט בעטן און לויפן ווי ווייט נאָר זיי קענען. דער רויטער איז שוין ווייטלעכ א ביסל הינטער מיר. באדארפּ מיין שקאפּע זיכ פארפּלאָנטען אין די שלייעס פון איינער פערדל, וועלכע איכ האָב אין איילעניש נישט אראָפּגענומען. זי פאלט, און עס ווערט אן איקעוו. דערווייל יאָגט אָן דער רויטער יונגאטש, אָנגעצונדן ווי א גאזלען, און ווארפט זיכ אפּ מיר ווי א כייע־ראָע. מיר ראנגלען זיכ מיט אלע קויכעס, שטום, נישט צו ריידן קיין וואָרט פאר גרויס קאעס. מיר ווילן איינער דעם אנדערן אומווארפן און פאלן ביידע, ארומנעמענדיק זיכ שטייפּ, אזוי אז די ביינער קנאקן. בעקיצער, מיר ארבעטן געשמאק: אָט בין איכ פון אויבן, דער רויטער אונטן, קוועטש, אזש דער רועכ נעמט אים; פלוצלים בייטן זיכ די יאָצרעס: ער פון אויבן און איכ אונטן. נישטמער גאָרנישט. איכ דערלאנג אים, פארשטייט איר מיכ, אין דער זיבעטער ריפּ, אין דער דיכ. ער שפּרינגט אונטער און בלייבט ליגן שטיל, ווי טויט. מיילע, גאָרנישט! דאָס איז געווען נאָר אן אָנשטעל. איכ לאָז אים אָפּ, און דאָס טאקע האָט ער געמיינט. ער באָברעט זיכ דערווייל שטיל און באקומט ארויס בא זיכ פון דער קעשענע א מעסער. — עהע, אזא באָכער ביסטו! — טו איכ א געשריי. גיב אים א זעץ איבער דער האנט, אזוי אז דאָס מעסער פאלט אים ארויס און פארפליט ווייט. ער נעמט זיכ צונויפּ מיט אלע קרעפטן, גיט זיכ א וואָרפּ אפּ מיר פלינק ווי א קאץ, דראפּעט מיר דעם האלדז און אָט-אָט שטעקט ער מיר אריין די פינגער אין גאָרגל. פלוצלים הערט זיכ פונדערווייטנס א גלעקל. דאָס מאכט אפּ אים א מוירע. ער איז דאָכ פאָרט א גאנעוו. — אייער טרייפן מאזל, — ברומט ער ווי א בער, — וואָס דאָס גלעקל! נאט אייכ זשע א מאטאָנע... ער טוט מיכ א טראכ אין קאָפּ און ווערט

פאַרשוווּנדן. איך שטיי באַלד אויף, כאַפּ מיך ווידער אַרום רײַטנדיק און פֿאָר מיר מײַן וועג. שפּעטער ערשט דערפֿיל איך דעם ווייטעק. טו מיך אַ טאַפּ, — בע, אַפֿן שטערן איז מיר אַ בײַל! נישמער גאָרנישט. מײַנס האָב איך אויסגעפֿירט. די פֿערדלעך, פֿאַרשטייט איר מיך, זײַנען בײַ מיר.

— בענטשט גוימל, וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט! — רופֿ איך מיך אָן און נעם אַלטערן אַרום פֿאַר פֿרייד.

— נישקאָשע! — מאַכט אַלטער. — לאָז דער רויטער דאָרט אויך בענטשן גוימל, וואָס אַ מעסלעס האָב איך גאָרנישט אין מויל געהאַט און בין גע־וועגן שטאַרק מיד. אָבער אונדזערע סוסים זײַנען דאָ.

— ווו זײַנען זיי, די ליבע אונדזערע? — פֿרעג איך, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זײַטן.

— האָט צײַט אַ ביסל, רעב מענדעלע, — ענטפֿערט אַלטער, — דער פֿאַרשוין, מיט וועלכן איך בין צוריקגעקומען, האָט געפֿירט די ליבע אָנ־טרינקען דאָרט אַראָפּ נידעריקער, ווו ס'איז דאָ אַ טײַכל און גוטע גראָז. זײַט רויק, נישקאָשע. ער גייט אָפּ זיי גוט אַכטונג. איך בין אויך נישט לאַנג געקומען. מיד, צעבראָכן, לוי-אַלייכעם, טו איך מיך אַ וואָרף אין בײַדל און דעק מיך איבער מיט דעם לאַנטוך, כאַפּן אַ דרעמל. נאָר קוים וואָס איך מאַך צו איינס אויג, קומט איר אָן, רעב מענדעלע, און געלויבט איז גאָט, וואָס מען זעט זיך געזונט... וואָס גייט איר עס עפּעס פֿאַרבונדן, רעב מענדעלע? האַ, די ציין?

— איר, רעב אַלטער, — זאָג איך, — איר זײַט געקומען פֿאַרבונדן דעם קאָפּ, מיט אַ בײַל, איך פֿאַרבונדן, אָן אַ פּייע, איר מיט אַ פֿאַרשוין, און איך מיט רעב כאַים־כאָנע, כאַיע־טרײַנעס מאַן. — שטעל איך אים צום צווייטן מאָל פֿאָר שוין מיט דעם גאַנצן טיטל.

אַלטער שטעלט אויס די אויגן, קוקט אויף מיר מיט אַ פֿרעג.

— וואָס הייסט? — מאַך איך שטאַרק פֿאַרוווּנדערט. — איר קענט נישט כאַיע־טרײַנען?

— מיילע, כאַיע־טרײַנע איז כאַיע־טרײַנע, — מאַכט אַלטער פֿאַרוווּנדערט צוריק. — אָבער די פּייע! וואָס געהערט זיך עס אָן מיט איינער פּייע?...

— אַ קרויווע, מײַן ווײַב געהערט זיך אָן אַ קרויווע... — רופֿט זיך כאַים־כאָנע אָן טאַמעוואַטע.

און ווי מיר שמועסן זיך דאָ אַזוי, זיצנדיק אויפֿן גראָז, ווײַזן זיך פֿונדערווײַטנס אונדזערע ליבן, העצקענדיק זיך, קלאָפּפּערשט ווי זיי לויפֿן. עפּעס האָט זיי אין מײַנע אויגן דאָס פּאָנעם זיך געענדערט פֿון נעכטן אָן. זיי פֿאַרײַסן די קעפּ מיט גײַווע, גלײַך ווי געראָדט: לאַך דיר, לאַך, פֿונדעסטוועגן האָט זיך אויף אונדז געפּוּנעט אַ באַלן, געהאַט שטאַרק כיישעק און אונדז

אוועקגעגאנוועט. נישקאָשע, מיט א שמאַטע אפנ פוס, מיט א רינענדיק אויג, פונדעסטוועגנ, אז מענ באַדאַרפ גיינ אפנ דראָנזשיק, גייט מענ, אונ אנ אקס אז מענ באַדאַרפ צעברעכנ, — קענענ מיר אויכ נישט ערגער פונ אנ־דערע. אז אָכ־אונ־ווײ איז אונדז נאָר, וואָס מיר זײַנענ ייִדישע. איר, רעב יידנ, זײַט זיכ נאָר מיסכײַעװ אײַערע פערד קעסט, אונ געבנ גיט איר זיי מאַקעס... — איכ דערלאַנג מײַנ פערדל, בעשאַס צוקומענדיק צו מיר, א קליינ זעצעלע איבער דער מאָרדע מיט א שמייכעלע: די שקאַצ איינער! —

באַלד דערויפ קומט אויכ צו אלטערס פּאַרשוינ. איכ טו א בליק אונ לאָז אַרויס אפ א קאָל, א פּאַטש געבנדיק ביידע הענט:

— פישקע! מענ זאָל געווענ דערמאָנענ מאָשיעכנ, וואָלט ער געקומענ.

— יענער פישקע? פונ וועלכנ איר האָט מיר דערציילט? — פרעגט אל־טער זייער פאַרוווּנדערט.

— יאָ, יענער, דער פונ דער באָד. — נו, שאָלעמ־אַלייכעמ, פישקע!

— איכ האָב אײַכ, רעב מענדעלע, אויכעט דערקענט, — זאָגט פישקע, אָפּשטעקנדיק מיר צוריק א שאָלעמ־אַלייכעמ.

— אײַער פישקענ קומט א דאַנק, — מאַכט אלטער צו מיר. — ווענ נישט ער, וואָלטנ מיר אונדזערע פערדלעכ געזענ ווי אונדזערע אויערנ.

— ווענ נישט רעב אלטער, — מאַכט פישקע אויכ צו מיר, — וואָלט פישקע א מיסע־מעשונע אײַנגענומענ.

— איכ האָב שוינ געהערט, געהערט, — רופ איכ מיכ אָנ. — זאָג בעסער, פישקע, פונוואַנענ האָסטו זיכ אהער גענומענ?

— ס'איז א לאַנגע מײַסע, — ענטפערט פישקע, אוועקערנדיק דעמ קאָפּ אינ דער זײַט.

איכ שטיי א רעגע אונ באַטראַכט פישקען. ער איז, נעבעכ, נאַקעט אונ באָרוועס, מיט געשוואָלענע, פאַרבלוטיקטע פיס, פאַרברענט פונ דער זונ, אונ דאַר ווי א צוים-שטעקל, נאָר הויט אונ ביינ. דאָס האַרצ האָט געריסנ, קוקנדיק אפ אימ. ער האָט געמוזט, נעבעכ, גענוג צאָרעס אויס־שטיינ. איכ נעמ אימ בײַ דער האַנט אונ זאָג:

— דײַנ מײַסע, פישקע, וועלנ מיר שפּעטער הערנ. עס וועט נאָכ זײַנ צײַט. אַצינד רו זיכ א ביסל אויס דאָ מיט אונדז.

## 12

פאַר א ייִדישנ באַל-לאָשנ וואָלט געווענ גענוג מאַטעריאַל אפ אָנצו־שרײַבנ א שיינעמ פיזמענ פונ אונדז אלע, דענסטמאָל אינ יענעמ שיינעמ פרימאָרגנ. ס'איז דאָ צומ פיזמענ פיר באַווײַבטע ייִדנ, ווי זיי ליגנ זיכ צעשפּיליעט אפנ גרינעמ גראָז, האָבנ האַנגאָע אונ שווײַגנ. אויכ א זונ מיט

שטראלנ, הימל, נאטור, טוי־טראָפנ, שפילפייגעלעכ אונ פערדלעכ, איינס שענער פונעמ אנדערנ. דערצו וואָלט ער דאָכ געמעגט געבנ א גמילעס־כעסעד עפעס פונ זײַנס אויכ: א טשערעדע שאָפ, וואָס פיטערנ זיכ אפנ געמייזעכצ, א קלאָר רינענדיק וועסערל, ווי „אינדנ טוענ צעברעכנ זייער דאָרשט”, אונ אונדז — פײַפעלעכ אינ מויל, אפ וועלכע מיר שפילנ אונ שאלנ, ווי די פאסטעכער, א ליבּ־ליד דער געליבטער קאלע אינ שיר־הא־שירים. טאָרבעס איז דאָ בא אונדז, באָרעכהאשעמ, אייגענע, נישט צו באדארפנ זײַנס. בא אימ בלײַב עס... נאָר אָבער — אד קאנ! בילדאנענ! ווײַטער, רעב ייִד, רוקט זיכ נישט! צו מיר אינ דער נעשאָמע ארײַנקריכנ, ארײַנלייגנ דאָרט אײַערע כאָכמעלעכ, פוילע פשעטלעכ — דאָס איז נישט פאר אײַכ. דערופ איז שוינ דאָ פאר אײַכ אנדערע ערטער... מײַנע געדאנקענ גיב איכ איבער בעסער אליינ.

פאָשעט איז פאָשעט. איכ ליג מיר בעקומפאניע צעלייגט, קוק מיט א פאָר אָפענע אויגנ אונ האָב זיכ מעשונגע האנאָע. וואָס? גאָרנישט. עפעס איז מיר גוט אפנ הארצנ גלאט אזוי אָנ ווערטער. דאָס צוטרימקענ מײַנס דערבײַ איז אויכ נישט מיט א קאוואָנע צו געבנ קאָנצערט אָדער צו שארפנ די קיילע, נאָר גלאט אזוי זיכ א טרימ־ברימ, ברימ־טרימ... אזוי געוויינטלעכ טרימקעט א ייִד אָנ ווערטער, אָנ א שומ געדאנק, ווענ די דײַגעס־האפארנאָסע לאָזנ אימ א ביטל נאָכ. אזוי געוויינטלעכ טרימקענ קומפאניעס ייִדנ, איטלעכער פאר זיכ, אפ זײַנ שטייגער, בעשאס זיי שפאצירנ זיכ יאָמטעוו אָדער שאבעס נאָכנ קוגל אינ די כאלאטלעכ, דרייענדיק דערבײַ א טייל — די קוטאסנ, די שפיצנ בערדלעכ, אונ א טייל פארלייגט די הענט אהינטנ.

כאיִמ־כאָנע מײַנער טרימקעט אויכ מיט א שײַנענדיק פאָנעמ. דערנאָכ גיט ער זיכ פלוצלימ א שטעל אופ, נעמט זיכ באמ בערדל, באלעקט זיכ אונ מאכט צו מיר אזוי:

— נו, רעב מענדעלע! שוינ צײַט, מיינ איכ, צײַט פאָרנ. הא?

— איר ווילט שוינ פאָרנ אהיימ? — רופ איכ מיכ אָנ אונ שטיי אויכ אופ. — נו, פאָרט געזונטערהייט!

— וואָס הייסט? — קוקט כאיִמ־כאָנע אפ מיר שטארק פארווונדערט. — אונ איר, רעב מענדעלע, איר וועט דענ מיט מיר נישט פאָרנ? עפעס האָט מענ דאָכ גערעדט, עפעס...

— ווי קענ איכ, — ענטפער איכ, ווײַזנדיק אפ די אלע לײַט מײַנע.

— מיר בעטנ, מיר בעטנ! — מאכט כאיִמ־כאָנע. — לאָזנ זיי אויכ פאָרנ. מײַנ כאיע־טרײַנע מאכט הײַנט וואַרעניקעס. עס וועט פאר איטלעכנ גענוג זײַנ וואָס צו עסנ, וואַרעניקעס.

— אַ שיינעמ דאנק! — פאַרבייג איכ מיכ. — נישטאָ קיינ צײַט. מענ מוז אינ זינענ האָבנ עפעס פאַרנאָסע. גריסט אײַער ווײַב גאָר פרײַנטלעכ.

— גאָט איז מיט אײַכ, רעב מענדעלע! מײַנ ווײַב וועט מיכ הארג... — כאיִמ־כאָנע האָט געוואָלט זאָגנ „הארגענענ", נאָר ער האָט זיכ פארכאפט אונ אויסגעלאָזט שטארק צעטראָגנ: — וועט מיכ אינ שטוב נישט ארײַנלאָזנ, מײַנ ווײַב, אָנ אײַכ. מײַנע האָט מיט מיר הײַנטיקע נאכט איבערגעשמועסט דעמ אייסעק... פארשטייט איר מיכ? זי ריכט זיכ דאָ אזוי אפ אײַכ, כאסיע־גרונע מײַנע אויכ... פארשטייט איר?

— איכ פארשטיי, פארשטיי. עס מוז אָבער געדולד זײַנ א ביסל. מײַנ ווײַב וועט מיכ אויכ הארג... אינ שטוב נישט ארײַנלאָזנ, מיינ איכ, ווענ איכ זאָל מיט איר נישט איבערשמועסנ דאָס אייסעק. פארשטייט איר מיכ? וואָס קענ מענ טאָנ, רעב כאיִמ־כאָנע?

כאיִמ־כאָנע איז געבליבנ שטיינ ווי אויסגעפאטשט. מענ האָט געזענ, ווי עס טריפט אימ דאָס בלוט. דאָס פאָנעמ האָט אימ זיכ פארענדערט.

— טוט מיר די טויווע, קומט! — מאכט ער מיט א געבעט. — ווענ נישט, גיט זשע מיר כאָטש א בריוועלע צו כאיע־טרײַנענ, א געשריפטס. מיר אליינ וועט זי נישט גלייבנ. מיכ באשולדיקנ, וועט זי מיכ, אז איכ בינ א שלימ־שלימ... וועט... וועט... פארשטייט איר מיכ? שרײַבט איר אָנ עטלעכע ווערטער, דער רעבע וועט עס איר איבערלייענענ. איכ בעט אײַכ.

איינ ברײרע: מענ מוז ראטעווענ א נעפעש. ס'איז אפילע א גרויסער יוישער אזא מאנ גוט מעקײַעמ־פסאק צו זײַנ. נאָר לאָז ער כאפנ א פאטש נישט דורכ מיר. איכ נעמ פונעמ רענצעלע מײַנעמ אינ בײַדל ארויס א בלײַ־פענ, רײַס אָפ פונ א סידער דאָס איבערשטע ליידיקע בלעטל, שפאר מיכ צו צו דער קעלניע אונ שרײַב די דאָזיקע ווערטער:

„להנגידה המפורסמת שאר־בשרי, הצנועה מרת חיה־טרײַנע, זאָל לעבנ אונ געזונט זײַנ, אָמיינ.

הנה, זײַט וויסנ, אז געלויבט האשעמ־יִטבאָרעכ, איכ בינ בעקאוו הא־בריִע, געזונט אפ אלע אייוורימ. גאָט באָרוכ־הו זאָל נישט אָפטאָנ דעמ כעסעד זײַנעמ פונ אונדז אויכ אפ ווײַטער, מיר זאָלנ הערנ אײַנגיכנ יעשועס ווענעכאָמעס איינער פונעמ אנדערנ אינ גרויס נאכעס, אוישער אונ קאָוועד מיט א גרינג געמיט, אָמיינ סעלאָ... אײַערע קינדערלעכ, זאָלנ מײַריכ יאָמימ וועשאָנימ זײַנ, גריס איכ גאָר פרײַנטלעכ, וביפראט לבתכם הכלה הבתולה מרת כאסיע־גרונע־לעב, בעט איכ לעמאנהאשעמ צו גריסנ גאָר פרײַנטלעכ.

ווײַטער בינ איכ אײַכ מודיִע, אז האסכוירע האָב איכ, געלויבט איז זײַנ ליבער נאָמענ, געטראָפנ גאנצ אימ האבײַדלעכ אפ זייער אָרט. ווע־

האשיינים בינ איכ מוידיע, אז האסוסימ האָבנ זיכ אופגעזוכט. רעב אלטער
יאקנעהאָז האָט זיי פונ גאנאָווימס הענט מאצל געוועג. דאָ האָבנ זיכ גע־
מיט נאָר זכוס־אָוועס. גרויסע ניסימ איז אונדז באשײַמפערלעכ געשענ. מיר
זײַנענ גאָר אזויפיל נישט ווערט דעמ אייבערשטנס כאסאָדימ. בעלכם נ״י
וועט אײַכ איבערגעבנ כל דבר שורש, — מענ מעג אזוינס אינ די קראָ־
ניקעס שרײַבנ.

איכ בעט אײַכ מעכילע, כאיע־טרײַנע, ווי אנ אייגענע מוטער, וואָס
איכ נעמ מיכ אונטער צו זײַנ פאר אײַכ א מייליץ־יוישער אפ אײַער בעלכם,
וואָס האָט, נעבעכ, גרויס שרעק אונ אגמעסנעפעש דערפונ, וואָס איכ פאָר
היום נישט צו אײַכ, לויט דעמ מדובר. האָט אפ אימ ראכמאָנעס, לאָז ער,
נעבעכ, נישט האָבנ אָפגעשניטענע יאָרנ אונ באשטראָפט ווערנ דערפאר,
וואָס איכ האלט נישט וואָרט אונ קענ נישט, קעפּי המדובר, צו אײַכ היום
קומענ. אפ אײַער בעלכם איז, כ'לעבנ, א צארבאלעכאימ! ער האָט פאר
מיר פּאָשעט געכאלעשט, מצדו אײַנגעלייגט די וועלט, אָפגעלויבט אינ טאָג
ארײַנ אײַכ וביפראט בתכם הכלה המושלמת, וועלכער איכ גריס גאָר פרײַנט־
לעכ. האקלאל, ער האָט מצדו געטאָנ, וואָס א מאנ אונ א געטרײַער טאטע
באדארפ צו טאָנ... פארשטייט איר מיכ? אונ נאָכאמאָל טאקע פארשטייט
איר מיכ? — ער האָט מיר אפילע געדרייצט דעמ יעיצערהאָרע מיט ווארע־
ניקעס אונ מיט נאָכ גוטע זאכנ. נאָר פארנאָסע איז בילכער פונ אלצדינג.
מענ מוז צוליב דעמ שטיקל פארנאָסע פארבייגנ אפילע ווארעניקעס. ווע־
האשיינים, האָב איכ דאָכ עפּעס א זוגאָס י, איר פארשטייט דאָכ, פאר־
שטייט איר מיכ, וואָס איכ מיינ... אינ אזעלכע זאכנ פארשטייט איר?..
וואָס איז דענ א מאנ אָנ א זוגאָסוי? איכ האָפ צו דעמ, וואָס לעבט
אייביק, אז מיר וועלנ בעלי־נעדער זיכ נאָכ זענ אונ אימירצעשעמ אינ
כריידנ אָפּעסנ בא אײַכ ווארעניקעס אונ עפּשער נאָכ לעקעכ אויכ... פאר־
שטייט איר מיכ. דערווײַל זאָל בעלכם, נעבעכ, נישט לײַדנ. א צארבא-
לעכאימ!..

איכ שיק אײַכ דאָ מיט בעלכם א מאטאָנע: א „תחינה חדשה על
הפרנסה", „טכינעס צו ליכטבענטשנ, צו ראָש־כוידעש־בענטשנ", „תחינות
אמהות שרה רבקה רחל ולאה", „גאָר א שפּאָגל־נײַע טכינע פאר קאפּאָרעס־
שלאָגנ", גמ שיק איכ אײַכ דעמ „מעין טהור", וואָס איטלעכע אישע בא־
דארפ דריגענ זײַנ באָקי אונ שטארק היטנ די אלע דינימ דאָרט, ווי זיכ
נויהעג צו זײַנ. איר וועט דערפונ גרויס טײַנעג האָבנ. אײַער בתכם הכלה
הבתולה וועט דערפונ אויכ מעשונע האנאָע האָבנ.

כאיע־טרײַנע! איכ האָב צו אײַכ א באקאָשע. אז די וואנצנ שלכם
האָבנ מיכ, נישט הײַנט געדאכט, נעכטנ געפּײַניקט, האָב איכ ארויפגעכאפּט

פונ מיר האוואָלענע זאָקנ שלי, די ברעטלער, אונ זיי אינ אײַלעניש בא אײַכ אפנ טאפטשאנ פאַרגעסנ. זוכט זיי, זײַט מויכל, אופ, אונ לאָז בעלכם זיי טראָגנ געזונט. א מאַטאָנע פונ מיר. — זײַט מיר געזונט אונ גריסט נאָכאמאָל אײַערע ליבע קינדערלעכ. גם אײַער בתכם הכלה־לעב אויכ גאָר פרײַנטלעכ. פארגעסט לעמאנהאשעם אולעמאנהאשעם נישט מיקויעכ אײַער בעלכם. בעלכם האָט, נעבעכ, א שווער, ביטער געמיט. האבײַטש שלי, וואָס איכ האָב פארגעסנ בעהאָלקערף שלכם, גיב איכ בעמאַטאָנע דעם רעבנ, זי וועט אימ צוניצ קומענ... פונ מיר, וואָס גריסט אײַכ אונ אײַערע קינדערלעכ איטלעכנ באזונדער אונ בתכם הכלה־לעב אויכ באזונדער. הקטון מענדעלע מויכער־ספאָרימ״ [1].

אז איכ האָב איבערגעלייענט דעם דאָזיקנ בריוו כאיע־טרײַנעס מאנ, איז ער געווענ איבערגליקלעכ אונ גאָר אָנגעקוואָלנ פונ דעם זיטנ לאָשנ. בא איטלעכס וואָרט האָט ער זיכ א פאטש געגעבנ אינ דעם שטערנ פאר גרויס וווּנדער, ווי א מענטש קענ אזויגס אָנשרײַבנ, מאכנדיק דערבײַ: אוי, מעכײַעדיק לאָשנ!.. אוי, לאָשנ, צוקער־זיס, ווי איכ בינ א ייד!.. מיר האָבנ זיכ ווײַטער שײנ געזעגנט, אונ ער איז מיט א גרינג האַרצ אוועקגע-פאָרנ.

13

אזוי ווי איכ אונ אלטער זײַנענ געווענ ביידע שרעקלעכ מיד אונ צע-בראָכנ פונ נעכטיקער נאכט, דעריבער איז בא אונדז געבליבנ כאפנ א דרעמל אונ אויסרוענ זיכ א ביסל אקעגנ א פאָר שאָ, דערנאָכ וועלנ מיר זיכ לאָזנ פריש אינ וועג העט ביז אינ דער נאכט ארײַנ. פישקע האָט אפ זיכ גענומענ אכטונג צו געבנ דערווײַל אפ די פערד אונ אָנגרייטנ עפעס צו מיטאָג. „איכ, — אזוי זאָגט ער, — האָב די נאכט, נאָכ דער מײַסע מיט מיר, געשמאק געשלאָפנ ווי נאָכ א באָד. רעב אלטערנ, בא זײַנ צוריק־קערנ זיכ, איז שווערלעכ אָנגעקומענ, איידער ער האָט מיכ דערוועקט״. — אלטער לייגט, אפ מײַנ באקאָשע, דעם קאָפ זײַנעם אנידער צו מיר אפנ שויס. איכ נעמ א מעטער אונ קוועטש מיט דעם קלינגל אימ אָפ דעם בײַל אפנ שטערנ. דערנאָכ גענעצנ מיר, קנאקנ אויס די ביינער, גייענ אונ לייגנ זיכ אינ שאָטנ אונטער א בוים.

ווענ נישט די זונ זאָל געווענ פונ דער פוטערפאס ארויסשיקנ אירע ברענענדיקע שטראַלנ, וואָס האָבנ אונדז געבראָטנ, וואָלטנ מיר געקענט אזוי

1 די פאָנעטישע טראנסקריפציע פונ די ארײַנגעמישטע העברייִשע ווערטער אינ דעם בריוו — זע קאָמענטארנ אינעמ סאָפ פונ דעם באנד. — ר ע ד.

ביז נאָך האַלבן טאָג אָפּשלאָפן. אופעפענענדיק די אויגן, דערזעען מיר נישט ווײַט פון אונדז ברענט א פריילעך פײַערל, בא וועלכן עס קאָכט זיך א טעפּל קארטאָפלעס, צוגעדעמפּט מיט ציבעלע און מיט א יידישער דארע קישקע. מיר נעמען צו ביסלעך בראַנפן און זעצן זיך באלד עסן מיט אפּעטיט. מיר לויבן אָפּ פישקעס קאָכן אין טאָג אריין. עס האָט דעם יידישן טאַם, דער מאַלכעס מעג זײַנע קארטאָפלעס עסן. און ער קוועלט גאָר אָן, צווינטשעווענדיק אונדז: עסט געזונט, זאָל אײַך וויל באקומען!

— פונוואַנען, פישקע, — טוען מיר אים א פרעג, — האָסטו עס אויסגעקראַצט א יידישע דארע קישקע? פון אונדזערע קארטאָפלעס און ציבעלע האָט דאָך געקענט זײַן נאָר פיש-קארטאָפל.

— פונוואַנעט, פרעגט איר, א יידישע דארע קישקע? — ענטפערט פישקע. — פונעם טאָרבע! ס'איז מיר גראָד געראָטן מײַן טאָרבעלע צו באהאַלטן פון דעם מאַמזער, פארכאַפּט זאָל ער ווערן!

— דערציילט, פישקע, — בעטן מיר אים, — וואָס איז אזוינס מיט דיר געשען?

— עט! — מאַכט פישקע מיט א זיפץ. — ס'איז פיל צו דערציילן, ווייער א לאַנגע מײַסע.

— דער טאָג איז גרויס, צײַט איז בא אונדז, באָרעכהאַשעם, דאָ צו הערן דײַן מײַסע. קומט שפּאַנען! — זאָגן איך צו אלטערן, — מיר וועלן זיך פאָרן, און פישקע וועט אונדז אפּנ וועג דערציילן.

אז די ביידלעך זײַנען שוין געשטאַנען געשפּאַנט, פארבעט איך דעם אוילעם צו מיר אפּן וואָגן. אלטער אָבער פארבעט אונדז צו זיך. — בא מיר, — זאָגט ער, — איז גערוימער, נישט אזוי אָנגעפּאַקט מיט סכוירע. — איך מאַך א פשאָרע: לאָז זײַן א ביסל בא אים אפּן וואָגן און א ביסל בא מיר.

## בא אלטער יאקנעהאָז אפּן וואָגן

— נו, הײַדא, פישקע! ארויס מיט דער שפּראַכע, — בעטן מיר אים נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אפּ אונדזערע ערטער און געפּויעלט בא אונדזערע פערדלעך, זיי זאָלן זיך רירן פונעם אָרט. פישקע אָבער קווענקלט זיך, האַלט אראָפּגעלאָזן די אויגן און ברעכט די פינגער.

— ווייס איך?.. איך שעם מיך עפּעס, כ'לעבן. גלאַט נעם און דערצייל! אז איך קען נישט. עפּעס פריקרע, כ'לעבן.

איך גיב פישקען אונטער כיישעק. אלטער פון זײַן זײַט שמועסט אים אײַן אזוי:

— ס'איז נאָר הארב, נארעלע, דער אָנהייב. אבי נאָר דאָס ערשטע וואָרט, — גייט עס שוינ דערנאָכ ווי א מיזמער. איכ ווייס עס טאקע פֿונ מיר אלײנ. מײלע בעקיצער, וואָס מאכט עס אויס? ווערסט אלײנ, נארעלע, דערנאָכ זענ, ס'איז גאָרניש... מײלע, האָסטו, פּישקע, כאסענע געהאט, פֿארשטײסטו מיכ, מיט דער בלינדער יעסוימע, נו? גאָרנישט. ווײסנ מיר עס שוינ. בעקיצער, וואָס זשע איז וויַיטער?

— וויַיטער? אינ איר טאטנ אונ אינ זיַינ טאטנס-טאטנ א רועכ אריַינ־געפֿלויגנ! — שיסט פּישקע אויס מיט אימפּעט אינ אײנ קאַעס, — זיי האָבנ עס מיר אָפּגעטאָנעט אפֿ טערקיש.

— נו, נו, נו! — טריַיבנ מיר אָנ פּישקענ, וואָס האָט נאָכ דעמ אימפּעט זיכ באלד אָפּגעשטעלט. פּישקע עפֿנט ווידער א מויל אונ הייבט אָנ שוינ ניט מיט אזא היצ ווי פֿריִער:

— ...אוי, א שײנע וויַיבעראָ!.. נאָכ דער כאסענע האָבנ מיר גאָר נישקאָשעדיק געלעבט. ווי א יִדיש פֿאָרפֿאָלק באדארפֿ צו לעבנ. איכ האָב, דאכט זיכ, אקעגנ מיַינ וויַיב געננוג יויצע געווענ. הערט איר, ייִדנ, זאָל מיר אָפּדארנ דאָס מויל, אויב איכ זאָג איַיכ א ליגנ! אלע טאָג אינדערפֿרי פֿלעג איכ זי, ווי עס געהער צו זיַינ, ארויספֿירנ אפֿ איר אָרט, נעבנ דעמ אלטנ בעסוילעמ, וואָס דאָרט איז דער שטײגער אירער געווענ צו זיצנ אפֿ א ביסל שטרוי אונ בעטנ נעדאָוועס מיט א ניגנ פֿונ די קינעס, וועלכער עס האָט אימלעכנ גערירט בא דעמ הארצנ. עטלעכע מאָל אינ טאָג פֿלעג איכ איר צוטראָגנ אהינ, דאָס — א טעפּל געקעכצ, דאָס — א הייסע באבקעלע, א זויערע אוגערקע, א קיסליצע. נא, קוויק זיכ! זי זיצט דאָכ די גאנצע צײַט אָפּעט אפֿ אײנ אָרט אונ איז שטארק פֿארטראָגנ אינ דער פֿארנאָסע. פֿיל מאָל פֿלעג איכ מיר גלאט אזוי קומענ געוואָר ווערנ, וואָס מאכט זי, אויכ אונטערהעלפֿנ איר א ביסל אינ דעמ פֿידיענ: ארויסגעבנ אײנעמ, דעמ אנדערנ רעשט פֿונ א דריַיער, פֿונ א זעקסער; דערמאָנענ זי אינ אלטע כויוועס פֿונ באלעבאטימ, וואָס האָבנ איר פֿארביַיגײענדיק ניט געסילעקט באלד ביִמזומאָנימ, נאָר אָפּגעלײגט אפֿ שפּעטער; אָדער אָפּטריַיבנ א קו, א ציג, וואָס זיי האָט זיכ געגלוסט, אפֿ זײער שפּאציר אינ די גאסנ, ארויסכאפּנ איר פֿונ אונטער דעמ געזעס א פֿול מויל מיט שטרוי. אינ כוידעש עלעל האָב איכ זי געפֿירט אפּנ גרויסנ יארִיד, ארויס פֿונ דער שטאָט, דאָרט אפֿ דעמ בעסוילעמ. זי האָט עס געמאכט ניט ערגער פֿונ דעמ איבעריקנ פּעקל קלײקוידעש דאָרט: שאממאָסימ, שאמעסטעס, כאזאָנימ, זאָגערנס, מע־קאבלימ, טילימ-זאָגערס, גאבעטעס, קנײטלעכ-לײגערנס, פֿעלד־מעסטערנס, ווײנערנס אונ קלאָגערנס. אָט אזוי האָט זיכ עס געמאָלקנ, ייִדישע קינדער!

ס'איז געווען נישקאָשע פונוואַנעט צו לעבן. נאָר אז ס'איז גוט, וויל מען נאָך בעסערס, אז מען האָט ברויט, וויל מען קוילעטש.

— ווייסטו וואָס? — הייבט מײַן ווײַב אָנעט מיר צו זאָגן. — אזעלכע מענטשן ווי איך און דו, אזא פאָרפאָלק ווי מיר ביידע, וועלן אף דער וועלט פארפאלן אָסער נישט ווערן. אין אונדזער ברויט זײַנען אונדזערע כעסרוינעס גאָלע מײַלעס. בא אנדערע אין די הענט אזעלכע זאָלן אײַנשטיין, וואָלטן זיי א גליק געמאכט. מיר ביידע זײַנען גרויסע שלימאזלניקעס און טוען נישט דאָס, וואָס מען באדארף. אָט פאָלג, כ'לעבן, א ווײַב, א ביסל עלטער, געניטער פון דיר. נעם, פישקע, פיר מיך ארויסעט אף דער ליכטיקער וועלט, צווישן לײַט, אין יענע מעקוימעס ארײַן, וועסטו זען, געדענק מײַנע ווערטער, אז מיר וועלן גיין אין גאָלד. דאָ אף דעם פלאַץ איז שוין קימאט גאָר נישטאָ וואָס צו טאָנעט. מען זיצט אמאָל אָפעט א לאנגע צײַט, ביז איינער דערבארעמט זיך און גיט א גראָשן. לײַט דערציילן עס א ביסל פון דעם גרויסן גליק, וואָס לעקיש, דער כאָליערע־כאָסן, האָט אין דער וועלט מיט פערלען זײַן ווײַב געמאכט. זיי האָבן באלד נאָך דער כאסענע זיך אוועקגעלאָזט, און דאָס מאזל, אָן אײַנהאָרע, גייט זיי! מאָטל מעקאבל האָט מיט זיי אין קישינעוו זיך באגעגנט, ארומגייענדיק אין די הײַזער. זייערע טאָרבעס, דערציילט ער, זײַנען פול אָנגעשטאָפט מיט אלעם גוטן: מיט שטיקער קוילעטש, גרעסערע, ווי מען גיט דאָ דעם שאבעס-גאָי, מיט מאמאליגע, מיט געווייכערט שאָפנפלייש, מיט דארע קישקעס און קאָדע. פערלע שײַנט ווי די ליכטיקע זון. ס'איז איר אין פּאָנעם נישט ארײַנצוקוקן. זי איז פעט, דיק און ברייט, מיט פיסקעס, גאָר א גראפינינע. גלופסק וויל זי מער נישט קענען, מען זאָל איר עס אפילע שענקען... מענטשן, וואָס קומען פון אדעס, קענען זיך גאָר נישט אָפּוווּנדערן פון דעם גליק, וואָס יאָנטלען, דעם אנדערן כאָליערע־כאָסן, האָט געטראָפן. זיי האָבן אים געזען זיך רוקנדיק דאָרטן אפן געזעס צווישן די קלייטן, און גאָט שיקט אים צו. ער מאכט עס גאנץ גוט. דער אוילעם קען אף אים זיך גאָר ניט זאט אָנקוקן. אדעס, זאָגן זיי, האָט דאָך עפעס געווען קאליקעס, ווו ערגעץ אין דער וועלט א קאליקע — רײַסט זיך אהין אָפעט, און מען איז שוין מיט אזעלכע געוווינט. נאָר ווי קומען זיי אלע צו גלופסקער! אזעלכע, ווי גלופסק גיט ארויסעט, קען ענגלאנד אפילע אויך נישט ארויסגעבן. גלופסק, אזוי דערציילן מענטשן, קלינגט אין דער וועלט. אף א גלופסקער יידן לויפט מען קוקן, ווי אף א בייז־ווונדער... אונדז, כ'לעבן, וועט גאָט אויך נישט פארלאָזן. אָט, קאָלזמאנ ס'איז נאָך זומער, קום, לאָמיר זיך אוועקלאָזן. הײַע נישט, א טאָג, כ'לעבן, איז אויך אן אווײַרע.

מײַן װײַב האָט מיר געמאַכט אַ יעיִצערהאָרע, און מיר האָבן זיך אװעקגעלאָזט.

װאָס זאָל איך אײַך זאָגן, ייִדן, ניִשט [צו] פֿאַרזינדיקן, ס'איז אונדז געגאַנגען זײער גוט. אין װעלכן דאָרף, אין װעלכער שטאָט מיר זײַנען געקומען, האָבן מיר אױסגענומען. איטלעכער האָט אױף אונדז געקוקט, קײנער האָט אונדז ניִשט אָפּגעזאָגט. דער העקדעש איז פֿאַר אונדז געװען אומעטום, הײַזער — װי פֿיל דאָס האַרץ גלוסט, גײ אַהין און נעם, און קעשענע, און בוזעם און אין דער טאָרבע. דער שאַמעס פֿון דער שול פֿלעגט געמען עטלעכע גראָשן און אונדז געבן דערפֿאַר פֿלעטן אױף שאַבעס טאָמיד אין אײן הױף. מײַן װײַב האָט מיט מיר געלערנט הילכעס-אָרעמאַן. איך בין דרינען געװען נאָך גאָר אַ פּריץ און ניִשט געװוּסט רעכט די דינים פֿון אַרומגײן אין די הײַזער. מײַנע אָבער איז אין די זאַכן געװען אַ װוּיל-קענעװודיקע מיט אַלע אָפּשניצלעך. זי האָט מיך אַלץ געלערנט, װיִאַזױ מען באַדאַרף אַרײַנקומען אין אַ שטוב, װיִאַזױ מען באַדאַרף קלאָמפּערושט קרעכצן, הוסטן און װאָס פֿאַר אַ ראַכמאָנעס-פּאָנעם מען באַדאַרף מאַכן דערצו; װיִאַזױ מען באַדאַרף אַ נעדאָװע בעטן אָדער מאָנען, זיך דינגען און צו־טשעפּען זיך װי אַ זלידנע; װיִאַזױ מען באַדאַרף צװוּינטשעװען, אָדער שילטן, פֿלוכן טױטע קלאָלעס. איר מײנט, עפּעס אױף גלאַט נעמט מען זיך און מען גײט אין די הײַזער? נײן! דאָס איז אַ גאַנצע טױרע. באַ ייִדן אַ נאָגיד צו װערן איז גענוג נאָר מאַזל. אױעס, פֿאַרשטאָפּטע אױגן און דעס־גלײַכן, דאָס קומט שױן שפּעטער פֿון זיך אַלײן מעמײלע. אָבער אַ ייִדישער אָרעמאַן צו זײַן, טאַקע װאָס אָרעמאַן הײסט, איז מאַזל אַלײן װײניק. ער מוז קענען און װיסן אַ סאַך זאַכן, װאָס זײַנען שטאַרק נײטיק צום אײסעק. ער באַדאַרף קענען די שפּיל און אַרײַן אין דער גאַרגערעס אַזױ, אַז יענער מוז געבן, ער זאָל אַפֿילע אַ מיסע־מעשונע אײַנעמען.

איך מיט מײַן װײַב זײַנען מיר געװען פּוס־אָרעמעלײַט. — איר קוקט מיך עפּעס אָן, מײַנע ליבע ייִדן, װי אײַך איז עפּעס שטאַרק קאָשע, — לאָזט זיך דינען, זײַט מױכל! אַז איך האָב שױן אָנגעהױבן צו דערצײלן, װעל איך געבן צו פֿאַרשטײן אײַך, װי װײַט איך קען, דאָס אױבעט. די אָרעמעלײַט װערן, װי די סאָלדאַטן, אײַנגעטײלט: אין פּ י ע ש ע... װאַרט נאָר, װאַרט, עפּעס איז דאָ אַ פֿאַרדרײעניש פֿון הונדערטער סאָרטן, אַ פּלאָנטעניש פֿון שװערע נעמען און צונעמענישן. אָרעמעלײַט, װאָס דראָלן, הױלעכן מיט די ראַגלאַים... דער שװאַרציאָר זאָל זײ װיסן! אָרעמעלײַט װי מיסט, עפּעס אַזױנע און אַזױנע, קאַפּצאָנים דאָ און דאָרט, עװױנים, דאַלפֿאָנים מיט אַלע פּײרושים, שלעפּערס אין דער װעלט, בעטלער, באַטלאָנים, מע־

קאַבלימ און טעלערלעקער אינ דער שטאָט. אַלערליי, גאָר אָנ א צאָל...
ווארט נאָר, לאָמיר זיכ א ביסל באטראכטנ...

פישקענ אָבער האָט דאָס באטראכטנ זיכ אויכ נישט געהאָלפנ. ער האָט זיכ פארדרייט אינ די גרויסע מאכנעס אָרעמעלײַט און נישט געקענט ארויס. איכ האָב פונ זײַנע ווערטער פארשטאנענ, אז די אַלע מינע אָרעמעלײַט בא אונדז טיילנ זיכ איינ אזוי: פיעשע אָדער פוס־אָרעמעלײַט, די, וואָס שלעפנ זיכ צופוס,— און קאָניצע אָדער בויד-אָרעמעלײַט, די, וואָס שלעפנ זיכ ארומ אינ בײַדלעכ. אכוצ דעמ ווערנ זיי נאָכ איינגעטיילט אינ מינימ: שטאָט־אָרעמעלײַט, אזעלכע, וואָס זײַנענ געבוירנ געוואָרנ ערגעצ אינ א שטאָט, געווײנטלעכ ערגעצ אינ דער ליטע,— און פעלד־אָרעמעלײַט, די, וואָס ווערנ געבוירנ פּאָשעט אפ דעמ פעלד, אינ א בויד; זייערע עלטערנס עלטערנ האָבנ פונ אייביק אָנ זיכ ארומגעשלעפט. די דאָזיקע אָרעמעלײַט זײַנענ יידישע ציגײַנער. שטענדיק וואנדרעווענ זיי פונ איינ עק וועלט צומ אנדערנ, זיי ווערנ געבוירנ און אופגעוואקסנ, האָבנ כאסענע, פרוכפערנ זיכ און שטארבנ — אַלצ אונטערוועגנס. זיי זײַנענ פרײַע מענטשנ, פּאָטער פונ אַלע זאכנ, פונ נעסינעס, טאקסעס אוכדוימע. אויכ פּאָטער פונעמ דאוונענ און פונעמ גאנצנ יידישקײַט. נישטאָ קיינ אויבער־האר.— צו דעמ טייל שטאָט־אָרעמעלײַט געהערנ אַלערליי שטאָטישע קאפּצאָנימ פונ די דאָזיקע סאָרטנ: קאפּצאָנימ פּאָשעטע, יידנ, יידענעס, מיידלעכ און באָכערימ, וואָס גייענ מיט טאָרבעס אינ די הײַזער אַלע ראָש־כודעש, אויכ איינמיטנ דער וואָכ, און נעמענ גראָשנס און שטיקלעכ ברויט. א גרויסער טייל יינגלעכ און מיידלעכ פונ די דאָזיקע לויפנ אמאָל נאָכ איטלעכנ אפ דער גאס און רײַסנ בא די פּאָלעס, ביז מענ מוז זיכ פונ זיי אויסקויפנ מיט עפּעס א נעדאָווע.— קאפּצאָנימ קליי־קוידעש. דאָס זײַנענ מעקאבלימ, באטלאָנימ, אינ איטלעכנ קלײַזל, וואָס זופנ מישנײַעס און זאָגנ קאדיש בא א בארמינענ און אפּנ הייליקנ אָרט צו א יאָרצײַט. מענ מעג צו זיי רעכענענ אויכ שויפער-בלאָזער, מעווועס-איבערקוקער מיט דעמ גאנצנ קאפּיטל אזעלכע לײַט.— טוירע־און מיצווע-קאפּצאָנימ, ווי, אשטייגער, פרושימ, וואָס ווארפנ אוועק ווײַבער און קינדער, באגראָבנ זיכ אינ קלײַזל ערגעצ אינ דער פרעמד און לערנענ „ביצה"[1] אפ דעמ אוילעמס רעכענונג. יעשיווע־באָכערימ, וואָס גייענ ארומ שלינג-און־שלאנג, קראצנ זיכ אונטערנ אריונ און עסנ טעג. יידנ מיט פּאטשײלכנס אינ די הענט, אָדער מינע גאבאָימ, מישטיינסגעזאָגט, וואָס זאמלענ נעדאָוועס קלאָמפּערשט אפ עפּעס א מיצווע־זאכ.— באהאלטענע קאפּצאָנימ, פונ

1 בייצע.

באלעבאטים, וואָס נעמען קיצווע און נעדאָוועס שטילערהייט. — האלבע קאפצאָנים, ווי, אשטייגער, טאלמוד-טוירע־מעלאמדים אין פיל שטעט, וואָס זיינען האלב-מעלאמדים, האלב-בעטלער, און דעסגלייכן אויך שא־מאָסים, דאיאָנים, ראבאָנים. איטלעכער פון זיי איז האלב דאָס, וואָס ער איז, און האלב דאָס, וואָס אלע אנדערע יידן מיט טאָרבעס זיינען. יאָמ־טעוודיקע קאפצאָנים, אזעלכע, וואָס קאפצענען געוויינטלעכע פורים, בעשאס יידן ביכלאל מאכן זיך הארצ און לאָזן זיך פאר גרויס כעדווע גיין קומפאניעסווייז אין די הייזער, אָדער אמאָל אויך אונטער א יאָמטעוו, און הייסן הייסט עס, קלאָמפערשט, זיי קאפצענען פאר אנדערע, נעבעכ. — גמילעסכעסעד־קאפצאָנים, אזעלכע, וואָס נעמען זייער גאנצ לעבן נעדאָוועס אונטער א אויסרייד: א גמילעסכעסעד, קלאָמפערשט, הייסט, מאָרגן גיבן זיי עס מיט א דאנק צוריק אָפּ.

— דערמאָנט מיר, רעב אלטער, — רופ איך מיך אָן נאָכדעם, אז איך האָב פישקעס ווערטער גענומען אפ מיינע קיילים און געמאכט דעם דאָזיקן שטיקל סיידער צווישן אונדזערע קאפצאָנים, — דערמאָנט מיר, איך בעט אייך, עפשער איז דאָ נאָך קאפצאָנים, וועלכע איך האָב, כאָלילע, פארגעסן אריינצושטעלן אין צעטל.

— מיילע, וואָס מאכט עס אויס? — טוט אלטער א זאָג און פארקרימט זיך אפ מיר עפעס אזוי, ווי איינער מיט א באָרד פארקרימט זיך אפ א יינגל, ווען ער מאכט זיך עפעס נאריש, — אָ־וואַ, ער האָט, כאָלילע, פאר־געסן!.. אזא וויכטיקע זאכ דאָס צעטל! און אז מען שטייט נישט אין צעטל, קען מען, כאָלילע, קיין קאפצן נישט זיין...

— זאָגט עס נישט, רעב אלטער! — שטעל איך מיך שטארק אקעגן. — אונדזערע קאפצאָנים זיינען בא זיך שטארק פאריסן, שרעקלעכ לאָהוט נאָכ א פיצל קאָוועד. לאָז איינעם זיך נאָר דאכטן עפעס א מינדסט באליידיקונג, איז ער גרייט צו דערגיין אייך דאָס לעבן. באהיט זאָל מען ווערן פון א קאפצן א שמעלקע!.. שא. זעט איר, אָט האָב איך מיך טאקע דערמאָנט, אָן אייניהאָרע, נאָך א סאך קאפצאָנים: איינייקלעך, יערושאלמים, ערעצ-ייס־ראָעל־יידן, ניסראָפים, שלאפע, מערידנדיקע מיט קסאָווים פון דאָקטוירים, אגונעס, אלערליי מינע אלמאָנעס, מעכאברים, ניי־מאָדנע מעכאבערטעס מיט דעם מאנס כיבורים. נישקאָשע, דער ווער האָט אונדז, רעב אלטער, אויך נישט גענומען. מען מעג גאנצ שטארק רעכענען מאָכריי־ספאָרים, — און אז ס'איז שוין יאָ אזוי, רופט זשע טאקע אוף אויך אונדזערע דרוקער און אלע מינע רעדאקטאָרס, זיי מיט אלע זייערע ארבעטער, זעצער, באלע־מא־גיעס, שרייבער, קאָרעספאָנדענטן — יעמוד עם כל הקבצנים!..[1] אצינד, רעב

1 יאמויד אימ קאָל הקאפצאָנים.

אלטער, באדארפ מען די דאָזיקע אלע לייט אויסאָרטירן, איטלעכן אפ זיין אָרט אין צעטל. דאכט זיך, קיינעם נישט פארגעסן. הא?

— איי, פע, רעב מענדעלע! — מאכט אלטער אופגעבראכט און הייבט זיך אָן צו קראצן. — גענוג, כ'לעבן, מיט איירע קאפּצאָנים. עס בייסט מיר אזש דאָס לייב, ווי פליי וואָלטן מיך אָפּגעשיט. פונמיינטוועגן וואָלט איר עס געקענט מאכן בעקיצער: קאָל-יִשׂראָעל — איין קאפּצן! און גאָר־נישט. אנ עק, א סאָפּ זאָל עס האָבן. לאָזט פישקען דערציילן ווייטער און שלאָגט אים נישט איבער. אונטערזאָגן א וואָרט, ווען עס שטעלט זיך פישקען איין גאָרגל און ער בלייבט ווי דערוואָרגן, אָדער אויסבעסערן אים אמאָל דאָס לשון, דאָס מעהייכעטייסע...

נאָך גאָר באַם אָנהייב איז פישקע געווען דער כאזן, וואָס האָט געדרייט דאָס מויל, ארויסגעלאָזט צעהאקטע, צעבראָקטע ווערטער, און איך זיין מעשוירערל, וואָס האָט אים אונטערגעהאָלפן אין דער נויט און אים אויס דעם מויל ארויסגענומען דאָס וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיך געוואָרגן. אָן מיר וואָלט שווער געווען פישקען אליין רעכט צו פארשטיין. דאָס בין איך א באלן צו וויַיזן אפ א פראָבע שפּעטער א ביסל. אלטער האָט דערביי נישט מער געטאָן ווי אונטערגעשטופּט מיט זיינע ווערטער: „מיילע בעקיצער”, „נישמער גאָרנישט”, — ווי איינער, וואָס טרייבט שאבעס אין שול אונטער דעם כאזן, ער זאָל עס אָפּמאכן בעקיצער, פילנדיק, אז אין דער היים ווארט אפ אים דער קידעש, א טשאָלנט מיט א קוגל.

## 14

„עכ מיט מאנ וואב אָבנ קעגעט צו פישע. ני, קענטי אכ מעשאע זאנ, ווי מיט מאנע קיאנקע פיסיעכ פיעגנ מי זעכ שיעפּנ זייע פאמעיעכ, קייכינ ווי די יאקעס...” — אָט אזוי הייבט פישקע אָן ווייטער צו דערציילן מיט זיין לאָשן, וואָס אויסגעבעסערט מיט מיין הילף מאכט עס: „איך מיט מיין וויַיב האָבן געהערט צו די פיעשע, דאָס הייסט פוס-אָרעמעלייט. נו, קענט איר אייך מעשאער זיין, ווי מיט מיינע קראנקע פיסלעך פלעגן מיר זיך שלעפּן זייער פּאַמעלעך, קריכן ווי די ראקעס”. — און אזוי גייט פישקעס דערציילונג, אויסגעבעסערט ווייטער:

מיין וויַיב האָט אָנגעהויבן מיך ביסלעכווייַז צו זידלען, צו שילטן, צו זאָגן שטעכווערטלעך, צו רופן מיך מיט צונעמעניש און מיר אופצווארפן מיינע קראנקע פיס. זי איז אקעגן מיר ארויס מיט טייַנעס, אז זי האָט אין מיר גאָר איינגעזאנצן זיך אָפּגענארט, פון אויבן ביז אראָפּ; אז זי האָט מיך געמאכט פאר א מענטשן, זי האָט מיך אין דער וועלט צווישן לייט

ארויסגעפירט, זי האָט מיכ פארזאָרגט מיט פארנאָסע, געשטעלט אפ א שטיינער, — אונ איכ בינ איר נישט געטרײַ, טו איר אלצ אפ צעפיקעניש. נאָר דאָס אָבער איז געווענ זעלטנ. איכ פלעג מיכ נישט ווילנדיק מאכנ, אלצדינג אראָפשלינגענ, געטראכט בא מיר: אזוי איז געוויינטלעכ דער שטייגער פונ א ווײַב, אזוי באדארפ צו זײַנ. איטלעכנ מאג איז דאָס ווײַב מעכאבעד מיט א וואָרט אונ אמאָל מאקע מיט א קלאפ אויכ. קוימ איז איר דער קאעס אָפגעגאנגענ, — איז ווײַטער געוואָרנ א לעבנ, פישקע — ווײַטער שטארק כאָשעוו. זי פלעגט ארופלייגנ איר האנט מיר אפנ אקסל, זאָגנ: „הײַטא, פישקע!". מײַנער גייט פאָרויס, זי הינטער מיר, אונביידנ איז עפעס גוט אפנ הארצנ. „אָט אזוי אָבנ מי זיכ געייקט אונ געקיאָכנ"...

ביז באלטע האָבנ מיר זיכ געשלעפט עפעס גאָר א לאנגע צײַט אונ פארשפעטיקט דעמ גרויסנ יאריד דאָרט, וואָס קלינגט אינ דער גאנצער וועלט. מײַנ ווײַב איז געווענ אויסער זיכ, שרעקלעכ זיכ געערגערט, גלײַכ ווי זי וואָלט פארלוירנ טארפאט אלאָפימ טאָלער. איכ טרייסט זי אונ דרינג איר אלצ: „מיילע, וואָס איז דאָ אזוינס, אָבער באלטער הײַזער זײַנענ דאָכ, באָרעכהאשעמ, פאר אונדז געבליבנ! קארג מאר אונדז אזויפיל הײַזער, אזא שטאָט? נישט צו פארזינדיקנ!" אונ זי אלצ אינ איינ קאָל: פארברענט ווער איביינעמ מיט דײַנע הײַזער! וואָס טויג מיר, דו ימאכשעמוניק איינער, דײַנ שטאָט, אזא בלאָטיקע שטאָט! אָט אזא שטאָט גאריײַעסטו עס מיר, הא? איכ וויל נישט! דו הערסט? איכ וויל נישט אזא שטאָט. אײַנגעזונקענ ווער דאָ אינ דער בלאָטע אונ ווארג זיכ דיר מיט דײַנ שטאָט — מיט דײַנ בלאָטיקער באלטע!

— רעב אלטער, ס'איז דאָ! — לאָז איכ פלוצלינג ארויס הויכ אפ א קאָל. — איכ האָב מיכ דערמאָנט נאָכ א סאָרט קאפצאָנימ! קאפצאָנימ־באנקירנ...

— א גרויסע מעציִע, כ'לעבנ! — מאכט אלטער, קנאקנדיק מיט דער צונג: „טצע־טצע־צע!" — פונמײַנטוועגנ מעגנ זיי אפילע נישט געדאכט ווערנ.

— איינעמ פונ די דאָזיקע לײַט, סימכלע דער לעבעדיקער, קענ איכ אינ גלופסק זייער גוט. בא אימ אינ א באזונדער בוכ שטייענ פארשריבנ אלע הײַזער אָפגעטאקסירט, וויפל האכנאָסע באדארפ אימ דורכנ יאָר איטלעכס הויז אײַנברענגענ. די הײַזער, זאָגט ער, זײַנענ מײַנע, צאָלנ מיר צינש, גאנצ גלופסק איז מײַנ קאנטאָר. זײַנ שטייגער איז איטלעכנ טאָג צו גייענ אינ א געוויסנ טייל הײַזער. ער קומט ארײַנ אינ א שטוב לעבעדיק, מיט ברייטקײַט. גיט מענ אימ באלד די נעדאָווע, איז גוט; ווענ נישט, זאָגט ער: „א גוטנ טאָג! נישקאָשע, איכ וועל פארשרײַבנ אפ אײַכ א

כיוו״ — אונ לויפט לעבעדיק, געשווינד ארויס. עפשער האָט איר געהערט, רעב אַלטער, דערציילנדיק, ווי איינ גלופסקער קאפצנ האָט זיכ מעשאדעכ געוועננ מיט נאָכ א קאפצנ פונ טעטעריווקע אונ האָט געגעבנ אינ נאדנ אריינ די הייזער אינ גלופסק? — דאָס איז סימכעלע דער לעבעדיקער. אָדער עפשער האָט איר געהערט אויכ, ווי אפ א מאָלצייט פאר אָרעמעלייט בא א גוויר אפ א כאסענע איז געקומענ א קאפצנ א געבעטענער, נאָכשלעפנדיק מיט זיכ נאָכ איינעמ א אומגעבעטענעמ, אונ אפ דעמ פרעג: רעב קאָרעוו, וואָס שלעפט איר מיט אייכ א איבעריקנ פארשוינ? — ענטפערט ער: „דער דאָזיקער פארשוינ איז מיינ איידעמ, וועלכנ איכ האָב צוגעזאָגט קעסט״ — דאָס איז ווייטער טאקע סימכעלע דער לעבעדיקער. בעקיצער, סימכעלע קוקט אפ גלופסק ווי אפ זיינ שטאָט אונ אפ זיינע הייזער.

— פונמיינטוועגנ מעג אייער סימכעלע דער לעבעדיקער די קאפאָרע ווערנ, — זאָגט אַלטער אָפ זיינס גאנצ בעקיצער אונ בעט פישקענ ווייטער צו דערציילנ.

פישקע הייבט אָנ אפ זיינ שטייגער, איכ העלפ אימ אונטער אפ מיינ שטייגער, אונ די מייסע דערציילט זיכ ווייטער אזוי:

דער וועג אונדזערער איז נישט געוועננ קיינ גלייכער, פונ איינ שטאָט צו דער אנדערער, אלצ ווייטער, ווייטער. נאָר וואָס דענ? „מי פיעגנ קייכנ״ אהינ אונ אהער, זיכ דרייענ אינ אלע זייטנ, ווי ס'איז אונדז אויסגעקומענ. איינמאָל זיינענ מיר מעגולגל געוואָרנ עפעס אינ א שטאָט, וואָס האלעוויי דער רועכ זאָל מיכ געוועננ כאפנ פריער, איידער איכ בינ אהינ געקומענ! צו דער שטאָט אליינ האָב איכ נישט אפילע, פארקערט, זי האָט אקעגנ מיר געטונ יויצע געוועננ, מיכ געלאָזט ארומגיינ מיט אלע קאָוועדנ אינ די הייזער, נאָר דאָרט האָב איכ מיכ באגעגנט מיט מיינ מאלכאמאָוועס, געקוילעט זאָל ער ווערנ אָנ א מעסער! „א קיענק אימ אינ די בייניע!״ — אָט וויאזוי ס'איז געשענ:

אינ יענער שטאָט, וווהינ מיר זיינענ געקומענ, איז געשטאנענ „ק אָ נ י צ ע״ — פעלד־אָרעמעלייט מיט בוידנ. ס'איז געוועננ א מערידע. באלעבעסלעכ פונ היינטיקער וועלט האָבנ דאָרט אופגעטאָנ נייעס, אז אָרעמעלייט, כוצ אלטע, קראנקע אונ ביטערע קאליקעס, ניט צו געבנ גאָרנישט. געזונטע באָכערימ, ווייבער אונ מיידלעכ זיינענ נישט קראנק צו דינענ, צו ארבעטנ אונ מיט אייגענער מי צו פארדינענ זייער שטיקל ברויט. דאָס יידישע נארישע ראכמאָנעס טוט נאָר אָנ גרויסע צאָרעס. דורכ דעמ, האָבנ זיי געזאָגט, האלטנ זיכ בא יידנ פוילע נעפאשעס אָנ א צאָל, ווי וואנצנ, וואָס זויגנ יענעמס בלוט אונ עסנ אָפעט אנדערע דעמ קאָפ. זיי האָבנ בא זיכ איינגעפירט עפעס ווי א מינ פאבריקע, ווו מענ האָט מעכאבעד געוועננ

געזונטע אָרעמעלײַט, וואָס זײַנען געקומען צוגאַסט, מיט עפּעס אַ מעלאָכע: צו דרייען שטריק, צו נייען זעק, — און געגעבן זיי דערפֿאַר עסן. אָרעמע־לײַט האָבן אָנגעהויבן זעלטענער זיך אַהינצו ווײַזן. „די קאָניצע", וועלכע מיר האָבן דאָרט געטראָפֿן, איז געווען שטאַרק אויפֿגעבראַכט אַקעגן דעם דאָזיקן אײַנפֿיר, פֿלאַם־פֿײַער. „גוואַלד!" — האָבן זיי אַלע געשריגן. — ס'איז שוין גאָר קיין וועלט נישט. ווו איז דאָס ייִדישע ראַכמאָנעס? אויס ייִדישקײַט, כ'לעבן!... איינער, אַ רויטער, אַ געזונטער, — אַ קיענק אים אין די ביינער! — האָט געפֿירט דאָס רעדל און געשריגן מער פֿון אַלע: „ס'איז סדאָם, נאָר סדאָם! פֿאַרוואָס קומט עס, די נעגידים זאָלן זיך זיצן ווי די פּריצים רויִק, און אַנדערע זאָלן אַף זיי האָרעווען? זייער גוטס איז דען נישט יענעמס מי, יענעמס פּראַצע, יענעמס שווייס? אַליין זײַנען זיי בא זיך אָפּגעפּײַנטע מענטשלעך, היטן אָפּעט זייער נעפּעשל און ווילן אַלץ, יענער זאָל אַרבעטן. אַ נאָגיד, וואָס מער דיק, געזונט ער איז, וואָס מער זײַן בײַכל איז גרעסער, איז ער אַלץ מער פֿאָרנעם, מער פֿײַנע־בעריע. אונדזער איינער, אַקעגן, מוז מיט זײַן געזונט זיך, נעבעך, באַהאַלטן, זיך שעמען ווי אַ גאַנעוו. איטלעכער שרײַט אַף די ציין, פֿאַרוואָס גייט אַזאַ געזונטער נישט אַרבעטן! עס וואָלט שוין רעכט געווען, כ'לעבן, איבער־צובײַטן די יאָצרעס: לאָזן די נעגידים פּרווון אַ ביסל אַרבעטן! וואָס איז, קראַנק זײַנען זיי?" — „גערעכט, פּײַוועשקע, גערעכט, מיר זײַנען אויך ייִדישע קינדער, אַזעלכע שמייליקע ווי זיי!" — האָבן אַלע אין איין קאָל אונטער־געבאַסעוועט דעם רויטן מאַמזער און ביסלעכווײַז זיך צעגאַנגען פֿונעם העקדעש.

אָוונט־צײַט באַדאַרף איך גראָד גיין אין אַ גאַס פֿאַרבײַ דעם שול־הויף. אין דרויסן איז טונקל, און מענטשן אַ סאַך, אָן אײַנהאָרע, דרייען זיך דאָרט אַרום. מיטאַמאָל קומט מיר פֿון דער זײַט גאַס אָן צו די אויערן עפּעס אַ וויינענדיק קאָל מיט אַ געבעט, וואָס קען רירן אַפּילע אַ שטיין. אָפּשטעלנדיק זיך, דערזע איך נישט ווײַט פֿון מיר, ווי אַ צעבראָכענער ייִד האַלט אַף בײדע אויסגעשטרעקטע אָרעמס אַ קישעלע, פֿון וועלכן עס הערט זיך אַ פּישטשען פֿון אַ ברעקל קינד, וואָס פֿאַרגייט זיך, נעבעך, שרײַענדיק. דער אומגליק־לעכער טאַטע דרייט זיך אין אַלע זײַטן, שאָקלט עס, וויגט עס, נעמט עס אײַן אַף אַ וויינענדיק קאָל מיט ביטערע קרעכצן: „אוי, וויסט איז מיר, פֿינצ־טער איז מיר! מײַן ווײַב שטאַרבט און לאָזט מיר אַף די הענט איבער אַ פּיצל קינד!.. אוי, וויסט איז דיר, קליינע, בידנע יעסוימעלע, פֿינצטער איז דיר אָן אַ מאַמע! אַ־אַ־אַ, שאַ־שאַ! וואָס זאָל איך דיר, נעבעך, טאָן?"... איטלעכער, וואָס גייט פֿאַרבײַ, גיט אים עפּעס אין דער האַנט, אַ טייל ווײַבער ווענדן זיך צו אים אויך מיט אַ וואָרט, און ער אַלץ אין

איינ אָטעמ: „וויסט איז מיר, פינצטער איז דיר!“ שאָקלענדיק אונ וואַרפנדיק זיכ מיט דעמ קישעלע אינ אַלע זײַטנ. דאָס האַרצ האָט מיר געריסנ פאַר ראַכמאָנעס אַפ דעמ וויסטנ טאַטנ אונ אַפ דער וויסטער יעסוימעלע, נעבעכ, נאָכ אינ די וויקעלעכ. איכ נעמ אַרויס פונ דער קעשענע אַ דרײַער אונ קומ דערמיט צו נאָענט צו דעמ וויסטנ טאַטנ. קוימ שטרעק איכ אויס צו אימ די האַנט איבער דעמ קישעלע, דערלאַנגט ער מיר אַ שטאַרקנ קניפ, מאַכנדיק דערבײַ אַפ זײַנ וויינענדיק קאָל: „אוי, וויסט איז ד י ר?“ מיט אַ קוועטש אַפ דעמ וואָרט „דיר“, גלײַכ ווי מיכ מיינט ער. איכ כאַפ מיכ באַ דער האַנט פאַר וויטעק, שפרינג אָפּעט דערשראָקנ אינ דער זײַט אונ בלײַב שטיינ עטלעכע רעגע פאַרגאַפט. דער וויסטער טאַטע דרייט זיכ אויס באַלד צו מיר, איכ קוק אימ גוט אָנ אונ בינ פאַרצאַפּלט געוואָרנ... „פאַר הײַנט וועט גענוג זײַנ. קומ! נאַ, האַלט אַ ביסל דאָס קינד!“ — זאָגט ער, אונ שטופט מיר אַרײַנ אינ דער האַנט דאָס קישעלע. דאָס קליינע יעסוימעלע, זע איכ, איז עפּעס אַ ליאַלקע, אײַנגעוויקלט אינ שמאַטעס, אונ דער וויסטער טאַטע איז דער רויטער מאַמזער, פײַוועשקע. — „אַ קיענק אימ אינ די ביינער!“ ער האָט עס געמאַכט ווי אַ בעריע! געוויינט, געקרעכצט פאַר זיכ אונ געפּישטשעט, זיכ פאַרגאַנגענ אויכ פאַר דעמ קינד... אָט אזוי מוז מענ, — רופט ער זיכ אָנ, — מיט די נאַרישע ײִדישע קינדער האַנדלענ. ווילנ זיי נישט געבנ מיט גוטנ — מוז מענ באַ זיי נעמענ מיט קונצנ, אָנ דעמ גייט עס נישט. דער ראָוו, דער דאַיענ, דער שיינער מעקאַבל מיט דעמ גאַנצנ פעקל קלייקוידעש — אַלע פאַרשטעלנ זיכ, מאַכנ קונצנ. יענע מיט זייערע האַוואַיעס, אונ איכ — וויסט איז מיר! — מיט מײַנ קליינ יעסוימעלע. מעלקט זיכ, בעהיימעס!... זאָג, פּישקע, אָמיינ!

אינ יענער צײַט, וואָס מיר האָבנ זיכ אופגעהאַלטנ אינ העקדעש, האָט דער רויטער מאַמזער אָנגעהויבנ זיכ צוצושאַרנ צו מײַנ ווײַב מיט גוטע ריידעלעכ. זי איז אימ עפּעס שטאַרק געפעלנ. ער פלעגט זיכ כאַפנ צוטראָגנ איר, אַז זי האָט עפּעס באַדאַרפט, אונ ליב געהאַט זי צו באַדינענ. ביסלעכווײַז האָט ער אַלצ צו איר זיכ אַרײַנגענאַרט, ביז ער איז געוואָרנ מיט איר אַ שמעלקע. ער פלעגט אָפּזיצנ מיט איר שאָענווײַז אונ פלוידערנ, אַרײַנוואַרפנ אינ דעמ שמועס גראָבע, נישט קיינ שיינע ווערטלעכ. מײַנע פלעגט פאַרשטעקנ די אויערנ אונ נישט וועלנ, דאַכט זיכ, הערנ. אונ אַז ער פלעגט זי אַמאָל אינ טאָג אַרײַנ לויבנ: זי איז אַ יאָדערדיקע, אַ פּעטע, אַ לויטערע, אַ פליישיקע ײִדענע, אַזעלכע ווי ער האָט ליב, — פלעגט זי אימ אָפּזידלענ, אַ פּאַטש טאָנ אַפנ רוקנ אונ דערבײַ טאַקע לאַכנ. איכ פלעג אויכ לאַכנ. אַמאָל טאַקע מיט ווערעמ, נאָר באַלד טאַקע מיכ באַטראַכט צוריק: וואָס אַרט מיכ אַ פלוידערזאַק? מאָרגנ — איבערמאָרגנ ווערט מענ

גאָר זײַנער פּאָטער. מיר צעגייען זיך איטלעכער אין אן אנדער זײַט, און אייביק וועט מען זײַן פּארצעפּ־פּאָנעם נישט אָנקוקן. און ווײַטער, אין די הײַזער גייט דאָך מײַן ווײַב, געליבט דער אייבערשטער, מיט מיר. אים, דעם מאמזער, ווען ער נעמט זי אָנעט בא דער האנט און וויל זי פירן, שטופּט זי אָפּעט מיט א בייזער: „גייט אײַך, גייט, פּע! איך בין אן איי-שעס־איש. האָב, באָרעכהאשעם, מיט וועמען אין די הײַזער ארומצוגיין”.

אפּ מאָרגן, נאָך דעם באגעגעניש מײַנעם מיט דעם רויטן מאמזער, ווי ער האָט זיך פּארשטעלט פּאר א וויסטן טאטן, בין איך מיר געגאנגען אין די הײַזער אליין. מײַן ווײַב האָט, אופשטייענדיק אינדערפרי, זיך גע־קלאָגט: עפּעס איז זי נישט מיט אלעמען, עפּעס ציט זי זיך אלץ און גענעצט, עס מוז זײַן א גוט-אויג... — און איז דעריבער געבליבן אין דער היים. איך אליין בין אויך געווען עפּעס לוי־אלייכעמדיק, עס האָט מיר עפּעס געשלאָגן ארופּ, הײַנט איז מיר טאקע געווען אומעטיק אײנעם אליין צו גיין אָן מײַן ווײַב. ס'איז מיר ווי עפּעס אָפּגעגאנגען. איך לייקן נישט, אז זינט דער מאמזער האָט זיך צוגעשארט צו מײַן ווײַב און מיט איר געטריבן קאטאָוועסלעך, איז זי מיר געוואָרן טײַערער. עס האָט מיך אמאָל אפּילע פּארדראָסן, געברענט ווי א פּײַער, נאָר דערבײַ טאקע — איך ווייס נישט פּארוואָס — האָט מיך צו איר עפּעס געצויגן, געצויגן ווי א קישעפּ. עפּעס איז געווען, ווי זאָל איך אײַך זאָגן, א געשמאַקער שמארץ, ווי פּון א בלאָטער בעשאס קראצנדיק אים אמאָל אפּ מײַן לײַב. ס'איז א שמארץ מיט א האנאָע־האָבן, ביידע זאכן אינײנעם... ס'איז געווען א געמעלאָכטע „אין די הײַזער ארומגיין”, גאָר נישט דער טאם, וואָס אן אנדערס מאָל. איך האָב עס אָפּגעמאכט בעקיצער, שאבעס־שטעך, סיור־ביור ומפּליא לעשות [1] — און מיך אָפּגעפּארטיקט באצײַטנס. ארײַנקומענדיק אין העקדעש, האָב איך געטראָפן מײַן ווײַב זיצנדיק מיט דעם מאמזער און זיך עפּעס געשושקעט. דאָס פּאָנעם האָט איר געפלאמט, זי האָט געהאלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן צום מאמזער, זיך צוהערנדיק צו זײַנע רייד, און א זיס שמייכל איז איר פון די ליפּן נישט אראָפּ. בא מײַן צוקומען צו איר מיט א פרעג: וואָס זי מאכט? האָט זי זיך געטאָן א כאפּ, געבליבן אקעגן א רעגע אָן לאָשן און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. דערנאָך טאפּט זי מיך אָנעט, ווי איר שטייגער איז געווען, און מאכט צו מיר אזוי: „ווייסטו, פישקע, וואָס איך בין קראנק? דאָס איז נישט קיין גוט-אויג, דאָס איז מיר געקומען פונעם צופוס-גיין. די רויפעטע, וואָס גייט ארײַן, האָט מיר געהייסן גיין אין באָד, מעכילע, אויסשמײַסן זיך, לאָזן זיך שטעלן באנקעס, גוט אויסרײַבן זיך

1 אומאפלי לאאסוים.

אפ דער נאכט און שוויצן. ניין, פישקע! צופוס ווײַטער קען איך נישט גיין. רעב פּײַוועשקע איז אזוי גוט, אזוי פײַן, און וויל אונדז נעמען מיט זיך אין בויד. וואָס טוט מען, פישקע? וואָס זאָגסטו, הא?

דער מאמזער — א קיענק אים אין די ביינער אײַן! — האָט אפ מיר געקוקט עפּעס מיט אזא אייגעלע, מיט אזא שמייכעלע, וואָס האָט מיך געשטאָכן. עס האָט מיך פאַרקלעמט באמ הארצן. ס'איז מיר געוועזן צו מוט ווי א ייִנגל, וועלכן דער רעבע הייסט זיך לייגן אפן בענקל, אים אָפּצושמײַסן. איך האָב געמאכט א היפּשע ווײַלע מיט דער צונג עפּעס אָן ווערטער און נישט געוווסט וואָס צו זאָגן.

— וואָס שווײַגסטו? וואָס ענטפערסטו נישט? — צעשרײַט זיך אפ מיר מײַן ווײַב מיט קאַעס, — איך וויס, עס ארט דיך גאָר נישט מײַן געזונט, ווילסט מיך גיכער פּאָטער ווערן, מיך טרײַבן יונגערהייט אין דער ערד ארײַן. ווארט נאָר, ווארט, דו, אכבעראָש איינער! גיכער וועסטו אָנלייגן מיט דעם קאָפּ, א מיסע-מעשונע אײַנעמען. הערסטו, פישקע, פאראפּאָטשקע, די ערד וועסטו פון מיר קײַען! נישט איין האָר אין קאָפּ וועט דיר איבערבלײַבן. די ציינ וועל איך דיר אויסזעצן!

אז מײַן ווײַב האָט געעפנט א מויל, פלעגט מיר אין בויך קאלט ווערן. איך בין געשטאנען צעקאָכט, דערשלאָגן און דערהארגעט. ווי מיר איז דענסטמאָל געווען אפן הארצן — ווייסט נאָר איינ גאָט וויל. וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך האָב אָנגעבויגן דעם קאָפּ און געמאכט צו מײַן ווײַב: „שא, שרײַ נישט, ערגער דיך נישט אזוי. שא, דו וועסט פאָרן! פארוואָס נישט?"

— אָט אזוי רייד! — זאָגט מײַן ווײַב שוין ווייכער. — פארוואָס זשע, אז מען רעדט צו דיר, שטייסטו ווי א ליימענער גוילעם און ענטפערסט נישט קיין וואָרט? יענער איז אזוי גוט, אזוי פײַן, וויל אונדז מיטנעמען אומזיסט — און ער זאָל דאָס כאָטש זאָגן א דאנק! שעמען מעגסטו זיך אין דײַנ ווײַטן האלדז, דו גראָבער־יונג איינער...

וואָס האָב איך געקענט מאכן? איך האָב געמוזט טאָן דאָס אויך, זאָגן דעם מאמזער א דאנק.

— רעב אלטער, נאָכ איינער!.. טו איך א זאָג הויך אפ א קאָל.

— וואָס איז, רעב מענדעלע, נאָכ א מעציִע? — מאכט אלטער צו מיר מיט א געשפּעט, — נאָכ א פרישן סאָרט קאפּצאָנים האָט איר געפונען? גאָט מעג אײַך, כ'לעבן, שוין באשערן בעסערע מעציִעס. גענוג שוין קאפּצאָנים!

— ניין, רעב אלטער! איך מיין גאָר נאָכ איינ כאַים־כאָנע כאיע־טרײַנעס, וואָס ציטערט אזוי פארן ווײַב. אונדזער פישקע, דאכט זיך מיר, פלעגט פון זײַנער כאפּן אמאָל אויך הייסע פּעטש.

פישקע הייבט ווידער אָן אָפּ זײַן שטייגער, איך ארבעט, העלף אים אונטער אָפּ מײַן שטייגער, אלטער טרײַבט אונטער אָפּ זײַן שטייגער — און די מײַסע דערציילט זיך ווײַטער אזוי:

אָפּ דעם אנדערן טאָג נאָך דעם פריִערדיקן שמועס האָט זיך די „קאָניצע" גערירט און ארויסגעטראָטן פון סדאָם, ווי יענע שטאָט האָט בא דער דאָזיקער כאליאסטרע געהייסן. זי איז ארויס מיט א ראש, א געפּילדער, מיט א שילטן, פלוכן פון א סאך מײַלער און א סקריפּערײַ פון רעדער. עס האָט זיך געשאָטן אָפּ דער שטאָט טויטע קלאָלעס: פארברענט זאָל זי ווערן! די באלעבאטים זאָלן צען מאָל אין טאָג פּייגערן פאר הונגער און ווי ניסראָפים אין דער וועלט זיך ארומשלעפּן... — דרײַ בוידן זײַנען געווען פול אָנגעזעצט מיט אלערהאנד פארשוינען: יידן, ייִדענעס, ווײַבלעך, מיידלעך, באָכערים, גרויס און קליין. און צווישן זיי אויך מײַן ווײַב מיט מיר. מיר זײַנען, לעמאזל, דערהויבט געוואָרן: ארײַנגעטראָטן אין דינסט אין דער „קאָניצע" ארײַן.

הערט איר, מײַנע ליבע ייִדן, עס האָט מיר זיך געעפנט עפּעס גאָר א נײַע וועלט, און אין אָנהייב איז מיר מיט דער כאליאסטרע גאנץ פריילעך געווען. איך פלעג מיך אָנזען און אָנהערן וואונדער־שיינע זאכן, וואָס גאָר אומעגלעך אלצדינג מיט איטלעכס פּיצעלע באזונדער איבערצוגעבן. איך פלעג הערן, אשטייגער, ווי מען פלעגט אָפּריכטן, אָפּשפּעטן פון דער גאנצער וועלט און איטלעכן זיך נאָכקרימען; ווי איטלעכער פון די פּײַנע־מענטשלעך פלעגט דערציילן עפּעס אָפּ גנייווע־לאָשן זײַנע אלע גענג און שפּיצלעך, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. איינער דערציילט, וויאזוי ער האָט זאַבאָרעט א קרעל (געגאנוועט א ברויט); דער אנדערער — וויאזוי ער האָט זאלאבערט א קאפּאָרעניצקע (געגאנוועט א הון); דער דריטער — וויאזוי ער האָט געלאקכנט קלינגערס (ארויסגעכאפּט געלט) און אין די גארגאָלעס ארײַנגערוקט, און דער פערטער — וויאזוי ער האָט געבאלדאָוועט א יאָלד (גערגעט, געשלאָגן איינעם א באלעבאטיש קינד). נעגידים פלעגט מען שילטן אָפּ וואָס די וועלט שטייט, גלאט אזוי זיך. פאר גאָרנישט. איך קען אײַך שווערן אין טאלעס און אין קיטל, אז זיי האָבן די נעגידים א סאך מער פּײַנט, ווי די נעגידים זיי. א נאָגיד האָט בא זיי געהייסן עפּעס אזויפּיל, ווי: פּיאווקע, צעשטאָפּטע קישקע, פארשטאָפּטער קאָפּ און פארשטאָפּט הערצעלע, פארשײַט בעניאָכידל, קופּערנער שטערן, און דער שווארציאָר ווייסט זייער טאטן, וואָס נאָך פאר א מיִעסע צונעמעניש. ס'איז בא זיי פארעכנט געווען פאר א מיצווע א נאָגיד אָפּצוטאָן עפּעס א שפּיצל, וויבאלד נאָר

מעגלעכ. זיי פלעגנ אָפּשיקנ צו די נעגידימ בויכווייטעק, שטעכעניש, יעסורימ, לייד אונ קאָלאמינע קרענק, בעשאס אמאָל עפּעס א צאָרע. מיכ פלעגנ זיי, אינ שפּאס אמאָל, רופנ נ אָ ג י ד, דערפאר וואָס איכ פלעג זייער אָפּט מיכ פאר די נעגידימ ארויסשטעלנ אונ שטארק אָנעמענ זיכ פאר זייער קאָוועד. ווײַל אופהאלטנדיק זיכ פריִער אינ באָד, בינ איכ דאָכ צווישנ נעגידימ דערצויגנ געוואָרנ, מיט זיי עפּעס דאָכ איבערגעהאט אייסאָקימ, ווי אשטייגער: היטנ זיי דאָס אָנטאָנ, צוטראָגנ זיי דאָס פעקל זאכנ, א שעפּעלע וואסער, א קויל פײַער אונ דאָסגלײַכנ נאָכ אזעלכע געשעפטנ. — איכ פלעג הערנ א שמועס פונ באָכערימ מיט מיידלעכ, ווי זיי טרײַבנ קאטאָוועס אונ ריידנ זיכ שידוכימ. איינ בויד האָט זיכ מעשאדעכ געוועזנ מיט דער אנדערער. די קונצ פונ פארשטעלנ זיכ איז בא דער כאליאסטרע געוועזנ שטארק געהויבנ, עס האָט געטויגט צומ אייסעק. ווענ אמאָל איז אויסגעקומענ, האָבנ די שיינע לײַט זיכ פארשטעלט: איינער פאר א הויקערדיקנ, דער אנדערער פאר א הינקעדיקנ, דער פאר א בלינדנ, יענער פאר א געליימטנ, די פאר א שטומע, אונ יענע פאר א קרומע. נאָר עמעסע, נישט געמעלאָכעטע קאליקעס, ווי, אשטייגער, איכ אונ מײַנ ווײַב, דאָס האָט בא זיי געהאט גאָר א גרויסנ ווערט. זיי האָבנ אָפט געזאָגט, אז אזעלכע פעלער ווי אונדזערע איז פאר אָרעמעלײַט א שאצ, א מאטאָנע פונ זײַנ ליבנ נאָמענ: זיי קענענ זייער פיל אײַנטראָגנ. מײַנ ווײַבס פעלער איז זיי נאָכ בעסער געפעלנ. הײַנט פלעגנ זיי גלאט באָטל ווערנ פאר איר פּיסק, וואָס אפּ שרויפנ. די האָר האָבנ זיכ געשטעלט, אז זי האָט געעפנט א מויל.

דער רויטער מאמזער האָט זיכ שטארק געדרייט ארומ מײַנ ווײַב אונ זיכ פּאָשעט געהאנגענ אפּ איר. ער האָט זי געקאָשקעט, געקיכלט אונ צוגעטראָגנ איר פונ פייגל־מילכ: געקאָכטע ארבעס, באָב, פלוימענ, — וואָס נאָר ער האָט ערגעצ דערטאפּט. איכ האָב מיכ אָבער באטראכט: כאפּ דיכ דער וואטלמאכער! וואָס קענ עס מיכ ארנ? קיכל זי, קאָשקע זי, וואָס קאָנסטו דערמיט מיינענ, וואָס?.. גאָרנישט. אז זי איז אנ איישעס־איש! מיילע איז דאָכ אָנ סאקאָנעס... מיינסטו דאָכ, גאנצ זיכער, נאָר איר פּעלער, פּאָשעט א בלינדע איז גוט, מענ קענ מיט איר מאכנ געלט, טאָ האָב זשע, קאָלבויניק איינער, די גאף! מײַנ ווײַב גייט לעסאטע אינ די הײַזער אלצ טאקע מיט מיר. וואָס זשע האָסטו דאָ, טיפּעש איינער, געפויעלט מיט דעמ צולאָנטשענ זי צו זיכ, מיט דעמ איזניוכענ זיכ צו איר, אז דער רעכטער איקער־זאכ — אינ די הײַזער גיינ, גייט זי טאקע מיט מיר, מיט מיר?..

אונ דעריבער, ווײַל איכ האָב אזוי מיר געטראכט, האָב איכ שטארק באגערט לערנענ היכעס־אָרעמאנ מיט אלע פּישטשעווקעס, קעדיי מײַנ פלוי־

נעסטע דערמיט געפעלנ, און געמאכט דעמ אײסעק שוינ גאָר קײנ מײַסע ניט. איכ האָב מיכ שוינ אויסגעלערנט ווי ארײַנצוקומענ אינ א שטוב. די קונצ באשטײט דערינ: ארײַנקומענ זאָל מענ מיט א רוגזע, אָנגעברויגעזט און מאָנענ די נעדאָווע ווי א כויוו; מענ זאָל קריכנ, ארופקריכנ אויבנאָנ און פארקריכנ אזש אינ דער ספּאָלנ־ע, אופּצווזוכנ דעמ באלעבאָס אָדער די באלעבאָסטע דאָרט. אינ דינגענ זיכ בינ איכ געווענ א מײַסטער, אײנ בעריע אינ דער וועלט. דער גאנצער סײכל שטעקט דערינענ: קײנמאָל באדארפ נישט געפעלנ, וויפל מענ גיט. גיט מענ א שטיקל ברויט, זאָל מענ בעטנ עפּעס געקעכצ, א ביטל באָרשטש; גיט מענ געלט, זאָל מענ בעטנ א העמד, אלטע טאכטוינימ און זאָקנ אוכעדוימע. שטענדיק באדארפ מענ זיכ נאָר קרימענ און בלאָזנ, קײנמאָל נישט דאנקענ, נאָר וואָרטשענ און אמאָל אויכ טאקע שילטנ.

וואָס זשע טוט דער רויטער מאמזער? א קיענק אימ אינ די בײניע איאנ! דער רויטער מאמזער טוט אופּ האסבאָרעס, ווי מײַנער פאָטער צו ווערנ. ער קלערט בא זיכ גאנצ זיכער אזוי: אינ הילכעס־אָרעמאנ, פּישקע, מעגסטו בא מיר די הרובעס הײצנ. איכ קענ מאכנ די שפּיל אכציק טויזנט מאָל בעסער פונ דיר. און אז איכ האָב מיר ארײַנגענומענ אינ זינענ די פארנאָסטע מיט דײַנ בלינדער, וועט מיסטאמע שוינ זײַנ רעכט. נישקאָשע, איכ וועל דיכ, מיט גאָטס הילפ, שוינ פארזאָרגנ. — ער האָט צו מיר זיכ גענומענ און געמאכט אויס מיר א קאָטער. איכ בינ מיעס אראָפּגעפאלנ בא מײַנ ווײַב און געהאט בא איר א פּאָנעמ ווי כויזעק. קײנ אנדער וואָרט האָב איכ פונ איר נישט געהערט נאָר ווי: געשוואָלנ ווער, לײג אָנעט מיט דעמ קאָפּ, ווערעמ זאָלנ דיכ עסנ, דו פרעסער, יונגאטש אײנער, דו אזוינער, אזוינער און אזוינער! דער מאמזער, — קײנ טכיעס-האמײסימ זאָל ער ניט אופשטײנ! — האָט אלצ אפּ מיר געגראָבנ און מיר געטאָנ צומ טויט, ביז איכ בינ בא איטלעכנ געוואָרנ צו שאנד און געשפּעט, אלע בוידנ האָבנ לעסאָפּ מיט מיר געהאט צו טאָנ. וואָס א מינוט — איז איבער מיר געפאלנ א האמצאָע, וואָס א רעגע — האָב איכ געהײסנ מיט אנ אנדער צונעמעניש. איטלעכער האָט מיט מיר געטאָנ, וואָס זײַנ הארצ גלוסט. איכ בינ געווענ דאָס קאָפּאָרע־הינדל. האָב איכ אמאָל מיכ געבײזערט פאר צאָרעס, פלעגט עס איטלעכנ אונטערטראָגנ. זעט נאָר, האָט מענ געמאכט, ווי דער נ א ג י ד האָט זיכ צעיאכמערעט, ער וועט שוינ באלד פלאנכענענ. האָב איכ מיכ אמאָל באוואשנ מיט טרערנ פאר ווײטעק פונ די קלעפּ, וועלכע אינ מיר איז ארײַנ, פלעגט מענ זאָגנ: וואָס איז מיט דיר דאָ אזוי די סימכע, פּישקע? וואָס האָסטו זיכ עפּעס אזוי צעלאכט מיט צײנ? זעט נאָר, אוילעמ, ווי פּישקע לאכט! — דערלאנגט אימ, יידישע קינדער, — פלעגט זיכ הערנ דעמ

מאמזערס קאָל, — דערלאַנגט אים, נעבעך, א טעלעמעטשע צווישן די
ליטקעס, א רײַב איבער די לאָפּעטקעס, דאָס איז א רעפּוע צום לאכן.
אויב, כאָלילע, עס וועט נישט העלפן, באדארף מען אים גלעטן די האָר,
אָנעמען באַם אויער און אײַנרוימען אים א סאָד, — דערפון וועט זיך אים
שוין שטעלן טרערן אין די אויגן, ווי פון א קעזאַיס מאָרער. מען מוז
דאָך א ייִדן ראַטעווען. — אמאָל פלעגט מען מיך אַרויסוואַרפן פון דער בויד,
און אז איך בין מיט די קראַנקע פיס געלאָפן נאָך דעם וואָגן, ווי נאָר
איך האָב געקענט, און געמאַכט מיט די זײַטן, — האָט מען צוגעפּליעסקעט,
צוגעפּאַטשט מיט די הענט און געשריגן מיט א געלעכטער: בראַוואָ, פישקע!
אָט אזוי, פישקע, טאַנץ א ביסל, טאַנץ! קוקט נאָר, אוילעם, ווי פישקע
הייבט פיסלעך, ווי שיין, אָן אײַנהאָרע, ער טאַנצט! ער מעג אפ אלע כאַ-
סענעס טאַנצן. קיין ביין־אויג זאָל אים נישט שאַטן. — איינמאָל האָט זיך
אָנגערופן איינער — און אלץ טאַקע דער מאמזער, — א קיענק אים אין די
ביינער איאַן! — אוילעם, פישקע איז גאָר א גלײַכער. ער פאַרשטעלט זיך
נאָר, דער גאַנעוו, פאַר א קרומען, ער מאַכט אויס אונדז אלע כויזעק. מען
באַדאַרף אים פּרווון אויסגלײַכן. גיט אים דאָרט א טעלעפּעטשע אין דער
דיך, וועט איר זען, ווי ער ציט אויס גלײַך א „פּאָלקע". — האקלאָל, ייִדן,
מען האָט מיך געפּײַניקט, מען האָט מיר שטאַרקע יעסורים אָנגעטאָן. אוי,
פלעג איך מיך דערמאָנען אין די גוטע גליקלעכע יאָרן, וואָס איך בין מיר
געזעסן ווי א סראָרע אין באָד און געלעבט ווי גאָט אין פראַנקרײַך! וואָס
איז מיר דען דאָרט אָפּגעגאַנגען?

— מיילע, נעמט מען און מען געט אָפּ, — פאַלט אַלטער אריין פישקען
אין די רייד. — דערום איז דאָך דאָ בא ייִדן א געט.

— יאָ, גערעכט! — מאַכט פישקע מיט א זיפץ. — האלעוואַי וואָלט איך
עס טאַקע פריִער געטאָן, וואָלט אז וויל און גוט געווען מיר און עפּשער
נאָך עמעצן... נאָר איך ווייס נישט, וואָס מיר איז אזוינס געשען. נאָר א
קישעף האָט מען מיר אָפּגעטאָן. ס'איז א ווייטעק, א בושע צו זאָגן, דאָס
האַרץ האָט מיך צו מײַנער עפּעס געצויגן... ווי שטאַרק איך האָב געליטן
און געהאַט געבראָטענע לייד, פונדעסטוועגן האָט מיך דער רוער נאָך איר
גענומען. איך ווייס נישט, צי איז דאָס געווען פון מיר נאָר אן אקשאָנעס —
אז דיר, מאמזער, גלוסט זיך, ווילסט צווישן מיר מיט מײַן ווײַב אָנמאַכן
א בייז־לעבן און מיך פּאַטערן, — וויל איך דיר אפ צולאָכעס מיך דאפקע אין
איר האַלטן, און נאָך מער ווי פריִער, מיט ביידע הענט זיך האַלטן. אָדער
דאָס איז געווען, ווי זאָל איך עס זאָגן, גלאַט אזוי פון זיך אליין... עפּעס
טאַקע נאָר א קישעף. איר געשטאַלט האָט מיך עפּעס גענומען. א געזונטע,
א דיקע, א יאַדעריקע, א פּאָנעם אָפּגעגאָסן; נישט אזוי שיין, ווי כיינעוו-

דיק. פיל מאָל פלעגט זיכ מאכנ, אז פאר גרויסע צאָרעס אונ הארצווייטעק האָב איכ מיר געוואָלט א מייַסע אָנטאָנ, געווונטשנ מיר דעמ טויט מיט איר אינאיינעמ. הייַנט, הייַנט, פלעג איכ בא מיר טראכטנ, מוז עס האָבנ אנ עק. הייַנט זאָג איכ איר: געט! נאָר קוימ בינ איכ צו איר צוגעקומענ נאָענט אונ זי האָט מיט מיר געמאכט א רייד, אָדער ארופגעלייגט די האנט מיר אפנ אקסל אונ געזאָגט: פיר מיכ, פישקע! — האָט מיר אָפּגענומענ דאָס לאָשנ אונ בינ עפּעס ווי איבערגעביטנ געוואָרנ.

אינ א גוטער שאָ איינמאָל, גייענדיק מיט מייַנ ווייַב אינ די הייַזער, עפּעס מיט א גרינג געמיט, טו איכ איר א זאָג: באסיע, נעשאָמע מייַנע, וואָס וועט דער טאכלעס זייַנ פונעמ שטענדיקנ ארומשלעפּנ זיכ? עס פּאסט, כ׳לעבנ, גאָר נישט פאר אונדז. אינ גלופּסק האָבנ מיר ביידע, באָרעכהאשעמ, א שטיקל נאָמענ געהאט, דו מיכ האָסט ארויסגענומענ דאָרט פונ דער באָד. א קאטאָוועס עפּעס גלופּסקער געמויערטע באָד, ווו עס ווארפנ זיכ איבער א וואָכ אזעלכע בערנ, גרויסע לייַט! דיכ האָט אויכ איטלעכער געקענט אונ אפ דיר קאָווועד געלייגט. הייַנט זייַנעמ מיר נאָוונאָד עפּעס מיט שלעפּערס אינ דער פרעמד, אונ וואָס פאר א פּאָנעמ האָבנ מיר, מישטיינסגעזאָגט? — ווילסט עפּשער צוריק קיינ גלופּסק? — ענטפערט אָפּעט מייַנ ווייַב ווי אופּגעבראכט. — מעגסט זיכ דיר, פישקע, אהינ צוריק־קערנ, אויב דיר גלוסט זיכ אזוי. איכ — בעשומויפנ נישט. אינ גלופּסק זייַנענ דאָ הייַנט גענוג אָרעמעלייַט אָנ מיר. וואָס א טאָג וואקסנ דאָרט אויס פריש־צאפּלדיקע קאפּצאָנימ. שפּאָגל־נייַע מעקאבלימ. באלעבאטימ גייענ הייַנט דאָרט איינער צומ אנדערנ אינ די הייַזער ארומ. — פונמייַנטוועגנ מעג זייַנ א אנדער שטאָט אויכעט, — ענטפער איכ צוריק, — נעשאָמעניו, קלייַב דיר אויס עפּעס א שטאָט, וועלכע דיר געפעלט, אונ לאָמיר זיכ דאָרט באזעצנ. אז מענ ווייסט, דאָס איז אונדזער שטאָט, דאָס זייַנענ אונדזערע הייַזער, אונדזערע באלעבאטימ, איז עפּעס מאזל אונ בראָכע. ווי זאָגט מענ עפּעס: איטלעכער הונט אפ זייַנ מיסט.

— באלד, פישקע, באלד, — מאכט מייַנ ווייַב, קלאפּנדיק מיכ מיט איר האנט איבערנ רוקנ גאָר פרייַנטלעכ. — לאָמיר נאָכ א ביסל פאָרנ, לעבנ, רייַבנ זיכ אינ דער וועלט. ס׳איז עפּעס גוט, פרייליכ, מעכייַע... האָב צייַט א ביסל, פישקע, מיט דייַנ שטאָט, באלד, באלד!

איר „באלד” האָט געדויערט א לאנגע צייַט, אונ ס׳איז נישט געווענ קיינ עק, קיינ סאָפ. אינ דער צייַט בינ איכ איבערגעווענ אינ גענוג שטעט, האָב מיכ אָנגעליטנ גענוג צאָרעס אונ פּייַנ. אינגאנצנ האָב איכ עס געהאט צו פּארדאנקענ אימ, דעמ מאמזער, א קיענק אימ אינ די ביינער אינאנ...

פישקע טוט א זיפץ טיפ פונעם הארצן און בלײַבט זיצן שטיל מיט צוגעמאכטע אויגן. מיר לאָזן אים א ביסל צו זיך צוקומען, דערנאָך הייבט ער ווײַטער אָן — און די מײַסע דערציילט זיך אזוי:

16

צו דעם צונעמעניש „נאָגיד" האָב איך אין דער לעצטער צײַט באקומען נאָך א נײַעם טיטל „מעקאבל". דעם דאָזיקן טיטל האָט מיר געגעבן דער מאמזער — פארכאפט זאָל ער ווערן! און אזוי האָט איטלעכער פון דער כאליאסטרע מיך גערופן: פ י ש ק ע מ ע ק א ב ל. — מעקאבל איז בא זיי אזא מיעס וואָרט, וואָס באמ ארויסברענגען עס פונעמ מויל שפּײַט מען זיבן מאָל אויס. די סינע, וואָס הערשט געוויינטלעך צווישן באלמעלאָכעס, סאָכרים, קרעמער און דעסגלײַכן, וואָס האָבן איין ברויט, — איז א הונט אקעגן דעם, ווי זיי, בויד־אָרעמעלײַט, האָבן פײַנט די שטעטישע קאפּצאָנים, און ביפראט נאָך דאָס גאנצע קאפּיטל מעקאבלים. אָט די ווערעמדיקע מעקאבלים, פוילע מעיוכאָסים, פארשמאָלצעוועטע שיינע־ייִדן, — פלעגן זיי אלץ זאָגן מיט גאל, — זײַנען ווי די וואנצן פול אין אלע הײַזער, און נישט אויסצוהאלטן פון זיי. מען צעשטאָפּט זיי די קישקעס אפּ אלע סימכעס: כאסענעס, בריסן און קרישמע־לייענעס, רײַסן פון טויטע און פון לעבעדיקע, און מיר, נעבעך, רײַסן קריע, האָרעווען, פּראצעווען אפּן שטיקל ברויט און ווערן פארשווארצט... די דאָזיקע אלע צעקראָכענע נעפאשעס, פלאסקעדריגעס האָבן זיך גענומען דאָוויד־האמעלעכס טילימל און מאכן מיט אים די שפיץ. דאָוויד־האמעלעך זאָל געוועזן פריִער וויסן, צו וועמען אין די הענט זײַן טילימל וועט ארײַנפאלן, וועלכע פארנאָסעס די פוילע, פארשימלטע לאפּנמיצלעך מיט אויסגעווייקטע פּענעמלעך וועלן דערמיט מאכן, וואָלט ער עס, גאנץ זיכער, נישט געמאכט. —

— ניין, באסיע! — האָט דער מאמזער געמאכט צו מײַן ווײַב, — פון אײַער פישקען וועט קיין לײַט שוין נישט זײַן. ניין, ניין, נישט קיין לײַט, איינער פון אונדזער כעוורע! ער איז א מעקאבל מיט די ביינער, א מעקאבל מיט אלע כיינ־גריבעלעך. דאָס פאָרן אײַערס מיט אים, דאָס רײַבן זיך אין דער וועלט, וועט אים קלאָל נישט העלפן. אין הילכעס־אָרעמאנ ווייסט ער נישט מאי דקא אמרי רביצין [1]. נישט קיין מענטש, ווי עס געהער צו זײַן. איר וועט, נעבעך, האָבן פון אים א פארפוילטע גאל. — אײַ, אזא באסיע, איך זאָל האָבן אזא באסיע! א גליק, ווי איך בין א ייִד, א גליק וואָלט איך מיט אײַך געמאכט!

1 מײַ דעקאָ אָמרי רעבעצן.

נאָכ די אַלע מיטל, וועלכע דער מאמזער האָט געברויכט, אָנצומאכנ צווישנ מיר מיט מײַנ ווײַב א בייז-לעבנ און מיכ דערווײַטערנ פונ איר דורכ רעכילעס, וואָס נישט געשטויגנ, נישט געפלויגנ, — איז אים לעסאָפּ געראָטנ צו פאלנ גאָר אפּ עפּעס נײַס. ער האָט מיכ פארמאסערט פאר מײַנ ווײַב, אָנגערעדט אפּ מיר שטילערהייט, אז איכ שאדכנ מיכ עפּעס צו א מיידל פונ א בויד און מאכ מיט איר עפּעס צופּיל כיינ... צווישנ דער כאַ־ליאסטרע האָט זיכ געפונענ א האָרבאטע מיידל, מיט וועלכער איכ האָב, עמעס טאקע, ליב געהאט צו שמועסנ זייער אָפּט און...

— הא, וואָס איז דאָס פאר א מיידל עפּעס? — פאל איכ און אַלטער פישקענ אינ די רייד אַרײַנ. — הא, פישקע, זײַ זיכ מוידע!

— דאָס מיידל איז געווענ א ווילד-פרעמדע אינ בויד, און זי האָט, נעבעכ, געניוג זיכ אָנגעליטנ, געניוג אָפּגעקומענ אינ אירע יונגע יאָרנ. איכ בינ זיכ מוידע, אז איכ האָב ליב געהאט טאקע מיט איר איינינעם צו זיצנ און צו שמועסנ. מיר פלעגנ אויסגיסנ איינער דעם אנדערנ אונדזער ביטער הארצ. זי פלעגט אפּ מיר ראכמאָנעס האָבנ און נישט איינ מאָל וויינענ אפּ מײַנע און אפּ אירע צאָרעס. אײַ, איר זאָלט וויסנ, וואָס דאָס איז פאר א מיידל! אײַ, איר זאָלט וויסנ אירע צאָרעס, נעבעכ!.. — האָט פישקע אויסגעלאָזט מיט טרערנ אפּ די אויגנ.

מיר האָבנ געבעטנ פישקענ אונדז קלאָר צו מאכנ, ווער איז דאָס מיידל און וואָס מיט איר האָט זיכ אַזעלכס געטראָפנ.

— אז איר בעט מיכ אַזוי — האָט פישקע אָנגעהויבנ נאָכ דעם, אז ער האָט מיט איינ עק ארבל אויסגעווישט די אויגנ, — אז אײַכ איז נאָכ נישט נימעס געוואָרנ הערנדיק מיכ, וועל איכ אײַכ צוליב טאָנ און דערציילנ, ווי ווײַט נאָר איכ קענ. הערט, זײַט מויכל, און האָט קיינ פאריבל נישט, אויב בא מיר וועט עס אויסקומענ נישט גלאט.

דאָס מיידל איז געווענ נאָכ א קינד, אז די מאמע אירע האָט זי געבראכט קיינ גלופּסק איינינעם מיט א קלימעקל זאכנ און אַלטע בעבעכעס. דאָס קלימעקל האָט זי אָפּגעוואָרפנ דאָרט ערגעצ אינ א שטיבל בא אנ אַלטער ייִדענע, א מאכעשייפעטע. זיפּאָנעם, דאָס איז געווענ א מעקלערנ פונ דינסטנ. די אַלטע ייִדענע פלעגט אוועקגיינ מיט דער מוטער, איבער־לאָזנ דאָס קינד איינע אַליינ אָנ עסנ און פארפאלנ ווערנ אפּ א גאנצנ טאָג. אז דאָס קינד האָט איינמאָל געוויינט, געצאפּלט: מאמע, נעמ מיכ אויכ מיט זיכ! האָט די אַלטע מאכעשייפעטע אפּ איר זיכ שטארק געבייזערט, מאכנדיק צו דער מוטער: כאָלילע! מענ טאָר פונ איר גאָר נישט וויסנ. עס קענ שאטנ צום אייסעק. אינ עטלעכע טעג ארום האָט די מאמע זי גענומענ און גאנצ שטיל זי אַרײַנגעפירט לעמאזל אינ א קיכ, ערגעצ אינ

א באַלעבאַטיש הויז. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, איז זי מיט דער מאַמע איבערגעגאַנגענ ערגעץ אנדערשוואו אינ א קיכ, אונ פונ דאָרט ווײַטער אינ א נײַער קיכ, אזוי אז אינ א קורצער צײַט זײַנענ זיי מעגולגל געוואָרנ אינ א היפש ביסל קיכנ. די מאַמע איז מיט איטלעכס מאָל איבערקלײַבנ זיכ אינ א נײַער קיכ געוואָרנ צו איר אַלצ ערגער אונ שלעכטער. איר טאַטנ האָט זי ווייניק געקענט. פריִער אינ דער היימ איז ער געווענ א זעלטענער גאַסט, שטענדיק אונטערוועגנס, אונ דערנאָכ דאָ אינ די קיכנ האָט זי אימ קיינמאָל נישט געזענ. זי וואָלט אפילע גאָר פארגעסנ, אויב זי האָט א טאַטנ, ווענ די מאַמע זאָל אימ פופציק מאָל אינ טאָג ניט שילטנ בעשאַס זי פלעגט צו איר אויסלאָזנ איר שווער ביטער הארצ. „אָנלייגנ זאָל ער מיטנ קאָפּ, דער שיינער טאַטע! — פלעגט זי שילטנ, פלוכנ. — דאָס ווײַב האָט ער געפּאַטערט נאָכ אזויפיל יאָר מי, בויכווייטעק, וואָס זי האָט געהאַט בא אימ, אונ איר נאָכ אָנגעהאַנגענ — געהאַנגענ זאָל ער ווערנ! — א באָמבע, א קינד אפנ האַלדז, וואָס איבער איר קענ זי אפ קיינ אָרט נישט אײַנזײַנ אונ באַדאַרפ זיכ מיט איר שטיקנ, באַהאַלטנ. וואָרעמ ווער וויל עס דענ האָבנ בא זיכ א קעכנע מיט א קינד?" — נישט איינ מאָל טאַקע פלעגט די באַלעבאָסטע אינ קיכ ארײַנלויפנ, ווענ דער וואַרמעס איז נישט געווענ עפּעס אזוי געראָטנ, אונ פּילדערנ, שרײַענ, פארוואָס האָט גאָט זי געשטראָפט מיט אזא קעכנע, וואָס שעפּט אָפּ דאָס אייבערשטע פונ דער יויכ אונ גיט עס איר שיינ טעכטערל אוועק, — כאָטש דאָס טעכטערל, נעבעכ, האָט גע-דאַרט, געקוואַרט אונ געגעסנ קרענק. די מאַמע פלעגט עס פארשטופּנ, אזוי ווי טרייפע-סכוירע, אפנ אויווּנ. אינ א ווינקעלע דאָרט איז עס דעמ גאַנצנ טאָג אָפּגעזעסנ אפ איינ אָרט, אײַנגעהויקערט אינצעגנטנ, אונ מענ האָט נישט געטאָרט הערנ פונ איר קיינ פּיפּס. עס פלעגט איר די סמאַהע איבערגיינ, שמעקנדיק די רייכעס פונ געבראָטענע גענדז, געפּרעגלטע לעבערלעכ, אונ זי... שאַ, נישט קיינ וואָרט! זי האָט שטילערהייט געליטנ, נעבעכ, הונגער, ביז מענ האָט זיכ דערמאָנט ארײַנצושטופּנ איר אינ הענטל א טרוקנ שטיקל ברויט, אונ אמאָל אויכ א אָפּגעלעקט ביינדל, אָדער עפּעס אנדערש, וואָס איז איבערגעבליבנ אפ די טעלער. אמאָל ווידער האָט מענ אינ איר זיכ גאָר פארגעסנ, אונ אז זי האָט זיכ נישט געקענט אײַנהאַלטנ אונ א פּיפּס געטאָנ, פלעגט זיכ ווײַזנ אינ דער הייכ אפנ אויווּנ א קאָטשערע, א לאָפּעטע, אָדער א שטעקנ, א פּאָלאָניק אונ שלאָגנ אפנ קאָפּ, אפ די הענטלעכ, אפ די פיסלעכ, ווו נאָר עס האָט געטראָפנ. אונ דערבײַ האָט זיכ געשאָטנ טויטע קלאָלעס אונ כאַראָמעס אפ איר טאַטנ אונ טאַטנס טאַטנ ביז אוראָהאָמ אָווינו. אזוי האָט זי פארבראַכט אינ קרענק, אינ צאָרעס אירע יונגע יאָרנ אפ די אויווּנס. פונעמ שטענדיקנ זיצנ אפ

איינ אָרט איַינגעבויגנ, איַינגעהויקערט איז זי געוואָרנ האָרבאטע, נעבעכ.

פונעמ אויוונ אראָפּקוקנדיק, פלעגט זי זענ עפּעס א יונגנמאנ. ער איז געווענ א אָפּטער ארייַנגייער צו דער מאמענ אירער אינ קיכ. די מאמע פלעגט זיכ אינ אימ שמעלצנ, אימ האָדעווענ פונעמ ארבל, אָנשטאָפּנ אימ די קעשענעס מיט גוטע זאכנ, אונ נאָכ געבנ אימ אמאָל געלט אויכ. ער פלעגט קומענ אָפּט שפּעטלעכ אינ אָוונט אונ בלייַבנ נעכטיקנ אינ קיכ. אמאָל פלעגט די מאמע פארפאלנ ווערנ אפ א לאנגע צייַט, זיכ אויספוצנדיק פריִער, אָנקוקנדיק זיכ גוט אינ דעמ שפּיגעלע, אונ איבערלאָזנ די קיכ העפקער. אפּאָגעמ, אז דער מאמענ איז אינ זינענ געלעגנ כאסענע צו האָבנ, אונ איז אלצ באשעפּטיקט געווענ מיט דעמ כאָסנ...

איינמאָל אקעגנ אָוונט איז געקומענ עפּעס א מענטש אונ פארנומענ פונ דער קיכ דער מאמעס זאכנ. די מאמע האָט געדאנקט דער באלעבאָסטע פאר דעמ זאלצ אונ ברויט, אראָפּגענומענ מיט מאזל איר נאקעט טעכטערל פונעמ אויוונ אונ איז מיט איר ארויסגעגאנגענ. זי פירט דאָס טעכטערל אונ פירט, ביז זי פארפירט עס ערגעצ אינ א געסל. „זעצ זיכ דאָ אנידער אונ ווארט. יִידנ וועלנ ראכמאָנעס האָבנ"... אזוי האָט די מאמע געזאָגט אונ איז פארשווונדנ געוואָרנ.

דאָס פארוואָרפענע קינד זיצט, נעבעכ, אפ דער גאס שטיל אונ האָט מוירע א ריר צו טאָנ זיכ אפילע, אזוי ווי פריִער אפנ אויוונ. א קאלט אָסיענדיק רעגנדל שפּרענקלט אונ נעצט איר דורכ די ביינער. זי איז געזעסנ איַינגעניורעט קימאט אינ איינ העמד, געציטערט פאר קעלט, אונ א צאָנ אינ א צאָנ האָט איר געקלאפּט. אז איינער פונ די פארבייַגייענדיקע האָט זי א פרעג געטאָנ: ווער ביסטו, מיידעלע? איז דער ענטפער אירער געווענ: איכ בינ דער מאמעס... די מאמע מיר געהייסנ דאָ זיצנ שטיל... מענ טאָר נישט שרייַענ. א קאָטשערע, א לאָפּעטע קומענ אונ שלאָגנ... אזוי איז זי, שלימאזלדיקע, נעבעכ, געזעסנ העט שפּעט אינ דער נאכט, ביז עפּעס א יִידענע האָט זי פארנארט מיט גוטע רייד אונ אוועקגעפירט צו זיכ אהיימ, ערגעצ אפ די פּ י ס ק ע ס אינ א קליינ שטיבעלע אפ הינערשע פּיסלעכ.

בא דער יִידענע האָט זי זיכ אופגעהאלטנ א היפּשע צייַט אונ בא איר קיינ האָניק נישט געלעקט. די יִידענע האָט זיכ איר אויסגעגעבנ פאר א מומע אונ איר געהייסנ זי אזוי רופנ. די דאָזיקע מומע איז געווענ א סעדעכע, וואָס איז געשטאנענ אינ מארק מיט קארטאָפּלעס, הייסע באבקעס, קאָלנידרע-בארעלעכ אונ ערעצ-יִסראָעל-עפּעלעכ. גאנצפרי איז דער שטייגער אירער געווענ אוועקצוגייג אינ מארק ארייַנ. דאָס האָרבאטע מיידעלע איז

איבערגעבליבן מיט א טעכטערל אין שטוב און געוויגט איר קינד, אויך געהאָלפן אין דעם באלעבאטישקייט, ווי אשטייגער: קלייבן אפ דער גאס דארע שפענדלעך אפ אונטערצוהייצן, קריכן אונטערן פעקעליק נאָך אייער, וועלכע די הינער האָבן געלייגט, אויסשקראבען א טעפל פון פארטריקנטער קאשע, פארוואשן אין דער פאָמעניצע דעם קינדס א פארשמירט העמדל און שטיין אכטונג צו געבן אפ די איבערגעוואשענע הילצערנע מילכעדיקע לעפל, וואָס טריקענען זיך אפ דער פריזבע, איניינעם מיט דעם קינדס קישעלעך, אקעגן דער זון, און נאָך אנדערע אזעלכע מעלאָכעס. פארנאכט, אז די סעדעכע איז אהיים געקומען, האָט זי געשיקט איר קליין דינסטמיידל אין די הײַזער ארומצוגיין און צונויפנעמען עטלעכע שטיקלעך ברויט. דערפון האָט זי זיך דערנערט אליין און נאָך געגעבן „דער מומען" אירער.

זומער פארנאכט איינמאָל, בעשאס ארומגייענדיק אין די הײַזער אפ איר שטייגער, אין איין גראָב העמדל מיט א האלב קליידל, האָט זי זיך פארשלאָגן גאנץ ווײַט, אזש באם עק שטאָט, און נישט געטראָפן דעם וועג צוריק אהיים. די זון האָט שוין לאנג זיך געזעצט. אפ דעם הימל האָט זיך אָנגערוקט א שווארצער וואָלקן. עס האָט ביסלעכווײַז געבליצט און געדונערט. פלוצלים קומען אונטער, פון דער שטאָט ארויספאָרנדיק, עפעס בוידן, פול אָנגעזעצט מיט מענטשן. — קוקט נאָר! — האָבן פארשוינען ארויסגעשריען פון איין בײַדל. — עפעס דרייט זיך דאָ ארום א האָרבאטע מיידעלע און וויינט, נעבעך. — און באלד טאקע שפרינגט אראָפּעט איינער א רויטער — טאקע אלץ דער רויטער מאמזער, א קיענק אים אין די ביינער אין! — גיט א פרעג דאָס קינד, וועמעס זי איז. — איך וויל אהיים, אהיים צו דער מומע! — ענטפערט דאָס מיידעלע אפ א וויינענדיק קאָל. — שא, טאָכטער, וויין נישט, — זאָגט צו איר דער מאמזער, איך וועל דיך אָפפירן אהיים צו דער מומע. ער טוט זיך באלד טאקע א כאפ, ווארפט זי אין א בײַדל ארײַן און פאָרט מיט איר אוועק.

פון יענער צײַט אָנעט בלאָנקעט דאָס האָרבאטע מיידל, נעבעך, זיך ארום מיט דער כאליאסטרע בויד־אָרעמעלײַט, וואָס האָבן פון איר הויקער געמאכט א פארנאָסע. דער שטייגער איז זייערער געווען, קומענדיק ערגעץ אין א שטאָט, אנידערצוזעצן זי נאקעט און באָרוועס אפ דער גאס, ווו מענטשן גייען, און זי האָט באדארפט כליפען, בעטן נעדאָווע אפ א וויינענדיק קאָל, מיט א ניגן, און אויך רײַסן בא די פּאָלעס. האָט זי אָבער אמאָל נישט געשפילט די קאָמעדיע טשאקנדיק מיט אלע אָנשטעלן און געמאכט וויינעדיק געלט, פלעגט מען איר אָפּשפּילן א גוטע כאסענע: שלאָגן זי טויט־שלעק, ארויסווארפן זי בא דער נאכט אין דרויסן, ווו זי פלעגט נאקעט, הונגעריק, נעבעך, שרײַען און וויינען אפן רעכטן עמעס טאקע...

זי האָט מיר דערציילט, ווי איינמאָל ווינטער, אינ א שטארקנ פראָסט, האָט מענ זי באנאכט אזוי ארויסגעוואָרפנ אפ דער גאס. דער פראָסט האָט זי א נעמ געטאָנ אונ געמאכט פונ איר א בייגל, געצופט, געטשיפעט דאָס לייַב ווי מיט קאלטע שפילקעס. עס האָט איר זיכ גערירט דער שארבנ אפ דעמ מויעכ, טונקל אונ ליכטיק, עפעס ביידע מיטאמאָל, איז איר געוואָרנ אינ די אויגנ. אָט-אָט עקט זיכ דאָס לעבנ. זי קענ שוינ מער נישט אויסהאלטנ אונ הייבט זיכ אָנ בעטנ אינ שטוב אריַינ מיט א ביטער געוויינ. זי ציטערט, בעט ראכמימ: עפנט, מומע, עפנט, פעטער! — אזוי האָט זי איטלעכנ פונ דער כאליאסטרע גערופנ. זי שרייַט: פעטער, איכ וועל שוינ וויַיטער דאָרט פאר מענטשנ גוט שרייַענ! זי וויינט: מומעניו, איכ וועל שוינ דאָרט גוט וויינענ! זי בעט: גוואלד, איכ וועל שוינ וויַיטער גוט בעטנ! נאָר שרייַ צו דער וואנט, נישטאָ קיינ ענטפער... זי בלייַבט ליגנ שטיל, פילט מער נישט קיינ קעלט, קיינ פייַנ, עס באפאלט זי עפעס א זיסער שלאָפ, עס דאכט זיכ איר, מענ האלדזט זי, גלעט זי, עפעס גוט, ווארעמ, מעכייַע — אונ מענ האָט זי א טויטע אוועקגעטראָגנ פונעמ אָרט... זי האָט א היפשע צייַט פונ יענער נאכט געקרענקט. — וויַיטער איז דער שטייגער געווענ אראָפּצולאָזנ זי פונעמ וואָגנ, וויבאלד מענ האָט פונדערוויַיטנס אפנ וועג דערזענ פאָרנדיק עפעס א פּאָרעצ, אָדער סאָכרימ, לייַטישע מענטשנ. זי האָט באדארפט מאכנ די גאנצע שפיל, אויסשטרעקנ די האנט, דרייענ זיכ, לויפנ פארבייַ די פערד, בא די זייַטנ וואָגנ, כליפענ, בעבענ אונטער דער נאָז מיט א ראכמאָנעס-פּאָנעמ אונ דערטאפנ א נעדאָווע, — איר טויט זאָל דאָ אפילע זייַנ. אמאָל פלעגט זי טאקע כאפנ א שמיצ מיט דער בייַטש פונעמ שמייַסער אפ דער קעלניע, נאָר זי פלעגט עס, נעבעכ, אראָפשלינגענ, שא, קיטש, אונ געטאָנ טאקע אירס, ווייַל זי האָט זייער גוט געוווסט, אז א בייַטש איז א גאָרנישט אקעגנ דעמ, וואָס זי וועט שפעטער כאפנ, אויב, כאָלילע, זי קומט צוריק אינ בויד מיט ליידיקע הענט... וואָס זי, נעבעכ, איז אינ די יונגע יאָרנ צאָרעס אויסגעשטאנענ, לאָזט זיכ גאָר נישט ארויסזאָגנ. אויכ הייַנט שטייט זי נאָכ גענוג צאָרעס אויס, אינ געהענעמ באדארפ מענ אזויפיל נישט אָפקומענ, וויפל זי, נעבעכ, קומט אָפעט. אָכ, דאָס בלוט קאָכט אינ מיר, ווענ איכ דערמאָנ מיכ אינ איר! אוי וויי, מייַנ לעבנ וואָלט איכ פאר איר גערנ אוועקגעגעבנ, אבי זי אויסצולייזנ. הערט איר, יידנ, ס'איז נאָכ אפ דער וועלט גאָר נישטאָ אזא גוטע, שטילע טויב, אזא זיסע טייַערע נעשאָמע ווי זי...

## 17

פישקעס דערציילונג האָט אָנגעמאכט א שטארקע מאָרעשכוירע אף אלטערן מיט מיר. אלטער האָט מיט דער האנט געריבן דעם שטערן, ווי עס האָט אים עפּעס געביסן, און אלץ געמאכט פאר זיך: עט, עט!..

— הערט איר, רעב אלטער, — רופט איך מיך אָן מיט א שמייכעלע, — פישקע, כ'לעבן, איז טאקע פארליאפּעט אין דעם האָרבאטע מ'ידל. ס'איז, כ'לעבן, עפּעס נישט גלאט.

— לעמיר זאָל איך לייקענען, — האָט פישקע געזאָגט, — איך האָב זי טאקע אָנגעהויבן שטארק ליב צו האָבן אין הארצן פאר גרויס ראכמאָנעס. עס האָט מיך עפּעס צו איר געצויגן, מיר צוגעקומען לעבן פונעם זיצן אמאָל מיט איר איינעם. — וואָס?.. גאָרנישט! גלאט אזוי זיך, — שמועסן, אָדער שווייַגנדיק אָנקוקן זיך איינער דעם אנדערן. דאָס גוטסקייַט איז איר געלעגן אפן פּאָנעם. דאָס קוקן אירס אף מיר איז געווען טאקע נאָר, ווי א געטרייַע שוועסטער קוקט אף איר אומגליקלעכן ברודער, בעשאס אים איז, נעבעך, שלעכט, שטארק נישט-גוט. און אז נעמענדיק צום הארצן מייַנע צאָרעס, האָט זיך איר געשטעלט טרערן אין די אויגן, איז מיר געוואָרן עפּעס גוט, ווארעם-מעכייַע אין אלע גלידער. עפּעס האָט מיר זיך געדאכט, געדאכט... איך ווייס אלליין נישט וואָס. עפּעס האָט מיך אינווייניק געבריט, געגלעט באַ דער נעשאָמע: „פישקע, דו ביסט נישט מער אלליין אין דער וועלט, ביסט נישט מער עלנט ווי א שטיין“. — און עס באנעצן מיר זיך די אויגן פון הייסע טראָפּן טרערן.

מייַן ווייַב — א וואונדער, כ'לעבן! — האָט מיך שוין עפּעס נישט אזוי געארט. עפּעס איז מיך שוין נישט אזוי שטארק אָנגעגאנגען, ווי זי מאכט כיינ מיט דעם מאמזער. געקרימט דערופ האָב איך מיך נאָך טאקע, אָבער דאָס קרימען זיך האָט שוין נישט געהאט דעם טאם ווי פריִער. אז מיר פלעגט אמאָל ארופקומען אפן געדאנק אזוי: דו ווילסט, פישקע, דייַן ווייַב זאָל א זאָג טאָן: „אצינד איז שוין גענוג זיך ארומגעשלעפּט, קום לאָמיר זיך באזעצן אין א שטאָט?“ — פלעג איך זוכן ווי מיך אויסצודרייען, נישט געבן קיין גלייַכן ענטפער, און זיך פארטראכטן דערבייַ אין איר... וואָס וועט זייַן מיט איר, מיט דער האָרבאטער, נעבעך?.. נאָר הערט אָבער א מייַסע! אז איך בין געוואָרן אין הארצן צו מייַן ווייַב קילער, שוין נישט געצאפּלט נאָך איר אזוי ווי פריִער, איז זי, דאכט זיך, געוואָרן צו מיר הייסער. עס פלעגט אף איר אמאָל אָנקומען א שאָ, וואָס זי איז געווען צו מיר גוט, ווייך ווי א טייג, און האָט זיך געהאנגען מיר פּאָשעט אפן האלדז. נאָר דערפאר שפּעטער פלעגט עס מיר באָקום אויספּאלן. זי פלעגט מיר טאָן אין דער

גאַל אַרײַן, מיך פּלאָגן, פּײַניקן נאָך טויזנט מאָל ערגער ווי פריִער, אַזוי אַז דאָס לעבן איז מיר נישט ניכע געווען און האָב מיר געוווּנטשן דעם טויט. איך האָב פון איר געהאַט, טאַקע ווי מען זאָגט, קאַלט און וואַרעם. איך האָב גאָר נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס איז איר געשען? מעשוגע איז זי, צי כאָסערדייע, וואָס איז מיט איר אַזוינס? נאָר אין אַ קורצער צײַט שפּעטער איז זיך פאַרלאָפן עפּעס אַ זאַך, און דער בלאָטער איז פּלוצלים אויסגעשפּרונגען. איך האָב שוין פאַרשטאַנען, וואָס ברענט אַזוינס מײַן ווײַב, וואָס די רוגזע אירע באַטײַט. ס'איז אַ ווייטעק, אַ בושע צו דערציילן.

פּישקע פאַרטראַכט זיך אַ רעגע. דערנאָך טוט ער זיך עפּעס אַ געשמאַקן קראַץ און הייבט אָן ווײַטער צו דערציילן:

איינמאָל זײַנען מיר אָנגעקומען ערגעץ אין אַ קליין שטעטל און פאַרפאָרן, ווי געוויינטלעך, אַף אַכסאַניע גלײַך אין העקדעש אַרײַן. איך זאָג אײַך, יידן, עפּעס האָב איך דאָך שוין גענוג העקדיישים מיך אָנגעזען אין מײַן לעבן און ווייס גאַנץ גוט, וואָס אַזעלכע באַטײַטן, נאָר זיי אַלע זײַנען גאָלד אַקעגן דעם העקדעש פון יענעם שטעטל. אַז איך דערמאָן מיך אין אים, הייבט אַצינד נאָך אָן מיר דאָס גאַנצע לײַב צו בײַסן און איך מוז מיך קראַצן. אינגאַנצן האָט דער העקדעש אויסגעזען ווי אַ שטאַרק אַלטע קרעטשמע, אַ כורווע מיט אויסגעקרימטע, נישט קיין גלײַכע ווענט, מיט עפּעס אַ דעכל, מישטיינסגעזאָגט, ווי אַ צעקנייטשט קאַפּעלישל, פאַריסן פון פאָרנט און נידעריק אָנגעבויגן פון הינטן, קימאַט ביז דער ערד. מען האָט באַשײַמפּערלעך געזען, אַז דער העקדעש, נעבעך, כאַלעשט, וויל אײַנפאַלן און ליגן ווי אַ באַרג מיסט אַף דער ערד, נאָר דער אוילעם אין שטעטל האָט אים אָפּגעשריגן, אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעך און אים אײַנגעבעטן צו האַלטן זיך אַזוי אַף ווײַטער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. דורך קלאָמפּערשט עפּעס אַ טויער איז מען אַרײַנגעפאָרן אין אַ גרויס הויז מיט צעשאָטענע, לעכערדיקע ווענט, דורך וועלכע עס האָט זיך אַרײַנגעגאַנוועט אַ שטיקל שײַן. די ערד דאָרט איז געווען גריבערדיק, ערטערווײַז איז געשטאַנען קאַליוזשעס, פאַרשימלטע, פאַרדומפּענע פון פּאָמעניצעס און נאָך אַזעלכע זאַכן, אויך פונעם רעגן, וואָס פלעגט טאָמיד דורך דעם פוילן שטרויענעם דאַך, צעשיטעט ווי אַ רעשעטע, אַהין אַרײַנקאַפּען. צעריבענע פאַרפוילטע שטרוי האָבן זיך אומעטום געוואַלגערט, אויסגעמישט מיט אַלערליי מינע שמאַטעס: צעריסענע טאָרבעס, צעהאַקטע ראָגאָזשעס, פאַרדאַרטע ווערכלעך פון שיך, אַלטע פּאָדעשוועס און אויסגעדרייטע אָפּזאַצן מיט פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, שערבלעך, צעבראָכענע רייפן, ספּיצעס פון רעדער, האָר,ביינער, דראַפּאַטשעס, ריטער פון בעזעמער און נאָך אַזעלכע שמאָכ-

טעס. דאָס דאָזיקע ביסל סכוירע אײנײנעמ האָט געפרײעט און געגעבנ „די שמוכט", מעשונעדיקע רײכעס גאָר א שרעק. — אינ דער לינקער זײַט הויז האָט זיכ געעפנט מיט א בײזער א פארשמאָלצעוועטע טיר אינ א שטוב ארײַנ מיט קלײנע, שמאָלע, נישט גוט צוגעשטאנענע פענצטער, און א טײל שויבנ זײַנענ אויסגעשלאָגנ און פארקלעפּט מיט צוקער־פאפּיר אָדער פארשטעקט מיט א שמאטע. א טײל זײַנענ שטארק שמוציק, אינ די ווינקלעכ באדעקט דיק מיט שימל, און ווידער א טײל זײַנענ פאר אלטקײַט איבערגעצויגנ מיט געל־גרינע מעשונע גלאנצנדיקע קאָלירנ, און דער גלאנצ שטעכט עפּעס די אויגנ, גלײַכ ווי א קריצ אפ גלאָז גריזצט ווילד אינ די אויערנ. ארום די אָפּגעשלאָגענע ווענט און נעבנ א גרויסנ אויוונ ציִענ זיכ לאנגע בענק פונ ברעטער, וואָס ליגנ אפ קלעצלעכ און שטיקער האָלצ. העכער א ביסל איבער די בענק שטעקנ אינ די ווענט גרויסע און קלײנע פלעקלעכ. פונ דער שווארצער סטעליע הענגענ אראָפּ שטריקלעכ מיט פעטליעס, אינ וועלכע עס האלט זיכ בא די בײדע עקנ א לאנגער שטאנג. די פלעקלעכ מיט דעמ שטאנג זײַנענ פארהאנגענ מיט פארדריפּעטע קאפּטנס און קלײדלעכ, מיט אלערלײ כפײצימ און טאָרבעס פונ אָרעמעלײַט, וואָס קומענ צו פאָרנ אינ בײַדלעכ אָדער קומענ זיכ צו שלעפּנ צופוס און שטײענ דאָרט אײַנ, יונג און אלט, מאנצבלענ און ווײַבער אלע אײנײנעמ. — דער העקדעש איז אכוצ דעמ נאָכ א ביקער־כוילימ אויכ. דאָרט איז דאָס אָרט אפ צו שטארבנ פאר קראנקע מיִעסע קאפּצאָנימ אינ דעמ שטעטל. דער רויפע טוט אלצדינג, וואָס נאָר מעגלעכ: שטעלט באנקעס, פּיאווקעס, לאָזט צו דער אָדער און צאפּט, אפ קאָהאָלשע הויצאָעס, קאפּצאָנימ בלוט, ביז די קאָשערע נעשאָמע גײט זײ אויס, און דער העקדעש־מאנ, וואָס איז צוגלײַכ דער קוואָרעס־ייִד פונעמ שטעטל, איז זײ טאקע באלד מעקאבער אומזיסט.

דער העקדעש־מאנ מיט זײַנ הויזגעזינד זיצט אויכ טאקע דאָרט אינ א מינ אלקערל, מ׳שטײנסגעזאָגט. כוצ וואָס ער איז א העקדעש־מאנ, א קוואָרעס־ייִד, א שאמעס אינ דער כעוורע־קאדישע, א מאזשגיִעכ אינ זײַנ ביקער־כוילימ, א „וואשטי האמאלקע", אָדער א „מאָנדרוש" אינ פורימ, א פארשטעלטער בער מיט א איבערגעקערטנ פעלצ אינ סימכאסטוירע, א סארווער, אנ אָנשטעלנמאכער, א ווערטל־זאָגער אפ אלע כאסענעס און בריסנ, — האָט ער נאָכ א פארנאָסע דערצו, צו מאכנ כײלעוודיקע ליכטלעכ. די אלע באלעבאטימ און באָטעמעדראָשימ ציִענ בא אימ ליכט אינ הויז פונעמ העקדעש, און עס ווערט דענסטמאָל א געשטאנק, אנ איפּעש ווײַט ארום און ארום...

אז אונדזער כאליאסטרע איז אָנגעקומענ אהינ אינ העקדעש, איז ער געווענ אָנגעזעצט גענוג מיט אָרכימ. דער העקדעש־מאנ האָט זײ געטריבנ:

נענוג געזעסנ, פאָרט אײַכ געזונטערהײט שוינ ערגעצ אנדערש! נאָר אזוי
ווי ס'איז געווענ דאָנערשטיק, האָבנ זיי געהאט אנ אויסרייד זיכ אָפּצובעטנ —
פאַרבלײַבנ דאָ ביז נאָכ שאבעס. די ערד, די בענק און דער אויוונ זײַנענ
באנאכט באַלאגערט געווענ מיט מענטשנ, מענ האָט זיכ געשטופּט, געקוועטשט,
געקריגט אונ געשאָלטנ פאר א שטיקל אָרט. קאָניצע אונ פּיעשע האָבנ
שטארק געארבעט, אײנער דעמ אנדערנ ארויסגעוויזנ די שטארקע סינע אונ
די גוורע זייערע מיט די הענט. אינ דער גרויסער מעהומע, נישט־דאָ־גע־
דאכט, האָט געקרעכצט אינ א ווינקעלע א קראנקער אלטער ייִד, וועלכנ
מענ האָט נעכטנ אפּ קוראציע אהער געבראכט, אונ א פּיצל קינד, וועלכנ
מענ האָט אינ דעמ שטופּעניש צוגעקלעמט א פּיסל, האָט געקוויטשעט, גע-
מאכט לעכער אינ קאָפּ, שרײַענדיק. — ערשט שפּעטער, אז די בייזע מעהו-
מע האָט זיכ איבערגענומענ, האָב איכ מיר אָפּגעזוכט ערגעצ א ווינקל אונ
זיכ געלייגט ווי־ס'איז אויסצורוענ א ביסל. נאָר קוימ האָב איכ מיכ גע־
לייגט, זײַנענ מיכ באפאלנ גאנצע כאיאָלעס פּרײַסנ, וואנצנ, פליי ווי די
בערנ אונ האָבנ מיכ געוואָלט לעבעדיקערהייט אופעסנ. דאָס לײַב הייבט
מיר נאָכ אצינד אָנעט צו בײַסנ אונ מוז מיכ געשמאק קראצנ נאָר באמ
דערמאָנענ זיכ אינ די דאָזיקע מאלאכיי־כאבאָלע. אז איכ האָב א קוק געטאָנ, אז
מיט פּרײַסנ מילכאָמע צו האלטנ איז שווערלעכ, א פּרײַס איז א באשע-
פעניש, וואָס קריכט, אונ זײַנ שוטעפּ, די וואנצ, שטינקט, האָב איכ זיי
מויכל געווענ מײַנ שטיקל פּלאצ, לאָזנ זיי מיט אימ זיכ ווארגנ! אונ בינ
ארויס אינ הויז, דאָרט ווי־ס'איז צוברענגענ די נאכט. אינ דרויסנ איז גע־
ווענ שרעקלעכ פינצטער. א קאלטער, א שטארקער ווינט האָט געשטורעמט,
געהײַלט ווי די הונגעריקע וועלפ, געפּײַפט אונ געבלאָזנ דורכ די שפּאלטנ
אינ די ווענט. שטיקלעכ שטרוי זײַנענ פונעמ דאכ געפלויגנ אונ האָבנ מיט
נאָכ אנדערע מינע שמאָכטעס ווי די רוכעס אינ הויז ארומגעטאנצט. צו־
ווײַלנ האָבנ אהינ דורכ די לעכער אויכ ארײַנגעקאפּעט גרויסע טראָפּנ רעגנ.
איכ האָב פארוקט מיכ דאָרט אינ א ווינקל אונ געלעגנ מיט א ביטער גע־
מיט, געציטערט פאר קעלט. איי, די באָד, די באָד! — האָב איכ געיײַקעט
אונ געאָכט. — ווו נעמט מענ מײַנ באָד! דאָרט איז דאָכ פּאָשעט א גאַ־
נײדנ — ווארעמ, א דערקוויקעניש. ווי גליקלעכ בינ איכ אינ דעמ דאָזיקנ
גאנײדנ דאָרט אמאָל געווענ. וואָס האָט מיר געפעלט, וואָס איז מיר דאָרט
אָפּגעגאנגענ? מיר איז געווענ אזוי גוט, אזוי ווויל, — האָט דער רועכ באַ־
דארפט אָנטראָגנ מײַנ ווײַב, איכ זאָל דורכ איר פארטריבנ ווערנ פונעמ
גאנײדנ אונ ארומוואָגלענ זיכ אינ דער וועלט. אפּ צאָרעס נאָר זײַנענ די
ווײַבער דאָ, טאקע נאָר אפּ צאָרעס. וואָס טויגנ זיי? וואָס האָט מענ פונ
זיי? קיינ גוטס, כ'לעבנ, קומט פונ זיי נישט ארויס... באלד אָבער דערמאָנ

איכ מיכ אינ דעמ האָרבאטע מיידל, אונ [האָב] פאר מיר אליינ מיכ געשעמט. סטייטש, זי איז דאָכ א גוטע, א קאָשערע נעשאָמע, מיט איר איינעמ איז דאָכ עפּעס א טייַנעג. ס'איז עפּעס גלאט גוט, גרינג, פריילעכ אפנ הארצנ צו זיצנ אונ שמועסנ מיט איר. א קאפּאָרע טויזנט באָדנ פאר איר מינדסטנ נאָגל. פונ אירס א קוק ווערט עפּעס געשמאק ווארעמ אינ אלע גלידער. — שעמ דיכ, פּישקע! — שייגעצ איכ מיכ אליינ אויס, — זינדיק נישט מיט דייַנע רייד, ווייַבער גיבנ עפּעס צו א שטיק געזונט אונ לעבנ. ווייַבער קענענ גליקלעכ מאכנ אונ פונעמ געהענעמ אפּילע מאכנ א גאניידנ... פונ אזעלכע זיסע געדאנקענ האָב איכ פארגעסנ אינ אלע מייַנע צאָרעס. דאָס ווינקעלע, וווּ איכ האָב מיכ צוגעשפּארט, איז עפּעס גאָר גוט, מעכייַע. מיר איז שוינ מער נישט קאלט. איכ הייב אָנעט לייענענ קרישמע מיט געפיל, די אויגנ קלעפּנ מיר זיכ אונ ווער באלד אנדרעמלט. פּלוצלימ אָבער האָט מיכ אופגעוועקט עפּעס א שרעקלעכ געשריי.

— קוקט נאָר אָנ דאָס נעפּעש! — האָט עמעצער געשריגנ נעבנ דער טיר פונעמ שטוב אונ דערלאנגט פונ דאָרט א וואָרפ מיט דעמ גאנצנ קויעכ אינ הויז אריינ עפּעס א שווערע זאכ, וואָס איז ווי א שטיינ געפאלנ אפ דער ערד מיט א שטארקנ קלאפּ, — קוקט נאָר אָנ די מעצאָצע... אויכ מיר א מענטש! א קאטאָוועס, די גראפינ'ע פּאָטאָצקע!.. אונ אינ הויז ביסטו קראנק צו ליגנ, פארפאטשקעטע גראפינ'ע? —

איכ האָב באלד אינ דעמ קאָל דערקענט דעמ מאמזער, — א קיענק אימ אינ די ביינ'ע איאנ! — ער האָט נאָכ א ביסל געשריגנ, געזידלט, אויסגעוואָרפנ מיט דער גראפינ'ע פּאָטאָצקע, דערבייַ אויסגעשפּיגנ אונ פארמאכט דערנאָכ די טיר מיט א שטארקנ קלאפּ.

א שטיקל לעוואָנע איז ארויסגעקראָכנ פונ צווישנ די צעריסענע שטיקער וואָלקנ, האָט אריינגעקוקט דורכ דעמ צעבראָכענעמ דאכ אינ הויז אריינ אונ באלויכטנ דאָרט עפּעס א מענטשלעכ געשטאלט, וואָס איז געלעגנ ווי א קלימעק, שטיל, קיינ ריר זיכ נישט צו טאָנ. איכ האָב מיכ א לאָז געטאָנ זעג, ווער איז עס די מעצאָצע אָדער די גראפינ'ע פּאָטאָצקע, וואָס ליגט דאָרט אזוי. איכ טו א בליק — אונ א דונער האָט מיכ דערשלאָגנ! פינצטער איז מיר אינ די אויגנ, אונ דער קאָפּ דרייט זיכ מיר, אזוי ווי פונ דער ערשטער פארע אפ דער אייבערשטער באנק. מייַנ האָרבאטע מיידל, זי, נעבעכ, ליגט עס אפנ רוקנ טויט אויסגעשטרעקט פונעמ שטארקנ שלייַדער, וואָס דער מאמזער האָט מיט איר געטאָנ! איכ נעמ מינטערנ מיט אלע קויכעס די האָרבאטע, נעבעכ, אונ אז גאָט האָט געהאָלפנ, זי האָט זיכ אָנגעהויבנ צו רירנ, האָב איכ זי א כאפּ געטאָנ אפ די הענט עפּעס נישט מיט קיינ מענטשלעכנ קויעכ, ווי בעשאס מענ ראטעוועט אינ א

גלופסקער גרויסער סרייפע, און בין מיט איר גיך אוועק אהין אין מײַן ווינקעלע. איך וואָלט געמעגט שווערן, אז דענסטמאָל בין איך געגאנגען גאָר גלײַך, ווי אלע מענטשן, און האָב אפילע קיין הינק נישט געטאָן. זי האָט פאמעלעך, פאמעלעך אופגעעפנט איינ אויג נאָכן אנדערן און א שטיקל זיפצ געטאָן. איך האָב פאר סימכע געמיינט, אז די וועלט איז מײַנע. ס'איז מיר געווען צו מוט טאקע גאָר ווי דעם בעטלער אין די געשריבענע מײַסעס, וואָס ווערט פלוצלים פון דער העלער הויט מעגולגל אין א טײַערן פאלאצ, זיצט זיך דאָרט אָנגעלענט אפ דער גוטער העסעבעט איינעם מיט א באסמאלקע און טוט זיך וויל. איך האָב געשווינד אראָפגעוואָרפן פון מיר מײַן קאפאָטע און אײַנגעוויקלט דערמיט מײַן באסמאלקע, וואָס האָט געציטערט פאר קעלט.

— אוי! — האָט מײַן האָרבאטע, נעבעך, א זיפצ געטאָן, אויסגעריבן די אויגן און געקוקט. עפעס גלײַך ווי זי האָט זיך ארומגעקוקט, אפ וואָס פאר א וועלט זי איז.

— וואָס קוקסטו עפעס אזוי? — טו איך זי א פרעג. — איך בין פישקע. געדאנקט און געלויבט איז גאָט, וואָס דו לעבסט.

— אָך און וויי איז מיר! — זאָגט זי מיט א זיפצ טיפ פונעם הארצן. — וואָס טויג מיר, וואָס איך לעב. איידער אזא לעבן איז שוין בעסער דער טויט. גאָט איז דאָך א גוטער, א בארעמהארצעדיקער, הײַנט צו וואָס האָט ער אזעלכע ווי איך גאָר באשאפן, נאָר אפ צו לײַדן און צו פלאָגן זיך אין דער וועלט?

— נארעלע! — מאך איך צו איר. — מיסטאמע ווייסט גאָט, וואָס ער טוט, מיסטאמע איז דאָך אים ניכע, אז אזעלכע ווי מיר זאָלן אויך זײַן אפ דער וועלט. גאָט איז א טאטע, ער זעט, הערט און ווייסט אלצדינג. דו מיינסט, נארעלע, ער ווייסט נישט אונדזערע ביידנס צאָרעס? גאָט ווייסט, נישקאָשע! די לעוואָנע זײַנע, זע נאָר, זע, קוקט פונעם הימל אהער אפילע, אין הויז, אויך ארײַן. זינדיק נישט, נארעלע, מיט די רייד.

זי האָט אויסגעשטעלט אפ מיר א פאָר פײַערדיקע אויגן, אין וועלכע עס זײַנען געשטאנען גרויסע טראָפן טרערן און זיך געפינקלט אקעגן דעם שײַן פון דער לעוואָנע ווי בריליאנטן. אירע אויגן און איר קוק דענסטמאָל אפ מיר וועל איך אייביק נישט פארגעסן.

אז איך בין אופגעשטאנען אפ מאָרגן גאנצפרי, האָב איך געזען, מײַן האָרבאטע ליגט אין ווינקעלע, אײַנגעניורעט אין מײַן קאפאָטע און שלאָפט ווי א פייגעלע. דאָס פאָנעם אירס איז געווען בלייך און אויסגעזען עפעס אזוי גוט, אזוי ראכמאָנעסדיק גוט... די ליפן האָבן צווײַלן געציטערט און זיך אויסגעצויגן עפעס ווי מיט א געבעט. עפעס בעט זי, נעבעך, ראכמים:

פײַניקט מיכ נישט! וואָס האָב איכ אײַכ געטאָנ? וואָס האָט איר צו מיר? פאַרוויסט מיר נישט דאָס לעבנ. וואָס האָב איכ אײַכ געטאָנ, וואָס האָב איכ אײַכ געטאָנ?.. אונ דאָס בעטנ אירס רײַסט אויס א שטיק האַרצ. עס האָט מיר זיכ געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ — אונ איכ האָב געוויינט.

דער ערשטער, וואָס איז אינדערפרי אינ הויז אַרײַנגעגאַנגענ, איז געווענ דער מאַמזער, — א קיִענק אימ אינ די בייניע איאַנ! — ער האָט מיט זײַנע גענייוויִשע אייגעלעכ א קוק געטאָנ אפ מיר, אפ דער האָרבאַטער אונ איז מיט א שטעכנדיק געלעכטערל אוועק צוריק אינ שטוב אַרײַנ.

## 18

פּישקע איז פלוצלימ געבליבנ שטיל אונ אוועקגעקערט דאָס פּאָנעמ, גלײַכ ווי ער האָט זיכ געשעמט. וואָס מײַנ אַלטער האָט אימ נישט געבעטנ ווײַטער צו דערציילנ, האָט אַלצ נישט געהאָלפנ. — עט... כ'לעבנ! — האָט פּישקע געמאַכט, איז רויט געוואָרנ, זיכ געמינעט אונ נישט געעפנט קיינ מויל. פּישקע, ווי עס האָט אויסגעזענ, האָט לעסאָפּ זיכ אַליינ פאַרשעמט פונ זײַנע אייגענע רייד. פריִער אַז עס האָט אימ דער ערשטער ברי געטאָנ, האָט ער זיכ צעפּלאַקערט, צערעדט ווי איינער פונ דער היצ. ער האָט גערעדט מיט פײַער אונ אויסגעגאָסנ זײַנ גאַנצ האַרצ אינ אַזעלכע ווערטער, וואָס זײַנענ גאָר נישט געווענ פאַר פּישקעס מויעכ. די דאָזיקע ווערטער האָבנ זיכ אימ געגאָסנ אַליינ, עס האָט אינ אימ זיכ צערעדט די נעשאָמע. ער האָט בעשאָס־מײַטע פאַרגעסנ אַלצדינג, וואָס אַרומ אימ טוט זיכ, גערעדט, גערעדט, נישט צו הערנ קיִבאַט אַליינ, וואָס ער רעדט. ביז ער האָט פלוצלימ זיכ א כאַפּ געטאָנ, עפּעס ווי אַליינ זיכ צוגעהערט צו זײַנע רייד, זיכ עפּעס געוווּנדערט, ווי קומט אַזוינס צו אימ... אונ איז שטאַרק פאַרשעמט געוואָרנ. בא וועלכנ פונ אונדז מאַכט זיכ נישט כאָטש איינ מאָל אינ לעבנ אַזאַ ליכטיקע, גוטע שאָ, וואָס דענסטמאָל עפנט זיכ א מויל אונ ריינע, עמעסע מענטשלעכע געפילנ גיסנ זיכ אימ אַרויס, ווי א שטראָמ הייסע זודיקע גאַזנ פונ א פײַערשפּײַענדיקנ באַרג? אפ בילאָמס אייזל אפילע איז אויכ אָנגעקומענ א שאָ, אינ וועלכער עס האָט פונ דער העלער הויט אימ זיכ געעפנט דאָס מויל, אונ האָט געהאַלטנ א שיינע רעדע. ווער שמועסט בא באַלע־דאַרשנס, לעהאַוודל, מאַכט זיכ פיל מאָל, אַז אַזעלכער, וואָס מאַלעגיירעט געווײנטלעכ, פלוידערט טאָמיד אוועק נאַרישקײַטנ, א שרעק צו הערנ, — פלוצלימ כאַלט אפ אימ אָנ אַמאָל עפּעס א באַגײַסטערונג, אונ ער זאָגט נישט ווילנדיק אַרויס א גלײַכ וואָרט, וואָס דער גאַנצער עולעמ אונ ער אַליינ מיט זײַנ קאָוועד אויכ בלײַבנ דערנאָכ

פארגאפט. באמ ערגסטנ כאזנ, א קאטשאנ, וואָס גלוסט זיכ ברעכנ, הערנדיק זײַנ טערעלייקענ מיט מעשוגענע האוויַעס, טרעפט זיכ אמאָל, אז פלוצלימ טוט עס מיט אימ א טראָג, ער צעיאָגט זיכ אינ דעמ מוסעפ מיט א ברענ אינ וואַרפט ארויס א „יעקומ-פורקנדל", א „טיקאנטאָ־שאבעסל" מיטנ קנאק. טרעט די גוטע שאָ אָפּ, בלײַבט דער אײזל ווײַטער טאקע אנ אײזל, דער באל־דראָשע, לעהאוודל, ווײַטער א פלוידעריזאק אונ דער כאזנ, מישטײנסגעזאָגט, ווײַטער א קאטשאנ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. צוויי יידנ דרײער האָב איכ געקענט אינ א יידישער דרוק, וואָס די גאנצע ארבעט זײערע איז באשטאנענ דרינענ,—טאָג ווי נאכט צו דרײענ די ראָד פונ דער מאשינע, שטײענדיק בא איר אינ דער זײַט, אײנער נעבנ דעמ אנדערנ, נאָר אזוי ווי די אָנגעמאָלטע גוילעמס. דריי אונ דריי שטענדיק, אָנ אנ עק, אלצ אפ אײנ אָרט, אפ אײנ שטײגער. פלוצלימ האָט עס זיי עפּעס ווי אונטערגעטראָגנ אונ האָבנ זיכ א נעמ געטאָנ דרײענ די ראָד געשמאק, מיט געפיל, שטארק באגײַסטערט, די אויגנ ברענענ, פלאקערנ, אונ זיי דרײענ מיט אזא טײַנעג, ווי זיי וואָלטנ געווענ אפנ זיבעטנ הימל, ווי זיי וואָלטנ געדרײטנ וועלטנ, אונ האָבנ מיט איטלעכנ דריי אויסגעדריקט עפּעס א געדאנק, עפּעס א געפיל, וואָס דרײט זיי אינוויײניק. שפּעטער א ווײַלע, אז דער ברענ האָט נאָכגעלאָזט, האָבנ זיי פארוווּנדערט אײנער דעמ אנדערנ מיט א פאָר גלעזערנע אויגנ אָנגעקוקט, אויסגעשפיגנ, פארדרײט די קעפּ איטלעכער אינ זײַנ זײַט, געדרײט ווי געוויינטלעכ, אונ ווײַטער א פּאָנעמ געהאט ווי די ליימענע גוילעמס.

איכ קוק אפ פישקענ, וואָס איז געבליבנ אָנ לאָשנ, אונ זוכ בא מיר מיטל, ווי אימ בארײדעוודיק צו מאכנ. פלוצלימ פאלט מיר אײַנ רעב לייב סאָרעס גוילעמ, ווי ער טוט זיכ א שטעל אופ, נאָכדעמ אז רעב לייב רוקט אימ ארײַנ הינטנ דעמ שעמ־האמפוירעש, כאפּט זיכ אונ טוט אלצדינג, וואָס מענ הייסט. זײער שיינ, טראכט איכ מיר, באָרוכ־האבאָ! נאָר אָנשטאָט דעמ, וואָס בא יענעמ גוילעמ, אָלאָוו־האשאָלעמ, האָט געווירקט אינ זײַנע צײַטנ, וועט הײַנט בא מײַנ גוילעמ, אימ צו לאנגע יאָר, ווירקנ פּאָשעט דאָס מיירל...

איכ הייב אָנ פישקענ אונטערצוגעבנ פארע, צו דערווארעמענ אימ מיט א שמועס וועגנ זײַנ האָרבאטע מיידל. אונ דערבײַ האָב איכ טאקע מיכ אליינ אויכ צעהיצט, גערעדט פונעמ הארצנ מיט פײַער אונ אויסגעלאָזט דעמ שמועס אזוי:

— וויפל אומשולדיקע קינדער, נעבעכ, קומענ עס אפ דער וועלט אזוי אָפּ פאר די זינד פונ זײערע עלטערנ, וואָס גלוסט זיכ זיי נארישקײַטנ, דרײענ זיכ, געטנ זיכ, אונ לאָזנ איבער די קינדער, זײער פלייש אונ בלוט, העפּ־

קער ווי אפנ וואסער! וואָס גייט זיי אָנ קינדער! זיי האָבנ אינ זינענ נאָר דאָס נעפעשל, זייער אייגנ נעפעשל. איטלעכער פונ די שיינע עלטערנ האָט ווײַטער כאסענע...

איכ בינ געבליבנ ווי דערוואָרגנ אינ דער מיט פונעם שמועס. אלטער מײַנער, זע איכ, איז צעקאָכט, אויס מענטש. עס טוט מיר באלד טאקע א קלאפ אינ הארצנ: אײַ, האָב איכ עס באגאנגענ א מיִעסנ פעלער, זיכ ארויסצוכאפּ: פאר אלטערנ מיט אזעלכע ווערטער, וואָס זײַנענ צוגעפּאסט צו אימ אונ האָבנ אימ געשטאָכנ אינ דער זיבעטער ריפּ! עס טוט מיר שרעקלעכ באנק, איכ שטראָפּ מיכ אינ הארצנ אונ זאָג מיר אליינ מוסער: גוואלד, מענדל, מענדל, שוינ צײַט קומענ צומ סייכל, נישט ארויסצוזאָגנ יענעמ דעמ עמעס ווי א יִנגל! ביסט דאָכ, באָרעכהאשעמ, שוינ א ייִד מיט א גרויסער באָרד. שוינ צײַט זײַנ א מענטש, פארשטיינ, וואָס זיכ איז נוצלעכ אונ גוט. אײַ, דײַנ צונג, דײַנ צונג...

איכ האָב מיר אינ הארצנ א ניידער געגעבנ, ווײַטער מיכ צו היטנ מיט א וואָרט, הערנ, זענ אונ שווײַגנ! — די גוטע מידע פונ אלע קלוגע, פײַנע לײַט, וואָס איז נייטיק אינ לעבנ. איטלעכנ וועל איכ נאָר לויבנ, באליבט צו מאכנ זיכ דערמיט באמ אוילעמ. עס האָט מיר זיכ פאָרגעשטעלט גאנצע מאכנעס אונדזערע גוטע מענטשעלעכ, פעטערס מיט שײַנענדיקע פּענעמלעכ. זיי דרייענ זיכ אהינ אונ אהער, כאווער מיט דעמ, מיט יענעמ, טאנצנ אפ אלע כאסענעס, האָבנ שטענדיק נאָר האנאָע, קושנ זיכ מיט איטלעכנ, וואָס ער איז פונ אויבנ, צעגייענ פאָשעט פאר פרייד, ריידנדיק מיט יענעמ פונ זײַנ גליק, ווינטשעווענ אימ צו מיט טרערנ אינ די אויגנ אונ מיט א זיס שמייכעלע אפ די ליפּעלעכ, צעלייגנ אפ טעלערלעכ יענעמס גוטסקײַט אונ גיבנ אימ אוילעמ-האבע מיט דער פולער האנט; לויפנ אָנזאָגנ בסורעס, געפינענ זיכ אומעטומ, ווו נאָר ערגעצ א קערמישל, א סימכע. טאָמיד שײַנענ זיי די אייגעלעכ, דער שטערנ גלאנצט, די בעקעלעכ פארפארבט, די נאָז פײַכט מיט ווײַמפערלעכ. זיי זײַנענ צופרידנ, פריילעכ אונ קוועלנ גאָר אָנ... אז וויל איז אײַכ, פעטערס! פונ הײַנט אָנ בינ איכ אויכ א פעטער. עפּעס האָט מיר דער נאָמענ פעטער אָנגעהויבנ צו געפעלנ, אזוי אז עטלעכע מאָל האָב איכ עס פאר מיר איבערגעכאזערט מיט גרויס פארגעניגנ: פעטער! פעטער מענדעלע! פעטער רעב מענדעלע!..

ביכדיי צו פארגלעטנ מײַנ פעלער אקעגנ אלטערנ, הייב איכ אָנ אפ אימ דאכמאָנעס צו האָבנ אונ אײַנעמענ אימ מיט גוטע ריידעלעכ: רעב אלטער, אײַכ איז, נעבעכ, נישט גוט צו זיצנ, איר שפּארט שוינ, נעבעכ, אָנ באמ עק וואָגנ. עס מוז אײַכ, נעבעכ, ווי טאָג די ביינער פונעמ צופיל זיצנ אפ איינ אָרט. קומט, איכ בעט אײַכ, צו מיר אפנ וואָגנ, דאָרט מאכ איכ אײַכ א גוט געלעגער. מיר

װעלן נעמען צו ביסלעך בראָנפֿן, זיך אַ ביסל דערקװיקן. — מײַן אַלטער לאָזט זיך נישט לאַנג בעטן. מיר קריכן אַלע אַראָפּ פֿונעם װאָגן. בין מעכאַבעד מײַן פֿערדל צו שלעפּן זיך פֿאָרױס, אַלטערס שקאַפּע — אים פֿון הינטן. מיר צעגײען זיך אַ ביסל די פֿיס, קריכן אַרױף דערנאָך צו מיר, דערענדיקן דעם „אַשער־יאָצאַר", מאַכן לעכאַיִם. איך בין זיס װי לאַקריצע, װינטשעװע אַלטערן אָן אַן עק, מיט טרערן אין די אױגן פֿאַר גרױס פֿרייד, גלאַט אַזױ זיך, װי אַ פֿעטער. דערװאָרעם אױך פּישקען, גיב אים אונטער היץ, רײץ אים דעם יעיִצערהאָרע. עס צעשפּילן אים זיך די געבליטן, און די מײַסעס הייבט זיך אַצינד אָן.

## באַ מענדעלע מױכער־ספֿאָרים אפֿן װאָגן

פּישקע הייבט װידער אָן אױף זײַן שטײַגער, איך העלף אים אונטער, בעסער אױס אױף מײַן שטײַגער, אַלטער האָט קיין צײַט נישט, טרײַבט אונטער אױף זײַן שטײַגער, און די מײַסעס דערצײלט זיך װײַטער אַזױ:

אױפֿן אַנדערן טאָג, פֿרײַטיק, איז אין בעסמעדרעש דאָרט אין שטעטל געװען שרעקלעך ענג פֿון די אָרעמעלײַט, װאָס האָבן זיך געשטופּט, צונױפֿגעשטיקט אַרום דעם שאַמעס. איטלעכער באַזונדער האָט געװאָלט זײַן דער ערשטער, באַקומען דעם בעסטן פּלעט אױף שאַבעס צו אַ נאָגיד אָדער צו אַ יוסטן באַלעבאָס, װאָס מאַכט אַ פֿעטן קוגל. העכער פֿון אַלע איז געשטאַנען דער פּלעט צו דעם באַל־טאַקסע. נידעריקער פֿון אַלע שטײען געװינטלעך די פּלעטן צו קלײקױדעש און קאָהאָלס־לײַט, װײַל זײ האָבן ליב אַלײן גוט צו פֿרעסן און יענעם גיבן זײ מאַקעס. די גאַבאָיִם פֿון כעװרעס קרעכצן, זיפֿצן אױף יִדישע אָרעמעלײַט, נעבעך, — און עסן גיבן זײ אױף אַ שפּיץ מעסער, נאָר אױף צו באַשמירן די ליפּן. אָרעמעלײַט האַלטן פֿאַר אַ אומגליק צו זײ אַרײַנפֿאַלן, און װײַכן זײ װי אַ איפּעש. באַקומט אײנער צו זײ אַ פּלעט, לאַכן די איבעריקע, װי פֿון אײנעם, װאָס באַקומט אַ בערדע... דער שאַמעס פֿונעם בעסמעדרעש איז געװען זײער בײז, ער האָט געשריגן, אַז הײַנט זײַנען דאָ אָרעמעלײַט עפּעס מער װי טאָמיד. — קאַפּצאָנים! — האָט ער געשריגן. — װאָס זײַנט איר װי די הײשעריקן באַפֿאַלן אונדזער שטאָט, נעבעך! נישט אױסצוהאַלטן, נישטאָ װוּ אײַך אַהינצוטאָן! נאָר אַ שטראָף פֿון גאָט, אַ אָנשיקעניש! — ער שרײַט, בײזערט זיך, און די אָרעמעלײַט טוען זײערס, שטופּן זיך און הערן נישט קײן װאָרט. אײן קאָל: מיר! גיט מיר, מיר! איטלעכער רוקט דעם שאַמעס אין האַנט אַרײַן עטלעכע גראָשן. דער שאַמעס, װאָס זאָל ער, נעבעך, טאָן, נעמט צו, בײזערט זיך און גיט פּלעטן. איך מיט דער האָרבאַטער זײַנען מיר געשטאַנען אין דער זײַט פֿונדערװײַטנס. ערשטנס, האָבן מיר נישט געקענט און, צװײטנס,

טאַקע נישט געהאַט די האָזע זיך צו שטופּן צווישן אונדזערע בערן, מעיוכאָסים, פּײַנע־בעריעס. אומעטום זײַנען דאָ בערן, אַריסטאָקראַצן, אַפּילע צווישן קאַפּצאָנים. די אָרעמע אַריסטאָקראַצן זײַנען נאָך טויזנט מאָל ערגער פון די נעגידישע. דער מאַמזער איז געווען, עס פאַרשטייט זיך, איינער פון די ערשטע. ער האָט באַלד באַקומען צוויי גוטע פּלעצן פאַר זיך און פאַר מײַן ווײַב. זי האָט אַפּילע פאַרשפּאָרט זיך צו שטופּן. ער האָט דעם שאַמעס אָנגעוויזן אַף איר פונדערווײַטנס: קוקט נאָר, זײַט מויכל, אָט דאָרט שטייט זי, מײַן בלינדע, נעבעך!.. אַז דער אוילעם איז אַוועק, זיך צעלאָזט איבער דער שטאָט, איטלעכער מיט זײַן פּלעט צו זײַן באַלעבאָס, בין איך מיט מײַן האָרבאַטער צוגעגאַנגען, אַף גאָטס באַראָט, צום שאַמעס און געבעטן פאַר אונדז פּלעטן. ער האָט עפּעס מיט אַ זיס־זויער שמייכעלע אַף אונדז אַ קוק געגעבן און נישט געענטפערט קיין וואָרט. — דערבאַרעמט זיך, זאָג איך צו אים, אַף צוויי נעפאַשעס, קאַליקעס, נעבעך. אַ גאַנצע וואָך קומט אין אונדזער מויל קיין לעפל געקעכטס נישט אַרײַן.

— נישטאָ מער קיין פּלעטן, — ענטפערט דער שאַמעס, — איר האָט דאָך געזען, וואָס דאָ האָט זיך ערשט געטאָן. נישטאָ שוין וווהין צו שיקן.

— נאַט אײַך; — זאָג איך, און שטופּ דעם שאַמעס אין דער האַנט אַ זעקסער, — נעמט, זײַט מויכל, און דערבאַרעמט זיך אַף אונדז, זײַט אונדז מעכײַע, איר וועט האָבן אַ גרויסע מיצווע.

— הער נאָר דו, — רופט זיך אָן דער שאַמעס שוין אַ ביסל ווייכער, — דײַן געלט באַדאַרף איך נישט, איין פּלעט געפינט זיך נאָך בא מיר און קען אים איינעם פון אײַך געבן. אויב איר ווילט, וואַרפט צווישן אײַך גוירל.

— גיט איר, איר גיט! — בעט איך און ווײַז אָן אַף דער האָרבאַטער.

— אים גיט, אים! — בעט די האָרבאַטע און ווײַזט אָן אַף מיר. — ניין, ניין, איך וועל דעם פּלעט אָסער־כאַזער נישט נעמען!

אַ היפּשע צײַט איז אַוועקגעגאַנגען מיט בעטן און דינגען זיך, איינער דעם אַנדערן האָבן מיר אײַנגערעדט צו נעמען דעם פּלעט, און איטלעכער פון אונדז האָט זיך אָפּגעזאָגט, געשוווירן, ער וועט עס בעשום־אויפן נישט נעמען. דעם שאַמעס האָט די זאַך עפּעס האַנאָע געטאָן. ער האָט געגלעט דאָס בערדל און געקוקט אַף אונדז זייער פרײַנטלעך.

— ווייסט איר וואָס? — רופט ער זיך אָן, — נאָך מײַרעוו זאָלט [איר] ביידע שטיין אין פּאָלעש נעבן דער טיר. אַז דער אוילעם וועט גיין פון נאָכן דאַוונען, וועלן זיך מיסטאַמע געפינען ייִדן, אײַך צו נעמען אַף שאַבעס. איך וועל פאַר אײַך אויך בעטן.

אַזוי איז טאַקע געווען. נאָכן דאַוונען פרײַטיקצונאַכטס, אַז דער אוי-

לעמ איז געגאנגענ פונ דער שול, האָט דער שאמעס זיכ געווענדט צו צוויי באלעבאטימ אינ פּאָלעש אונ זיי געבעטנ, ווײַזנדיק אפ אונדז, צו נעמענ אָרכימ אפ שאבעס. — איכ האָב, כ׳לעבנ, שוינ קיינ הארצ נישט געהאט — האָט ער זיכ פארענטפערט — צו שיקנ אײַכ הײַנט פלעטנ. איכ לאָז אײַכ נישט אויס קימאט אלע וואָכ. נאָר אויב אײַער גוטער ווילנ איז, נעמט אָט די דאָזיקע אָרעמעלײַט.

— אָכ! — האָבנ ביידע זיכ אָנגערופנ. — וועלכער ייִד זאָגט זיכ עס אָפ פונ אנ אוירעכ אפ שאבעס? איינ טאָג אינ דער וואָכ איז דאָ, וואָס א ייִד קענ כאָטש א ביסל עטעמענ, פארוואָס זאָל ער אינ דעמ הייליקנ טאָג אויכ נישט מעכײַע זײַנ נויטבאדערפטיקע, נעבעכ, אונ טיילנ זיכ דערמיט, וואָס גאָט האָט געגעבנ? מיר בעטנ אײַכ, שאמעס, אלע וואָכ, אלע וואָכ טאקע זאָלט איר אינ אונדז נישט פארגעסנ.

די ביידע באלעבאטימ זײַנענ געגאנגענ פאָרויס, ארומ זיי קינדערלעכ, ייִנגלעכ, באָכערימ, אויסגעצוואָגענע אונ אָנגעטאָנ שאבעסדיק. אלע האָבנ געשײַנט אונ געשמועסט צווישנ זיכ פריילעכ. מענ האָט געזענ באשײַמפערלעכ, אז אינ זיי איז דאָ די נעשאָמע-יעסיירע, דעמ ייִדנס צווייטע שאבעסדיקע נעשאָמע. איכ מיט מײַנ האָרבאטער זײַנענ נאָכגעגאנגענ שטיל פונ הינטנ אונ ביידע געווענ עפעס צופרידנ.

— גוט-שאבעס! — האָט מײַנ באלעבאָס, ארײַנקומענדיק אינ שטוב, געזאָגט פריילעכ דעמ ווײַב, וואָס איז געזעסנ אפ א בענקל, ריינ, קלאָר אָנגעטאָנ אונ געלויכטנ ווי א פרינצעסנ. אפנ שויס בא איר האָט זיכ געשפילט א קליינ קינד, נאָר א ליאַלקע, אונ בא די זײַטנ זײַנענ געשפרונגענ צוויי שיינע אויסגעפוצטע מיידעלעכ. — גאָט האָט מיר באשערט א אוירעכ אפ שאבעס. זיסט, מײַנ ווײַב, וואָלסטו דאָכ מיכ אינ שטוב נישט ארײַנגעלאָזט, — לאָזט ער אויס מיט א שמייכעלע אונ נעמט זיכ זאָגנ הויכ אפ א קאָל „שאָלעמ-אלייכעמ", גייענדיק איבער דער שטוב אהינ אונ אהער. בא „אשת חיל"[1] האָט ער זיכ געשטעלט, זינגענדיק מיט א ניגנ, אקעגנ דעמ ווײַב, גענומענ דאָס קליינע קינד צו זיכ אפ די הענט אונ עס געקושט, געהאלדזט, בעשאַס די איבעריקע קליינע קינדער האָבנ זיכ אימ געהאנגענ פונ אלע זײַטנ לעבעדיק-פריילעכ. עס האָט זיכ געדאכט, אז אינ שטוב זײַנענ טאקע געקומענ די גוטע הייליקע מאלאָכימ פונעמ „שאָלעמ-אלייכעמ". — איכ דערצייל עס אײַכ דאָ אזוי, ווײַל דענסטמאָל האָט מיר דאָס הארצ עפעס שטארק געצויגנ אונ געצויגנ צו מײַנ האָרבאטע מיידל...

מײַנ באלעבאָס, ווי עס האָט אויסגעזעענ, איז געווענ פונ מיטלנ שטאנד.

---

1 איישעס כאַיל.

די בענטשליכט האָבנ געברענט אינ ריינ אויסגעפוצטע לייכטער, — איכ ווייס נישט: פונ עמעסנ אָדער פונ וואַרשעווער זילבער. דער טיש איז געווענ געגרייט מיט פּאָרצעלייענע טעלער, אונ די קוילעטשנ — איבערגעדעקט מיט א געשטיקט טישטעכל. א פלעשל ווײַנ האָט געפינקלט אפנ טיש, פונ וועלכנ איטלעכער האָט קידעש געמאכט. באמ עסנ האָט די באַלעבאָסטע מיר גע־געבנ אלצדינג גענוג, אונ זיכ אלצ געבעטנ, אונטערגעטריבנ, זיכ נישט צו שעמענ אונ עסנ. ס׳איז געווענ גאנצ גוט. נאָר מיר איז א ביסל נישט איינ־געגאנגענ, אז איכ האָב בא איטלעכנ שטיקל פיש, בא איטלעכנ זופ לאָקשנ, בא איטלעכנ ביסנ פלייש אונ צימעס מיכ דערמאָנט אינ איר. ווער ווייסט, אויב זי, נעבעכ, האָט דאָרט אזא ווילטאָג ווי איכ. נאָכ דעמ עסנ האָט מענ מיכ געבעטנ אפ נאכטלעגער. — לאָז ער בלייבנ דאָ נעכטיקנ, — האָט די באַלעבאָסטע שטילערהייט געזאָגט צו דעמ מאנ. — וווהינ וועט ער גיינ אהינ, אינ דעמ שיינעמ העקדעש, אינ דעמ שטאל. לאָז ער כאָטש א נאכט א ביסל זיכ אויסרוענ. — נאָכ נעכטיקער נאכט, נישט היינט געדאכט, איז מיר טאקע שטארק נייטיק געווענ אויסצורוענ זיכ, עפשער נאָכ נייטיקער פונ עסנ. עס וואָלט געווענ גאָר א דערקוויקעניש צו ליגנ דאָ אינ א וואַרעמער שטוב אפ א קישנ אונ אויסגלייכנ זיכ א ביסל די ביינער. נאָר איכ האָב מיכ אָבער דערמאָנט אינ איר אונ מיט א שיינעמ דאנק זיכ אָפגעזאָגט פונ נאכט־לעגער. זי האָט געגעסנ שאבעס אפ דעמ אייגענעמ הויפ טאקע אינ א שטוב. איכ בינ ארײַנ אהינ נאָכ איר, האָב זי גענומענ אונ מיט איר באלד אוועק־געגאנגענ.

אינ דרויסנ איז געווענ ליכטיק, שיינ. די לעוואָנע האָט געשײַנט, אונ ס׳איז געווענ מעכײַע גוט צו גיינ.

— קומ! — האָב איכ צו איר געזאָגט, — קומ, לאָמיר א ביסל שפאצירנ. אינ העקדעש ארײַנ איז עפעס נישטאָ אזוי וואָס זיכ צו אײַלנ.

דערמאָנענדיק זיכ אינ דעמ העקדעש, איז מיר א פּראָסט איבער דעמ לײַב איבערגעגאנגענ. יענער אלטער ייִד, דער קראנקער, וואָס האָט נעכטנ דאָרט באנאכט אזוי געקרעכצט, האָט פונ מאָרגנ פרי געהאט די גסיסע, געפאָכט מיט דער נעשאָמע אונ איז נאָכ ליכטבענטשנ געשטאָרבנ. מענ האָט אימ געלייגט איבער שאבעס אינ הויז, דאָרט ווו איכ האָב באדארפט נעכטיקנ.

מיר זײַנענ געגאנגענ אונ פארגאנגענ ערגעצ אינ א געסל מיט גערט־נער אונ ביימער, וואָס האָבנ ארויסגעגעבנ געשמאקע רייכעס. אומעטומ איז געווענ שטיל, מענ האָט נישט געהערט קיינ שאָרכ, אלע אינ שטעטל האָבנ, ווי דער שטייגער פונ ייִדנ פרײַטיקצונאכטס נאָכ דער וועטשערע, שוינ לאנג געשלאָפנ. מיר האָבנ זיכ געזעצט אפנ גראָז ערגעצ אינ א ווינקל, נעבנ א פּלויט.

מיר זיצןביידע, קוקן א היפשע צײַט און שװײַגן. איטלעכער פון אונדז איז פאַרטראַכט. מײַן האָרבאטע טוט דערנאָך א זיפץ טיף פונעם הארצן און ברומט שטילערהייט פאר זיך זייער טרויעריק דאָס באקאנטע לידל:

...דער טאטע האָט מיך געקוילעט,
די מאמע האָט מיך געגעסן...

איך גיב א בליק, טרערן גיסן איר זיך פון די אויגן. עס פלאמט איר דאָס פּאָנעם, זי קוקט אף מיר און שמייכלט זייער באטריבט. די קויכעס האָט זי מיר ארויסגענומען מיט איר קוק דערנסטמאָל אף מיר. עס האָט מיר פאַרקלעמט דאָס הארץ, געקלאַפּט ווי מיט האמערס אין די שלייפן. איך ווייס נישט, וואָס טוט זיך אזוינס מיט מיר, און... צום ערשטן מאָל כאפּט זיך מיר עפּעס אליין פונעם מויל ארויס: „נעשאָמע מײַנע!"...—אײַ, פּישקע,— זאָגט זי שטיל און ווארגט זיך מיט טרערן,— איך וועל עס נישט אויסהאלטן. אײַ, שטיי איך עס א ביסל פון אים אויס.

— פון וועמען? — רוף איך מיך אָנעט אָנגעצונדן, — פון אים? פון דעם מאמזער? א קיענק אים אין די ביינער אַיאַן?..

— אײַ, דו זאָלסט וויסן, פּישקע, דו זאָלסט וויסן...

איך נעם זי אָנעט בא דער האנט, באַם קאָפּ און בעט זי מיט טרערן אין די אויגן, מיר ארויסצוגיסן איר שוועך, ביטער הארץ. זי לייגט ארום ביידע הענט אפן פּאָנעם, בייגט זיך אָנעט נאָענט צו מיר און גיט מיר איבער אף א ציטערדיק קאָל, מער אף דעם ווונק, עפּעס אזוינס, אז דער רועך מעג טאקע כאפּן דעם מאמזער, ער זאָל קיין טכיִעס-האמייסים נישט אופשטיין.

## 19

פּישקע איז ווײַטער געבליבן שטיל, עפּעס שטארק צעקאָכט און פארדרמערט. און ביכדיי אים באריידעווודיק צו מאכן, ארויסצודערטאפּן בא אים אלצדינג, וואָס מיר האָט זיך געגלוסט צו וויסן, הייב איך אים אָן אונטערצוהיצן, א ביסל צו רייצן, און טו א זאָג אזוי:

— דו האָסט נאָך גאָר נישט געזאָגט, פּישקע, אויב דײַן האָרבאטע איז א שיין מיידל. וואָס קען, דאכט זיך, א האָרבאטע מיידל אזוי געפעלן?

— וואָס הייסט, — מאכט פּישקע שטארק אופגעבראכט, — ווער רעדט בא א יידישער טאָכטער פון שיינקײַט! אז זי איז שיין, איז זי פאר זיך שיין, וועמען גייט עס אָנעט? די האָרבאטע איז עמעס טאקע גאָר ניט קיין מיִע־

סע, א פּאָנעם, א קאָפּ מיט האָר — מאָלע כיינ, אויגנ א פּאָר האָט זי נאָר בריליאנטנ. נאָר וואָס וואָלט מיכ דענ אלצדינג אָנגעגאנגענ?.. עפּעס א שאָלטיק בינ איכ, אינ זינענ צו האָבנ אזעלכע זאכנ, נאָכצולויפנ שיינע געקיירוועס?.. נארישקײַטנ! מיכ האָט גענומענ איר גוטסקײַט. איר גוטס־קײַט, דאָס ראכמאָנעס־האָבנ אירס אפ מיר, ווי א שוועסטער, אינ ווידער צוריק, דאָס ראכמאָנעס-האָבנ מײַנס אפ איר, ווי א ברודער אינ דער נויט, — אָט וואָס...

— מײַלע, וואָס מאכט עס אויס? — רופט זיכ אלטער אָנ, — ווי זאָגט מענ עפּעס: לאָז זיכ זײַנ פונ טײַוול, אבי עס זאָל הייסנ פײַוול... בעקי־צער, האָט זי דיר איבערגעגעבנ עפּעס אזוינס.. נו, פישקע, וואָס זשע איז דאָס עפּעס אזוינס, נו, נו, נו!

אלטער טרײַבט אונטער אפ זײַנ שטייגער, פישקע הייבט אָנ אפ זײַנ שטייגער, איכ העלפ אימ אונטער, בעסער אויס אפ מײַנ שטייגער, אונ די מײַסע דערציילט זיכ ווײַטער אזוי:

— קנײַפנ האָב איכ שוינ לאנג באמערקט, ווי דער מאמזער, — א קיענק אימ אינ די ביינער אינ! — פלעגט קנײַפנ אמאָל די האָרבאטע, נעבעכ. איכ האָב געמיינט, דאָס זײַנענ זיכ גלאט אזוי קניפ פונ א ראָשע, וואָס שלאָגט, פײַניקט א מענטשנ, נעבעכ. נאָר ווי עס האָט זיכ פונ איר קלאָגנ־זיכ דענסטמאָל פאר מיר דערוויזנ, זײַנענ דאָס געווענ גאָר אנדערע מינע קניפ. עס האָט געהאט עפּעס גאָר אנ אנדער טאמ... פע! יעיצערהאָרע-קניפ. דער מאמזער פלעגט זיכ צו איר שטארק טשעפּענ. ער פלעגט זי ניט לאָזנ צורו. האָט ער זי דערטאפּט אמאָל ערגעצ אליינ, איז ער צו איר צו-געשטאנענ מיט זיסע ריידעלעכ אזוי אונ אזוי, גערעדט פאר פײַער, פאר וואסער, צוגעזאָגט גילדענע בערג. אונ אז אימ האָט נישט געהאָלפנ מיט גוטנ, האָט ער אָנגעהויבנ מיט בייזנ, געמאכט א מוירע, ער וועט איר פאר־ביטערנ דאָס לעבנ, ארויסלאָזנ אפ איר א שלעכטנ רופ אונ איר טאָנ צומ טויט, אונ דערבײַ טאקע זיכ געפּרוווט א כאפּ טאָנ זי מיט גוואלד. גענע-דיקט האָט זיכ עס געוויינטלעכ דערמיט, וואָס זי פלעגט זיכ אויסרײַסנ פונ זײַנע הענט, אימ דערלאנגענ אמאָל נאָכ א זעצ אינ בויכ, אז דער רועכ האָט אימ גענומענ. ער פלעגט עס איר באצאָלנ דערנאָכ מיט פּראָצענט, זי פּײַניקנ מיט ארבעט אונ אויסרײַסנ איר שטיקער פלייש. שפּעטער א ביסל האָט דאָס אייגענע טאקע זיכ אָנגעהויבנ ווידער אפדאָסנײַ, ווײַטער מיט גוטנ, ווײַטער מיט בייזנ. וואָס מער זי האָט אימ געוויכנ, איז ער אלצ מער צו איר צוגעשטאנענ, אונ פארבײַגייענדיק אמאָל, פלעגט ער זי פאר מענטשנ א טאָרקע טאָנ, קלאָמפּערשט אומגערנ, אויכ דערלאנגענ א קניפ, גלאט אזוי זיכ.

אזעלכע מיעסע מײַסעס מיט איר האָבן זיך געמאכט זייער אָפּט, וואָס איך וויל זיי פאר דעם מויל נישט ברענגען, נאָר די נעכטיקע איז געווען פע, פע, א שרעק! נעכטן באנאכט נאָך דער בייזער מעהומע אין העקדעש, אז דער גאנצער אוילעם דאָרט האָט שוין געשלאָפן און זי, די האָרבאטע, נעבעך, האָט, אײַנגעהויקערט אין צענטן, נישט ווײַט פון דער טיר, אין א ווינקעלע אויך געדרעמלט, — וועקט זי פּלוצלים אוף עפּעס א שושקען איר אין אויער ארײַן. דאָס איז געווען דער מאמזער. — דיר, נעבעך, איז שלעכט דאָ צו ליגן, — רעדט ער צו איר מיט ראכמאָנעס, — קום, איך האָב פאר דיר זייער א גוט אָרט, ווו דו וועסט קענען זיך א ביסל אויסרוען, נעבעך. זי דאנקט אים זייער שיין פאר זײַן גוט הארץ און בעט אים צו גיין אין זײַן דר ארײַן. ער הייבט אָנעט זײַנע אָנשטעלן אזוי און אזוי. ער גיט איר אויך אָנצוהערעניש פון מיר, אז ער ווייסט, נישקאָשע, איר מעכוטאָנעשאפט מיט מיר... ער שרעקט זי, אז קײַען וועט זי פון אים די ערד און מיר וועט ער דערגיין דעם עק. דער רועך נעמט אים, דעם מאמזער, און מאכט אויס אים א כײַע־ראָע און א לעמעלע צוגלײַך אין איין צײַט. ער איז גוט, ער איז שלעכט, ער ווערט א שייגעץ און... כאפּט א טראך אין באק, אז די ציין פאלן אים שיר נישט ארויס. עס צעשפּילט זיך אין אים די רעציכע, ער טוט זי א נעם ווי א גאזלען און גיט זי א שלײַדער אין הויז ארײַן. וואָס ווײַטער איז געווען, ווייסט איר דאָך שוין.

נאָך דעם, וואָס די האָרבאטע, נעבעך, האָט מיר איבערגעגעבן דענסט־מאָל, זיצנדיק מיט מיר אפּן גראָז, בין איך א היפּשע צײַט געבליבן ווי דערשלאָגן, אָן לאָשן. נאָר אײַנווייניק האָט עס מיך געצופּט, געגעסן ווי א וואָרעם. עס האָט מיך געגעסן א ברענענדיק געפיל פון קאָעס אפ דעם מאמזער, א הייס זודיק געפיל פון ראכמאָנעס אפ איר, נעבעך, און נאָך עפּעס אזעלכס גאָר אָן א נאָמען, וואָס האָט מיך געצויגן, געצויגן... און אָנגעכאפּט באַם הארצן. פּלוצלים האָט עס מיר געגעבן א שטארקן צי, אזוי אז דאָס הארץ איז מיר שיר נישט ארויסגעפאלן. איך נעם זי אָן בא דער האנט, וואָס איז נאָך געלעגן אפ איר פּאָנעם, און טו א זאָג עפּעס נישט מיט מײַן קאָל:

— נעשאָמע מײַנע! דאָס לעבן וועל איך פאר דיר אוועקגעבן.

— אָך, פּישקע! — זאָגט זי מיט א זיפץ, טוט זיך א רוק נענטער צו מיר און שפּארט אָן דעם שטערן מיר אפּן אקסל.

עס ווערט מיר עפּעס ליכטיק אין די אויגן, ווארעם-מעכײַע אין אלע מײַנע גלידער. איך רייד און נעם זי אײַן ווי א געטרײַע שוועסטער מיט גוטע ווערטער. טרייסט זי: נישקאָשע, גאָט וועט העלפן! און שווער איר, אז אייביק וועל איך איר זײַן א געטרײַער ברודער. זי קוקט מיר ארײַן

אין די אויגן, טוט דערנאָך א זיס שמייכעלע און זאָגט, אראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ:

— איך ווייס נישט, פּאַרוואָס, פּישקע! מיר איז אצינד עפּעס גוט אפן האַרצן. עס גלוסט זיך מיר לעבן...

א היפּשע צײַט האָבן מיר אוועקגעשמועסט מיט א גרינג האַרץ און זיך געמאַכט האָפּענונגען, ווי גאָט קען העלפן, מיר זאָלן נאָך אַמאָל אויפגעריכט ווערן, אַזוי ווי מיר ביידע ווינטשן. פּלוצלים הערט זיך נישט ווײַט פון אונדז א ביסל אין דער זײַט עפּעס א קלאַפּן. איך קוק מיך אַרום, לאָז מיך גיין פּאַמעלעך עטלעכע טריט האַרט נעבן דעם פּלויט אין שאָטן און דערזע אפּ יענער זײַט געסל אַקעגן — עפּעס א געשטאַלט פון א מענטשן, וואָס באַברעט זיך איבער א קעלער. עפּעס האָט עס מיר איינוויניק געטראָגן, געשטופּט ווײַטער אפּ א פּאָר טריט, גוט צוקוקנדיק זיך, און... א קיענק אים אין די ביינער איאַן! — דאָס איז געווען דער מאַמזער. ער דרייט אָפּ דאָס שלעסל און ווערט באַלד פאַרשווונדן אין קעלער אַרײַן, אַרויסצוגאַנוועענען אַלצדינג, וואָס מען שטעלט געווײנטלעך אַראָפּ אַהין אפּ שאַבעס. ווי א בליץ לויפט אין מיר דורך א געדאַנק: פּישקע! אצינד זײַ זיך אין אים נוֹיקעם פאַר דיר און פאַר דער האָרבאַטער, נעבעך. אצינד האָסטו צײַט. גיכער מאַך צו די טיר פונעם קעלער, און לאָז ער ליגן דאָרט געפאַנגענע ווי א בער אין דער נעץ, ביז מען וועט אים מאָרגן דערטאַפּן, אים ברעכן א ביין און געבן זײַן פּסאַק. ערשט דענסטמאָל האָב איך געפילט דעם טאַם פון נויקעם־זיך־זײַן, ווי גוט, ווי געשמאַק דאָס איז. עס האָט אין מיר געקאָכט דאָס בלוט, און איך בין געווען דול ווי א שיכּער. צולויפן צום קעלער, א נעם טאָן די טיר און צומאַכן זי מיט א קלאַפּ — דאָס האָט נישט געדויערט קיין סאַך צײַט. — אצינד ליג דאָ באַגראָבן ווי א הונט! — זאָג איך אַליין צו מיר מיט א לאַכעלע, טו א נעם די קליאַמקע און וויל פאַרשטעקן, — דער סקאָבעל אָבער איז אָפּגעבויגן אין דער זײַט. איך צי, שלעפּ, — אומזיסט! עס שטייט נישט צו. איך טו מיר אָן א קויעך, דערלאַנג א צי מיט ביידע הענט, און אָט־אָט האַלט עס שוין אפּ א שטייגער — פּלוצלים טוט זיך א עפן מיט אימפּעט די טיר פון א געזונטן שלעפּ אינוויניק, און איך פלי אַרײַן אין קעלער, אָנשלאָגנדיק זיך מיט דעם מאַמזער דאָרט אפּן טרעפּל. — אַזוי, רעב פּישל! — מאַכט דער מאַמזער נאָך דעם, ווי מיר זײַנען געשטאַנען א ווײַלע איינער אַקעגן דעם אַנדערן שטיל. — דאָס האָסטו מיט דײַן קאָוועד אַליין זיך דאָ געפּאָרעט מיט דער טיר און געוואָלט צוליב מיר מעכאַלעל־שאַבעס זײַן! זייער אָנגעלייגט, כ׳לעבן. קום, קעצעלע, א ביסל אַראָפּ אונטן, און לאָמיר דיך כאָטש א ביסל מעכאַבעד זײַן... ער טוט מיך א שטופּ פון די טרעפּ אַראָפּ, איך בועך שיר נישט

האלדז־און־געניק און צי מיך אויס אַפֿ דער ערד. — אַצינד, מעקאבל מײַנער, נאַ דיר דערווײַל אַ אופֿגאָב, — דערלאַנגט ער מיר אַ גוטן זעץ אין רוקן: — וועסט שוין נישט קראַנק זײַן צו וואַרטן אַ ביסל, ביז איך וועל פֿאַרנעמען צו מיר אין טאָרבעלע דאָס געבראָטענע הינדל, דעם פֿאָלומעסעק פֿיש מיט דער שיסל פּעטשע, וואָס איך האָב אין אײַלעניש איבער דיר דאָ איבער־געלאָזט. עס האָט נישט געדויערט קיין רגע, גיט ער מיר ווײַטער אַ זעץ:

— צייל, פּישקע! — זאָגט ער, — נישט אײנס, נישט צוויי, נישט דרײַ, פֿיר, פֿינף... דאָס האָסטו דיר פֿאַר מיר. אַצינד לייג איך דיר אַ קנייטל פֿאַר דער האָרבאַטער. צייל, פּישקע! נישט נײַן, נישט צען... וואָס איז דאָס פֿאַר אַ גאַנג, אַרומשלעפּן זיך מיט אַ מײַוול באַנאַכט אין פֿאַרבאָרגענע ערטער... — נישט צוועלף, נישט דרײַצן... איך האָב דיך, נישקאָשע, געזען פֿרי־ער, אַרומשפּאַצירנדיק מיט איר אין הינטערגעסלעך... נישט זעכצן, דאַכט זיך, נישט זיבעצן... — עס האָט אין מיר זיך אָנגעצונדן דאָס בלוט פֿון זײַנע לעצטע ווערטער.

— מאַמזער! — טו איך אַ געשריי, — דו ביסט נישט ווערט צו דער־מאָנען איר נאָמען! — שפּרינג דערבײַ טאַקע געשווינד אויף און עס זיך אין אים אײַן מיט די ציין. ס'איז אַ מילכאָמע! איך מיט די ציין, ער מיט די הענט. ביידע האָבן זיך שרעקלעך פֿײַנט און איינער דעם אַנדערן וויל מאַכן דעם טויט. ער רײַסט מיך מיט קויעך פֿון זיך אַוועק, האַלט מיך שטײַף אין די הענט, קוועטשט מיך אַ שרעק, און טוט מיט מיר דערנאָך אַ וואָרף ווײַט פֿון זיך, ווי מיט אַ קײַלעכל.

— בענטש גוימל, — זאָגט ער, — וואָס מיט כעסעד, וואָס מיר קומט עפּעס נישט אויס דיך דאָ צו באַלדאָווערן. בלײַב דאָ, פּישעלע, זיך אויס־רוען ביז מאָרגן. אָנשטאָט די געפֿילטע פֿיש, וועלן זיי מאָרגן האָבן אַ לע־בעדיק פּישעלע... אַ גוטע־נאַכט! וואָס זאָגסטו אָן עפּעס צום ווײַב? זי וועט נאָך הײַנט באַקומען דעם גרוס...

מיט די דאָזיקע ווערטער גייט ער אַוועק און פֿאַרמאַכט די טיר.

די ערשטע זאַך מײַנע, אַז איך בין צו זיך געקומען, איז געווען צו גיין צו דער טיר. איך רײַס זי און רײַס — אומזיסט די מי, זי איז גוט פֿאַרשטעקט פֿון דרויסן. איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. קלאַפּן שטאַרק האָב איך מוירע, מען זאָל נישט דערהערן, און אַזוי בלײַבן איז אויך שלעכט. איך שטיי, און דער קאָפּ דרייט זיך מיר פֿאַר שרעק, פֿאַר קאַעס, פֿאַר ווייטעק און יעסורים פֿון די פֿרישע קלעפּ. איך גיי אַראָפּ פֿון די טרעפּ, טו מיך אַ וואָרף אַפֿ דער ערד און ליג אין איינע צאָרעס. נאָך דער געדאַנק, וואָס מאָרגן וועט דאָ מיט מיר זײַן, ווי מען וועט מיר מאַכן דעם גוטן באָרעכ־האַבע און זיך צונויפֿלויפֿן אָנקוקן דעם גאַנעוו; עס וועט

הייסנ, מענ האָט מיכ געכאפּט, מיט טויזנט אויסגעטראכטע מײַסעס דערצו, ווער איז גאָט גלייבט וועט מיכ שלאָגנ, אונ עס וועט נישט העלפנ פונ מײַנ זײַט קיינ שום טערעצ — אָט דער דאָזיקער געדאנק האָט מיר געעגבערט אינ קאָפּ, ווי מיט אנ עגבער, אונ מיכ נישט געלאָזט אײַנליגנ. נאָר אינמיטנדרינענ דאכט זיכ מיר, ווי עס דראפּעט זיכ עפּעס אפ מיר. איכ שטרעק אויס די האנט אונ כאפּ אָנעט א שטשור, וואָס גליטשט מיר זיכ פּלינק ארויס פונ צווישנ די פינגער מיט א פּישטש. איכ שפּרינג אופ פאר שרעק, עס ווערט מיר נישט גוט, אונ עס באשלאָגט מיכ א קאלטער שווייס. האלטנדיק זיכ קוים אפ די פיס, טאפּ איכ אָנעט אינ דער פינצטער א קאלטע, פײַכטע וואנט, צו וועלכער איכ רוק מיכ צו. איכ שטיי אזוי אָנגעשפּארט אינ דער וואנט אונ טראכט מיט א ביטער הארצ: ריבוינעשעלוילעמ, וואָס איז דאָס פאר א לעבנ? פארוואָס שטראָפסטו מיכ אזוי? וואָלט דענ נישט בעסער געווענ פאר מיר, פאר דער וועלט, אז איכ זאָל גאָר נישט געווענ געבוירנ ווערנ? פארוואָס קומט מיר עס אזוי... אזוי מיכ צו באליידיקנ? — בא דעמ דאָזיקנ געדאנק ברעכט מיר דאָס הארצ אונ איכ באוואש מיכ מיט טרערנ. עס וויינט זיכ מיר אונ עס טראכט זיכ: ריבוינעשעלוילעמ, ווו ביסטו! איכ בלײַב דערנאָכ שטיינ דערשלאָגנ, נישט צו וויסנ, וואָס מיט מיר טוט זיכ, עפּעס ווי א גוילעמ. פלוצלימ גיט א סקריפּ די טיר, א שמאָלער ליכטיקער פאס שײַנט ארײַנ מיר פאר די אויגנ, אונ עס הערט זיכ טריט, ווי עמעצער גייט שטיל אפ די טרעפּלעכ. די האָר שטעלנ זיכ מיר קאפּויר פאר שרעק, אָט־אָט טוט מענ מיכ א כאפּ אונ מענ רעכנט זיכ מיט מיר אָפּ ווי מיט א גאנעוו. אונ ווי איכ שטיי אזוי אינ שרעק אונ ציטערניש, האלטנדיק אראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ, — הער איכ, ווי מענ רופט שטילערהייט מיכ באמ נאָמענ: פישקע, פישקע! אונ טאקע באלד דערזע איכ נעבנ מיר ז י, די האָרבאטע. איכ ווער לעבעדיק אונ טו א געשריי פאר גרויס פרייד.

— שא! — מאכט זי, אָנעמענדיק מיכ בא דער האנט, — קומ גיכער אוועק פונדאנענ.

— נעשאָמע, דו האָסט מיכ דערהאלטנ באמ לעבנ! — שרײַ איכ שטארק צעמישט פאר סימכע, אונ — איכ בינ זיכ מוידע, צומ ערשטנ מאָל, אונטנ אינ קעלער — טו איכ איר א קוש.

איכ פרעג זי, וויאָרומ זי האָט זיכ אהער גענומענ? זי אָבער בעט מיכ שווײַגנ, דערמאָנט מיר, אז מיר געפינענ זיכ באנאכט אינ א פרעמדנ קעלער.

— קומ גיכער, וועסט וויסנ אלצדינג א ביסל שפּעטער, — אזוי זאָגט זי אונ פירט מיכ בא דער האנט ארויס אפ דער גאס.

גייענדיק אפנ וועג, האָט זי מיר עס ערקלערט גאָר פּאָשעט אזוי: אינ

עטלעכע רעגע אַרום נאָך מײַן אוועקגאַנג האָט איר עפּעס דאָס האַרץ געזאָגט, ס'איז נישט גלאַט, מען באַדאַרף גיין זען, ווו איך בין. זי קומט צו ביז צום עק פֿונעם פּלויט, קוקט אין אַלע זײַטן און דערזעט אויף יענער זײַט גאַס אַקעגן שטייט עמעצער אײַנגעבויגן נעבן אַ דעכל און באַאַרבעט זיך עפּעס. טראַכטנדיק, אַז דאָס בין איך, לאָזט זי זיך גיין ווײַטער, און צוקומענדיק נאָענט, האָרכט זי עפּעס ווערטער: „אַצינד, רעב פֿישל, ליג דאָ אין קרענק ווי אַ הונט, ס'איז שוין גוט פֿאַרשטעקט, נישקאָשע". עס ווערט איר טונקל אין די אויגן, און זי בלײַבט שטיין פֿאַרדולט. פּלוצלים וואַקסט פֿאַר איר אויף דער מאַמזער, טוט זי אַ קניפּ און מאַכט דערבײַ מיט אַ שמייכעלע: „גוט־שאַבעס. סקאָצל קומט, רעבעצן! אַ שיין מיידעלע, נישקאָשע! שלעפּט זיך באַנאַכט אַרום איבער די גאַסן און נאָך קלאָמפּערשט פֿרום... אַהיים גיי, כצופּע, הולטײַקע איינע!" — ער טוט זי אַ שטופּ מיט דער קני אין רוקן, און זי מוז מיט אים גיין, נישט צו ריידן קיין וואָרט. אויפֿן וועג קוקט ער זיך אַלץ אַרום, איבערלייגנדיק די פֿול אָנגעשטאָפּטע טאָרבע פֿון איין אַקסל אויפֿן אַנדערן, פֿאַרגעסט נישט דערבײַ אויך צו שפּעטן און צו מאַכן מיט איר זײַנע אָנשטעלן. זי גייט, נעבעך, שטאַרק פֿאַרומערט, פֿאַרזאָרגט. זי ווייסט, אַז איך געפֿין מיך אין אַ שלעכטער לאַגע, אומעגלעך מיר צו העלפֿן, אַז דער מאַמזער האַלט זי נעבן זיך און לאָזט פֿון איר קיין אויג נישט אָפּ. פּלוצלים גיבן זיך אַ ווײַז אַ קאָמפּאַניע ייִדן, וואָס גייען פֿון אַ בען־זאָכאָר לעבעדיק־פֿריילעך און ריידן, לאַכן הויך אויף אַ קאָל, ווי דער שטייגער פֿון ייִדישע קינדער. מען לאַכט עפּעס פֿון איינעם, וואָס האָט זיך פֿאַרגעסן און געטראָגן דאָס פּאַטשיילכן אום שאַבעס. דער מאַמזער נעמט זיך געשווינד אין דער זײַט, דרייט זיך אין אײַלעניש און כאַפּט זיך אַרײַן אין אַ שמאָל געסל. מײַן האָרבאַטע כאַפּט דערווײַל אויך, אַנטלויפֿט אין דער אַנדערער זײַט און ווערט אַנטרונען.

עס פֿאַרשטייט זיך, זי לויפֿט געשווינד, מיך אַרויסצונעמען פֿון דער קלעם. נאָר שטעלט אײַך פֿאָר איר האַרצווייטעק, אַז זי פֿאַרדרייט זיך, לויפֿנדיק אין געסלעך, און קען נישט טרעפֿן צום אָרט, ווו מיר זײַנען פֿריִער געזעסן! זי ווייסט, אַז איך בין אין אַ גרויסער סאַקאָנע, מען באַדאַרף מיך גיכער באַפֿרײַען, איין רעגע איז אַצינד טײַער, און דאָ דרייט זי זיך און ווייסט ניט צו מיר דעם וועג. אַ היפּשע צײַט האָט אַזוי געדויערט, ביז גאָט האָט געהאָלפֿן, זי האָט געפֿונען דעם קעלער און מיך באַפֿרײַט.

מיר גייען אַזוי ביידע און ריידן מיט אַ פֿריילעך געמיט. איך איר: נעשאָמע מײַנע! דו ביסט מיר הײַנט בײַגעשטאַנען אין די נויטן. און זי מיר: פֿישקע! דו האָסט מיר געדינגט ווי אַ ברודער נעכטן, געדענקסטו, דאָרט אין הויז, באַנאַכט. נעכטן... גאָר נישט ווײַט שוין פֿון העקדעש באַ־

פאַלט אונדז אַ מאָרעשכוירע און עס נעמט אונדז אָפּ דאָס לאַכן. דאָס הארץ האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר גייען נישט אויף קיין גוטס, עפּעס גלאַט וועט שוין די הײַנטיקע נאַכט אַזוי נישט אָפּלויפֿן.

איין העלפֿט טויער פֿונעם העקדעש איז געווען צוגעמאַכט, די אַנדערע העלפֿט אַ ביסל אָפֿן, אַזוי אַז אין דעם הויז האָט פֿון דער גאַס אַרײַנגעשײַנט אַ ליכט. צוקומענדיק צום טויער, שטעלן מיר זיך אַ ווײַלע אַנידער מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ, דערנאָך נעם איך מיך צום ערשטן אַרײַנצוגיין שטיל. קוים שטעק איך אַרײַן דעם קאָפּ אין הויז, דערזע איך, קימאַט טאַקע אין דעם טויער, דעם מאַמזער, ווי ער זיצט זיך אָנגעלענט מיט מײַן ווײַב, פֿרעסן פֿון דער טאָרבע און טוען זיך וווּיל. דער מאַמזער שושקעט איר עפּעס אין אויער אַרײַן און ווערט באַלד ווי אויסגעטריקנט. זי שטייט אויף אין איין קאַץ און כאַפּט זיך אויף מיר אַרויף מיט אַ מויל: דו אַזוינער און אַזוינער, אין דײַן טאַטנס טאַטנס אַרײַן! דו וועסט עס באַ מיר די גאַנצע נעכט מיט אַזאַ הולטײַקע, אַזאַ דראַבקע אַרומשאַרלאַטאַנעווען? דו מיינסט עפּשער, איך ווייס נישט דײַנע מיִעסע גענג? איך ווייס, נישקאָשע, אַלצדינג שוין לאַנג, און שטיק, נעבעך, אין זיך, האָב אַ פֿאַרפֿוילטע גאַל. אַזוי דאַנקסטו עס מיר אָפּ פֿאַר מײַן גוטסקײַט, וואָס איך האָב דיך אַרויסגעפֿירט אין דער וועלט, געמאַכט פֿון דיר אַ לײַט?! דו מיינסט, קעלעוו שעביקלאָווים, דאָס וועט דיר געשענקט ווערן? ניין! איך וועל דיר ווײַזן, יונגאַטש איינער, אין דײַן טאַטנס אַרײַן, מיט דײַן דראַבקע, אין איר טאַטנס מאַמענס טאַטנס אַרײַן! מיט איר אינאיינעם וועל איך דיר ווײַזן, ווער עלטער איז... נאַ, נאַ! — הייבט זי אָן מיך צו שלאָגן, — נאַ דיר פֿאַר הײַנט, פֿאַר נעכטן און פֿאַר פֿריִער, נאַ, נאַ, נאַ, די קאַפּאָרע זאָלסטו ווערן! —

איך רײַס מיך קוים אַ לעבעדיקער פֿון אירע הענט אַרויס און לויף אָפּ עטלעכע טריט ווײַט אויף דער גאַס. זי שטייט נאָך אַ היפּשע ווײַלע אין דרויסן און שרײַט, דערנאָך גייט זי אַרײַן אין הויז, און שרײַענדיק: — ליג ווי אַ הונט אין דרויסן! — פֿאַרשפּאַרט זי פֿאַר מיר דעם טויער מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ.

איך שטיי מיט דער האָרבאַטער, נעבעך, אין דרויסן, און קוקן אונדז אָן. ביידע זײַנען מיר שטאַרק באַטריבט. אונדז ביידע איז אָנגעזאַלצן אויפֿן האַרצן דערפֿון, וואָס דאָ איז ערשט געשען. די צאָרעס לאָזן אונדז ביידע נישט אײַנשטיין אויף איין אָרט, און מיר לאָזן זיך גיין, וווּהין די אויגן קוקן, איינער מיט דעם אַנדערן נישט צו ריידן קיין וואָרט, ביידע פֿאַרטראַכט. אַז איך בין צו זיך געקומען, זע איך, מיר געפֿינען זיך אויפֿן שול־הויף. דאָס האַרץ האָט מיר געריסן, קוקנדיק אויף דער האָרבאַטער, נעבעך,

ווי זי ווערט עס פארשווארצט. די אנדערע נאכט, אז זי האָט נישט קיינ רו! איכ טראכט בא מיר, וואָס טוט מענ, ווו ערגעצ געפינט מענ איר א נאכטלעגער? אונ עס פעלט מיר אײַנ זייער א גוט אָרט — די ווײַבערשע שול!

אז גאָט האָט געהאָלפנ, מיר זײַנענ בעשאָלעמ ארופ, נאָכ גרויס מי, אפ א צעבראָכנ טרעפּל, וואָס האָט זיכ געוויגט, געשאָקלט אונטער אונדזערע פיס, אונ אינ דער פינצטער אָנגעטאפּט א אָפענע טיר, — פאלנ מיר פלוצלים אפ עפעס ווייכס. עס ווערט א גערודער, א שפרינגעניש ארומ אונדז, אפ אונדז אונ איבער אונדז. מיר כאפּנ קלעפּ, הינטנ, אינ די זײַטנ, נישט צו וויסנ פונוואַנענ דאָס איז אונדז געקומענ. איכ ווארפ מיכ אהינ-אהער, צאפל מיט הענט אונ מיט פיס אונ כאפּ אָנ א באָרד. פונ וועמענ מיינט איר? א באָרד פונ א ציג!.. דאָס זײַנענ געוועזנ ציגנ, וואָס האָבנ, ווי געווינטלעכ, א כאזאָקע צו נעכטיקנ אינייִנעמ מיטנ קאָהאָלשנ צאפ אינ דער ווײַבערשער שול.

— ווו ביסטו ערגעצ? — רופ איכ מײַנ האָרבאטע. — שרעק דיכ נישט, דאָ זײַנענ, אָנ אײַנהאָרע, זייער פיל ציגנ! נישט קיינ אָרעמ שטעטל, אפּאָנעמ. איכ זוכ אופ, טרײַב ארויס די ציגנ, זיי זאָלנ הײַנטיקע נאכט מויכל זײַנ נעכטיקנ אינ דרויסנ. אלייִנ גיי איכ טאקע באלד אויכ ארויס, זאָגנדיק איר א גוטע־נאכט, אונ מאכ גוט צו די טיר.

באמ אראָפּגייִנ פונעמ טרעפּל שטעלט מיר זיכ אקעגנ דער צאפּ, אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ מיט די לאנגע הערנער, שטארק אָנגעדרודלט דערפאר, וואָס איכ האָב אזוי מיִעס באליידיקט זײַנע ווײַבער. איכ ראנגל מיכ מיט אימ אוועק א צײַט, ער לאָזט מיכ נישט אָפּ אונ גייט מיר נאָכ פוסטריט, ביז מיר איז געראָטנ ארײַנצוכאפּנ זיכ אונטנ אינ קלײַזל ארײַנ.

אינ קלײַזל ליגנ אפ טיש אונ אפ בענק אויסגעצויגנ מעקאבלימ אונ שלאָפנ ווי די פריצימ, איבערפײַפנדיק זיכ מיט נעז צווישנ זיכ אפ אלערליי קוילעס. א מעכײַע געוועזנ צו זענ, ווי געשמאק, אָנ אײַנהאָרע, זיי זײַנענ געשלאָפנ. מעקאבלימ איז טאקע אפ דער וועלט גוט, — האָב איכ מיר געטראכט אונ זיי אינ הארצנ מעקאנע געוועזנ. דאָס זײַנענ עפעס גאָר אנדערע מינע קאפּצאָנימ, נעגידישע... איכ זוכ מיר אויס אנ אָרט אונטערנ אויוונ, טו מיכ א וואָרפ דאָרט אפ א באנק אונ ווער באלד אנשלאָפנ. נאָר מיר איז אָבער נישט באשערט קיינ גוטס אפ דער וועלט. עס דויערט נישט לאנג, וועקט מענ מיכ אינ רעכטנ מיטנ שלאָפ: יונגערמאנ, שטייט, זײַט מויכל, אופ! איכ רײַב אויס די אויגנ אונ דערזע פאר מיר היפש יִידנ מיט ערנסטע פּענעמער. דאָס זײַנענ געוועזנ פונ דער כעוורע־טילימ, מענטשנ, וואָס קומענ אלע שאבעס גאנצפרי זאָגנ טילימ, אונ האָבנ זייער אָרט דאָ

אונטערן אויוון. איין ברייטע — מען מוז אופשטיין. איך גיס אָפּ נעגלוואַסער, זעץ מיך אנידער, קוים וואָס איך האַלט דעם קאָפּ, צי מיך, גנעעץ און זאָג טילים.

## 20

נאָך דעם פּסאַק, וועלכן איך האָב יענעם פּריוואַטקאַנצעלאַריסט פון מײַן ווײַב געכאַפּט, איז שוין פאַרענטפערט געוואָרן אַלצדינג, וואָס איר מעשוגענע אויפירונג אקעגן מיר אין דער לעצטער צײַט באַטײַט. עס האָט זי געברענט מײַן כאַוועריזײַן מיט דעם האַרבאַטע מיידל, וואָס דער מאַמזער האָט עס איר איבערגעגעבן מיט טויזנט אָפּגעטאָקטע ליגן. ער האָט באַ זיך געקלערט, אַז דורך דעם וועט מײַן ווײַב מיך נישט וועלן מער קענען, אַ שפּײַטאָן אָפּ מיר און אן עק. ס'איז אָבער געוואָרן אַ פאַלשע רעכענונג. אָנשטאָט דעם, זי זאָל מיט אַ קאַלטער לעבער מיך לאָזן לויפן מײַן וועג און אָפּ אייביק מיט מיר זיך צעגיין, האָט גאָר אין איר געברענט אַ העלישע פײַער. סטײַטש, איר מאַן זאָל אַזוינס טאָן! עפּעס אַ האַרבאַטע מיידל זאָל פישקען בעסער געפעלן פון איר! דאָס איז דאָך אַזאַ באַליידיקונג, וואָס שווער אַראָפּצושלינגען. ניין, מען קען אַזוינס נישט דערלאָזן.

— אײַ, די קאַשע איז דאָך, פאַרוואָס זי... דײַנע, מיין איך, מיט דעם מאַמזער?... — קען זיך אַלטער נישט אײַנהאַלטן און טוט אַ פרעג מיט אַ געמאָרע־ניגן.

— זײַט איר, דאַכט זיך, גאַנץ געטראָפן, — ענטפערט פישקע, — נאָר אַזויפיל האָב איך אין דער גלופּסקער באָד מיך אויסגעלערנט סייכל, צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז קיין קאַשע נישט. ווײַ נאָך ערגעץ ריכט מען פון איטלעכן אָפּ מער ווי אין דער באָד? און ווער? דאַפקע אַזעלכע, וואָס האָבן געמעגט, כ'לעבן, טאָקע שטומען. איינער, וואָס האָט קיין וואָר וואָרט נישט, שפּעט אויס יענעם, אַז ער איז אַ ליגנער; אַזעלכער, וואָס מען טאָר אים קיין גראָשן נישט געטרויען, רעדט אָפּ יענעם, ער איז אַ גאַנעוו; אַ קאַרגער, וואָס וועט פאַר אַ פּעני'ג זיך די אויגן אַרויסנעמען, לאַכט: יענער איז אַ כאַזער! אַ שלעכטער מענטש, וואָס האָט אַ שטיינערן האַרץ, רופט יענעם ראָשע, און אַזוינער, וואָס פאַר אַ פּיצל קאָוועד איז ער פאַרטיק אָפּ אַלצדינג, באַר'עדט יענעם, אַז ער לעכצט נאָך קאָוועד. בעדל דער שמײַסער פלעגט אַמאָל צווישן זיך אין אַ שמועס זיך אָנכאַפּן באַם קאָפּ: אײַ, אײַ! איך פאַרשטיי נישט, ווי לייגט זיך עס די צונג אָפּצורייכטן פון יענעם, ווייסנדיק זייער גוט באַ זיך, אַז מען איז אַליין אַ גאַנעוו, אַ ליגנער, אַ כאַזער, אַ שלעכטער, אַלצדינג, וואָס אין דער קאָרט!

— הערסטו, כאָכעמ מײַנער! — פּלעגט אימ אָפּענטפּערנ איציק דער היטער, — דאָס איז טאקע די גאנצע צאָרע, וואָס מענ ווייסט נישט. זײַנע פּליי אינ דער נאָז זעט נישט קיינער, אונ יענעמס א שפּרענקעלע איז דעמ אנדערנ גרויס אינ די אויגנ.

שמערל, איינער פונ יענע באטלאָנימ, וואָס האלטנ זיכ אופ אינ באָד, פּלעגט מאכנ מיט א שמייכעלע, אָנעמענדיק זיכ באמ בערדל: לאָזט זיכ דינגנ, רעב בערל! לאָזט זיכ דינגנ, רעב איציק! איר האָט ביידע א טאָעס. דער עמעס דערפונ איז, ווי איכ האָב דערקלערט, פּאָשעט אזוי: איטלעכער בא זיכ מיינט, ער מעג, דער אנדערער — טאָר נישט.

— גערעכט, שמערל! — לאָז איכ ארויס אפּ א קאָל, אונטערשפּרינגענדיק פונ מײַנ אָרט, אונ פארטראכט מיכ טאקע באלד. שמערלס ווערטער האָבנ אונטערגעגעבנ ווײַרעכ דעמ טײַוול, וואָס ליגט אינווייניק בא איטלעכנ פונ אונדז, זינדיקע מענטשנ. ער כאפּט זיכ אופ אינ מיר מיט א שטעכנדיק געלעכטערל, גראבלט מיר באמ הארצנ, צעטראָגט מיר דעמ מויעכ, אופרירנדיק דאָרט מײַנע אלע געדאנקענ, אונ קראַצט אויכ אויס עפּעס אלטע מײַסעס, פארלעגערטע אינ דעמ זיקאָרנ. עס ווערט אינ מיר א קאָכעניש, א יאריד פונ אלערליי מינע געשטאלטנ, וואָס זײַנענ פּלוצלימ ווי פונ דער ערד ארויסגעוואקסנ, אונ אָנווײַזנדיק אפּ זיי, רעדט אויס מיר דער רועכ ארויס שטארק פארקרימענדיק זיכ:

— אָט האָסטו דיר די אלע שיינע־נעפּאשעס! זיי אלע מעגנ, מעגנ, מעגנ...

די דאָזיקע שיינע־נעפּאשעס דרייענ זיכ אינ דעמ האנדל, אינ שטאָטישע זאכנ, אינ כעווערעס, אינ דעמ ייִדישקײַט אונ אינ דער גאנצער פּירונג. ווײַבער אונ ווײַבלעכ אלע סאָרטנ, פונ דער אלטער אונ הײַנטיקער וועלט, זײַנענ אויכ דאָ אפּנ יאריד. — שאָלעמ־אלייכעמ, פארשוינענ! — מאכ איכ אליינ צו מיר. — גאָט ווייסט דעמ עמעס, אז איכ בינ גערנ אײַער פּאָנעמ נישט אָנצוקוקנ אונ דעמ נאָמענ אײַערנ מער פאר דעמ מויל נישט צו ברענגענ. אזוי נימעס־אומאָעס זײַט איר מיר געוואָרנ. נאָר וואָס קענ מענ טאָנ? אז דער שווארציאָר האָט אײַכ אצינד געבראכט צו טראָגנ. קענ מענ אײַכ אזוי נישט אָפּלאָזנ. מענ מוז אימ צוליב טאָנ אונ פונ איטלעכנ כאָטש עפּעס דערציילנ.

— ווארט א ביסל, פישקע! האָט קיינ פאריבל נישט, רעב אלטער! — רופ איכ מיכ אָנ. — איכ האָב אײַכ עפּעס צו דערציילנ, נאָר לאָמיכ א ביסל מיכ באטראכטנ, — אונ טראכטנדיק דאָ אזוי, גיב איכ א נעמ איינעמ פונ דער גוטער קנופּיע: — קומ צומ סמיק! ער ווארפט זיכ מיט הענט אונ מיט פיס, קרעכצט, שרײַט, ווי דער געפּענטעטער האָנ

בעשאס קאפּאָרעס־שלאָגנ. די איבעריקע לײַט קוקנ מיכ אָנ קרומ אונ מאכנ א בייזע מינע, איכ זאָל שווײַגנ. נאראָנים! טראכט איכ בא מיר, איכ הער אײַכ ווי דאָס מילכיקע קלינגל. מיכ וועט איר מיט „בו" אינ א איבערגעקערטנ פּעלצ נישט איבערשרעקנ. מאַלפּעס זײַט איר, נישט קיינ בערנ...

דער טײַוול צעהיצט זיכ אינ מיר אונ גיט מיר אונטער כיישעק: אזוי, אזוי! נעמ זיי, נעמ זיי צומ סמיק, די אלע שיינע-נעפאשעס! — הערט, זײַט מויכל, רעב אלטער, א שיינע מײַסע. אינ א ייִדישער שטאָט ערגעצ זײַנענ די פּײַנע־לײַט, וואָס דער שטייגער זייערער איז...— הייב איכ אָנ אזוי צו דערציילנ אונ בלײַב אינ דער מיט רייד ווי דערוואָרגנ. די ווײַבער ווינקענ צו מיר מיט א געבעט. גוטער, זיסער רעב מענדעלע, האָט ראכמאָנעס, זאָגט נישט אויס!.. זיי מאכנ כיינ, קוקנ אונ בעטנ מיכ מיט ברענענדיקע אייגעלעכ. דער ווײַבערשער כיינ מאכט מיכ ווייכ ווי א טייג, פונ זייערס א בליק ווער איכ צעשמאָלצנ. דערבײַ דערמאָנ איכ מיכ אינ מײַנ ניידער, אײַנצוקויפּנ זיכ אינ דער כעוורע פּעטערס. כאַפּט אײַכ דער וואטלמאכער! מאכ איכ מיט א שמייכעלע, אונ ווענדנדיק זיכ צו אלטערנ, זעצ איכ צו: — זיי מיינ איכ, יענע פּײַנע-לײַט אינ דער שטאָט דאָרט. עפּעס גלוסט מיר זיכ הײַנט נישט דערציילנ מײַנ מײַסע. לאָזנ זיי גיינ צו אלדי שווארצע יאָר!.. האָט קיינ פאריבל נישט, רעב אלטער.

— פּארקערט... מעהייכעטייסע, פונמײַנטוועגנ מעגנ זיי אויכ, כאָטש באלד, די קאפּאָרע ווערנ. נאָר וואָס איז דאָס פאר א גאנג, יענעמ איבערשלאָגנ, ארײַנפאלנ אימ אינ די רייד מיט מײַסעס, אײַערע מײַסעס!.. — אזוי רופּט זיכ אָנ אלטער אונ קוקט מיכ אזוי א ווײַלע אָנ, מאכנדיק מיט די אקסלענ, עפּעס אזוי, גלײַכ ווי געזעדט: א לעכערדיקער זאק, מישטיינס-געזאָגט, עס שיט זיכ פונ אימ נײַנ מאָס רייד אָנ א אופהער. שטארק נייטיק, כ׳לעבנ, זײַנע מײַסעס. טאָמער ווייסט איר צו וואָס?.. אונ א מאכ געבנדיק דערנאָכ אינ דער זײַט א פּאָר מאָל: — פּע, פּע! — טוט ער א טאָרקע פּישקענ: — נו, וואָס? מיילע בעקיצער, דער שפּיצ?

פּישקע הייבט אָנ אפּ זײַנ שטייגער, איכ נאָכ אימ ארבעט אפּ מײַנ שטייגער, אלטער טרײַבט אונטער אפּ זײַנ שטייגער — אונ די מײַסע דערציילט זיכ ווײַטער אזוי:

— די צײַט איז זיכ דערווײַל געגאנגענ, אונ איכ מיט מײַנ ווײַב זײַענ מיר אלצ וואָס ווײַטער זיכ מער פאנאנדערגעגאנגענ. זי האָט נאָכ שטארקער זיכ איזניוכעט מיט דעמ מאמזער, זײַנענ געוואָרנ כאווער-לאפּ, גאנצ נאָענטע שמעלקעס, אונ פּלעגנ שוינביידע, ווי א פּאָרעצ מיט א פּריצע, אינ די הײַזער ארומגיינ. מיר האָט עס שוינ מער נישט אזוי אויסגעמאכט, דער קאָפּ איז מיר געווענ שטענדיק פארדרייט מיט דער האָרבאטער, נעבעכ,

זי איז מיר קיינ רעגע פונעמ זינענ נישט ארויס. גייט אײַכ, האָב איכ געטראכט, פונמײַנטוועגנ כאָטש אינ דער ערד, ווארגט זיכ ביידע מיט די הײַזער! באמ באגעגענענ זיכ אמאָל מיט די פאָר-לײַט, פלעגט דער מאמזער מיכ אָנקוקנ מיט געשפעט, עפעס ווי גערעדט: איכ האָב דיר אָנגעפײַפט גוט, נישקאָשע... איכ האָב געוויינטלעכ אויסגעשפיגנ אונ בינ מיר געגאנגענ מײַנ וועג, טראכטנדיק בא זיכ: אונ אז דו שלעפסט זיכ מיט איר ארומ, וואָס העלפט עס דיר? אז זי איז א איישעס-איש. הע־הע, גוט פארטשוואָקעוועט, נישקאָשע! אָבער איכ האָב דיר אויכ אָנגעפײַפט, דו מאמזער איינער! פוקע זיכ, ווער צעזעצט...

מיט מיר האָט אָנגעהויבנ אינ די הײַזער ארומצוגיינ אנ אלטיטשקער, פונעמ מאמזערס פעקל, א ראָשע-מערושע, א נאָטקע גאנעוו אזוי ווי ער. אונ ער האָט עס געמאכט מיט מיר גאנצ גוט. איטלעכער האָט אימ געמוזט געבנ, אזא ראכמאָנעס-פענעמל פלעגט ער קענענ מאכנ, אָנווײַזנדיק אלצ מיט א קרעכצ טיפ פונעמ הארצנ אפ מיר, ביטערע קאליקע. געהייסנ האָט עס עפעס: א וויסטער טאטע מיט אנ אומגליקלעכ קינד, נעבעכ! — הינק, פישקע, הינק גוט, טאכשיט מײַנער! — פלעגט ער מאכנ, אונטערשטופנדיק מיכ פונ הינטנ, באמ ארײַנקומענ אינ א שטוב. — פארקרימ דאָס פענעצל אונ זיפצ, זיפצ, דו הונט איינער. זיי וועלנ מיר, נישקאָשע, פאר דײַנס א זיפצ באצאָלנ. — אפנ וועג גייענדיק, פלעגט ער מיכ אלצ לערנענ מאכנ די שפיל, אָפשפעטנ פונ די באלעבאטימ, א קניפ, א צופ טאָנ אונ שילטנ מיכ דערבײַ: פארכאפט זאָלסטו ווערנ! גאָר אינ גוטנ מוט. איינמאָל האָט ער מיר, אינ שפאס קלאָמפערשט, געגעבנ א באָכענצע אינ הארצנ, דאָ אינ לעפעלע, אזוי אז איכ האָב שיר די ניכפע נישט באקומענ. די נעדאָוועס פלעגט ער געוויינטלעכ צו זיכ צונעמענ, אונ ס'איז מיר שווער געווענ א גראָשנ בא אימ אויסצורײַסנ. — וואָס טויג דיר, פישקע, געלט? — פלעגט ער שפאסנ, — אז דו ביסט אליינ געלט! דו זאָלסט מיר דערלעבנ הינקענ מיט די פיסעלעכ אונ קרענקענ אפ אלע גלידערלעכ, ביז דו וועסט מיטנ קעפעלע אָנלייגנ, טאכשיט מײַנער! — איינמאָל בינ איכ צו אימ שטארק צוגעשטאנענ, עס האָט מיכ געצווונגענ די נויט, אונ האָב געבעטנ כיילעק מיטנ הארבנ וואָרט. א קוק געבנדיק, אז איכ מאָנ אימ דאָ אזוי, האָט ער געעפנט אפ מיר א מויל: — שטומ, קרומער הונט! אומזיסט וועסטו דאָס פאָרנ בא מיר אינ בויד, אומזיסט וועל איכ דיכ, אזא נעוויילע, ארומפירנ דאָ? טארבעס, שייגעצ! איכ וועל דערציילנ דײַנ ווײַב. איכ קענ דיכ נישט אונ האָב מיט דיר נישט וואָס צו טײַנענ. קענענ קענ איכ נאָר דײַנ ווײַב. זי האָט דיכ מיר איבערגעגעבנ, פונ איר האָב איכ אזא טכוירע באקומענ, אונ מיט איר וועל איכ שוינ מיסטאמע זיכ אָפרעכענענ...

שלעכט! אצינד האָב איכ גאנצ קלאָר ארויסגעזענ, אז איכ בינ בא
דער כאַליאַסטרע אזוי, ווי א בער בא די ציגײַנער. מענ פירט מיכ ארומ
צו מאכנ מיט מיר די קאָפּעקע. מענ האָט בא מיר צוגענומענ מײַנ ווײַב,
זי ארײַנגענארט אינ זאק ארײַנ, אונ זי העלפט נאָכ זיי אויכ אונטער אקעגנ
מיר, זי גיט מיכ איבער, ווי סכוירע, הולטײַעס, גאנאָווימ אינ די הענט...
שלעכט, ביטער, ס'איז שוינ גאָר אויס וועלט.

איכ האָב שוינ ארויסגעזענ, — ס'איז פארפאלנ. צווישנ מיר מיט מײַנ
ווײַב וועט שוינ קיינ לעבנ מער נישט זײַנ. הײַנט צו וואָס, האָב איכ גע-
טראכט, זאָל איכ מיכ דאָ האלטנ? מענ באדארפ אנטלויפנ, ווי צומ גיכסטנ
אנטלויפנ. א טאָג א איבעריקער צווישנ אזעלכע גאנאָווימ איז א זינד פאר
גאָט. דאָס זײַנענ דאָכ מענטשנ, וואָס האָבנ נישט קיינ גאָט אינ הארצנ,
וואָס טוענ נישט קיינ האנט אינ קאלטע וואסער ארײַנ, אראָפּגעוואָרפנ פונ
זיכ איינגאנצנ דעמ יאָכ, ווילנ נישט וויסנ פונ קיינ ארבעט, פונ דײַגעס-הא-
פּארנאָסע אונ זיכ אפּ אנדערע אָנגעוואָרפנ. נאָגנ, זויגנ יידיש בלוט אונ
זײַנענ נאָכ זיי דאמ-סאָנימ. איכ אליינ בינ בא מיר אויכ מיעס אראָפּגע-
פאלנ, באטראכטנדיק מײַנע אלע גענג אינ דער גאנצער צײַט צווישנ דעמ
דאָזיקנ פּעקל שלעכטע מענטשנ. גאָר ניט דער אייגענער, וואָס פריער. עס
האָט צו מיר זיכ צוגעקלעפּט פיל נישט קיינ שיינע זאכנ פונ זיי. איינ
מיטל פּאָטער צו ווערנ פונ אזויפיל צאָרעס אונ בייז — איז ארויסצורײַסנ
זיכ פונעמ מיעסנ פּעקל אונ ווײַכנ זיי ווי א איפּעש. נאָר וואָס טוט מענ
אָבער מיט איר? ווי לאָזט מענ איבער זי, די האָרבאטע מײַנע? מיר איז
פירגעקומענ, ווי איכ שטיי אינ א פארדאָרבנ אָרט, א שרעקלעכע גרוב,
נאָר א געהענעמ. אינ איינ אויער ארײַנ שרײַט מיר עפּעס א קאָל: פאר-
שפּיל נישט דײַנ נעשאָמע, פּישקע, ווי גאָט איז דיר ליב, אנטלויפ! אונ
אינ דעמ אנדערנ אויער קלינגט מיר פונ דער האָרבאטער מײַנער א קאָל:
פּישקע, פּישקע!... מענ באדארפ אויסקלײַבנ איינס פונביידע: אָדער אהינ
אינ דער ליכטיקער וועלט, ריינ פונ זינד, פונ צאָרעס אונ בייז, אָדער דאָ
אינ דעמ געהענעמ, נאָר אינאיינעמ מיט איר. איכ האָב מיכ גוט אויסגע-
וויינט אונ... גאָט זאָל מיכ נישט שטראָפנ פאר די זינד! — איכ בינ גע-
בליבנ ווײַטער בא דער כאַליאַסטרע...

שפּעטער ערשט אינ א צײַט ארומ איז מיר אינ קאָפּ ארײַנ א געדאנק,
מיט דער האָרבאטער אינאיינעמ אנטרונענ צו ווערנ פונעמ גוטנ פּעקל. נאָר
דאָס אָבער האָט דאָכ אנדערש נישט געקענט זײַנ, סײַדנ אופגעבונדנ צו
ווערנ פריער פונ מײַנ ווײַב. וואָס וועט דער טאכלעס זײַנ פונ מײַנ ארומ-
פירנ זיכ מיט א מיידל גלאט אזוי? די וועלט וועט מומלענ אונ טראכטנ
גאָט ווייסט וואָס... איינ רעפּוע איז דאָ — געט! נאָר וועט מײַנ ווײַב אָבער,

טראכט איך בא מיר, וועלנ נעמענ געט? זי איז דאָך א שלאק, א אָנשיקעניש פונ זײַנ ליבנ נאָמענ. אז איך וועל זאָגנ געט, וועט זי, מיר אפּ צעשפּרינגעניש, זאָגנ: ניינ! די גרעסטע האנאָע, אינ דער לעצטער צײַט, איז בא איר געווענ מיך צו פּײַניקנ אונ צו טאָנ מיר אינ דער גאל ארײַנ. פונדעסטוועגנ האָט עס מיך נישט אָפּגעשראָקנ, אונ האָב מיר פירגענומענ ארומ דער זאך צו ארבעטנ מיט גוטנ אָדער מיט בייזנ, עפּשער וועט גאָט ראכמאָנעס האָבנ. דערווײַל האָב איך די זאך געהאלטנ בא מיר בעסאָד, קיינער זאָל דערפונ נישט וויסנ.

זינט דער מײַסע מיט דעמ אלטיטשקנ האָב איך פּאר גרויס פּארדראָס מיט קיינעמ פונ דער כאליאסטרע מער נישט געוואָלט אינ די הײַזער ארומגיינ. דאָס האָט מיך גענוג צאָרעס געקאָסט, נאָר איך האָב מיך אײַנגעשפּארט: מײַנ טויט זאָל דאָ זײַנ, וויל איך מער קיינ בער נישט זײַנ בא די דאָזיקע ציגײַנער. דעמ מאמזער מיט זײַנ פּעקל לײַט זײַנענ דערמיט שטארק נישט צופרידנ געווענ אונ האָבנ מיר מיט די הענט געוויזנ, ווער עלטער איז. שלאָגנדיק מיך אײַנמאָל, רופנ זײ זיך אָנ: פּארוואָס זשע זאָלנ מיר דיך אומזיסט פירנ, שיינע סכוירע, אז דו ווילסט נישט ארבעטנ, ווילסט נישט פּארדינענ? גיי דיר אוועק צו אלדי שווארצע יאָר! — אפילע די רעגע, — ענטפער איך זײ. — גיט מיר אָפּ מײַנ ווײַב, מײַנ ווײַב! — זײ האָבנ זיך אָנגעקוקט איינער דעמ אנדערנ אונ ארויסגעלאָזט א גרויס געלעכטער. עס פארשטייט זיך, אז דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט גיט מיר אָפּ מײַנ ווײַב, איז נאָר געווענ א אויסרייד. אינ הארצנ האָב איך גאָר געמיינט: האלט זיך מיט איר, מיט אײַער שטיק סכוירע, אונ לאָז זי נעמענ בא מיר געט. עמעס טאקע, פונ די קלעפּ, וועלכע איך האָב געכאפּט פּאר מײַנ אקשאָנעס, האָט מיר גוט ווײ געטאָנ, נאָר דערבײַ האָט מיר האנאָע געטאָנ, טראכטנדיק בא זיך: נישקאָשע! דאָס וועט מיר ניצנ צומ אײסעק. אז זײ וועלנ זענ, איך בינ אײַנגעשפּארט אונ טויג זײ מער נישט, וועלנ זײ גערנ זײַנ, מײַנער פּאָטער צו ווערנ, אונ דאָס וועט מיר דערנאָך העלפנ צומ געט.

## 21

— באסיע! — גיב איך א זאָג צו מײַנ ווײַב, צושארנדיק זיך צו איר מיט גוטנ אײַנמאָל, אז מיר זײַנענ געווענ אליינ, אונ געוואָלט אינ א שמועס מיט איר א טאפּ טאָנ וועגנ געט. — וואָס האָסטו, באסיע, צו מיר?

— ווער די קאפּאָרע, פּישקע! — באקומ איך פונ איר א קורצע טשוווע.

— אָט האָסטו דיר! — מאַך איך ווי אָנגעברויגעזט זיך. — איך מיט איר אַלץ אדעראבע־וועאדעראבע, און זי אַלץ קידער־ווידער: ווער די קאַפּאָרע, פּישקע! פּאַר וואָס!

— באַקום זשע די ניכפּע! — זאָגט זי מיט אַ קרום פּאָנעם, אַוועק־רוקנדיק זיך פֿון מיר.

— זאָלסט מיר געזונט זײַן, באַסיע! — רוף איך מיך אָנעט מיט גוטן, — וואָרפֿ, כ׳לעבן, אַוועק דײַנע נאַרישקײַטן, און לאָמיר לעבן ווי גאָט האָט געבאָטן...

— ווער די קאַפּאָרע, פּישקעניו; מיט דער הולטײַקע דײַנער אײנײנעם!

א־א, ווער די קאַפּאָרע דו בעסער מיט דעם מאַמזער דײַנעם! — טראַכט איך בײַ מיר — און אַרויס מיט דער שפּראַכע גאַנץ ריין: הער אויס, באַסיע! ווי זאָגט מען עפּעס, אַ באַס־ייִסראָעל גייט מען נישט. ווילסט נישט קיין לעבן, איז דאָך דאָ דערויף בײַ ייִדן עפּעס אַ געט. רויט אָדער טויט!

— אהא, די הולטײַקע גלוסט זיך אים! זיכער פּאַטערן דאָס ווײַב און האָצעניו מיט דער דראַבקע! אַ, נישט דערלעבן זאָלט איר עס! גיכער וועט איר בײדע מיטן קאָפּ אָנלייגן. נישקאָשע, עס וועט איר נישט געשענקט ווערן, דער כצופּע דײַנער. קײַען וועט זי פֿון מיר די ערד, הערסטו, פּיש־קעלע? אין טאַטנס טאַטנס טאַטנס...

מײַן ווײַב האָט זיך צעשריגן אַזוי, אַז איך האָב געכאַפּט די פֿיס אין די פּלייצעס און אַוועק.

מיט מיר איז געשטאַנען שמאָל. שלעכט אַרום און אַרום. איך אַליין האָב קיין האָניק נישט געלעקט, בין פֿאַרשוואַרצט געוואָרן, און די האָרבאַטע, נעבעך, האָט אויך געהאַט איר ערלעך אויסקומעניש. זי האָט געגאָסן אין מײַן זכוס. מײַן ווײַב האָט זיך פֿאַרהאַלטן צו איר, ווי אַ באַלעבאָסטע, געהאַט איבער איר צו שאַפֿן. נאָר עפּעס נישט נאָך איר ווונטש, האָט זי מיט איר זיך גוט אָפּגערעכנט, און דער מאַמזער פֿון זײַן זײַט האָט איר געמאַכט אַ פֿינצטערן פּסאַק באַזונדער. אַז אָך און ווײ איז אונדז בײדע געוועזן. אונדזער גאַנצע טרייסט איז געוועזן, וואָס שפּעט באַנאַכט, ווען אַלע האָבן געשלאָפֿן, פֿלעגן מיר זיך אַרויסגאַנווענען אין דרויסן, צו שמועסן כאָטש אַ ביסל און אײנער דעם אַנדערן אויסצוגיסן דאָס שווערע ביטערע האַרץ.

אײנמאָל זיצן מיר זיך אַזוי בײדע באַנאַכט נעבן דער גרויסער שול. דער הימל איז אויסגעשטערנט, און אַרום אונדז איז שטיל. נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש. זי זיצט נעבן מיר אויף אַ שטיין, אײַנגעניורעט, אײַנ־

געהויקערט, טרערן גיסן איר זיך פֿון די אויגן, און ברומבלט פֿאַר זיך שטאַרק אומעטיק איר באַקאַנט לידל:

...דער טאַטע האָט מיך געקוילעט,
די מאַמע האָט מיך געגעסן...

איטלעכס וואָרט אירס שניידט מיר דאָס האַרץ ווי מיט אַ מעסער. איך טרייסט זי, נעם זי איין מיט גוטע רייד. אָט נאָך אַ ביסל וועלן מיר, אימירצעשעם, אויפֿגעריכט ווערן. איך מאַך איר אַ גאַנצן צעטל פֿון אונדזער לעבן שפּעטער, אַז מיר וועלן מיט דעם אייבערשטנס הילף ביידע פֿון צאָרעס אויסגעלייזט ווערן. איך שטעל איר אַנידער פֿאַר די אויגן אַלצדינג לעבעדיק, מאָל איר אויס די גלופּסקער געמויערטע באָד מיט איטלעכס פּיצעלע דאָרט. ווי איך וועל מיך אַהין ווײַטער אַרײַנדרייען, און אַז גאָט וועט דערהויבן דאָס מזל, קען איך מיט דער צײַט באַקומען דאָרט אַ שטעלע פֿון אַ היטער. זי אַליין קען עפּשער אויך מיט דער צײַט האָבן דאָרט אַ טועכץ: זײַן אַ טוקערן אָדער עפּעס אַנדערש אַזוינס. און ווען נישט, קען מען אין גלופּסק אויסזוכן אַנדערע מינע פּאַרנאָסעס. פֿאַר אָרעמעלײַט איז גלופּסק ערעץ־ייִסראָעל, זי איז, אָן אײַנהאָרע, גרויס, הײַזער זײַנען דאָ ווי מיסט. די מענטשן זײַנען אָן כאָכמעס, ווייסן ניט פֿון קיין צערעמאָניעס, איטלעכער טוט זיך, וואָס ער וויל, און ס'איז רעכט. דאָרט קענען, אַשטייגער, גאַנץ שיינע באַלעבאַטים זיך גיין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, פֿאַרדריפּעט ביז דעם האַלדז — און גאָרנישט; אָדער אינמיטן העלן טאָג זיך שפּאַצירן אויף דער גאַס אין עפּעס אַ פֿאַרשמאָלצעוועט כאַלאַט, צעכראַסטעט — און גאָרנישט. אָדער פֿאַרקערט, אָרעמעלײַט קענען גאָר אַמאָל אַרויסגיין אָנגעטאָן אין זײַד, אין סאַמעט — און אויך גאָרנישט. דאָרט איז שווער אונטערצושיידן צווישן קאַפּצאָנים און נעגידים, נישט אין דער האַלבאָשע, נישט אין דעם גאַנצן פֿירונג. זייער אָפּט מאַכט זיך, אַז גאַבאָיִם אין אַלערליי כעווראַס דאָרט זײַנען אַליין פֿאַר זיך גאָר קאַפּצאָנים, ציִען זיך דערפֿון דאָס שטיקל פּאַרנאָסע איינעם מיט די רײַכע, איינער העלפֿט דעם אַנדערן, און ס'איז זיך אַ גוט לעבן. אָרעם איז נישט קיין שאַנד. מען באַדאַרף נאָר האָבן מאַזל, ווערט מען אויפֿגעריכט באַלד. וויפֿל זײַנען דאָ אַזוינע, וואָס ערשט נישט לאַנג זײַנען זיי געווען קליין, נידעריק, מעשאָרסים, קאַפּצאָנים, נעבעך, און פּלוצלים געוואָרן לײַט, גאַנצע פֿירער, קאָל־וועלאָך אין דער שטאָט! מעגלעך גאָר, אַז איך אַליין, ווי דו קוקסט מיך אָן, קען מיט דער צײַט אויך ווערן אַ טוער, אַ מאַכער, און עס וועט, אימירצעשעם, זײַן גוט. מיר וועלן לעבן אין אוישער און קאָוועד און נאַכעס. לאַך נישט, נעשאָמע מײַנע, איך בין גאָר ניט צו ווײַט פֿאַרקראָכן. אין גלופּסק איז

אזעלכס גאָר פון די געוויינטלעכע זאכן. מען באדארף נאָר גלייבן אין גאָט, בא זיך נישט זײַן אראָפּגעפאלן און זײַן א ייִד... מיט ביטאָכן. אך, גלופּסק, גלופּסק! ווי דערלעבט מען שוין זיך אויסרײַסן פון דעם מיִעסן פּעקל און גיכער, מאמע, צו דיר!

— אך, פּישקע! איך האָב שוין קיין קויעך נישט מער אויסהאלטן, — זאָגט די האָרבאטע מיט א זיפץ טיף פונעם הארצן, אָנשפּארנדיק זיך מיטן קאָפּ מיר אפן אקסל, און אף דעם פּאָנעם איז איר געלעגן עפּעס ווי א געבעט. איך גלעט זי, טרייסט זי און שטארק זי מיט גוטע האָפענונגען. זי ווערט א ביסל פריילעכער, קוקט מיר גלײַך אין די אויגן ארײַן און לאכט. — פּישקע! — זאָגט זי שטיל. — דו ביסט מײַן איינציקער אף דער גאנצער וועלט. ביסט מײַן טאטע, מײַן ברודער, מײַן פרײַנט, מײַן אלצדינג. זע, פּישקע, זײַ מיר געטרײַ און פארגעס מיך נישט. שווער מיר דאָ בא דער שול, ווו עס דאווענען אצינד די מייסים און צווישן וועלכע עס געפינט זיך עפּשער אויך מײַן טאטע, וועלכן איך האָב ווייניק געקענט, און איז אן איידעס. שווער מיר, אז טאָמיד וועסטו מיר בלײַבן געטרײַ...

איך האָב מיך א נעם געטאָן שטארק קנעלן מיט מײַן ווײַב וועגן געט. געארבעט, גערעדט אהין־אהער, ביז צווישן אונדז איז אָפּגעמאכט געוואָרן אזוי: דאָס ביסל געלט, וועלכעס בא מיר האָט זיך אָנגעזאמלט אין דער גאנצער צײַט, וואָס איך האָב געארבעט פאר מיר אליין, האָב איך באדארפט איר אין האנט אָפּגעבן טאקע באלד, נישט אײַנצולייגן עס פריִער, ווי דער שטייגער איז. און כוץ דעם האָב איך נאָך זיך מיסכײַעוו געווען, דעם גאנצן ווינטער, וועלכן מיר וועלן דערלעבן, מיך צו לאָזן, גאָר אָן שום טײַנעס, כעוורע זאָל מיט מיר מאכן די שפּיל, דאָס הייסט מיך לאָזן פירן אין די הײַזער און די נעדאָווועס, וועלכע מען וועט מיט מיר מאכן, געהערן צו מײַן ווײַב פאר איר קסובע. דער מאמזער האָט מיט א שמייכעלע מיר געבראָכן די ביינער — והכל שריר וקים[1], און געזאָגט מאזלטאָוו. איך בין ווידער געוואָרן א בער, א גוט שטיקל סכוירע. דער אלטיטשקער איז ווײַטער טאקע מיט מיר אין די הײַזער ארומגעגאנגען, און איך האָב אלץ געמוזט הינקען גוט, זיפצן, קרימען זיך, מאכן אָנשטעלן, ווי ער האָט מיר געהייסן.

נאָך פּייסעך זײַנען מיר געקומען ערגעץ אין א שטעטל, אין כערסאָנער גובערניע, ווו איך האָב די ערשטע צײַט געארבעט לויט מײַן היסכײַעוועס. נאָר דערנאָך האָב איך געזאָגט: גענוג! לאָז שוין זײַן דאָ טאקע אן עק. מײַן ווײַב האָט טכילעס זיך געקווענקלט, געבעטן א פּאָר טעג זיך מעיאשעוו

1 וועהאקויל שאָריר וועקאיאָם.

צו זײַנ. צום סאָפ האָט זי געענטפערט: גוט, מאָרגנ נעמט זי געט. ס'איז מיר ליכטיק געוואָרנ אינ די אויגנ, אזוי שטארק האָב איך מיך דערפרייט. פאר סימכע האָב איך נישט געקענט אײַנזיצנ אפ א אָרט. עס האָט מיך עפּעס געצויגנ אינ דרויסנ. איך האָב א היפשע צײַט מיר ארומגעשפּאצירט אינ די גאסנ, אונ אינ איינ וועג טאקע מיט כיישעק געגאנגענ אויך אינ די הײַזער, טראכטנדיק בא זיך: וואָס קענ עס שאטנ? אפ דער הייסער שאָ, באם אראָפּגיינ פונ קעסט, וועט מענ באדארפנ האָבנ עטלעכע גראָשנ. דער אייסעק מײַנער איז געגאנגענ גוט. אזא „אינ די הײַזער ארומגיינ", ווי דענסטמאָל, געדענק איך נישט שוינ פונ א צײַט. עס טרעפט זיך אזוינס איינ מאָל אינ הונדערט יאָר. אז גאָט וויל העלפנ א מענטשנ, העלפט ער אים מיט אלעמענ. אינ וועלכער שטוב איך בינ ארײַנ, בינ איך ליידיק פונ דאָרט נישט ארויס. דאָס מאזל האָט מיר דענסטמאָל געשפּילט, אונ האָב באדארפט גראָד טרעפנ אינ א שטוב, וואָס דאָרט איז געווענ א בריס. דער אוילעמ איז געווענ שטארק פארלעקט, לעבעדיק, פריילעכ. מענ האָט מיר געגעבנ א גוטנ טרונק בראַנפנ, א גאנצ קידעש-גלעזל, אויך א גרויסנ שטיק לעקעכ, א מאלכעס-ברויטל אונ דערצו נאָך עפּעס געלט מיט א רויזנ-בולקעלע. איך האָב מיך אײַנגעהאלטנ, נישט צו פארזוכנ אפילע קיינ ברעקל, אונ באהאלטנ די אלע גוטע זאכנ ווײַט אינ דעם בוזעמ, צו ברענגענ עס א מאטאָנע מײַנ האָרבאטע מיידל. מענ האָט באדארפט זענ, מיט וואָס פאר א פרייד איך בינ עס געגאנגענ דעמ גאנצנ וועג. אלצ געטראכט בא מיר: הײַנט באנאכט, אז דער אוילעמ וועט שלאָפנ, וועל איך איר דאָס געבנ, לאָז זי, נעבעכ, אויך האנאָע האָבנ. זי איז, נעבעכ, פארוויסט, פארוואָגלט, האָט א הארצ פול מיט מאקעס. זי האָט, נעבעכ, נישט געהאט אינ איר לעבנ קיינ זיסע מינוט. נא, לאָז זי וויסנ, אז פישקע איז א גוטער-ברודער, ער זאָרגט זיך פאר איר אונ היט זי אָפּעט ווי דאָס שווארצאפּעלע אינ אויג. ער וועט באָדײַ אליינ נישט עסנ, אונ איר דאָס לעצטע, דעמ בעסטנ ביסנ אוועקגעבנ. עס האָט מיר זיך געדאכט, ווי מיר ביידע זיצנ נעבנ דער גרוי'סער שול אונ האָבנ שטארק האנאָע. זי עסט, קוויקט זיך מיט דעמ לעקעכ, אונ איך איר: נעשאָמע מײַנע, לאָז דיר וויל באקומענ! טראכטנדיק דערבײַ בא זיך: א גוטער סימענ! האלעווײַ אינגיכנ לאָמיר עסנ לעקעכ בא אונדז... איך זאָג איר אָנעט די בסורע: מאָרגנ ווער איך אויסגעלייזט, מײַנ ווײַב נעמט געט, אונ זי שײַנט, קוועלט גאָר אָנ. מיר קלערנ, וויאזוי שטילערהייט ארויסצוכאפּנ זיך פונ דער כאליאסטרע אונ מאכנ א פלייטע. בא אונדז ווערט פארטיק וועגנ דעמ א גאנצער פלאנ, אונ ס'איז דאָ א האָפּענונג, אז עס וועט, אימירצעשעמ, זײַנ גוט... אָט מיט אזעלכע געדאנ־קענ בינ איך מיר געגאנגענ דעמ גאנצנ וועג אונ מיר פאָרגעשטעלט גליקנ.

אפנ וועג האָב איכ נאָכ באגעגנט א וואסערטרעגער מיט פולע עמער, דאָס איז דאָכ געוויס א גוטער סימענ. נאָר וואָס אָבער לאָזט זיכ אויס?

עס לאָזט זיכ אויס, ווי איז מיר, — א טײַכ. איז א מענטשנ באשערט אומגליק, העלפנ אים נישט קײנ גוטע סימאָנים אויכ, צענ גאָיעס אפילע זאָלנ אים מיט פולנ איבערגײנ דעם וועג. אז איכ בינ פארנאכט געקומענ צוריק אינ העקדעש, האָב איכ שוינ דאָרט נישט געטראָפנ די כאליאסטרע!.. אינ דער צײַט, וואָס איכ האָב מיר לוסטיק ארומגעשפאצירט אינ דער שטאָט, זײַנענ די שײנע-לײַט דערווײַל אוועקגעפאָרנ, אונ מײַנ ווײַב, אויכ מײַנ האָרבאטע, נעבעכ, מיט זײ... דאָס איז שוינ געווענ דעם מאמזערס מעלאָכע, זײַנס א שפיצל. — זאָל ער אזוי וויסנ פונ זײַנ לעבנ צו זאָגנ, ווי איכ האָב דענסטמאָל געוווסט, אפ וואָס פאר א וועלט איכ בינ. זאָל אים, רי־בוינעשעלוילעם, אזוי דרײענ אינוויינגיק אינ בויכ, ווי מיר האָט זיכ געדרײט דער קאָפ. כווישעכ אונ פינצטער איז מיר געוואָרנ אינ די אויגנ. פינצטער איז מײַנ וועלט. דאָס אײנציקע שטערנדל, וואָס האָט מיר געשײַנט, איז פלוצלימ פארשוווּנדנ געוואָרנ. נישטאָ, ווי איז מיר, נישטאָ מײַנ טרײסט! נישטאָ מײַנ האָרבאטע, נעבעכ!... איכ בינ ווײַטער עלנט ווי א שטײנ, אײנער אלײנ אינ דער גאנצער וועלט. אונ זי? ווו איז זי, וואָס טוט, נעבעכ, זי, זי?.. פאר וועמענ וועט זי קענענ כאָטש אמאָל אויסווײנענ, אויסגיסנ איר שווער ביטער הארצ. אוי, יידנ! א ווײטעק. ס'איז מיר א ווײטעק טאקע אינצווײענ.

ארויסנעמענדיק שפעטער פונעמ בוזעמ דאָס שטיקל לעקעכ, וואָס איכ האָב איר עס אָנגעגרײט, איז מיר געוואָרנ א לאָכ אינ הארצ. איכ האָב עס געהאלטנ שטײַפ, אָפגעגאָסנ עס מיט טרערנ, ווי עפעס א זאכ, א זײכער, וואָס בלײַבט איבער נאָכנ טויט פונ א געליבט קינד, פונ א אײנציק קינד. נישט באשערט דיר צו פארזוכנ עס, צו דערקוויקנ זיכ אײנ מאָל אינ דײַנ לעבנ, אומגליקלעכע, בידנע נעשאָמע מײַנע!.. איכ קוק, קוק אפנ שטיקל לעקעכ, קוש עס, וויקל עס דערנאָכ אײַנ ווי אנ עווג־טאָוו אונ באהאלט עס ווידער אינ בוזעמ, טאפנדיק עס אָפט אונ צוקוועטשנדיק עס צומ הארצנ... ווײס איכ, וואָס מיר איז געשענ...

## 22

פישקע האָט בא זײַנע לעצטע ווערטער ארופגעלײגט בײדע הענט אפנ פאָנעמ, זיכ אוועקגעקערט אינ דער זײַט אונ געכליפעט. מיר האָבנ געפילט זײַנ הארצ אונ אימ געלאָזט צורו. אפ אונדז אלײנ איז אויכ אָנגעפאלנ א מאָרעשכוירע, מיר זײַנענ געבליבנ זיצנ שטיל, איטלעכער פארטיפט אינ

זײַנע געדאנקען. אלטער מײַנער האָט זיך אלץ געקראצט אין דער פּייע, געפירט די האנט איבערן פּאָנעם, אָנהייבנדיק פונעם שטערן און אויסלאָזנ־דיק מיט דער באָרד, וועלכע ער האָט ארומגעכאפּט מיט אלע פינף פינגער און געמאכט דערבײַ: עט, עט!.. מען האָט געזען, ער איז צעטראָגן, מיט אים איז עפּעס נישט גלאט. איך אליין בין עפּעס געווען אויך צעדרייט, פישקעס געשיכטע האָט מיך געקאָטערט. נאָך גאנץ לאנג האָב איך פיל מאָל בא מיר געטראכט: רײבוינעשעלוילעם! וואָס איז דאָס אזוינס זײַן פאר־ליאפּעט? עפּעס האָב איך געהערט, עס טרעפט זיך אמאָל אזעלכס, נאָר וואָס דאָס איז, האָט מײַן מויעך נישט גענומען. בא אונדז פלעגט מען אפּ אזעלכע זאכן געווײנטלעך זאָגן: ס'איז א אָפּגעטאָענע זאך, א קישעף. עפּעס אזא מין פלעשעלע איז דאָ דערצו, עפּעס א מין קרײַטעכץ פון א אלטער גאָיע, א מאכעשייפעטע. און דאָס, וואָס אלטע מאכעשייפעטעס זײַנען פּארטיק אָפּצוטאָן אזעלכע שפּיצלעך, אויך אראָפּצוברענגען רײַטנדיק אפּ א בעזעם דעם מאן, וואָס האָט אוועקגעוואָרפן דאָס ווײַב, זי געמאכט פאר א אגונע, — דאָס איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג! דערוף זײַנען דאָך דאָ א סאך איידעס, קאָשערע יידן מיט בערד... פארליאפּעט זײַן האָט בא אונדז געהייסן — עפּעס אזא מין שלאפקײַט, ווי קאדאָכעס, אשטייגער, א דיבעק, א מאנקאָליע, די ניכפּע, די שלעכטע זאך, וואָס דערצו איז טאקע נאָר א באלשעם אָדער, לעהאוודל, דער טאָטער. בא א שמועס דערפון פלעגט מען זיבן מאָל אויסשפּײַען, אָנעמענדיק זיך בא די ברעמען, און מאכן דערבײַ מיט א פארקרימט פרום פּענעמל: נישט דאָ געדאכט, נישט פאר קיין יידישע קינדער געדאכט!.. אויך איז א מיצווע געווען צו לאכן אויס יענע פאר־ליאפּעטע, ווי דער שטייגער איז צו לאכן אויס א מעשוגענעם. אזא שלאפ־קײַט אָבער, געדענק איך, ווען עס האָט זיך געמאכט, האָט זיך עס געמאכט סײַדן נאָר בא די גרויסע נעגידים אָדער בא די גרויסע קאפּצאָנים. אין באלעבאטישן גראד אקעגן האָט מען נישט געוווּסט אפילע מיט וואָס מען עסט עס. דאָס איז דאָך, האָב איך אָפּט בא מיר געטראכט, א וווּנדער, פארוואָס איז דאָס אזוי? און וואָס איז דאָס אזוינס? עס מוז דאָך האָבן א טאם. פון דער אלטער גאָיע — איז נארישקײַטן, ווי דאָס פלעשעלע — דער טאם. איך בין קיינמאָל דערמיט נישט צופרידן געווען, האגאם יידן האָבן עס געהאלטן פון מיר פאר א שטיקל אפּיקאָרסעס: — סטײַטש, ווי גלייבט מען עס נישט אין קישעף, אין דעם טאָטער, אין שיידים! איך האָב געזוכט בא מיר, געזוכט א טאם, און, דאכט זיך, געפונען. גרויסע נעגידים איז אפּ דער וועלט צו גוט, האָבן אלצדינג, עסן, טרינקען דאָס טײַערסטע, דאָס בעסטע אָן זאָרג, אָן קאָפּדרייעניש, עס גייט זיי אָפּ נאָר קאדאָכעס — דעריבער ליגט זיי אין זינען צו מאכן קונצעניר־

מוצעניו. ערנסט, אָדער גלאַט אַזוי א שפּילכל? — דאָס איז שוין זייער סאַד.
ווידער זשע די גרויסע קאַפּצאָנים, פון דער אַנדערער זײַט, זיי איז אויך,
אַפ זייער שטייגער, גוט. האָבן גאָרנישט, קאַדאָכעס וואָס אײַנצושטעלן, עסן
קעסט בא דער וועלט אָן קאָפּדאַרעניש און קומען אַפן גרייטן. בושע אין
דער זײַט! דעריבער גלוסט זיך זיי אויך אַזעלכע מײַסעס. שטענדיקע איי-
סאָקים פון דרייען זיך און מינע כאַסענעס איז געוויינטלעך נאָר אין דעם
הויכן און אין דעם נידעריקן שטאַנד. דער איבעריקער אוילעם אונדזערער,
פונעם מיטעלן סאָרט מענטשן, איז טאָמיד פאַרטראָגן אין דייזשע באָרשטש,
אים דאַרט דער קאָפּ פאַר דעם שטיקל ברויט, זוכט פּאַרנאָסע. בא אים איז
רײַשיס־כאָכמע — געשעפט. אַלצדינג — געשעפט, כאַסענע האָבן איז אויך א
געשעפט. ער האַנדלט אײַן א ווײַב, דינגט זיך פריִער גוט אויס וועגן
דעם מעקעך, וועגן נאַדן, וועגן איטלעכס פּיצעלע באַזונדער, אַלצדינג פּינקט-
לעך אויסגערעכנט. אַפילע א שטרײַמל און די שאַבעסדיקע קאַפּאָטע מוז
אויך שטיין בעפּיירעש אין די טנאָיִם. זײַנען די טנאָיִם דערפילט געוואָרן,
קעפּי דעם מעדובער, קום זשע, קאַלע־לעב, אונטער דער כופּע מיט דעם
שאַדכן, מיט דעם באַדכן, מיט דעם גאַנצן פּעקל קלייקוידעש, וואָס לעקן
פונעם געשעפט אָפּ א ביינדל. זײַ א ווײַב, האָב קינדער, רײַס קריִע און
ווער פאַרשוואַרצט מיט מיר אײַנײַנעם ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, —
אויב דיר גלוסט זיך לעבן, נישט שטאַרבן פאַר דער צײַט. אויב דו ביסט
שיין אָדער מיִעס, קלוג אָדער א נאַר, — דאָס איז שוין דײַן אייסעק. פון-
מײַנטוועגן איז אַלציינס, א פלוינעסטע איז א פלוינעסטע, מיר זײַנען
נישט קיין פּריצים, האָבן ניט קיין צײַט צוקוקן זיך צו אַזעלכע זאַכן. יִידן
זײַנען מיר, סאָכרים, מעקלער, קרעמער, טאָרעד אין דער פּאַרנאָסע! — זייער
פיל זײַנען דאָ פון מײַן גראַד יִידן, וואָס ריידן קימאַט נישט, עסן נישט
בא איין טיש מיט די ווײַבער, קוקן זיי ווייניק אָן. און ס'איז גאַנץ רעכט.
ביידע צדאָדים זײַנען צופרידן און ווינטשעווען, ווען עס קומט אויס אַמאָל,
האַלעוואַי אַזא לעבן אַפ אַלע גוטע לײַט און אַפ זייערע קינדער געזאָגט
געוואָרן! שטאַרבט בא איינעם דאָס ווײַב, באַגראָבט ער זי, זיצט נאָך איר שיווע
גאַנץ יִידישלעך — און האַנדלט באַלד טאַקע אײַן א צווייטע, פריִער נאָך,
אַמאָל, פאַר שלוישים, און אַפ אַזא שטייגער אויך די דריטע, פערטע, די
פינפטע... ביז דער אַלטער יִידענע, וועלכע ער נעמט צום לעצט אין די
אַלטע געשענקטע יאָרן, אונטער דעם אויסרייד געוויינטלעך, מיט איר אין
ערעץ־יִיסראָעל אַרײַן צו פאָרן. הייסן חייסט עס בא יִידן די גאַנצע כאַסע-
נע — מעקײַעם זײַן א מיצווע, ווי גאָט האָט געבאָטן... ווי, אַשטייגער, דעם
יִידנס עסן שאַבעס — איז נישט גלאַט גראָב פרעסן וועגן דער אכילע, ווײַל
א זינדיקער מענטש באַדאַרף עסן, נאָר וואָס דען? עס הייסט מעקײַעם

זײַנ שאָלויש־סודעס. דעסגלײַכנ אויכ דאָס גלעזעלע ווײַנ פּײסעכ באמ סײדער, טרינקט עס דענ א ייִד גלאט מעשונע גראָב, ווײַל א ביסל ווײַנ איז מעכײַע אונ נאָכ די קנײדלעכ טאקע גאָר א דערקוויקעניש? כאָלילע! ער מאכט דערבײַ מיט א פֿארפֿרומט פּענעמל: הריני מוכן ומזומן[1] — איכ בינ מיר גרײט, איכ בינ מיר ברײט מעקײַעמ זײַנ די מיצווע קויסעס: דעמ ערשטנ, צווײטנ, דריטנ, פֿערטנ קאָס... אונדזער אײנער עסט, טרינקט, האָט כאסענע אלצ מיט א לשמ־יחוד[2], צוליב קודשאָ־בריכ־הו אונ דער שכינע. — נאָר דאָס אלצדינג איז אָבער נישט געזאָגט געוואָרנ אפֿ פֿישקען. אינ זײַנ שלעכטער לאגע, אינ וועלכער ער האָט זיכ געפֿונענ, איז דאָס האָרבאטע מײדל פֿאר אימ געווענ א גליק, זײַנ טרײסט, זײַנ לעבנ, זײַנ אלצ־מיט־אנאנדער. אז מענ טרענקט זיכ, כאפּט מענ זיכ אָנ פֿאר א שטרוי. הײַנט וואָס זשע איז פֿאר א וווּנדער, אז פֿישקע האָט זיכ אָנגעכאפּט אינ דער האָרבאטער מיט זײַנ גאנצ לײַב־אונ־לעבנ אונ איז צו איר צוגעזאָטנ געוואָרנ? אז עס רירט אָנ בא דער נעשאָמע, דענסטמאָל שרײַט דאָס הארצ, רעדט אײנע ווערטער בא אלע מענטשנ גלײַכ. דאָס לאָשנ פֿונעמ הארצ איז אײנ לאָשנ פֿאר גרויס אונ קלײנ, פֿאר דעמ געלערנטנ אונ פֿאר דעמ גראָבנ מענטשנ. וואָס זשע איז פֿאר א וווּנדער, אז פֿישקעס הארצ האָט זיכ דאָ אויסגעגאָסנ אינ אזעלכע הײסע געפֿילנ, רײנע מענטשלעכע ווערטער? דעריבער טאקע האָבנ זײַנע ווערטער גערירט, מיכ צענומענ ווי א פֿידעלע, וואָס רעדט, שפּילט אומעטיקע שטײגער. אלע באלדארשנס אונ מוסער־ספֿאָרימ אינײנעמ האָבנ קײנמאָל מיכ אזוי נישט גערירט, געמאכט ווײכ, גוט אונ פֿרומ, ווי א קרעכצ פֿונ א צע־בראָכנ הארצ, ווי דעמ קלעזמערס א שפּיל אפֿנ פֿידעלע.

מײלע, גאנצ רעכט. איכ בינ שטארק גערירט פֿונ פֿישקעס דערצײלונג, בינ איכ מיר דעריבער פֿארכראכט, אָבער דו, פֿערדל מײַנס, פֿארוואָס ביסטו פֿארטראכט? א גאנג א ביסל, מישטײנסגעזאָגט, קוימ וואָס ער רירט זיכ. עס זאָל אימ דאָס אָנהײבנ ארנ, וואָס אָט באלד איז טישעבאָוו אונ מענ באדארפֿ זיכ אײַלנ מיט קינעס אינ א סאכ שטעטלעכ. ער גײט גאָר נישט מיט דעמ גלײַכנ וועג, פֿארקריכט אינ דער זײַט נעבנ דער טוויע, שטעלט זיכ צווײַלנ אָפּ אונ שטשיפּעט גראָז. די שײנע שקאפּע איז ניט בעסער פֿונ אימ, טוט אימ נאָכ אונ כאפּט אויכ א קײַ. דאָס אײגענע טאקע וואָס אינ כײדער, אז דער רעבע פֿארקוקט זיכ אמאָל אינ דער זײַט, פֿארוויגט דאָס קינד אָדער אמפּערט זיכ מיט דער רעבעצנ, — פֿארקוקנ זיכ אויכ די טאל־מידימ אונ פֿאלשעווענ אינ דעמ לערנענ. איכ טו די רעפּוע, וואָס דער

1 האריײני מוכאָנ אומזומאָנ.

2 לעשעמ יִכוד.

מעלאמעד, נעם די בײַטש און טו א װײַז דעם שלימאזל מײַנעם, זאָגנדיק אים דערבײַ מוסער. ער שטעלט אוף די אויערן, שטרעקט אויס דעם האלדז, שטעקט ארויס א שפּיץ צינגל, דריגעט מיט א הינטערשטן פוס און שמײַסט קעגן מיר מיט דעם װײדל. — אײַ, דו ביסט אן אזעספּאָנעם! — רוף איך מיך אָן און בין אים שוין טאקע גוט מעכאבעד מיט דער בײַטש. ער האָט אפילע נישט געװאָלט לײַדן, מאכט א פערדישן קוימעמיִעס, א הייב מיט דעם הינטן און געהאט בעדייע אויסצושטרעקן זיך אף דער ערד. נאָר ער האָט זיך באלד מעיאשעװ געװען, א צי געטאָן מיט אימפּעט דעם װאָגן און אָנגעהויבן זיך װײַטער צו שלעפּן.

מיר אלע זײַנען דערװײַל צו זיך געקומען. אלטער האָט אונטערגעטריבן אף זײַן שטייגער, פישקע הייבט אָן אף זײַן שטייגער, איך נאָך אים טאקע ארבעט, פארטײַטש אף מײַן שטייגער — און די מײַסע דערציילט זיך װײַטער אזוי:

— איך װעל אײַך דאָ נישט קיין יאם ברײַען. איינער אליין האָב איך מיך דערנאָכ אף אדעסער טראקט געלאָזט, געטראכט, טאָמער װעל איך מײַנע לײַט דאָ באגעגענען אָדער הערן עפּעס װעגן זיי. נאָר אומזיסט די מי, זיי זײַנען װי אין װאסער ארײַן. דאָס לעבן איז מיר נימעס געװאָרן פון שטענדיקן ארומשלעפּן זיך. איך האָב געכאלעשט אויסצורוען זיך א ביסל, זיצן אף איין אָרט, װי איך בין געװוינט געװען פריִער. גאָט האָט געהאָלפן, איך האָב מיך לעסאָף פארשלעפּט קיין אדעס.

די ערשטע פּאָר טעג איז אדעס פאר מיר געװען א טויט. איך האָב מיך דאָרט ארומגעדרייט עלנט, פרעמד, אליין נישט צו װיסן, װוּ מיך אהינצוטאָן. אלצדינג איז פאר מיר געװען נײַ, עפּעס װילד מעשונע. קיין העקדעש, װי אין אנדערע יידישע שטעט, האָב איך דאָרט נישט געפונען, הײַזער אף ארומצוגיין — אויך נישטאָ. בא אונדז אין די יידישע שטעט זײַנען דאָ הײַזער, טאקע װאָס הײַזער הייסן, נידעריקע, אָן כאָכמעס, אָן קונצן, מיט די טירן צו דער גאס. איין קליינע שטופּעלע די טיר, קומסטו גלײַך אין שטוב ארײַן, ברויכסט נישט מאכן קיין גרויסע צערעמאָניעס: אָט איז דאָס גאנצע באלעבאטישקײַט, אלצדינג װאָס נייטיק איז צו עסן, צום שלאָפן. באדארפסט א ביסל װאסער, האָסטו עס, באדארפסט די פּאָמעניצע, איז זי דאָ, װאש די הענט און זאָג דיר אשער־יאָצאר, װיפל דײַן הארצ גלוסט. אָט איז דער באלעבאָס, די באלעבאָסטע, דאָס הויזגעזינד, זאָג: גאָט העלפ! שטרעק אויס די האנט, באקומסטו דיר דײַן נעדאָװע, א קוש די מעזוזע, און גיי דיר געזונטערהייט װײַטער. — הײַנט איז טאקע גאָר פון דרויסן גרינג צו דערקענען א יידנס הויז. דאָס בערגעלע מיסט, דאָס רינשטאָקל, די פענצטער, די װענט, דער דאך שרײַען: דאָס איז א יידיש הויז! אין דעם רייעך

אליינ דערקענט איר, אז דאָ זיצט א ייִד. אקעגנ זשע דאָרט איז אדעס
זײַנענ די הײַזער, מישטיינסגעזאָגט, עפּעס ווילד הויכ, אומגעלומפּערט. דער
גאנג איז געוויינטלעכ דורכ א טויער אינ א הויפֿ. דאָרט קריכ אפּ טרעפּ,
זוכ א טיר, האָסטו שוינ געפונענ א טיר, איז זי גאָר פארשלאָסנ, עפּעס
איז זי מיט א גלעקל, מיט גאנצע צאצקעס. דו בלײַבסט בא דיר עפּעס
אראָפּגעפּאלנ, פילסט, אז דו ביסט אָרעמ, נידעריק, האָסט קיינ פּאָנעמ נישט.
שפּייסט א רעגע דערשלאָגנ, מאכסט דיר דערנאָכ הארצ, נעמסט זיכ מיט
גרויס דערכערעצ פארנ גלעקל. עס ציטערט דיר אָבער די האנט. טוסט
א קליינ ציִעלע, קימאט ווי גאָרנישט, שרעקסט זיכ עפּעס אליינ פונ דײַנ
ציִעלע, גלײַכ ווי דו וואָלסט ארויס אקעגנ יענעמ מיט א גראָב וואָרט,
אימ געשאָלטנ אינ טאטנ ארײַנ, אונ טראָגסט זיכ באלד טאקע אָפּ... טאפּסטו
אמאָל אָנ ערגעצ עפּעס א אנדער גאנג, פאלט אפּ דיר אָנעט א קעכנע, א
באדינטער — אָדער עס לאָזט זיכ גאָר אויס, דאָ זיצט נישט קיינ ייִד. וואָס
הייסט עס! — ווונדערסטו זיכ שטארק. — וואָס איז דאָס פאר א שטאָט?
וואָס זײַנענ עס פאר הײַזער? ווו זײַנענ עס אונדזערע אָרעמעלײַט מיט די
טאָרבעס? איכ האָב מיכ ארומגעבלאָנקעט אינ די גאסנ, זיכ גוט צוגעקוקט
צו אלצדינג דאָרט, טאָמער וועל איכ זענ עמעצנ מיט א טאָרבע, אויסצו־
פרעגנ אימ מיקויעכ דעמ אייסעק, וויִאזוי מענ גייט דאָ אינ די הײַזער
ארומ. נאָר ווי אפּ צולאָכעס האָב איכ נישט באגעגנט קיינעמ. אונ ווי איכ
דריי מיכ דאָ אזוי ארומ, באמערק איכ פונדערווײַטנס עפּעס א יונגנמאנ,
געקליידט דײַטש, גייט ווי איינער, וואָס ווייסט נישט דעמ וועג, קוקט אפּ
די הײַזער אונ ווארפט זיכ אינ אלע זײַטנ גאס. דער דאָזיקער פארשויִנ,
טראכט איכ בא מיר, מוז נישט זײַנ קיינ היגער, מענ באדארפ אימ נאָכ־
גיינ, זענ, וואָס ער טוט. ער גייט ארײַנ אינ א הויפֿ, — איכ נאָכ אימ. ער
זוכט אונ לאָזט זיכ דערנאָכ ארופגיינ אפּ א טרעפּ, מײַנער — אויכ ארופּ.
ער גייט ארײַנ אינגווייניק אינ א פּאָדער־כיידער, — מײַנער שטעלט זיכ אפּ
יענער זײַט נעבנ דער טיר. עס דויערט נישט לאנג, קומט ארויס איינער,
א געגאָלטער, עפּעס גאָר א פּאָרעצ, אפּאָנעמ, דאָס איז דער באלעבאָס. דער
יונגערמאנ גיט אימ עפּעס א ביכל, ארויסנעמענדיק עס פריִער פונ א קע־
שענע, ברייט אונ לאנג, ווי א טאָרבע. דער געגאָלטער טוט א בליק אפּ
דעמ שאר־בלעטל אונ ווארפט עס באלד טאקע דעמ יונגנמאנ צוריק, פאר־
קרימענדיק זיכ מיט א בייזער: לאָזט מיכ צורו מיט אײַערע שמאָכטעס!
מיר טויג עס קלאל נישט. דער יונגערמאנ טײַנעט, לויבט זיכ אינ טאָג
ארײַנ, ער האָט געמאכט עפּעס אזוינס גאָר אנטיק. עס העלפט אימ אָבער
נישט, אונ ער גייט, נעבעכ, בעבושע־וועכארפּע ארויס, מײַנער — ארײַנ אונ
בעט פּאָשעט א נעדאָווע. איכ באקומ באלד עטלעכע גראָשנ אונ רוק מיכ גע־

שווינד ארויס מיט א פריילעכ הארצ. אצינד, טראכט איכ מיר, בינ איכ אפ דעמ עמעסנ וועג. גאָט שיקט צו דעמ שפינער זייַנ פלאקס, דעמ שענקער זייַנ ביר אונ דעמ אָרעמאנ — דעמ גער, זייַנ וועגווייַזער. מענ באדארפ אימ פונעמ אויג נישט אָפלאָזנ. איכ גיי דעמ פארשוינ נאָכ שטילערהייט, ווי א קו א קעלבל. ווו ער, דאָרט בינ איכ. אימ גייט עס שלימ-שלימאזל, אומעטומ כאפט ער, נעבעכ, זייַנ פסאק. דאָ אזוי: נישט אויסצוהאלטנ, ווי זיי האָבנ זיכ הייַנט צעלאָזט! אונ דאָרט אזוי: גייט אייַכ געזונטערהייט, מיר באדארפנ אזעלכעס גיט האָבנ! — דער שפיצ איז, ער גייט אוועק צעקאָכט מיט ליידיקע הענט. אונ מיר גייט עס, אָנ אייַנהאָרע, גאָר נישט שלעכט. איכ נעמ א גראָשנ, א צווייער, א דרייַער, וויפל מענ גיט.

— וואָס איז דאָס, — ווונדער איכ מיכ, — פאר א מינ אָרעמאנ אזוינער! אינ מייַנ לעבנ האָט מיר אזעלכעס זיכ קיינמאָל נישט געכאָלעמט. אפאָנעמ, דאָ איז אזא מינהעג: — אָרעמעלייַט מיט ביכלעכ. נייַמאָדישע קאפצאָנימ, אונ נאָכ אָנגעטאָנ דייַטש! נאראָנימ! צו וואָס בעטלענ מיט ביכלעכ אונ האָבנ א פייַג, אז מענ קענ בעטנ נעדאָוועס פאָשעט אזוי. איכ בינ זיכ נויהעג ווי אונדזערע יידעס — גיי מיר אינ די הייַזער פאָשעט, אָנ כאָכמעס, אונ מאכ עס בעסער ווי אנדערע מיט די ביכלעכ. נאָר ווי די מייַסע איז, אויב זיי זייַנענ נאראָנימ אָדער נישט, דערווייַל האלט איכ מיכ פעסט אינ מייַנ קאפצנ מיט די ביכלעכ, גיי אימ נאָכ שטילערהייט פוסטריט אונ היט מיכ ווי ווייַט נאָר מעגלעכ, ער זאָל מיכ נישט זענ. טכיילעס איז דאָס געגאנגענ גאנצ גוט, נאָר שפעטער האָט ער, אפאָנעמ, באמערקט, ווי איכ שלעפ זיכ אימ נאָכ, אונ דאָס איז אימ שטארק נישט געפעלנ. ער האָט אָנגעהויבנ זיכ אָפט ארומצוקוקנ, אָפצושטעלנ אונ געזוכט ווי מייַנער פאָטער צו ווערנ. איכ האָב מיכ געמאכט טאמ, געקוקט אינ דער זייַט קלאָמפערשט, ווי נישט אימ מיינ איכ; אונ גיי מיר מייַנ וועג. נאָר אינ הארצנ האָב איכ געטראכט: ניינ, דו וועסט זיכ בא מיר נישט אויסדרייענ, ברודער! ווענ דו טויגסט נישט קיינעמ אונ דיר אליינ אויכ נישט, טויגסטו אָבער מיר. א רעבע, ווי אינ די הייַזער ארומצוגיינ, ביסטו זייער א גוטער, כאָכעמ מייַנער!.. צומ לעצט האָט זיכ מיט אונדז געמאכט אינ איינ שטוב אזא מייַסע: דער באלעבאָס האָט זיכ געקליבנ עסנ מיטאָג, אונ פלוצלימ קומט אָנ מייַנ קאפצנ מיט די ביכלעכ. עס הייבט זיכ אָנ א טייַנעג פונביידע צדאָדימ: איינער וויל אריַינדרייענ, דער אנדערער וויל זיכ אויסדרייענ. א וואָרט פאר א וואָרט, דער באלעבאָס ווערט שוינ גוט אינ קאעס, באלייט מייַנעמ צו דער טיר א ביסל גראָבלעכ, דערזעט דאָרט מיכ — אונ שיקט אונדז ביידע אָפ צו אלדי שווארצע יאָר. דער בעשוטפעסער פסאק אונדזערער האָט שוינ מעמיילע געפירט דערצו, מיר זאָלנ איינער מיט דעמ אנדערנ זיכ בעסער

דערקענען. באַם אַראָפּגיין פון די טרעפּ קוקט מיך אָן מײַן כאַווער עפּעס שטאַרק אָנגעברויגעזט. איך פאַרדריי דעם קאָפּ אין דער זײַט און ווייס נישט וואָס צו טאָן. איך וואַרט, ער זאָל גיין פריִער. מיר שטייען אַזוי אַוועק עטלעכע מינוט, און ביידן איז נישט גוט. מײַן שוטעף טוט מיך דערנאָך אַ פרעג:

— וואָס ווילט איר, רעב ייִד?

— גאָרנישט! — ענטפער איך. — דאָס אייגענע וואָס איר.

— דאָס אייגענע וואָס איך! — מאַכט מײַן שוטעף, אויסמעסטנדיק מיך מיט אַ קוק פון קאָפּ ביז די פיס זייער פאַרוווּנדערט. — איר זײַט אויך אַ מעכאַבער?

איך האָב געמיינט, מעכאַבער איז עפּעס אַ דײַטשעס וואָרט און עס הייסט וואָס באַ אונדז אין פּראָסט ייִדיש קאַפּצן, זײַנער אַ כאַווער אין דער פּאַרנאָסע. דעריבער ענטפער איך אים אָפּעט באַלד טאַקע אין טײַטש:

— יאָ, אַ מעכאַבער.

— וואָס האָט איר עפּעס געמאַכט? — טוט ער ווידער אַ פרעג.

— איך האָב געמאַכט גאָר נישקאָשעדיק, — ענטפער איך, טראַכטנדיק באַ מיר: אין אײַך געזאָגט געוואָרן! — אַ פּערציק גראָשן האָב איך געמאַכט.

— ווי הייסט איהר[1] כיבער? — גיט ער מיך נאָכאַמאָל אַ פרעג.

ווײַטער טײַטש, טראַכט איך מיר. ער פרעגט זיכער: ווי הייסט איר, קאַפּצן, כאַווער מײַנער.

— פּישקע! — טו איך אַ זאָג קורץ און שאַרף.

— קען איך האָבן דעם קאָוועד מיט פּישקען באַקאַנט צו ווערן? — מאַכט ער עפּעס מיט אַ זיס קיינדעלע.

— אָך, מיט אַלע קאָוועדן, זייער אָנגעלייגט, כ'לעבן — זאָג איך, אָנקוקנדיק אים גאָר פרײַנטלעך.

— נו, ווו איז ער, דער כיבער?

— אָט בין איך דאָך טאַקע אַליין דאָ פאַר אײַערע אויגן, זאָלט איר מיר געזונט זײַן!

— גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — טוט ער אין מיר אַ געשריי און פליט אַוועק געשווינד און אין קאַס.

אַז איך בין אַרויס פונעם הויף, זע איך, מײַן שוטעף לויפט ווי אַ מעשוגענער. ער איז שוין גאַנץ ווײַט, טוט זיך פּלוצלים אַ נעם אין אַ געסעלע און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. איך בין געבליבן שטיין עפּעס ווי אויסגע־

[1] — אײַער (דײַטש), פּישקע באַנעמט דאָס וואָרט „איר" אינעם ייִדישן באַטײַט. — ר ע ד.

פּאַטשט און וווּנדער מיך, וואָס איז דאָס פאַר אַ מינ נעפּעש. גאָר אַ מעשוגענער טאַקע. אָט איז ער גוט, פּלוצלים קומט אים אָנ דער שיגאָענ און ווערט אָנגעצונדנ! דאַכט זיך, איך האָב אים גאָרנישט געזאָגט אַזוינס. איך האָב אים געענטפערט טײַטש מיט זײַנ לאָשנ. נאַט אײַך נײַס: מעכאַבאַר, כיבאָרים! באַ אונדז אַפּ ייִדיש הייסט עס פּראָסט — קאַפּצנ, טאָרבע. איבעריקנס, כאַפּט אים דער וואַטלמאַכער!..

## 23

אינ אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך מיט אַדעס מיך שוינ בעסער באַקענט, בינ קלאָר געווענ אינ די אַלע ווינקעלעך און הינטערגעסלעך, געכאַפּט דעמ סטרוי און געוווּסט, ווו עס עפּנט זיך אַ טיר. אַדעס איז ווי אַ טאַבאַקערקעלע מיט אַ סעקרעט, מענ ברויכט צו וויסנ די שפּרונזשינקעלע, ווו צו געבנ אַ קוועטש, דענסטמאָל עפּנט עס זיך גרינג אויף, מענ שטעקט אַרײַנ די פינגער און נעמט אַ גוטנ שמעק־טאַבאַקע. עס האָט זיך פאַר מיר געעפּנט אַ קוואַל פונ הײַזער, אַזעלכע, וואָס פּאַסנ צום אײַסעק, מיט אַלע גוטע מײַלעס, ווי באַ אונדז. אָרעמעלײַט האָב איך שוינ געפונענ, וויפל דאָס האַרצ גלוסט, גאַנצע מאַכנעס פונ אַלערליי סאָרטנ: אָרעמעלײַט מיט טאָרבעס, אָרעמעלײַט אָנ טאָרבעס, אַזעלכע, וואָס ערגעצ נישטאָ, נאָר אינ אַדעס. יערושאַלמעס, פרענקענ, טערקישע און פּערסישע ייִדנ, וואָס פּלאַפּלענ לאָשנקוידעש; אַלטע ייִדנ, קאַפּצאָנים מיט ווײַבער, אויך אָנ ווײַבער, וואָס פאָרנ אַפּ דער עלטער שטאַרבנ אינ ערעצ־ייִסראָעל און עסנ דערווײַל דאָרט קעסט, קינדלענ, לעבנ אַפּ דער וועלטס רעכענונג; אַגונעס, ייִדענעס מיט ספּאַזמעס, ייִדנ געבראָכענע מיט מייכעשנ, וואָס קומענ זיך היילנ אינ דעמ לימאַנ. מעקאַבלים אַלט-פּעטערישע, וואָס רײַבנ זיך אַרום פּראָסטע ייִדנ אינ די באָטעמעדראָשימ, און מעקאַבלים פונ הײַנטיקער וועלט מיט געגאָלטע בערד, וואָס רײַבנ זיך אַרום די בראָדער פּראַנצויזנ אינ די קאָפּיינעס און טראַקטירנ. עוויוינימ אָפּגעפּײַנטע, אויסגעפּוצטע ווי די נעגידים, אַזעלכע טאַקע, וואָס האָבנ לאַכלוטנ גאָרנישט, און אַזעלכע, וואָס האָבנ, דאַכט זיך, הײַזער — און דאָך גרויסע דאַלפּאָנימ, מיִעסע קאַפּצאָנימ...

וויפל אָרעמעלײַט איך האָב באַגעגנט פונ אונדזער ווינקל, האָבנ נישט געקענט געגנוג אָפּלויבנ אַדעס, האַגאַמ איך ווייס נישט די גליקנ זייערע דאָרט. איינער האָט מיר געגעבנ צו פאַרשטיינ, וואָס דער גאַנצער כילעק איז צווישנ אַ אָרעמאַנ באַ אונדז אינ די שטעטלעך און אַזעלכע דאָ. דאָרט עסט דער אָרעמאַנ דאָס טרוקנ שטיקל ברויט פאַרפינצטערט, פאַרזאָרגט, און דאָ עסט ער טאַקע אויך דאָס אייגנ שטיקל ברויט, — נאָר אַ קאַטערינקע

שפּילט אים דערבײַ צו. אינ אדעס שפּילט די קאטערינקע א גרויסע ראָליע. אפ דער גאס — א קאטערינקע, אינ די הײַזער — א קאטערינקע, אינ די טראקטירנ — א קאטערינקע, אינ די קאָמעדיעס — א קאטערינקע, אינ שול, לעהאוודל — פע! — אויכ א קאטערינקע. שטענדיק איז אינ אדעס נאָר א קאָכע־ניש, הו־האַ! עס קאטערינקעט זיכ, עס שפּילט, עס זינגט אונ עס פּײַפט. דאָרט אינ א טראקטיר, זעסטו אָפּט, זיצט א שיקער אונ קרעכצט, זינגט „קראסנאיא דיעוושקא“, זײערס א מינ לידל, אקעגנ זיצנ פּארקויסעטע ייִדנ, זינגענ א שטיקל פונ זמירעס אָדער „אדם יסודו מעפּר“ [1] מיט א שנײַדערשנ מארש, לעבעדיק, פרײלעכ.

גײענדיק אײנמאָל באַ דער זײַט גאס; פיל איכ הינטנ אינ דעם רוקנ א געשמאקנ זעץ. איכ נעמ עס אָנעט פאר ליב, זיכ דערויס גאָרנישט צו מאכנ, טראכטנדיק, אײנער פונעמ אוילעמ האָט אינ אײַלעניש אומגערנ מיכ א שטופּ געטאָנ. באלד אָבער פיל איכ נאָכ א זעץ, ווי מיט א שטיק האָלצ. איכ קוק מיכ אומ אונ דערזע — יאָנטל דער כאָליערע-כאָסנ זיצט אפ דער גאס! מיט אײנ בענקעלע אינ דער האנט אָנגעשפּארט אפ דער ערד, אונ דאָס אנדערע בענקעלע האלט ער אופגעהויבנ אונ קוועלט, שמאָכט פאר פרײד, וואָס ער האָט מיכ באגעגנט. איכ האָב מיכ אויכ דערפרײט שטארק מיט יאָנטלענ, מיט וועלכנ איכ האָב אינ גלופּסק זײער גוט געלעבט אונ געוועז באַ אימ אפ דער כאסענע אפנ הײליקנ אָרט, אינ דער כאָליערע, נישט הײַנט געדאכט.

— אזוי, פּישקע! — זאָגט ער, אָפּגעבנדיק מיר א שאָלעמ־אליײכעמ, — דו ביסט אויכ דאָ אינ אונדזער אדעס? איאָ, א שײנ שטעטל, מײַנ אדעס! — אונ א קוק געבנדיק, אז איכ קנײטש מיכ; מאכ פונ זײַנ אדעס עפּעס נישט אזא פּײערעש, מאכט ער א ביסל מיט פּארדראָס, גלײַכ ווי איכ וואָלט אימ צעשטעכערט די גערעָדיע אונ אימ געטראָפנ אינ קנעפּל.

— האַ, דײַנ גלופּסק עפּשער איז א שטאָט? א וואָרעמ, וואָס זיצט אינ כריינ; מײנט, קײנ זיסערס פונ דעמ איז גאָר נישט. ווארט, איכ וועל דיר ווײַזנ א ביסל מײַנ אדעס, וועלנ מיר דערנאָכ הערנ, וואָס דו וועסט דענסטמאָל זאָגנ.

יאָנטל דערצײלט מיר פונ זײַנ גרויסקײַט אינ אדעס. אלע קוקנ אונ האָבנ האנאָע, ווי ער רוקט זיכ אפנ געזעס. ער איז א שטיקל כאָשעוו אינ פיל קלײטנ. מענ גיט אימ אָפּ זײַנ נעדאָווע גאנצ פײַנ, נישט צו פארזינ־דיקנ. עס גײט אימ, אָנ אײַנהאָרע, גאנצ גוט. אז איכ האָב אימ א פרעג געטאָנ וועגנ זײַנ ווײַב, האָט ער געענטפערט מיט א שמײכעלע:

---

[1] אָדאָמ יעסוידוי מעאָפאָר.

— א שיינ ווייַב, מישטיינסגעזאָגט, האָט מיר גלופּסק געגעבנ! וואָס פאר א גוטס קענ זייַנ פונ א כאָליערע־ווייַב? די כאָליערע האָט איר פריִער גע־מעגט נעמענ, איידער זי איז צו מיר אָנגעקומענ. דאכט זיך, עס פעלט איר די אונטערשטע ליפּ, פונדעסטוועגנ ארבעט אינ איר דאָס מויל, שרייַט, פּיל־דערט, פּלוידערט, מאָלט ווי א מיל, פיל בעסער נאָך פונ א אנדערנ מיט צוויי געזונטע ליפּנ.

אקעגנ א ווייַב, טראכט איך בא מיר, העלפט נישט קיינ מיטל. איז זי א שלאק, שרייַט זי אפילע אָנ ביידע, אפילע אויך אָנ איינ ליפּ, אפילע אָנ א נאָז דערצו, אונ פאלט אפ דיר אָנ אפילע בלינדערהייט אָנ אויגנ... איך דערציייל יאָנטלענ אינ קורצנ אויך די געשיכטע מיט מייַנ בלינדער ווייַב, אלצדינג, וואָס איך בינ פונ איר אינ דער לעצטער צייַט אויסגעשטאנענ.

— נארעלע! — זאָגט יאָנטל, — טו דאָס אייגענע וואָס איך, א שפּייַ אפ איר — אונ אנ עק. לאָז זי גיינ צום רועך.

— וואָס הייסט, יאָנטל, א שפּייַ! גלאט גיי צום רועך אָנ א געט! איך בינ דאָך עפּעס א ייִד אונ באדארפ כאסענע האָבנ.

— אזוי, כאסענע האָבנ, — מאכט יאָנטל, קוקנדיק אפ מיר מיט א גע־לעכטער, — טאקע א עמעסער גלופּסקער, כ'לעבנ! בלייַב נאָר, פּישקע, א ביסל דאָ, אינ אדעס, וועלנ מיר דערנסטמאָל זענ...

פונ יענער צייַט אָנ, זינט מייַנ באגעגעניש מיט יאָנטלענ, פלעגנ מיר זיך אָפּט צונויפקומענ אונ רוקנ זיך ביידע איבער אדעס, ער אפנ געזעס, אונ איך מיט מייַנע קראנקע פיס. יאָנטלענ איז נאָר געגאנגענ דערינענ, מיר אלצ ארויסצושטעלנ זייַנ אדעס אונ בארימענ זיך פאר מיר מיט די שיינע גאסנ, שיינע הייַזער אונ נאָך אנדערע זאכנ, גלייַך ווי זיי וואָלטנ געהערט אימ אונ [עס וואָלט] אימ דערפונ א סאך ארויסגעקומענ. בא איטלעכס מאָל ווייַזנדיק מיר עפּעס, פלעגט ער קוקנ אפ מיר מיט א שייַנענדיק פּאָנעם, שמאָכנ פאר גרויס פארגעניגנ, — עפּעס אזוי ווי דורך יענעמס שיינ הויז, יענער שיינער גאס באקומט ער א גרעסערנ ווערט אינ מייַנע אויגנ, — אונ אלצ מאכנ, טאָרקענדיק מיך: נו, פּישקע! א שיינע שטאָט אדעס? עפּשער, הא, אינ דייַנ גלופּסק האָסטו אויך אזוינס? —

— הער אויס, יאָנטל! — זאָג איך צו אימ איינמאָל, אז ער האָט מיר אָנגעטאָרקעט די זייַטנ, ווייַזנדיק מיר פונדערווייַטנס דעמ בולוואר, ווו עס האָבנ געשפּאצירט א גרויסער אוילעמ מענטשנ אונ צו וועלכנ, ווי איך האָב באמערקט, ער האָט זיך עפּעס געשעייַעט, נישט געהאט קיינ מוט צוגיינ נאָענט, — וואָס זאָל איך דיר זאָגנ, יאָנטל, אדעס איז אוואדע א שיינע שטאָט, נאָר א שאָד, כ'לעבנ, וואָס נישטאָ דאָ קיינ מענטשנ... אדראבע זאָג, קענ מענ די היגע לייַט אָנרופנ מענטשנ? גייענ אזוי אָנגעטאָנ, לעבנ

אזוי מעגטשן? קוק, אדעראבע, ווי דאָרט אפ דײַנע בולוואר פירן זיך מאנצ־
בלען אונטער די הענט מיט נעקייוועס. ס'איז דאָך נאָר א בושע! ייִדן גע־
גאָלטע, נעקייוועס מיט האָר, הינטן שלעפט זיך זיי נאָך א שטיק קלייד
און קערן דערמיט די גאסן, פאָרנט אויסגעשניטן מיט דער גאנצער ברוסט
אין דרויסן. פע, כאלאָשעס, כ'לעבן!.. ווי נעמט מען אהער אונדזערע ייִדן,
גלופסקער ייִדן, דענסטמאָל, זעסטו, וואָלט עס טאקע געהייסן א שטאָט,
געהאט א פּאָנעם, ייִדישלעך, מיט שיינע אײַנפירן, ווי עס געהער צו זײַן.

יאָנטל האָט שווײַגנדיק זיך געדרוקט מיט מיר ווײַטער, נישט געהאט, אפּאָ־
נעם, וואָס מיר צו ענטפערן. אפן וועג קומען אונדז אקעגן א פּאָר פּײַנע
לײַט, פראנצויזן. יאָנטל שטרעקט אויס די האנט. איינער פון די לײַט
שטעלט זיך אָפּעט ריידן מיט אים עטלעכע ווערטער און גיט אים א נע־
דאָווע.

— ווייסטו, פישקע, ווער די דאָזיקע זײַנען? — מאכט יאָנטל מיט גאד־
לעס, און די אייגעלעך שײַנען אים פאר גרויס האנאָע. — יענער, וואָס האָט
מיר געגעבן די נעדאָווע, איז דער עלטסטער מעלאמעד דאָ בא אונדז אין
טאלמוד-טוירע, מײַנער א באקאנטער, דו פארשטייסט? איאָ, פישקע, ער האָט
שוין א פּאָנעם?

— אזא יאָר זאָלן האָבן אלע מײַנע סאָנים! — ענטפער איך אים און טו א
שפּײַ. — פונעם שיינעם מעלאמעד קען איך מיך שוין אָנשטויסן, וואָס פאר
א מין טאלמוד-טוירע, מישטיינסגעזאָגט, מוז דאָ בא אײַך זײַן. איך פרעג
דיך נאָר, יאָנטל, ווי שעמסטו זיך נישט זאָגן, אז אזוינס איז גוט! ניין,
דו ביסט שוין דאָ קאליע געוואָרן, יאָנטל! ביסט געוואָרן אזעלכער, ווי
די אלע היגע לײַט... א מעלאמעד א ביסל! כ'לעבן, גאָר אונדזער טאל־
מוד-טוירע־מעלאמעד, רעב הערצעלע מאזיק, לעהאוודל! רעב הערצעלע מא־
זיק איז א ייִד מיטן פולן מויל, פול אין דער גאנצער שטאָט און טוט זײַן
זאך בישליימעס, גאנצ פײַן. אפ לעווײַעס — ער, א שידעך אויספירן — ער,
אפן הייליקן אָרט טילים זאָגן, א פיירעק מישנײַעס לערנען — ווײַטער טאקע
ער. גייט ער, ווי דער שטייגער איז, אלע וואָך אין די הײַזער, געלט צו־
נויפנעמען, טראָגט מען אים די נעדאָווע אקעגן; לויפט ער סימכעס־
טוירע מיט די טאלמוד־טוירע־ייִנגלעך צו די נעגידים מאכן א „מישעביירעך",
גיט מען אים אומעטום קידעש־מאכן מיט דער פולער מאָס. ער שרײַט
„צוין קאָדאָשים", און די ייִנגלעך — מע־מע! — עס האָט א פּאָנעם. און
דײַן פראנצויז וואָס? וואָס פאר א פּאָנעם קען בא אזעלכן האָבן זײַן טי־
לים-זאָגן, זײַן „מישעביירעך"? וואָס פאר א טאם קען האָבן זײַן קידעש־
מאכן, זײַן גיין אפ א לעווײַע, מישטיינסגעזאָגט?..

— האָסטו דאָך א גראָבן טאָעס, פישקע! — פאלט מיר יאָנטל ארײַן אין

די רייד. — אז מײַנער טוט נאָר קיינמאָל נישט אזעלכע זאכן! ווייסט פונ אזעלכע זאכן אפילע נישט וואָס צו זאָגן.

— וואָס הייסט, ער טוט נישט אזעלכע זאכן? — מאכ איכ פארווּונדערט. — ווי געשיקט זיכ עס, א טאלמוד-טוירע־מעלאמעד זאָל נישט טאָנ אזעלכע זאכן! נישט מאכנ קיינ „מישעביירעכ" די נעגידימ, נישט באגראָבנ די פײַנע־בעריעס, נישט...

— שא, שא, פישקע! — שלאָגט מיר איבער יאָנטל די רייד. — ער באַגראָבט זיי, נאָר אפ אנ אנדער שטייגער. נישקאָשע, די פײַנע־בעריעס זײַנענ צופרידנ...

— פע, פע, פע! — שרײַ איכ אינ איינ קאָל אונ פארשטעק די אויערנ, נישט צו הערנ. נאָר יאָנטל לאָזט מיכ נישט צורו אונ רעדט איבער מיר טאקע ווײַטער:

— ווייסטו, ווער דער צווייטער איז, וואָס איז מיט דעמ מעלאמעד געגאנגענ? דאָס איז א גרויסער פײַנע־בעריע, א גאנצער טוער אינ שטאָט-זאכנ, ווי בא אײַכ דאָרט ארנ־יאָסל שטילפײַפער.

— פע, פע! — טו איכ א געשריי שטארק אופגעבראכט, אזוי אז מענטשנ, וואָס זײַנענ פארבײַגעגאנגענ, האָבנ זיכ ארומגעקוקט, — אָט אזעלכער הייסט בא דיר, יאָנטל, א פײַנע־בעריע! ווי אונדזער רעב ארנ-יאָסל! זאָג כאָטש לעהאוודל. רעב ארנ־יאָסל איז א ייִד מיט א באָרד, מיט פייעס, דאָס ייִדישקײַט ליגט אימ אפנ פּאָנעמ, אונ אינ די הענט בא אימ ליגט ייִדיש געלט, אוילאָמעס-געלט, פונ אלע כעווּרעס געלט, נאָכ אונ נאָכ געלט, מענ גלייבט אימ אפ נעמאָנעס. מיסטאמע אז ער נעמט, ווייסט ער דאָכ, אז ער נעמט אונ וואָס מיט דעמ געלט צו טאָנ. מע קענ זיכ דרינענ שוינ אפ אימ פארלאָזנ. דײַנ פײַנע־בעריע מוז האָבנ א שיינ ביסל נעמאָנעס. אפ וואָס קוקנדיק קענ מענ אזעלכע געטרויענ? אפ זײַנ ייִדישקײַט? אפ זײַנע אונטערגעשוירענע פייעס?

— אפ נעמאָנעס, כ'לעבנ! — שפּארט זיכ יאָנטל מיט מיר. — מיט פייעס, אָנ פייעס, אלצייינס, ווי איכ בינ א ייִד!

— עט! — מאכ איכ — וואָס ווילסטו דאָ מיר אויסדרינגענ? מיילע, שענק איכ דיר שוינ דאָס נעמאָנעס, אָבער ווי קענ מענ אזעלכנ מעכאבעד זײַנ מיט סאנדעק, מיט מעציצע? א שיינ שטיקל מעציצע מוז דאָס זײַנ בא דײַנ פײַנע-בעריע. פע, כ'לעבנ! נאָר א געלעכטער. אז די וועלט זאָגט: פערציק ווערסט ארומ אדעס ברענט דער געהענעמ, איז טאקע עמעס.

— פונדעסטוועגנ, — מאכט יאָנטל מיט א שטעכווערטל, — איז מיר פיל ליבער דאָ אינ געהענעמ, ווי אינ דײַנ גלופּסק אינ גאנײדנ.

יאָנטל איז אינ מײַנע אויגנ אינגאנצנ איבערגעקערט געוואָרנ. אדעס

האָט אים שטארק צעלאָזן, און מיר פלעגן זיכ שפּארן זייער אָפּט. וואָס בא אים האָט געהייסן גוט, איז בא מיר געווען שלעכט, און וואָס בא מיר גוט, איז בא אים געווען שלעכט. מיר האָבן זיכ נישט געקענט אויסגלײַכן, אשטייגער, וועגן דער גרויסער שול, וועגן דעם כאזן און דעם ראָוו דאָרט. א כאזן, מישטיינסגעזאָגט, אין א טענדעוועדעוועדע דאוונט קאָרכיש! ער אלײַן זאָל עס ארבעטן, ארײַנשטעקן דעם פינגער אין גאָרגל, האלטנדיק זיכ בא דער באַק, ווי אונדזער כאזן רעב ראכמיִעל קלאָגמוטער, שרײַען קוילעס אפ דער געמבע, פון דער געמבע א כאפ טאָן זיכ אין פיסטל־געזאנג, ווידער אפ דער גראָבער סטרונע, ברומען, זעצן ווערטער ארופ און אראָפ, פארגיין זיכ אין שטייגער, צעגיסן זיכ מיט א זיס וואָלעכל, א בעטלערל פאר דעם דיבוינעשעלוילעם: טאטעניו, פאָטערוניו! אוי ווײ איז מיר, ווײ! ארײַנלייגן דאָס גאנצע לעבן. און אָפגיין מיט שווייס אין „יעקום־פורקן", אין דעם „מישעבייִרעכ" — אזוי צו ארבעטן... כאָלילע! ער אלײַן שווײַגט מייסטנס, נאָר קוים רופט ער זיכ אָן א וואָרט, כאפּן עס אופ די מעשוירערים, צעלייגן עס אפ טעלערלעכ, נעמען עס אפ די קיילים אלערליי, אויסגעמישט אינײנעם קאשע מיט מאָן — און דאָס הייסט בא זיי דאָרט קאָרכיש. ווו א וואָלעכל! ווו א קליוואנער בעטלערל, א פאָניע! ווו א „יעקום־פורקן"! די גאנצע ראָליע שפּילט בא זיי אונדזער א שטיקל דרויב, דער „אײַנ־קאָ־טויכאָ", מען מאכט פון אים א צימעס. און וואָס נאָכ — א געלעכטער, כ'לעבן! — האלטנדיק די טוירע אפ די הענט, דרייט מען זיכ דערבײַ ארום מיט די האקאָפעס. האָט איר געהערט, — שאבעס מיט די האקאָפעס, ווי אין סימכעסטוירע!.. סטײַטש! ווערט איר זיכ וווּנדערן, ווו איז דער ראָוו? ווי דערלאָזט עס אזוינס דאָרט דער ראָוו? נאָר הערסטו, אָט דאָס איז דאָכ טאקע דער גאנצער פארדראָס, אז דער שיינער ראָוו טאנצט אויכ אין קאָן, רוקט זיכ נאָכ פאָרויס, אויכ אין א טענדעוועדעוועדע מיט א געפוצט בערדל און האָט א פאָנעם, פע!.. דאכט זיכ גענוג כאלאָשעס? און יאָנטלען איז דאָס גאָר געפעלן. גוואלד, — שרײַ איכ, — יאָנטל, וואָס איז דיר געשען? מעשוגע ביסטו, צי כאָסערדייע: ווי קומט אזוינס צו דיר, ווי פארקריכט מען עס אזוי מיִעס? גוואלד, א רוּעכ אין דײַן טאטן ארײַן!.. — און ער קוקט מיכ אָן, שמאָכט מיט א שײַנענדיק פּענעמל, מאכנדיק דערבײַ נישט מער, ווי: פישקע, ביסט א נאר! פארשטייסט נישט, וואָס גוט איז! — הײַנט גיי, רייד, טײַנע מיט אזעלכע! אז איכ האָב א קוק געטאָן, ס'איז פארפאלן, יאָנטל איז אײַנגעשפּארט, ס'איז מיט אים גאָרנישט צו מאכן, האָב איכ מיר געגעבן דאָס וואָרט, מער וועגן דעם ניט צו ריידן. און לאָז זיכ זײַן אדעס פונמײַנטוועגן אפילע מיטן קאָפּ אראָפּ איבערקערן, גייט עס מיכ מער ניט אָן.

— הער אויס! — זאָג איך איינמאָל צו יאָנטלען. — שפּאָרן זיך מיט דיר וועגן אדעסער אײַנפּירונגען ווײַל איך שוין מער נישט, דו ביסט א געבראָטענער אקשן, און איך וועל מיט מײַנע ווערטער בא דיר גאָרנישט פּויעלן. לאָמיר בעסער ריידן טאָכ־זאכן. איך וויל זיך מיט דיר מעיאשעוו זײַן וועגן מיר. וואָס קען פון מיר דער טאכלעס זײַן? דער איניען אין די הײַזער ארומצוגיין האָט זיך מיר שטארק צוגעגעסן, ס'איז דאָ הײַנט אָרע־מעלײַט געננוג אָן מיר אויך, וואָס באפאלן די הײַזער ווי די היישעריקן, און וועלן באלד פארפלייצן די וועלט. די באלעבאטימ בלאָזן זיך, שרײַען: גוואלד, נישט אויסצוהאלטן! עס וואָלט גוט געווען צו האָבן עפּעס א שטיקל פּארנאָסע. ראָט, כ'לעבן, צו וואָס זאָל איך מיך נעמען...

— קיין קאנטאָרן מאכן, — ענטפערט יאָנטל, — מיין איך, ווילסטו נישט, קיין קלייט מיט צעלניק — אויך נישט. וואָס דען זשע, אשטייגער?

— לאכ נישט, יאָנטל, — זאָג איך צו אים, — רייד ווי א מענטש. עפּעס כוץ קאנטאָרן און צעלניק איז דען נישטאָ בא ייִדן מער קיין פּארנאָסעס?

— אָכ! — מאכט יאָנטל. — ס'איז דאָ, דאָ זייער פיל. ווי, אשטייגער, האלטן די טאקסע, זײַן א גאבע אין כעווריעס, רײַבן זיך ארום מייער־באל־האנעס־פּושקעס, דרייען זיך ארום שטאָט־זאכן, ארום די פּײַנע־בעריעס, זײַן א קאָל־וועלאָכ, א קאָכלעפל און דעסגלײַכן זייער גוטע פּארנאָסעס. נאָר, אקאָטא! אזעלכע זײַנען נישט פאר דיר. לאָמיר זיך נעמען צום צעטל ייִדישע פּארנאָסעס פון קליינעם סאָרט. נו, פישקע, האנדלען מיט אלטע קליידער, אשטייגער! זייער פיל ייִדן דערנערן זיך דערפון גאָר נישקאָשעדיק.

— ניין! — גיב איך יאָנטלען צו פארשטיין. — אלטע קליידער מוז מען דאָך קויפן, אויסלאטען, און דערצו דארף מען דאָך געלט, אויך טאקע פארשטיין א ביסל די מעלאָכע, און דאָס איז פאר מיר שווערלעך. מיט גלופּסקער טאכטויינים, אשטייגער, איז נאָך א האלבע צאָרע, וואָס מאכט עס דען אויס, אז צעריסן א ביסל, אזוי אָדער אזוי פארלאטעט; אָבער דאָ מיט די אדעסער איז דאָך א שרעק! אדעסער טאכטויינים, מעכילע, זײַנען מיט גאנצע צערעמאָניעס. דערעכערעצ! עפּעס גאָר א מוירע צו זיי זיך צוצורירן.

— אויב דו שרעקסט זיך פאר אדעסער טאכטויינים, — מאכט יאָנטל, — לאָז זשע זײַן ציבעלעס, קנאָבל, צוגעלעגערטע לימענעס, מאראנצן אוכעדוימע. נאָר מוזט אָבער וויסן, אז דאָ איז די מאָדע זיך אײַנצושפּאנען אין א טאטשקע און ארומפירן עס איבער די גאסן, שרײַענדיק אפ א קאָל מיט א ניגן.

— שרײַען קען איך זייער שיין, — ענטפער איך, — דערופ בין איך א מײַסטער. אָבער אײַנשפּאנען זיך ווי א פערד און שלעפּן, האָב איך קיין

קויעכ נישט. הײַנט כוץ דעם איז דאָכ אויכ ווײַטער די אייגענע מײַסע: און די מאמטאקים, — ווו נעמט מען דערצו די קלינגערס, געלט?

— הער אויס, פישקע, — מאכט יאָנטל מיט א ערנסט פּאָנעם, — פאַר־נאָסעס אָן מי, אָן געלט אַרײַנצולייגן, זײַנען נאָר יענע, די פּריִערדיקע... פונעם הויכן סאָרט. ווײַטער ווייס איכ קיין אנדערע נישט. זאָג, אדרעבא, דו!

— בעסער פון אלע זאכן, — זאָג איכ צו יאָנטלען, — געפעלט מיר א באָד. איך דער גלופּסקער געמויערטער באָד, ווו איכ האָב מיכ אופגעהאַלטן, איז מען פון מיר שטארק צופרידן געווען. איכ האָב געטויגט. ווען נישט די אומגליקלעכע כאסענע מײַנע, וואָלט אויס מיר שוין לאַנג דאָרט געוואָרן א מענטש. איכ וואָלט שוין אָנגעשפּארט העט ווײַט. אויב דו ביסט יאָ א שטיקל כאָשעוו אין אדעס, טו זשע מיר די טויווע, גוטער, זיסער יאָנטעלע, און העלף מיר זיכ אַרײַנצודרייען דאָ ערגעץ אין א באָד. זײַ א ברודער, יאָנטל, און ווײַז מיר דײַן גרויסקײַט דאָ!

— אצינד, פישקע, — מאכט יאָנטל צו מיר מיט א שמייכעלע, — אצינד וועל איכ דיר מיקויעכ דײַן באקאָשע גאָרנישט ענטפערן. גיי, זײַ מוכל, פריִער און קוק אליין אָנעט מיט דײַנע אויגן די היגע באָדן. דערנאָכ וועלן מיר שוין שמועסן.

איכ האָב געפאָלגט יאָנטלען און בין געגאנגען אין איין באָד, אין דער אנדערער. איז מיר פאָרגעקומען עפּעס מעשונע ווילד. האָט איר געהערט א ביסל א באָד! דאָרט איז ליכטיק, ריין ווי אין א שטוב. דאָרט שטייען גוטע באנקבעטלעכ, טאקע גוטע, ווי איכ בין א ייד! פרודען זיכ דאָרט, זאָל דער אייבערשטער היטן! מען זעט נישט העגגען דאָרט קיין איין העמד אפילע. ס'איז נאָר א געלעכטער, אפ נעמאָנעס! — ניין, טראכט איכ בא מיר, אין אזא באָד קען איכ נישט זײַן. דאָס איז נישט פאר מיר, ניט דאָס, ניט יענץ, ניט דער טײַנעג, וואָס אין אונדזער גלופּסקער באָד. דאָרט איז גאָר עפּעס אנדערש, עס האָט עפּעס טאקע א פּאָנעם. מענטשן האַלטן זיכ דאָרט אופ, מען ליגט זיכ אין קומפּאניע אויסגעצויגן אפ די בענק; מען שמועסט, מען דערציילט מײַסעס, מען רעדט פון אלצדינג, וואָס פאַר־לויפט זיכ אין דער וועלט. ס'איז עפּעס אזוי גוט, אזוי געשמאק, מעכײַע, כ'לעבן. איכ בין געגאנגען אין נאָכ און נאָכ באָדן, — אלע נישט וואָס בא אונדז. עפּעס שמעקט דאָרט נישט דער רייעכ, וואָס אין אונדזער געמויער־טער באָד! הײַנט זייערע מיקוועס — איז נאָר א געלעכטער. אונדזער מיק־ווע־וואסער פילט מען, עס האָט עפּעס א אנדער טאַם, א אנדער קאָליר און איז עפּעס געדיכטער, ווי אנדערע וואסערן. מען פילט באלד ס'איז יידישלעכ... דאָרט אָבער איז דאָס מיקווע־וואסער לויטער, גלאט וואַ־

סער, ווי ´וואסער באדארפ געווײנטלעכ זײַנ; וואָס מענ קענ עס טרינקענ...

— נו, פישקע? — האָט מיכ יאָנטל א פרעג געטאָנ דערנאָכ מיט א שמייכעלע, — האָסטו געזענ א היגע באָד?

— עט! — האָב איכ געענטפערט. — נישטאָ פונ וואָס, מישטיינסגעזאָגט, צו ריידנ. בא אײַכ איז אלצ ווילד, כויזעק אינגאנצנ. דײַנ אדעס איז פאר מיר נישט קיינ אָרט...

## 24

מיט אדעס בינ איכ טאקע נישט צופרידנ געווענ, נאָר איבער דעמ ווינטער האָב איכ געמוזט דאָרט פארבלײַבנ, וואָרעמ ווי לאָזט מענ זיכ עס ווינטער־צײַט נאקעט אונ באָרוועס אינ וועג ארײַנ, אונ דערצו נאָכ איינער אליינ אינ א פרעמד ווינקל? וויבאלד אָבער עס האָט א ווארעמ געגעבנ די ליכטיקע זונ אונ געשמעקט מיט זומער, האָט עס מיכ עפּעס געטאָרעט, נישט געלאָזט מיכ אײַנזיצנ רויִק אפ איינ אָרט. אמאָל פלעגט פאר מיר דער זומער זײַנ, ווי געווײנטלעכ, זומער. זומער, גאָרנישט! ס'איז ווארעמ, ליכ־טיק, טעג גרויסע, גרינ אומעטומ. מיילע, איז גוט, איז נישט קאלט. בע־היימעס גייענ אינ דער טשערעדע, איז דאָ מילכ, א ביסל סמעטענע. ס'איז נאָכ דאָ צומ ברויט א גרינע ציבעלע, א קנאָבל, א רעטעכל, פאר א ייִדנ א אָרעמאנ א גרויסע זאכ, א גאנצער כעזשבנ. הײַנטיקס מאָל, אקעגנ, האָט פאר מיר דער זומער עפּעס גאָר א אנדער פּאָנעמ געהאט. איכ ווייס נישט, ווי זאָל איכ מיכ אויסדריקנ, עפּעס האָט ער גערעדט ווערטער, אונטערגעגעבנ דעמ הארצ עפּעס א כיישעק... מיכ דערמאָנט אלצ אינ א י ר, אינ מײַנ האָר־באטער. איטלעכס גרעזעלע, איטלעכס גרינ ביימעלע אונ איטלעכס שפּיל פונ א פייגעלע האָט מיר עפּעס דערציילט; אָפּגעגעבנ א גרוס פונ איר. עס האָט מיר זיכ אלצ געטראכט: אָט אזוי איז זי מיט מיר געזעסנ, אזוי האָט זי גע־קוקט, אזוי — געלאכט, אונ אזוי אויסגעגאָסנ איר ביטער געמיט. עס האָט מיר זיכ צעשפּילט די געבליטנ, מיכ באפאלנ א זיסע מאָרעשכוירע, אונ עס האָט מיכ אפּעס געצויגנ, געצויגנ ווײַט אהינ, אהינ... וואָס פאר א שײַכעס דאָס אלצדינג קענ האָבנ מיט דעמ זומער, אויב דאָס איז געווענ אינגאנצנ זײַנ ארבעט, אָדער גאָר עפּעס אנדערש, עפּעס אזא מינ שלאפקײַט, א ספּאז־מע אזוינע? — דאָס ווייס איכ נישט. איכ ווייס נישט מער, מיט מיר איז געווענ עפּעס נישט גלאט. איכ האָב געצאנקט ווי א ליכט, געוואָרנ גאָר נישט דער אייגענער וואָס פריִער.

— פישקע, ביסט קראנק? — האָט יאָנטל, אָנקוקנדיק מיכ, איינמאָל גע־פרעגט, — ביסט עפּעס שטארק פונעמ פּאָנעמ אראָפּ. וואָס טוט דיר ווײ?

— עט, גאָרנישט! — ענטפער איך, אָנכאַפנדיק זיך מיט ביידע הענט באַם האַרצן.

— דו פילסט נישט דאָס האַרץ? — מאַכט יאָנטל, — דערצו איז אַ ייִנ סגולע: אַ שטיקל ברויט גוט אײַנגעטונקט אין זאַלץ אויפן ניכטערן מאָגן.

— ס'איז מיר אָנגעזאַלצן אויפן האַרצן גענוג אָן דעם, — ענטפער איך מיט אַ זיפץ. — עפעס פיל איך, ווי עס ציט מיך, ציט, און עס לאָזט מיך ניט אײַנזיצן.

— איך פאַרשטיי שוין, פאַרשטיי, — מאַכט יאָנטל מיט אַ שמייכעלע, — עס ציט דיך אין דײַן גלופּסק, ציט דיך. אַהין, ווו די גנילאָפּיאַטקע בליט, ווו עס סווישטשעט דער דאַלעס און קנאָבל און ציבעלעס גיבן די שמוכט. שעמ זשע דיך נישט, פּישקע, און גיי דיר אַהין אין דײַן רו אַרײַן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך זיך געזעגנט מיט יאָנטלען און מיך געלאָזט צופוס אין וועג אַרײַן...

דער קאָפּ איז מיר געפלויגן אין עק וועלט, דאָס האַרץ האָט מיך גע־צויגן צו אַ יִר. אַלץ געטראַכט, ווו איז זי, ווו געפינט זיך אַצינד זי? וואָס מאַכט זי, ווי לעבט זי, נעבעך, אַליין אָן מיר? און די פיס מײַנע זײַנען געגאַנגען, ווי אַליין פון זיך, געגאַנגען פאַמעלעכן אויפן וועג קיין גלופּסק. איך בין געגאַנגען דורך דערפער, דורך שטעט, דעם גאַנצן וועג געטראַכט, געזוכט מיט די אויגן, טאָמער וועל איך באַגעגענען זי. איך בין זיך אָנגעגאַנגען גענוג און אויסגעזען אַ וועלט יִדישע שטעט. וואָס מער נעענטער צו גלופּסק, איז מיר געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. איך האָב זיך מעכײַע געווען מיט די יִדן פון אונדזער ווינקל. זייער לאָשן, זייער גאַנג, זייער שטייגער לעבן און פירונג איז פאַר מיר געווען גאָר אַ דערקוויקע־ניש, כ'לעבן. עפעס האָב איך מיך געפילט היימיש צווישן מײַנע לײַט, אײַגענע מענטשן. פון אונדזער ווינקל די יִדן זײַנען טאַקע מעכײַע! אָן צע־רעמאָניעס, אָן כאָכמעס, הערן נישט קיין וועלט, נאַרישע מאָדעס. רייד דיר, שרײַ דיר הויך אויף אַ קאָל, טו דיר פרײַ אַלצדינג, פּראָסט, ווי גאָט האָט געבאָטן. וועמעס אייסעק איז — שיין אָדער מיִעס, אויב עס פּאַסט אָדער ניט. יענעמ געפעלט נישט? לאָז ער פאַרמאַכן די אויגן, פאַרשטעקן די אויערן. געסמאַהע אים פאַרפול!.. איך בין ביסלעכווײַז געקומען צו די קרעפטן, געוואָרן רוִיקער, געטראַכט פון גלופּסק, פון דער געמויערטער באָד, און געהאָפּט צו האַשעם־ייִסבאָרעך.

אָט אַזוי בין איך מיר אין אַ שיינעם פרימאָרגן געגאַנגען צווישן ווייץ און קאָרן און פאַרגאַנגען ביז צו אַ גרויסן געדיכטן וואַלד. איך בין אַרײַן טיפלעך אַ ביסל אין וואַלד, אָפּגעלייגט זיך דאָרט מיט מײַן פּעקל, אַראָפּ־געוואָרפן פון מיר די קאַפּאָטע און זיך אויסגעשטרעקט אונטער אַ בוים

צווישן הויך גראָז, וואָס האָבן מיט די גרויסע, ברייטע בלעטער מיך פארשטעלט ארום און ארום. מײַלע, וואָס איז דאָ איבערצוטראכטן? א וואלד — א וואלד, ווי אלע וועלדער. ביימער זײַנען זיך ביימער, גראָז — גראָז, פייגעלעך — פייגעלעך, און איך בין מיר איך, און מעג מיר טאקע כאפן א דרעמל, זיך אויסרוען א ביסל פונעם וועג. איך צי מיך, גענעץ, פארמאך די אויגן און — הערט מײַן כאָלעם.

עס דאכט מיר זיך א שאָרך, עפעס ווי טריט, און א קנאקן פון דארע ריטלעך. איך שטעל אופ די אויערן און האָרך מיט צוגעמאכטע אויגן. דער שאָרך ווערט אלץ שטארקער, די טריט אלץ נעענטער. עפעס הייבט עס מיך אָן צו ארן, וויל עפענען די אויגן, נאָר שווערלעך, איך ליג ווי א קלאָץ און קען פאר גרויס מידקײַט מיך נישט רירן. די טריט אָבער ווערן באלד שטילער, איך בארויִק מיך, גיב מיך איבער דעם שלאָפ, די געדאנקען פלאָנטען זיך מיר, און ס'איז מיר עפעס גוט, אזוי גוט... עפעס הערט זיך א שטיל אומעטיק ניגנדל, דאכט זיך א באקאנטס. דאָס ניגנדל צעגייט זיך אין אלע גלידער, רײַסט ארויס א שטיק הארץ, עס גלוסט זיך וויינען, און דערבײַ פילט זיך טאקע, ווי עס קומט צו א שטיק געזונט. עפעס נאָר ווי אפ א באדעקנס פאר דער כופע. עס וויינט זיך כאָסן־קאלע און עס לאכט זיך, ביידע זאכן אײַנגיינעם, ווי א זון מיט א רעגן צו גלײַכער צײַט. — פלוצלים פיל איך, עפעס טוט מיך א נעם בא די האָר און עס טוט א געשריי. איך כאפ מיך געשווינד אופ, צענעם פאר מיר די גרויסע בלעטער פונעם גראָז — און דערזע א טעפל מיט שטארקע רויטע פּילניצעס וואלגערנדיק זיך נישט ווײַט פון מיר אפ דער ערד. ווײַטער א ביסל רוקט זיך עמעצער, ווי א נעקייווע, זיצנדיק אפן גראָז, און קוקט זיך ארום אין איינע שרעק. מיר איז באלד אײַנגעפאלן, וואָס דאָס באטײַט. יענע האָט דאָ, אפאָנעם, געקליבן פּילניצעס, פארטיפט אין דעם זוכן, און בעשאס־מײַסע, אונטערזינגענדיק עפעס א לידעלע, האָט זי פלוצלים אָנגעטאפט מײַן קאָפ און זיך שטארק איבערגעשראָקן. איך שטיי געשווינד אופ, נעם דאָס טעפל און גיי איר עס אָפצוטראָגן, מאכנדיק פונדערווײַטנס: נישקאָשע! — גאנץ פרײַנטלעך. נאָר קוים קום איך צו נאָענט, פאלט מיר פון די הענט דאָס טעפל ארויס. איך טו א געשריי, בלײַב פארמישט — און באלד שטייען מיר ביידע, שטײַפ האלטנדיק זיך בא די הענט, איך און מײַן האָרבאטע.

דאָס איז געווען טאקע וואכנדיק, נישט קיין כאָלעם. איך האָב געקוקט און געזען גאנץ קלאָר. פאר מיר שטייען געזונטע ביימער, אויבן אפ די צווײַגן שפרינגען פייגעלעך, סווישטשען, זינגען און פרייען זיך מיט אונדז אינײנעם. ביידע זײַנען מיר איבערגליקלעך, פרייען זיך און לאכן מיט טרערן. ביידע וואונדערן זיך, פרעגן איינער דעם אנדערן, פונוואנען ער האָט פלוצלים

זיכ אהער גענומענ, אונביידע ריידנ, דערציילנ, וואָס מיט איטלעכנ האָט זיכ פּאסירט.

זי דערציילט די גרויסע צאָרעס, וואָס זי, נעבעכ, איז אויסגעשטאנענ, זינט די כאַליאסטרע האָט מיכ פאראיאָרנ אינ שטעטל דאָרט אוועקגעוואָרפנ. דאָס איז געווענ דעמ מאמזערס ארבעט. אימ האָט זיכ נישט געגלוסט, מײַנ ווײַב זאָל נעמענ געט, ביכדיי זי זאָל נישט באלד צושטיינ צו אימ מיט גוואלד, ער זאָל מיט איר כאסענע האָבנ. אימ האָט נאָר געטויגט א בלינדע, אָבער נישט קיינ בלינדע ווײַב. מאכנ מיט איר כיינ אונ געלט, — דאָס זאָל ער, אונ זײַנ זאָל זי זיכ, געזונטערהייט, — יענעמס. דערבײַ האָט ער געהאט נאָכ א מיינ, מיר צו פּארוויסטנ מײַנע יאָרנ, איכ זאָל נישט זײַנ פרײַ אופגעבונדנ. אימ איז אויכ שטארק נישט געפעלנ מײַנ פרײַנטשאפט מיט דער האָרבאטער. דאָס האָט אימ שרעקלעכ געשטאָכנ, אונ ער האָט פונ זײַנ זײַט געטאָנ א מיטל, די פרײַנטשאפט זאָל נישט גיינ ווײַטער... אבי ער איז מײַנער פּאָטער געוואָרנ, האָט ער מײַנ ווײַב ביסלעכווײַז אינ די לאפּעס ארײַנגענומענ אונ איר דערנאָכ געוויזנ, ווער עלטער איז, וויסנדיק זייער גוט, אז פונ זײַנע הענט איז איר שוינ אומעגלעכ זיכ אויס־צודרייענ. וואָרעמ, וואָס קענ א בלינדע איינע אליינ טאָנ? שפּעטער האָט זי אימ זיכ שטארק צוגעגעסנ. ער האָט זי איבערגעגעבנ דעמ אלטיטשקנ, צו גיינ מיט איר אינ די הײַזער אונ מאכנ די קאָמעדיע, ווי אמאָל מיט מיר. דער מאמזער האָט איר פארצאפּט דאָס בלוט, זי געהארגעט, געשלאָגנ, אונ דער אלטיטשקער האָט באזונדער מיט איר געלערנט באָלאָק. זי איז אינ א קורצער צײַט געעלטערט געוואָרנ, פינצטער ווי די ערד. — דאָס גאנצע יאָר האָט די כאליאסטרע זיכ ארומגעשלעפּט, אינ פיל שטעט אויסגעווענ, אונ הײַנט פארטאָג זיכ געשטעלט אויסרוענ דאָ אינ וואלד. איר האָט זיכ פארגלוסט גיינ קלײַבנ פּיליניצעס אונ האָט פלוצלימ — אזוי לאָזט זי אויס מיט א שמייכעלע, — אָנגעטאפּט א גוטע פּיליניצע, מיכ אליינ...

איכ פונ מײַנ זײַט דערצייל איר אלצדינג, וואָס מיט מיר האָט זיכ פּאסירט אונ ווי איכ בינ אויכ הײַנט אינדערפרי געקומענ אהער, גייענדיק אפנ וועג קיינ גלופּסק. בא אונדז איז געבליבנ, פונ הײַנט אָנ זיכ מער נישט צעשיידנ, אײַנווענדנ אלע מיטל, מײַנ ווײַב זאָל נעמענ געט. אויב כאָלילע נישט, וועלנ מיר ביידע פונ דער כאליאסטרע אנטרונענ ווערנ, אונ ווארטנ, וואָס גאָט וועט געבנ. אונ ווי מיר זיצנ זיכ דאָ אזוי, שטארק האנאָע האָבנדיק איינער פונעמ אנדערנ, הערט זיכ אינ וואלד א קאָל: א־הו!

— דאָס איז א קאָל פונ אונדזערע לײַט, — זאָגט מײַנ האָרבאטע, — דאָס זוכט מענ מיכ.

אונ שפּעטער א ווײַלע קומט צו א פּארשוינ, וועלכנ איכ האָב באלד

דערקענט. דער פארשוינ האָט מיך עפּעס קרום אָנגעקוקט און געשמייכלט פאר זיך מיט א געשפּעט. מיר מאכן נישט לאנג שיעס און לאָזן זיך גיין. דער פארשוינ לויפט פריער, איילט זיך, אפּאָנעמ, אָנצוזאָגן די גוטע בסורע, און מיר איילן זיך נישט, גייען פּאמעלעך. הינטער א קרעטשמעלע, א כורווע, אפּ א היפּשע שטרעקע וויטלעך אינ דעמ וואלד, זע איך, שטייען באקאנטע ביידלעך. וויטער א ביסל, אפּ א פרייען פּלאץ, ארומגערינגלט מיט ביימער, ברענט א פייערל, די שיינע כאליאסטרע ארומ, און ס'איז פריילעך. דעמ ערשטנ „שאָלעמ־אליכעמ" שטעקט מיר אָפּ דער מאמזער מיט ברייטקייט, הויך אפּ א קאָל: — א, א, א גאסט, כ'לעבנ! וואָס מאכט א ייד? איך האָב טאקע נאָך אייך שוינ געבענקט, רעב פישל! — באלד דערופּ לאָזן זיך הערנ קוילעס: — קומט מעקאבל־פּאָנעמ זיינ דעמ „נאָגיד"! — און פונ אלע זייטנ שיטנ זיך מיר משונע־ווילדע, מעשוגענע „שאָלעמ-אליכעמס", מיט קניפּ און קלעפּ הינטנ־ארומ, אזוי אז דאָס היטל איז מיר פונעמ קאָפּ אראָפּגעפאלנ. און ווי איך דריי מיך דאָ, זוכ דאָס היטל, צודעקנדיק דער־וויל דעמ קאָפּ מיטנ עק פּאָלע פונ דער קאפּאָטע, און כאפּ קלעפּ גאָר א שרעק, — פליט צו מיינ ווייב מיט א פרייד אינ איינ קאָל: — ווו איז ער, מיינער? ווו, ווו? פישקע?.. — איר פרייד האָט מיך ערגער געשטאָכנ ווי פונ די פיינע־לייט די קניפּ. צומ געט טויג מיר קלאל נישט אזא פרייד, טראכט איך מיר, האָב מיך בעסער פיינט, ווי דער גאנצער אוילעמ דאָ! זי אָבער הענגט זיך אפּ מיר, אלץ: פישקע, מיינ פישקע! מיר איז שטארק נישט־גוט געוואָרנ אָנקוקנדיק זי, א בלינדע, א דארע, א שלאפּע, אלטע יידענע! ווו איז איר לייב, איר געזונט, אירע פּעטע באקנ און איר פּיסק? איך האָב מיר באדארפּט אָנטאָנ א קויעכ א פרעג צו געבנ זי, פונ יויצע ווענגנ: וואָס מאכסטו, באסיע?

— דו ביסט טאקע געראכט געווענ, פישקע, זאָגנדיק אמאָל: „אינ גלופּסק האָבנ מיר ביידע, באָרעכהאשעמ, א שיינעמ נאָמענ געהאט; איטלעכער האָט מיכ געקענט און אפּ מיר קאָוועד געלייגט" — מאכט מיינ ווייב הויך אפּ א קאָל, אלע זאָלנ הערנ, אָנעמענדיק דערביי א שטאָלצע מינע, ווי א אָפּגע־קומענער נאָגיד, וואָס דערציילט פונ זיינ גרויסקייט אינ די פריערדיקע יאָרנ, און געטאָנ א זיפּצ טיפּ פונעמ הארצנ. — גענוג זיינ נאווענאד, אהיימ, אהיימ, צוריק אהיימ פיר מיכ, פישקע, צוריק אינ אונדזער שטאָט, צו אונ־דזערע הייזער, אונדזערע באלעבאטימ! —

ס'איז מיר געוואָרנ פינצטער אינ די אויגנ פונ אירע רייד. אזעלכעס איז מיר גאָר ניט איינגעפאלנ צו הערנ פונ איר, און איך האָב מיך שטארק פארקהימט. דער מאמזער האָט זיך אויך מיעס פארקרימט, טראכטנדיק זיכער, אז איך וויל דערטאפּנ די סכוירע און בא אימ צונעמענ די פארנאָסע. איך

האָב גאָר געטראכט: אדעראבע, בא דיר בלײַב עס, איך בין דיר זי מויכל פֿונעם גאנצן הארצן. עס האָט אין אים געברענט די רעציכע, די אויגן זײַנען אים פֿארלאָפֿן מיט בלוט, אָנקוקנדיק מיך בייז. דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן פֿון זײַן אָרט, געוואָרטשעט און איז אוועקגעגאנגען שטארק אין קאעס.

ווײַבער און מיידלעך פֿון דער שיינער כאליאסטרע האָבן זיך געפּאָרעט נעבן דעם פֿײַער, צוגעשטעלט טעפּלעך, געשארט, געדוקט, געבאקט קארטאָפֿלעס. א טייל באָכערים שטייען צו און שפּילן זיך מיט זיי אונטער, דערלאנגען א זעץ, א קניפּ, און זאָגנדיק דערבײַ גלײַכווערטלעך. די ווײַבער זײַנען קלאָמפּערשט בייז, גרייט אויסצורײַסן די אויגן, זידלען, שילטן — און קײַכן טאקע באלד פֿאר געלעכטער, לאָזן זיך כאפּן ווי א הון פֿונעם האָן, וועבן ער ווארפֿט אפּ איר א אייגל מיט אראָפּגעלאָזענע, צעשפּרייטע פֿליגל, און איז מעקאבל בעאהאווע דעם פּיק, וועלכן ער טוט איר אין קעפּל. — ווידער א טייל זײַנען צעזייט, צעשפּרייט אין וואלד. איינער ליגט מיט דעם רוקן ארויף און כראָפּעט, דער אנדערער לאטעט עפּעס א קאפּטן, יענער קראצט זיך, טאפּט און זוכט עפּעס מיט א שטארק ערנסט פּאָנעם. נאָך עטלעכע שלאָגן זיך, פּרווון, ווער וועמען וועט בײַקומען. עס קאָכט זיך, עס ראשט זיך, כעוורע לעבט!.. מײַן ווײַב האלט מיך פעסט מיט די הענט, גאָר איין גוף, איין נעשאָמע; רעדט און רעדט פֿאר פֿײַער, פֿאר וואסער, זי קלאָגט זיך אפּ איר פּינצטערן מאזל, דערציילט איר שווער־ביטער געמיט, וויאזוי זי איז עס א ביסל אָפּגעקומען, און ווינטשט נישט אנדערש, איך זאָל זי פֿונדאנען אוועקפֿירן, לעבן מיט איר אײנייגעם, ווי גאָט האָט געבאָטן, ביז הונדערט מיט צוואנציק יאָר. איך ענטפֿער איר איין וואָרט אפּן צענטן, עפּעס אָן לאָשן, און זוך, ווי פֿון אירע הענט זיך אויסצודרייען. אז איר האָט זיך שוין אויסגעלאָזט רייד און מיר זײַנען שוין געוואָרן אפּ איין אָרט זיך אָנגעזעסן, איז מיר לעסאָפּ געראָטן פֿון איר זיך אויסצודרײַסן, א ביסל פֿרײַ צו עטעמען. איך האָב באלד אויסגעזוכט מײַן האָרבאטע און מיט איר שטילערהייט אוועק א ביסל אין דער זײַט. דער שמועס אונדזערער האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אז ס'איז שטארק נישט פֿריילעך. פֿון געטן זיך מיט מײַנער איז גאָר נישט צו דענקען. זי וועט פֿארוואָרפֿן מיטן קאָפּ, נישט וועלן אפֿילע הערן. ווידער זשע דאָ צו בלײַבן בא דער גוטער קנופּיע, איז אוואדע נישט גוט. דאָס הייסט פּאָשעט, זיך פֿארקויפֿן דעם רועך, אפּדאָסנײַ ווערן א בער און טאנצן אפּ די לאפּקעס. וואָס דען זשע טוט מען? א היפּשע צײַט זײַנען מיר אזוי געזעסן, און אונדזער שמועס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט: איין ברייירע, מען באדארף מאכן א פּלייטע! און אזוי ווי די כאליאסטרע האָט בעדייע דאָ צו נעכטיקן,

איז כאר אונדז קיינ בעסערע צײַט און קיינ בעסער אָרט נישט געווענ, ווי אָפּצוטאָנ עס טאקע די הײַנטיקע נאכט, דאָ אינ דעמ וואלד. ווי מיר זיצנ אונ באטראכטנ גוט דעמ פּלאנ, ווײַזט זיכ פונדערווײַטנס דער מאמזער מיט עפּעס א פּאָר פערד. — לאָמיר נישט ווארטנ, — זאָגט מײַנ האָרבאטע, — ביז ער וועט צוקומענ נעענטער. עס טויג נישט, ער זאָל אונדז זענ זיצנדיק אינײינעמ. בעסער לאָמיר באצײַטנס זיכ צעגיינ.

זי גייט אוועק אינ איינ זײַט, אונ איכ אינ דער אנדערער.

דער מאמזער איז עפּעס ווי שטארק באשעפּטיקט געווענ, זיכ אלצ גע־סוידעט מיט דעמ אלטיטשקנ, וואָס איז געווענ זײַנ גאנצער פליגל־אדיוטאנט. איכ האָב אויסגעמיטנ, מיט דעמ מאמזער זיכ נאָענט נישט צו באגעגענענ, אונ מיכ געהאלטנ אלצ באזונדער. בעשאס כעוורע האָט געארבעט, געשטיפּט, פארטראָגנ געווענ מיט זיכ, איז צו מיר צוגעגאנגענ מײַנ האָרבאטע, מיר אײַנגערוימט אינ אויער, אז איידער די זונ וועט זיכ זעצנ, וויל דער מאמזער זיכ רירנ מיט דער כאליאסטרע אינ וועג ארײַנ. די פּאָר פערד, וועלכע ער האָט געבראכט צו פירנ, זײַנענ געגאנווענטע, אונ ער אײַלט זיכ, אפּאָנעמ, דעריבער אוועק פונדאנענ. פונ אונדזער פריִערדיקנ גאנצנ פּלאנ האָט זיכ אויסגעלאָזט א טײַכ. איכ בינ געבליבנ שטיינ אָפּהענטיק, נישט צו וויסנ וואָס מענ טוט. עס האָט מיכ פארקלעמט באַמ הארצנ פאר גרויס פארדראָס, אזוי אז דער קאָפּ האָט זיכ מיר געדרייט, אונ מיכ קוימ געהאלטנ אפ די פיס. מײַנ האָרבאטע האָט מיכ אָנגעקוקט מיט גרויס ראכמאָנעס, די אויגנ האָבנ איר געברענט ווי פײַער. דאָס פּאָנעמ האָט איר געפלאמט, אונ נאָכ דעמ, אז זי האָט א ווײַלע געטראכט, זאָגט זי צו מיר מיט א ציטערדיק קאָל:

— פישקע! זאָלסט שפּעטער א ביסל זיכ געפינענ אינ דעמ כורוועלע, דאָרט אפנ בוידעמ. דו פארשטייסט?

— איכ פארשטיי, פארשטיי, — רופ איכ מיכ אָנ לעבעדיק, אונטער־שפּרינגענדיק פאר פרייד. — אונ דו וועסט דערנאָכ אהינ אונטערקומענ?

— יאָ, שא! — מאכט זי אונ טוט מיטנ קאָפּ א שאָקל אפ יאָ. — לעמאנ־האשעמ, שטיל! דו הערסט?

מיט מײַנ ווײַב האָב איכ נישט געהאלטנ פאר אזוי נייטיק זיכ צו גע־זעגענענ, האגאמ ס'איז אפ איר געווענ א ראכמאָנעס. נאָר ווער איז איר שולדיק? זי האָט געגעבנ דעמ ערשטנ ריס, אונ דער ריס צווישנ אונדז איז געוואָרנ דערנאָכ אלצ גרעסער, גרעסער. פארפאלנ, וואָס האָב איכ גע־קענט טאָנ? אז, גאָר אכוץ אלע אנדערע זאכנ, איז מיר אומעגלעכ געווענ מיט איר אפ ווײַטער זיכ צו פארבינדנ. אומעגלעכ מיט איר זיכ צונויפגיינ, ווי דער הימל מיט דער ערד. איכ האָב, עס פארשטייט זיכ, פארגעסנ דעמ „זײַ־געזונט“ אונ שטילערהייט זיכ געלאָזט גיינ צו דעמ כורוועלע.

מיט וואָס פאר א הארצ איכ בינ אינ דעמ כורוועלע ארײַנגעגאנגענ, איז גרינג צו פארשטײנ. נאָכ אזויפיל פײַנ אונ געבראָטענע לײד האָט גאָט געוואָלט צונויפירנ מיכ מיט דער האָרבאטער אינ אײנ וויסט קרעטשמעלע, וואָס דאָ האָט באדארפט אויסגעשפּילט ווערנ אונדזער בײדנס גורל, אונ פונ אצינד אָנ אָנהײבנ צו פירנ א נײַ לעבנ. ארופקריכנ אפנ בוידעמ איז מיר אָנגעקומענ זײער גרינג. וואָרעמ דאָס שטיבל איז געווענ נידעריק, מיט דער הינטערשטער וואנט, וואָס אינ הויז ארײַנ, אָנגעבויגנ קימאט ביז צו דער ערד. די סטעליע איז געווענ ערטערווײַז געלעכערט מיט גרויסע שפּאלטנ, אזוי אז מענ האָט געקענט פונעמ בוידעמ ארײַנקוקנ אינווײניק אינ דעמ שטיבל ארײַנ. איכ זיצ מיר אינ א ווינקעלע אונ ווארט. עס טיאָכקעט מיר דאָס הארצ, קלאפּט ווי מיט א האמער, איטלעכע מינוט ציט זיכ מיר ווי א יאָר. איכ האָרכ מיכ צו צו א מינדסטנ שאָרכ. א מינדסטע באוועגונג פונ א שטרויעלע ערגעצ — דאכט זיכ מיר טריט, זי גײט... א מינדסט בלאָזעלע פונ א ווינטעלע — דאכט זיכ מיר מײַנ נאָמענ, זי רופט... פלוצלימ קומט מיר צו די אויערנ פונעמ שטיבל אונטנ עפּעס א קאָל. דער געדאנק, אז דאָס איז זי, אָט איז זי, באלד, באלד ווערנ מיר אויסגעלײזט, — האָט מיכ צעקאָכט, געוואָרפנ פונ היצ אינ קעלט. איכ וויל מיכ אָנרופנ, פארכאפּט מיר אָבער דער אָטעמ, עס דינט מיר נישט דאָס מויל. אינ דער דאָזיקער הײסער רעגע הער איכ טאקע גאנצ שארפ מײַנ נאָמענ, אונ די אויגנ מײַנע דערזעענ דורכ א שפּאלט — ווענענ? אוי, דעמ מאמזער מיט דעמ אלטיטשקנ!.. זײ שמועסנ צווישנ זיכ אזוי:

— דו נעמ אפ דיר דײַנ שטיקל סכוירע, — זאָגט דער מאמזער. — גיב אכטונג, די בלינדע מאכעשײפעטע זאָל זיכ נישט אויסגליטשנ. פארשטײסט?

— נישקאָשע, — ענטפערט דער אלטיטשקער, — מײַנס האָב איכ שוינ געטאָנ, איכ האָב נאָר מוירע, זי זאָל נישט פײגערנ. דער אלטער שקראב ליגט אצינד ווי א טויטע אונ קענ זיכ נישט רירנ, אזוי האָב איכ איר געבראָכנ די בײנער.

— אונ דעמ הינקעדיקנ פלאסקעדריגע, — פירט אויס דער מאמזער, — נעמ איכ אפ מיר. אָנקוקנ קענ איכ נישט זײַנ פארצעפּ־פּאָנעמ, אזוי פײַנט האָב איכ אימ. איכ וועל מיכ מיט אימ אָפּרעכענענ; נישקאָשע, איכ האָב נאָכ מיט אימ אלטע כעזשבוינעס.

ס'איז מיר אנטפאלנ דער מאמעס מילכ, הערנדיק אזעלכע שרעקלעכע ווערטער.

— ווי עס זעט אויס, — מאכט דער אלטיטשקער, — זײַנענ דײַנע געלאקכנטע סוסימ ייִדישע. דארע, דערשלאָגענע, קאָלטענעוואטע, מיט אויסגע־

קרימטע רוקנס, מיט דינע העלדזלעך, גערגעלעך און מערידן, ווי אונדזערע פאראפאָטשקעס, פײַנע־בעריעס.

— אָפּפּאלן זאָל דיר די צונג, דו אלטער שטורמאק! — זידלט זיך דער מאמזער — גיי בעסער, זוך, שמעק, קעלעוו איינער, דאָ אין הויז, אפּן בוידעם, טאָמער וועסטו פּאָציאפּען עפּעס אלטע באלעגאָלישע זאכעניש, וואָס קענען אונדז טויגן. פּאָרט איז דאָך עס אמאָל געווען א אײַנפאָר־הויז, מישטיינסגעזאָגט.

עס באשלאָגן מיך אנגסטן, מיר איז נישט גוט צום שטארבן. איין פוס ציטערט מיר שטארק און טוט, נישט ווילנדיק, א זעץ אין דער סטעליע, די פּאָר שיינע־לײַט פארײַסן די אויגן ארוף, שטייענדיק א ווײַלע פארגאפט. דערנאָך לאָזן ארויסביידע אין איין קאָל:

— עפּעס שיט זיך פון דער סטעליע! מען באדארף טאָן דאָרט א קוק.

עס פארדרייט מיר זיך דער קאָפּ. עס קלינגט מיר אין די אויערן, שווינדלט אין די אויגן, און איך שוועב עפּעס אין לופטן...

יאָ, טאקע אין לופטן. א פּאָר אײַזערנע הענט טוען מיך א כאפּ און שלײַדערן מיך פונעם בוידעם אראָפּ אפּ דער ערד. איך דערהער, ווי מען מאכט מיר א ברייטן „באָרעך־האבע" מיט דעם גאנצן טיטל: סקאָצל קומט, רעב פישל! און דערזע באלד פאר מיר דעם מאמזער מיט א פּאָנעם, — א שרעק אָנצוקוקן, עפּעס נאָר א פּאָנעם ווי בא א קאץ, בעשאס זי קלײַבט זיך צו דערשטיקן דאָס געכאפּטע מײַזל. דעם אלטיטשקן האָב איך שוין נישט געזען; ער איז, אפּאָנעם, אוועק, איבערלאָזנדיק מיך אויג אפּ אויג מיט דעם מאמזער.

— אנו, נעפעשל, — מאכט דער מאמזער, — זאָג ווידע!.. דאָס, וואָס איך האָב באדארפט טאָן דיר אמאָל, דאָרט אין קעלער, וועל איך עס דיר טאָן אצינד. פײַוועשקע, פארגעסט נישט, נישקאָשע.

איך פאל אים צו די פיס, וויין, בעט מיך בא אים, ווי בא א גאזלען, מיר צו שענקען דאָס לעבן. עס העלפט נישט. ער נעמט ארויס א מעסער, האלט עס מיר אקעגן די אויגן, מיט גרויס האנאָע צוקוקנדיק, ווי איך צאפּל, פלאטער. איך פּרווו מיך אײַנשמועסן אים מיט דעם גאניידן, זאָג אים צו אוילעם־האבע א גאנצע וועלט, שענק אים מײַן כיילעק לעוילעם־האבע אויך, אלצדינג וואָס נאָר מעגלעך. ער שטשירעט אויס אויגן און שווײַגט. איך הייב אָנעט צו שרעקן אים מיט דעם געהענעם, מיט גאָטס מישפּעט, דער אייבערשטער וועט אים שטראָפן, זיך נויקעם זײַן פאר אומשולדיק בלוט. ער פארבײַסט די ליפּן, טוט א הייב אין דער הייך דאָס מעסער — און אין דער שרעקלעכער רעגע, וואָס אָט־אָט ליגט מיר דער כאַלעף אפּ דעם האלדז, טוט עס אים פּלוצלים עפּעס א כאפּ פון הינטן, גאָר

ניט מיט קיין מענטשלעכן געשריי: ניין, ניין, ווערסט עס נישט טאָן! — ער ווערט שטארק פארמישט און קוקט זיך אין שרעקעניש ארום.

דאָס האָט אים א כאַפּ געטאָן דאָס האָרבאַטע מיידל.

— כצופע, ארויס! — דערלאנגט דער מאמזער א געשריי, באלד ווי ער איז צו זיך געקומען. — ארויס, כצופע! וואָרעם...

— ניין, ניין, פונדאנען גיי איך נישט ארויס! דערהארגעט זאָל איך דאָ ווערן אינאיינעם מיט אים! — שרייַט באהארצט די האָרבאַטע און פאלט דעם מאמזער אפן האלדז, וויינט מיט ביטערע טרערן, גלעט אים און כאַלעשט פאר אים, ער זאָל מיך אָפּלאָזן, זאָגט אים צו דאָס אייביקע לעבן און א שטול אין גאַניידן. דער מאמזער טוט זי פון זיך א וואָרף ווי א מיאטשיק. שילט, פלוכט אפּ וואָס די וועלט שטייט, און אז די רעציכע איז אים א ביסל אָפּגעגאנגען, ווענדט ער זיך צו מיר מיט די ווערטער:

— עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך אליין האָב דאָ דיך, מיין טייערסטע, נישט „געבאלדאָוועט", נאָר אויב דיר האָט געשפּילט דאָס טרייפענע מאזל דייַנס, איך זאָל דיך, פארשטונקענע נעפּעשל, נישט צעקוועטשן ווי א קינע, דאַרף איך אייגענע טרוקן ארויס פון מייַנע הענט וועט ער נישט.

ער נעמט א שטריק, מיט וועלכער ער איז געווען ארומגעגארטלט, שטעלט זיך בינדן מיר הענט און פיס, מאכנדיק דערבייַ:

— ליג זשע דאָ שטיל, הונט איינער, קיין פארע זאָל מען פון דיר נישט הערן! ליג ביז די פעגירע דייַנע וועט דאָ אפ דיר קומען. נאָר געדענק זשע, פלאסקעדריגע, טאָמער טרעפט זיך דיר א נעס, עפּעס א באָבע דייַנע אין קייווער וועט זיך פאר דיר מיען, און גייסט פונדאנען א לעבעדיקער ארויס, זאָלסטו זיך היטן, מיר פאר די אויגן זיך נישט צו ווייַזן, וואָרעם באלד „פלומפל" איך דיך און מאך כיק...

אָפּגעטאָן מיר מייַן רעכט, נעמט ער זיך צו דער האָרבאַטער, וואָס האָט זיך געוואלגערט אפ דער ערד, געיאָמערט, געקלאָגט, קוקנדיק אפ מיר, און זיך געריסן בא די האָר.

— א, דו כצופע איינע! — בייזערט זיך דער מאמזער, א שטופ געבנדיק זי, נעבעך, מיטן פוס, — איך ווייס, נישקאָשע, פארשטיי אלצדינג. דאָס איז געווען א אָפּגערעדטע זאך — א כאסענע אָן קלעזמער. דאָ אפן בוידעם... א שיינע מיידעלע, נישקאָשע, און פאר מיר גיט זי זיך אויס פאר א רעבעצן... פון הייַנט אָן וועסטו שוין בא מיר וויסן, כצופע איינע!..

ער טוט זי א כאַפּ אין די הענט, און אומקערנדיק זיך צו מיר מיט א זאָג: שא, הונט, געדענק מייַנע ווערטער! ווערט ער מיט איר געשווינד אנטרונען.

אין גהענעם קען מען אזויפיל יעסורים נישט לייַדן, וויפל איך האָב

איבערגעליטן. איך בין געווען נישט אין געהענעם, נאָר דער געהענעם אין מיר. עס האָט אין מיר געקאָכט, געברענט א העליש פײַער. די האָר זײַנען מיר געשטאנען קאפויר. עפּעס האָב איך געפילט, זיי שטעכן מיך ווי שפּילקעס, — און דאָ טאָר מען נאָך נישט הויך ווײנען, נישט טאָן קיין פּיפּס.

שפּעטער א ביסל האָבן מיר אין די אויערן זיך פארטראָגן קוילעס: א סקריפּ פון רעדער, א ליארעם, א געשריי פון מענטשן. דאָס באטײַט, כעוורע האָט זיך געוירט. די באליאסטרע האָט זיך געלאָזט אין וועג ארײַן, און מיט דעם פּעקל לײַט — מײַן הארץ, מײַן גוטע, בידנע, אומגליקלעכע האָרבאטע, נעבעך.

א היפּשע לאנגע צײַט בין איך געלעגן ווי א שטומע שאָף, געבונדן אף אלע פיר, מיט אויגן ווי די באנקעס פון הייסע טרערן. די שטריק האָט מיר זיך אײַנגעשניטן אין לײַב ארײַן און בא א מינדסט רירעלע מיך געשניטן ווי א מעסער. עס האָט מיך דערצו נאָך געברענט א טרונק, — אָט, האָב איך געמיינט, עקט מיר זיך דאָס לעבן. פאר גרויס ווייטעק האָב איך דערנאָך אָנגעהויבן שרײַען, טאָמער וועט עמעצער דערהערן. די כאליאסטרע האָט, נאָך מײַן רעכענונג, שוין געמוזט אײַנפּאָרן גאנץ ווײַט. איך שרײַ, אָבער אומזיסט, שרײַ צו דער וואנט! עס טריקנט מיר אין האלדז, עס באשלאָגן מיך אנגסטן. דאָס שרײַען קומט מיר שוין אָן שווער, איך מוז צווישן אָפּרוען. די לאגע מײַנע ווערט וואָס ווײַטער — ערגער. נישטאָ שוין קיין קויעך צו שרײַען. די נעשאָמע הענגט מיר אפן שפּיץ נאָז, דער מאלכאמאָוועס, פיל איך, איז נאָך איר געקומען, מען באדארף שטארבן, יונגערהייט פון דער וועלט גיין. איך טו מיר אָן א קויעך, נעם זיך צורייסן מיט אלע קרעפטן און טראכט, לאָמיך כאָטש טאָן דאָס לעצטע געשריי — לאָז הילכן די טקיע־געדוילע פון מײַן אומגליקלעך לעבן...

נאָר גאָט אָבער האָט אײַך, רעב אלטער, געבראכט, איר זײַט מיר בײַגעשטאנען אין דער נויט און מיך דערהאלטן באם לעבן.

## 25

אז פישקע האָט געענדיקט זײַן אומעטיקע מײַסע, איז צוגעפאלן די נאכט און אונדזערע פערדלעך האָבן זיך פארשלעפּט צום גרינעם בארג, וואָס פאר גלופּסק.

דער גלופּסקער גרינער בארג איז באקאנט קימאט דער גאנצער וועלט. נאָך פון גאנץ אלטע צײַטן טראָגט זיך וועגן אים ארום צווישן דעם אוילעם א לידל, וואָס קינד־און־קייט קענען עס, וואָס אלע מאמעס און אמען

נעמען דערמיט איין און פארוויגן ברעקלעך קינדער. מיין מאמע, זאָל האָבן א ליכטיקן גאניידן, פלעגט מיר קינדווייז אויך אלץ זינגען דאָס לידל:

„אפ דעם גרינעם בארג,
אפ דעם הויכן גראָז,
שטייען א פּאָר דייטשן
מיט די לאנגע בייטשן.
הויכע מאנען זיינען זיי,
קורצע קליידער טראָגן זיי,
אָווינו מעלעך"...

דאָס לידל פלעגט מיר זייער געפעלן, פיל בעסער פון אלע לידלעך. עפּעס איז מיר דער גרינער בארג אזוי וווּנדער-שיין פאָרגעקומען אין מיין קינדערישן קעפל! עס האָט מיר זיך געדאכט, ער איז נישט גלאט גראָב פון ערד, ווי די פּראָסטע בערגלעך ארום מיין שטעטל, ניין! ער איז עפּעס, ווי זאָגט מען עס, גאָר „קעצאפּיכ'ס"... ווי דער האר־האזייסים, דער באר'ג לעוואָנוין, פון ערעציסראָעל־ערד. — און די דייטשן דאָרט, זיי זיינען מיר פאָרגעקומען עפּעס גאָר מעשונע־ווילד, איך בעט זיי מעכ'ילע, עפּעס אזעלכע מינע באשעפעניש, מינע בעהיימעס אזעלכע, אָקסן, שויר־האבאָרן... זיי שמייסן מיט די לאנגע בייטשן און לאָזן צו גלופּסק נישט צוטרעטן, ווי דער סאמבאטיען — צו די רויטע יידעלעך. אריין אין גלופּסק — מוז מען כאפּן א שמיץ! און אלע דאָרט האָבן א פּאָנעם פון אָפּגעשמיסענע... שפּעטער, אז איך בין ארויס פון די קינדערשע שיכלעך און אויסגעוואקסן א וועלט, אין גלופּסק אויך, האָב איך שוין געזען אלצדינג מיט אנדערע אויגן און פארשטאנען ווי עס געהער צו זיין דעם פשאט פונעם לידל. דער גרינער בארג—איז פּאָשעט טאקע א בארג, נישט אזוי גרין ווי בלאָטיק, זייער גריבערדיק. און די דייטשן, הויכע מאנען דאָרט, — זיינען געזאָגט געוואָרן אקעגן יענע מאנען מיט לאנגע הענט און קלעפּיקע פינגער, וואָס לאקכענען און שניידן אָפּ קלימקעס. געוויינטלעך איז דער שטייגער, דאָס ערשטע מאָל ארייַנצופאָרן קיין גלופּסק אָן א קלימעק. דערנאָך, אז מען איז שוין גוט אָנגעלערנט, לאָזט עס עטלעכע ווערסט פאר גלופּסק עפּעס נישט רוען. די אויגן כאפּן, ווי פון זיך אליין, א קוק הינטערןביידל, די הענט — א טאפּ דאָס קלימעקל, די בוזעם-קעשענע, צושפּיליענדיק די קאפּאָטע אפּ אלע קנעפּלעך. איך בין אויסן דערמיט, אז דערגרייכנדיק דעם גרינעם בארג, האָבן אלע אונדזערע אייוור'ים, די נאָז אויך, געפילט פונדערווייטנס ג ל ו פּ ס ק. און ערשט שפּעטער א ווייַלע, אז מיר האָבן אין אלע זייטן זיך גוט ארומגעקוקט, א טאפּ געטאָן אין וואָגן, האָב איך מיך

דערמאָנט אין פּישקען און געזען, ווי ער זיצט, נעבעך, פאַרומערט, שטאַרק באַטריבט.

איך נעם מיך טרייסטן פּישקען, שטאַרקן אים מיט גוטע רייד, מאַכנ־דיק זיך דערביי קלאָמפּערשט פריילעך, און לאָז אויס מײַנע טרייסט-ווער־טער מיט דער אַנדערער העלפט פונעם פריִערדיקן באַקאַנטן לידל:

„...אָווינו מעלעכ —
דאָס האַרץ איז מיר פריילעכ,
פריילעכ וועלן מיר זײַן,
טרינקען וועלן מיר וויין,
קרעפּלעכ וועלן מיר עסן —
און אונדזער ליבן גאָט
קיינמאָל ניט פאַרגעסן".

— זאָרג נישט, פּישקע! אונדזער ליבן גאָט באַדאַרף מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ער קען העלפן.

— איך פרעג אײַך נישט מער, רעב מענדעלע! — מאַכט פּישקע מיט א ביטער געמיט, — צו וואָס האָט עס גאָט באַדאַרפט מיך מיט איר ווידער צונויפירן, ביכדיי באַלד טאַקע אונדז צעשיידן? עס זאָל אונדז פּלוצלים א שײַן טאָן דאָס מאַזל, ביכדיי באַלד טאַקע זאָל אונדז נאָך ערגער פּינצטער ווערן אין די אויגן?.. ס'איז עפּעס נאָר ווי א צולאָכעס! און גוואַלד, ריבוינעשעלוילעם, אַקעגן וועמען? אַקעגן צוויי אומגליקלעכע, ביטערע קא־ליקעס, וואָס איידער אַזאַ וויסט לעבן אין יעסורים, אין ווייטעק, וואָלט פאַר זיי פיל גלײַכער געווען גאָר ניט געבוירן צו ווערן...

איך מאַך א פרום פּענעמל, און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, זאָג איך: טע־טע-טיי! — וואָס האָט אַזויפיל בעהייסן: מען טאָר נישטריידן אַזוינס!.. געזאָגט האָב איך עס, נישט ווײַל דאָס איז בא מיר געווען א גוטער ענט־פער אף דער קאשע, נאָר גלאַט אַזוי, ווײַל דער שטייגער אין דער וועלט איז שוין אַזוי, אַז איינער פרעגט פאַר צאָרעס שטאַרקע קאשעס, מוז דער אַנדערער זאָגן מוסער, אָפּשלאָגן אים כאָטש מיט טע־טע-טיי. אָפּזאָגנדיק דעם מוסער, פון יויצע־וועגן, עפן איך באַלד א מויל און רייד ווערטער פּאָשעט ווי א מענטש, אַזוי:

— זאָג נאָר, פּישקע, ווי דאָס מיידל הייסט? ביז אהער האָסטו זי אַלץ גערופן די האָרבאַטע, מײַן האָרבאַטע, אַצינד וויל איך וויסן, ווי זי הייסט.

— אַקעגן וואָס, רעב מענדעלע? — רופט זיך אָן פּישקע, אָנקוקנדיק מיך פאַרוואונדערט, — אַקעגן וואָס, איך בעט אײַך, ווילט איר עס אַזוי וויסן? צו וואָס אומזיסט אויסגעבן א מיידלס נאָמען?

— פאַרשטייסטו, נאַרעלע, — ענטפער איך, — דאָס קען א מאָל צוניץ קומען. אַפ מײַנע נעסיעס קען זיך מאַכן, איך זאָל עפּעס נאָכשמעקן, אויספאָרשן. לאָמיך וויסן איר נאָמען. נישקאָשע! זייער מעגלעך, דו פאַרשטייסט? אז דײַן שאָדן זאָל זיך נאָך אופזוכן, איך זאָל זײַן דער שעליעך.

— ב ײ ל ע הייסט זי, — כאַפּט זיך פישקע זאָגן מיט א קאָל, — זי הייסט ביילע!

פלוצלים הערט זיך עפּעס א שטאַרקער קרעכץ מיט א קלאַפּ, ווי עס האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן. איך קוק מיך דערשראָקן אום און דערזע: מײַן אַלטער ליגט אויסגעצויגן אַפן וואָגן, זיפצט און איז בלייך ווי די וואַנט.

— וואָס איז אײַך, רעב אַלטער? — טו איך אים א פרעג. — איר ווילט עפּשער נעמען א ביסל בראַנפן! אײַך איז נישט גוט?

— בע!.. — ענטפערט אַלטער, שטאַרקט זיך און זעצט זיך ווידער אוף.

— זאָג מיר, פישקע, — הייב איך ווײַטער אָן נאָך דעם, אז איך האָב מיך באַרויקט וועגן אַלטערן, — ווייסטו נישט, ווי די מאַמע אירע האָט געהייסן און פונוואַנען זי איז?

— יאָ, — ענטפערט פישקע, — מײַן האָרבאַטע האָט מיר דערציילט, אז איר מאַמע פלעגט מען רופן ע ל ק ע. זי געדענקט, ווי דורכן שלאָף, אז די מאַמע האָט זיך געגעזעגנט מיט איר מאַן אין ט ו נ ע י א ד ע ו ו ק ע. זי פלעגט עס זייער אָפט דערמאָנען און אויסלאָזן איר שווער־ביטער האַרץ צו איר ווײסט טעכטערל, נעבעך.

— מיט איר מאַן אין טונעיאַדעווקע! — מאַך איך פאַרוווּנדערט. — ווער זאָל דאָס דאָרט זײַן איר מאַן, דער ראָשע־מערושע מיט א שטיינערן האַרץ, וואָס האָט דערווײַטערט זײַן קינד, זי געמאַכט אַזוי אומגליקלעך? הא, טאָמער ווייסט איר, רעב אַלטער, וויאַזוי זאָל ער דאָרט בא אײַך אין שטעטל הייסן?

אַלטער איז געזעסן ווי א טויטער, אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגן, געקוקט עפּעס מעשונע־ווילד מיט א אָפן מויל, אַזוי אז ס'איז מיר אַנטפאַלן דאָס געזונט.

— ער האָט געהייסן... — רײַבט פישקע דעם שטערן און וויל זיך דערמאָנען דעם נאָמען, — ער האָט, האָט, דאַכט זיך, געהייסן... וואַרט א ביסל...

— אַלטער הייסט ער!.. — טוט אַלטער א געשריי און פאַלט אַנידער אַפן וואָגן.

— יאָ, טאַקע אַזוי, אַזוי! — זאָגט פישקע, קוקנדיק אַפ אַלטערן, נישט אָנהייבנ צו פאַרשטיין, וואָס זײַן געשריי באַטײַט. — דאַכט זיך נאָך, עפּעס אויך א צונעמעניש, יאַקנעהאָז. די מאַמע פלעגט באַם טעכטערל שטיקער פלייש אויסרײַסן, רופן זי דערבײַ יאַקנעהאָזעכע, יאַקנעהאָזס טעכטערל,

ווען זי פלעגט האָבן גרויסע צאָרעס, ווען מען האָט זי אָפּגעשאַפּט פונעם אָרט.

איך אָבער האָב מיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס די גאַנצע מײַסע באַטײַט, און בין געבליבן עפּעס ווי מען גיסט אײנעם אָפּ מיט א אָקרעפּ.

אלטער כליפּעט און שלאָגט זיך מיט דעם קולאַק אין האַרצן, מאַכנ־דיק דערבײַ:

— אמנם חטאתי! [1] איך האָב איר פאַרוויסט דאָס לעבן. זי, נעבעך, איז טאַקע גערעכט:

„דער טאַטע האָט זי געקוילעט"...

א שטראָף פון גאָט איז דערפאַר פון א צײַט אָפּ מיר אָנגעשיקט גע־וואָרן. וווהין איך קער מיך און ווענד מיך, גייט עס מיר נאָר שלימ־שלימאזל...

איך הייב אָן פאַר ראַכמאָנעס צו טרייסטן מײַן אלטערן, רייד אים אויס דאָס האַרץ און פאַרגלעט א ביסל זײַנע זינד: ער איז דאָך נישט מער ווי באָסאָר־וועדאָם, פלייש און בלוט. דער יעיצערהאָרע איז בא אונדז, זינדיקע מענטשן, זייער גרויס. גאַנץ גרויסע צאַדיקים אפילע זײַנען אין אזעלכע זאַכן... געכאַפּט, און קענען אין דעם איניען פון כאַטענע־האָבן מיט דעם יעיצערהאָרע גאָרנישט מאַכן. זייער פיל פון אונדזערע עלטערן, צאַדיקים, זײַנען געווען לאַפּנמיצלעך, געלעגן אונטער דעם ווײַבס פּאַנטאָפל, געטאָן איר ווילן און צעטריבן אפילע אייגענע קינדער פון א אַנדער ווײַב, אויב נאָר זי האָט געהייסן...

פישקען זעט די גאַנצע זאַך אויס עפּעס מעשונע. ער זיצט פאַרווונ־דערט מיט א פּאָר אויסגעשטעלטע אויגן, קוקט ווילד עפּעס אָפּ אלטערן, אָפּ מיר און ווייסט נישט וואָס צו טאָן.

דערווײַל ווערט שטאָק־נאַכט. די שטערן פינקלען, ווינקען צו אונדז פונעם הימל מיט זייערע שײַנענדיקע ליכטיקע פּענעמלעך, גלײַך ווי זיי מישן זיך אַרײַן אין אונדזער שמועס, ווילן עפּעס זאָגן, און באַם עק הימל הייבט אָן, ווי פון דער ערד, אַרויסצוגיין א גרויסע לעוואָנע, רויט ווי פײַער. דאַכט זיך, זי קוקט גלײַך גאָר אָפּ אונדז. אַלע דאָרט אויבן קוקן, דאַכט זיך, ווילן זען דעם שפּיץ, מיט וואָס די דאָזיקע מײַסע וועט זיך אויסלאָזן... מײַן אלטער זעצט זיך געשווינד אויף, הייבט אויף זײַנע אויגן צום הימל און רעדט מיט האַרץ:

— איך שווער בא דעם, וואָס לעבט אייביק, אז איך וועל נישט קו־מען אהיים צום ווײַב און קינדער, נישט כאַסענע מאַכן מײַן בסולע, ביז

---

1 אָמנאָם כאָטאָסי.

איך זוך נישט אוף מײַן פארוואָגלט קינד! הימל און ערד זײַנען איידעס! איך פאָר טאקע באלד, און ווײ, ווײ דאָרט דעם, וואָס וועט זיך מיר אקעגנ־שטעלן...

פישקע פאלט ארופ אלטערן אפן הארצן, האלדזט אים, קושט א היפשע ווײַלע אָן וווערטער, און איז שטארק צעמישט. דערנאָך שיסט ער אויס אפ א וויינענדיק קאָל מיט א געבעט:

— גוואלד ראטעוועט, ראטעוועט זי...

מײַן אלטער שפרינגט געשווינד אראָפּ אפ דער ערד, קריכט ארופ צו זיך אפן וואָגן, און געזעגענענדיק זיך מיט אונדז פונדערווײַטנס, דרייט ער אויס דעם דישל, טוט א שמיץ די שקאפּע און פאָרט זײַנע וועגס. איך מיט פישקען קוקן מיר אים א היפשע צײַט פון הינטן נאָך, נישט צו ריידן קיין וואָרט. דערנאָך גיב איך א בליק צום הימל, — די לעוואָנע און שטערן גייען זיך זייער גאנג, גאָר נישט דאָס פּאָנעם וואָס פריער, שטארק הויך, האָפּערדיק, ווײַט, ווײַט פון אונדז, מענטשעלעך. עס ווערט עפּעס אומעטיק נישט פריילעך אפן הארצן...

איך טו א שמיץ מײַן אָדלער, ער זאָל מוחל זײַן זיך שלעפּן א ביסל גיכער, — און שפּעטלעך באנאכט פּאָרט מײַן ביידל איבער די גריבערדיקע גאסן פון גלופּסק מיט א קלאַפּעדרײַ, א געשריי, אָנזאָגנדיק דעם אוילעם, הנה[1] זײַט וויסן, נאָך צוויי פרישע יידן זײַנען אָנגעקומען קיין גלופּסק!...

---

[1] היניי.

מ. װײַנער

# מענדעלעס סטיל

(װעגן „פישקע דער קרומער״)

„ווירקנ אפ א פאָלק מענטשנ קאָנ נאָר אזעלכער, וואָס איז ביינ פונ זייער ביינ, פלייש פונ זייער פלייש, וואָס האָט געליטנ איינע צאָרעס, געפילט איינע ווייטעקנ מיט זיי”.

(מ ע נ ד ע ל ע, האקדאָמע צום „ווינטשפינגערל”. 1888).

...„א ליטעראטור, וואָס האָט ניט קיינ שייַכעס צום פאָלק אונ צו זייַנ בויט אונ וואָס ווערט פונ דעמ ניט באווירקט, — קאָנ אפ קיינעמ ניט ווירקנ. זי האָט ניט קיינ אינטערעס פארנ פאָלק אונ זי איז איבעריק אינעמ לעבנ. די פאָלקס־מאסע כידעשט זיכ, וואָס אזא ליטעראטור איז גאָר פאראנ, אונ פרעגט; צו וואָס איז זי, וואָס וויל זי, וואָסער הילפ ברענגט זי, — וואָס טוט אופ אונ וואָס נוצט אזא שרייַבער? וואָס טויג אזא סטיליסט? אונ די דאָזיקע שרייַבער ווערנ צעטומלט אונ ווייסנ ניט צו ענטפערנ עפעס רעכטס... ווי צו אזא געערטנ שרייַבער מיט אָנ אנ עק ביכער, אויב סע באגעגנט אימ א מענטש פונעמ פאָלק אונ פרעגט אימ פראָסט, אָנ כאָכמעס, די דאָזיקע פראגע”...

(מ ע נ ד ע ל ע, „עין משפט”, דערשינענ 1867).

„פישקע דער קרומער” געהער צו יענע ווערק מענדעלעס, איבער וועלכע ער האָט נאָכנ דערשייַנענ פונ דער ערשטער אויסגאבע אינ מעשעכ פונ יאָרצענדליקער ווייַטער געארבעט, צעוויקלט אונ אויסגעברייטערט פארשיידענע מאָטיווג אונ עפיזאָדנ, אויסגעגליכנ די קאָמפאָזיציע, פעסטער צונויפגעשמידט די איינצלנע טיילנ, געשליפנ יעדנ זאצ, יעדעס וואָרט, ווו מעגלעכ זיי פארביטנ מיט מער אויסדריקלעכע, מער קאָנקרעטע — פארשטארקנדיק דערבייַ דעמ סינטעטישנ כאראקטער פונ די בילדער.

די ע ר ש ט ע אויסגאבע פונ דעמ ווערק (זשיטאָמיר, 1869) איז געווענ א קליינינק ביכעלע לויטנ שניט פונ די דעמלט גאנגבארע פאָלקסטימלעכע מייַסע-ביכלעכ — פינפ אונ פערציק זייַטלעכ אינ זעכצנטל־פאָרמאט, אנ ערעכ צוויי אונ איינ האלב דרוק־בויגנ. דער לעצטער ענדגילטיקער וואריאַנט האלט אנ ערעכ נייַנ בויגנ.

דער „פּישקע" פֿון 1869 איז, פֿאַרשטייט זיך, נאָך ווײַט ניט דאָס, וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון דעם בוך אין דער צווייטער[1] אויסגאַבע (אינעם ערשטן באַנד פֿון מענדעלעס „אַלע קסאָווים, אָדעסאַ, 1888). אין גרונט אָבער אַנטהאַלט שוין די ערשטע אויסגאַבע, צום טייל אויספּירלעך, צום טייל עמבריאָנעל, אַלע עלעמענטן פֿונעם ענדגילטיקן וואַריאַנט. שאָלעם־אַליינעמס באַגײַסטערטער אָפּרוף[2] באַציט זיך דאָך נאָך אַפֿן ערשטן וואַריאַנט פֿון 1869.

שוין וועגן דעם דאָזיקן „קליינעם וועדקל" זאָגט דאָס שאָלעם־אַליינעם אין יאָר 1888, אַז אין אים איז „יעדעס בלעטל... אַ באַזונדערע באַשרײַ־בונג, יעדע פּערזאָן — אַ באַזונדערער טיפּ, און יעדע שורע, יעדעס וואָרט איז געוואויגן און געמאָסטן"... „די געדאַנקען קומען אויס באַ אים הויך פֿילאָסאָפֿיש, טאָמיד מיט אַ מיין און מיט אַ ווונק, די ווערטער — געשליפֿן און געפֿײַלט און פֿעסט געשלאָסן, האַרמאָניש און איבערהויפּט ייִדיש"... שוין וועגן „דעם דאָזיקן קליינעם ביכעלע" — „גלאַט אַזוי אַ מײַסעלע פֿון ייִדישע אָרעמעלײַט" דערקלערט דאָס שאָלעם־אַליינעם, אַז אין אים „געפֿינט זיך אַ סאַך מער ליבע און פּאָעזיע אַלס אין אַלע טויזנט ראָמאַנען פֿון דער גאַנצער באַנדע ראָמאַן־מאַכערס"... און אַז „פּישקע דערציילט זײַן טרויערי־קע געשיכטע מיט דער רירנדן, ביטמימעסדיקן שפּראַכע, מיט דער קונציקן שפּראַכע, וועלכע עס פֿאַרמאָגט נישט קיין ייִדישער שרײַבער ביז אַבראַמאָ־וויטשן און נאָך אַבראַמאָוויטשן"...

אָבער אַ מײַסטערווערק איז דער בוך געוואָרן אינעם וואַריאַנט פֿון 1888.

דער שטרענגער בוך „מאַסאָעס בינאָמין האַשלישי" געהער צו די גרויסע ווערק פֿון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס ניט בלויז זיי פֿאַרקערפּערן אין סימבאָלן דאָס בילד פֿון אַ פֿאָלק, נאָר אויך דאָס בילד פֿון אַ גאַנצער היסטאָרישער עפּאָכע, דאָס בילד פֿונעם אונטערדריקטן מענטש, וואָס לײַדט פֿון פֿאַרקריפּלטע געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרהעלטענישן. „מאַסאָעס" איז עפּשער די גרעסטע קינסטלערישע פֿאַראַלגעמיינערונג אין דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור. אַ גרויסער טייל פֿון „פּישקע דער קרומער" שטייט אַף דער

1 מענדעלע האָט נאָך אין יאָר 1876 געפּלאַנט אַ צווייטע, ניט באַדײַטנדיק געענדערטע אויסגאַבע, זי איז אָבער ניט צושטאַנד געקומען. דאָס ערשטע קאַפּיטל פֿון „פּישקע" אין דער נײַער רעדאַקציע איז געווען אָפּגעדרוקט אין „דער הויזפֿרײַנד", 1888, I, ז. 128—133, מיט אַ קורץ פֿאָרוואָרט מענדעלעס.

2 שאָלעם־אַליינעם: „דער ייִדישער דאַלעס אין די בעסטע ווערק פֿון אונדזערע פֿאָלקס־שריפֿטשטעלער", „בײַלאַגע צום ייִדישן פֿאָלקסבלאַט", 1888, נום. 39.

הייכ פונ „מאסאָעס״. איניינעמ מיט שאָלעמ-אלייכעמס „מאָטל פּייסי דעמ כאזנס״ אונ „טעוויע דער מילכיקער״ — אונ מע דארפ דאָ נאָכ צוגעבנ א בוכ נאָוועלנ פונ פּערעצנ — זײַנענ דאָס די „ביכער איבער אלע ביכער״ אינ דער ייִדישער קלאסישער ליטעראטור.

## 1. כאראקטערנ אונ פּאָרטרעטנ

מענדעלעס שילדערונג פונ כאראקטערנ אונ האנדלונג גייט ניט אפּ דער ליניע פונ פּסיכאָלאָגישנ אנאליז.

מענדעלע שטרעבט צו ד י ר ע ק ט ע פּאראלגעמיינערונגענ, צו דער שאפונג פונ אזעלכע געשטאלטנ, אינ וועלכע עס זײַנענ געזאמלט אונ פארקערפּערט קימאט אפּ א סימבאָלישנ אויפנ די טיפּישע אייגנשאפטנ פונעמ פאָלק — אונ אויכ די היסטאָרישע פארהעלטענישנ, אינ וועלכע די דאָזיקע געשטאלטנ האָבנ זיכ אויסגעבילדעט. נאָכ מער: אפילע די אויסערגעוויינלעכ רײַכע שטייגער-מאָלערײַ איז בא אימ שטארק טיפּיזירט אונ פאראלגעמיינערט.

מענדעלעס „פישקע דער קרומער״ האָט א באשטימטע שײַכעס צומ בילדער-קרײַז פונ די פראנצויזישע שפּעט-ראָמאנטיקער אינ די 30-ער יאָרנ (הוגאָ אא.), צו זייער „פּאָעזיע פונעמ העסלעכנ, שרעקלעכנ״, צו יענעמ בילדער-קרײַז, וואָס האָט אויכ געווירקט אפנ יונגנ לערמאָנטאָוו („וואדימ״). ס'איז אָבער פאראנ א גרויסער אונטערשייד צווישנ יענע געשטאלטנ אונ מענדעלעס. מענדעלענ איז פרעמד די ראָמאנטישע סוידעסדיקײַט אונ מיסטיפיקאציע. ער זעט ניט אינ דער ביִאָגראפיע פונ זײַנע פישקעס קיינ שפּור פונ פארהוילענע פאנטאסטישע פאקטנ, אונ אינ זייער כאראקטער — קיינ שומ אויסערגעוויינלעכע אייגנשאפטנ, לעמאָשל, פונעמ „דעמאָניזמ״, וואָס איז אזוי אייגנטימלעכ פאר יענער ראָמאנטישער שול. דאָס „העסלעכע״ אונ „שרעקלעכע״ איז בא מענדעלענ רעאליסטיש באהאנדלט, שטייגעריש.

מענדעלע מויכער-ספאָרימ שילדערט דאָס בעטלערישע לעבנ אינ נאטור-עכטע בילדער אָנ אויסטראכטעניש. דאָ האָבנ אימ געדינט באשטימטע איבערלעבונגענ פונ זײַנ יוגנט, ווענ ער האָט זיכ אליינ א שטיקל צײַט ארומגעשלעפּט אינ געזעלשאפט פונ בעטלערס. אינ זײַנ רעאליסטיש-שטייגערישער מאָלערײַ איז פאראנ בלויז איינ שטריכ פונ דער ראָמאנטיק: — דער גראָטעסק. אונ ניט בלויז אינ די מאָלערײַענ, נאָר אויכ אינ די ארײַנגעפלאָכטענע באטראכטונגענ. לעמאָשל, מענדעלע קאטעגאָריזירט אויספירלעכ די פארשיידענע מינימ בעטלערס מיט קימאט וויסנשאפטלעכער פּינקטלעכ-

קײַט — און אין רעזולטאט באקומט זיך א גרויזאמער עמעס, געגעבן דורך א גראָטעסק. די באשרײַבונג פונעם וויסטן פּאופּעריזם פארענדיקט זיך מיט א רעפּליקע אלטערס: ... „געגוג, כ'לעבן, מיט אײַערע קאפּצאָנים. עס בײַסט מיר אזש דאָס לײַב, ווי פליי וואָלטן מיך אָפּגעשיט. פונמײַנטוועגן וואָלט איר עס געקענט מאכן בעקיצער: קאָל־יִסראָעל — איין קאפּצן! און גאָר־נישט, אן עק, א סאָף זאָל עס האָבן"...

פּישקע איז א געוויינלעכער בעטלער, מיט די אלע גאָר ניט ליבלעכע און רויע שטריכן, מיט וועלכע דאָס הארבע לעבן זייערס שטעמפּלט אָפּ אזעלכע אומגליקלעכע נעפאשעס. פּישקע רעדט און טוט געוויינלעך דאָס, וואָס אלע בעטלערסריידן און טוען. אין זײַן פירונג איז ניטאָ גאָרניט אויסערגעוויינלעכס. אָבער דאָס אויג, וואָס האָט זיך צו אים צוגעקוקט, איז ניט קיין געוויינלעכס. מענדעלע האָט זיך מענטשלעך צוגעקוקט, ער האָט אָנגעווענדט די גערעכטע מאָס, די מענטשלעכע מאָס — און אינעם צע־קוועטשטן, באליידיקטן קריפּל האָט זיך אנטפּלעקט שיינקײַט און איידעלע מענטשלעכקײַט.

פּישקע האָט דערציילט זײַן לעבן, אינמיטנדרינען איז ער „פּלוצלים גע־בליבן שטיל און אוועקגעקערט דאָס פּאָנעם, גלײַך ווי ער האָט זיך גע־שעמט. וואָס מײַן אלטער האָט אים ניט געבעטן ווײַטער צו דערציילן, האָט אלץ ניט געהאָלפן. — עט, כ'לעבן!.. — האָט פּישקע געמאכט, איז רויט געוואָרן, זיך געמינעט און נישט געעפנט קיין מויל. פּישקע, ווי עס האָט אויסגעזען, האָט לעסאָף זיך אליין פארשעמט פון זײַנע אייגענע רייד. פרי־ער, אז עס האָט אים דער ערשטער ברי געטאָן, האָט ער זיך צעפלאקערט, צערעדט, ווי איינער פון דער היץ. ער האָט גערעדט מיט פײַער און אויס־געגאָסן זײַן גאנצן הארץ אין אזעלכע ווערטער, וואָס זײַנען גאָר נישט גע־ווען פאר פּישקעס מויעך. די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אים געגאָסן אליין, עס האָט אין אים זיך צערעדט די נעשאָמע, ער האָט בעשאס־מײַסע פאר־געסן אלצדינג, וואָס ארום אים טוט זיך, גערעדט, גערעדט, נישט צו הערן קי־מאט אליין, וואָס ער רעדט. ביז ער האָט פּלוצלים זיך א כאפּ געטאָן, עפּעס ווי אליין זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד, זיך עפּעס געוווּנדערט, ווי קומט אזוינס צו אים... און איז שטארק פארשעמט געוואָרן. בא וועלכן פון אונדז מאכט זיך נישט, כאָטש איין מאָל אין לעבן, אזא ליכטיקע גוטע שאָ, וואָס דענסטמאָל עפנט זיך א מויל און ריינע עמעסע מענטשלעכע געפילן גיסן זיך אים ארויס"...

אין דער געשטאלט פונעם האָרבאטן מיידל, ביילע, איז געשילדערט דער גוירל פון אן אָרעמע יִדיש קינד, וואָס האָט זײַט דער יִינגסטער יוגנט אויסצושטיין ביטערסטע צאָרעס פונעם לעבן. אזעלכע בילדער, ווי דעם

קינדס ארומוואָגלעגן פון קיך צו קיך אינײנעם מיט דער מוטער דער קעכן, טוענ ווי ביז טיפ אינ הארצנ.

פאראנ אינ איר לעבנס־געשיכטע אנ עפּיזאָד, ווענ איר מוטער ווארפט זי אלס קינד אוועק אפּ גאָטס באראָט, ניט קאָנענדיק ווײַטער טראָגנ די אומדערטרעגלעכע לאסט. דאָס איז א קלײנ בילדל, פּראָסט דערציילט, קי־מאט טרוקנ, אָבער סע צעברעכט דאָס געמיט.

„אײנמאָל אקעגנ אָוונט איז געקומענ עפּעס א מענטש אונ פארנו־מענ פונ דער קיך דער מאמעס זאכנ. די מאמע האָט געדאנקט דער באַ־לעבאָסטע פאר דעם זאלצ אונ ברויט, אראָפּגענומענ מיט מאזל איר נאקעט טעכטערל פונעמ אויוונ אונ איז מיט איר ארויסגעגאנגענ. זי פירט דאָס טעכטערל אונ פירט, ביז זי פארפירט עס ערגעצ אינ א געסל. „זעצ זיך דאָ אנידער אונ ווארט. יידנ וועלנ ראכמאָנעס האָבנ!..״ אזוי האָט די מאמע געזאָגט אונ איז פארשוווּנדנ געוואָרנ.

דאָס פארוואָרפענע קינד זיצט, נעבעך, אפ דער גאס שטיל אונ האָט מוירע א ריר צו טאָנ זיך אפילע, אזוי ווי פריִער אפּנ אויוונ. א קאלט־אָסיענדיק רעגנדל שפּרענקלט אונ נעצט איר דורכ די בײנער. זי איז גע־זעסנ אײַנגעגניורעט קימאט אינ אײנ העמד, געציטערט פאר קעלט, אונ א צאָנ אינ א צאָנ האָט איר געקלאפּט. אז אײנער פונ די פארבײַגײענדיקע האָט זי א פרעג געטאָנ: — ווער ביסטו, מײדעלע? איז דער ענטפער אירער געווענ: — איך בינ דער מאמעס... די מאמע מיר געהײסנ דאָ זיצנ שטיל... מענ טאָר נישט שרײַענ. א קאָטשערע, א לאָפּעטע קומענ אונ שלאָגנ... אזוי איז זי, שלימאזלדיקע, נעבעך, געזעסנ העט שפּעט אינ דער נאכט, ביז עפּעס א יידענע האָט זי פארנארט מיט גוטע רייד אונ אוועקגעפירט צו זיך אהײמ, ערגעצ אפּ די פּיסקעס אינ א קלײנ שטיבעלע אפּ הינערשע פּיסלעך.

בא דער יידענע האָט זי זיך אופּגעהאלטנ א היפּשע צײַט אונ בא איר קײנ האָניק נישט געלעקט״... אאוו.

דאָ איז פאראנ אזא גרויזאמער עמעס — ווי אינ די גרויסע שטארקע פּאָלקס־לידער, אינ וועלכע ס׳איז אנטהאלטנ עפּעס א שרעקלעכער סאָד פונ־נעמ לעבנ, פונעמ לעבנ אינ דער פארקריפּלטער געזעלשאפט. ווי אינ דער ליד, פונ וועלכער מענדעלע ציטירט:

...דער טאטע האָט מיך געקוילעט,
די מאמע האָט מיך געגעסנ...

די געשטאלט פונ דער האָרבאטער ביילע ווערט כאראקטעריזירט ניט אזוי ווײַט דורכ אירע האנדלונגענ, ווי דורכ איר לעבנס-געשיכטע, דורכ איר שוידערלעכנ גורל. איר כאראקטער איז אינ אלגעמײנ א פּאסיווער — אונ

דאָס איז טיף רירנדיק אין איר. בלויז איין אקטיוועד כאראקטער־שטריך איז פאראן אין דער געשטאַלט, איר גרויסע ליבע, איר מוט, איר געטריי־שאפט און שטאנדהאפטיקייט אין דער ליבע. מענדעלע וויל זאָגן, זעט — א מענטש מיט אזא לעבן, אין אזא סוויווע — און האָט אזא גרויס הארץ.

דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס מענדעלע האָט די צוויי געשטאלטן געגעבן, איז זייער פייִקייט צו א גרויס געפיל, צו מענטשלעכער איידעלער ליבע, צו אזוינס, וואָס די מעיוכאָסים, נעגידים, באַלעבאטים זיינען דער־צו ניט פייִק. דאָס איז דער וויכטיקסטער שטריך, דורך וועלכן מענדעלע הייבט ארויס די צוויי טרויעריקע געשטאלטן פונעם גראָען פינצטערן „טאָל פון געוויין". —

---

מיט אזא געפיל און צערטלעכקייט, מיט אזויפיל עכטער פּאָעזיע שיל־דערן די ליבע צווישן א קרומען פישקע און א האָרבאטער ביילע האָט נאָר געקאָנט א מענטש, וואָס האָט פארמאָגט אָן א שיר ליבע צו די אָרעמסטע און פארשטויסנסטע אינעם פאָלק.

פראָסט, אָבער שיין רעדט שאָלעם־אליכעם[1] וועגן דעם, אז די פאר־שיידענע „ראָמאן־מאכערס" „וואָלט קיינמאָל נישט אָנגעשטאנען צו פאר־נעמען זיך מיט אזעלכע קלייניקייטן, מיט אזא דער־רועכ־ווייסט־וואָס, ווי פישקע דער קרומער, און מיט אזא פארזעניש, ווי דאָס האָרבאטע מיידל. אויך מיר א ראָמאן!" — שאָלעם־אליכעם האָט דער ערשטער געזאָגט, אז „אין דעם דאָזיקן קליינעם ביכעלע („פישקע" האָט דאָך אין דער ערשטער אופלאגע סאכאקל פארמאָגט 45 קליינע זייטלעך. — מ. וו.) „געפינט זיך א סאך מער ליבע און פּאָעזיע אלס אין אלע טויזנט ראָמאנען פון דער גאנצער באנדע ראָמאן־מאכערס". שאָלעם־אליכעם האָט מיט ווערטער, גענומענע פון דער טראדיציע, אָבער זייער פיין און דין אויסגעדריקט, אז מענדעלע וויל זיך דאָ דערגראָבן צו דער „געטלעכער ליבע" — דער „מאטאָנע פון זיין ליבן נאָמען", וואָס לעבט נאָר אין די טיפענישן פון פאָלק.

---

וועגן ליבע געפינען מיר אין „פישקע" עטלעכע באטראכטונגען, וואָס דערמאָנען אינעם געדאנקענגאנג פון ענגעלס וועגן דער ראָליע פון ליבע אין דער בורזשואזער געזעלשאפט. מענדעלע שמועסט זיך דורך אף זיין איראָנישן שטייגער:

---

1 אין זיין באוווסטן ארטיקל „דער יידישער דאלעס אין די בעסטע ווערק פון אונ־זערע פאָלקס־שריפטשטעלער", „ביילאגע צום יודישן פאָלקסבלאט", 1888, נומ. 39.

...„איך איז א מיצווע געווען צו לאכן אויס יענע פארליאפעטע, ווי דער שטייגער איז צו לאכן אויס א מעשוגענעם. אזא שלאפקייט אָבער, געדענק איך, ווען עס האָט זיך געמאכט, האָט זיך עס געמאכט סיידן נאָר בא די גרויסע נעגידימ אָדער בא די גרויסע קאפצאָנימ. אינ באלעבאטישנ גראד, אקעגנ, האָט מענ נישט געוווּסט אפילע מיט וואָס מענ עסט עס”...

„גרויסע נעגידימ איז אפ דער וועלט צו גוט, האָבנ אלצדינג, עסנ, טרינ־קענ דאָס טייערסטע, דאָס בעסטע, אָנ זאָרג, אָנ קאָפדרייעניש, עס גייט זיי אָפ נאָר קאדאָכעס — דעריבער ליגט זיי אינ זינענ צו מאכנ קוצעניו-מוצעניו. ערנסט; אָדער גלאט אזוי, א שפילכנ? — דאָס איז שוינ זייער סאָד[1]. ווידער זשע, די גרויסע קאפצאָנימ, פונ דער אנדערער זייט, זיי איז אויך, אפ זייער שטייגער, גוט. האָבנ גאָרנישט, קאדאָכעס, וואָס איינ־צושטעלנ”... „דעריבער גלוסט זיך זיי אויך אזעלכע מייסעס!” (אינעמ „ערנסט” צווייפלט דאָ מענדעלע ניט. — מ. וו.). „דער איבעריקער אוילעמ אונדזערער, פונעמ מיטעלנ סאָרט מענטשנ”... — „בא אימ איז ריישיס־כאָכמע — געשעפט! אלצדינג געשעפט. כאסענע האָבנ — איז אויך א געשעפט. ער האנדלט איינ א ווייב, דינגט זיך פריער גוט אויס וועגנ דעמ מעקעכ, וועגנ באדנ, וועגנ איטלעכס פיצעלע באזונדער, אלצדינג פינקטלעכ אויסגערעכנט”...

ענגעלס פארסאכאקלט זיינ געדאנקענגאנג וועגנ דער דאָזיקער טעמע אזוי: „די געשלעכטלעכע ליבע צו א פרוי ווערט ווירקלעכ אונ קאָנ ווערנ א קלאל בלויז צווישנ די אונטערדריקטע קלאסנ”[2]. מענדעלע קומט קימאט אינטויטיוו צו אנ ענלעכנ אויספיר.

מיט זיינ איראָניע וועגנ א „שפילכנ” איז מענדעלע אויסנ די ליבע בא גווירימ. אז זי באציט זיך ניט אפ דער ליבע צווישנ קאפצאָנימ, באווייזט מענדעלע מיט זיינ גאנצנ בוכ. זייט אקסענעפעלדס „דער ערשטער יידישער רעקרוט” ווערט דאָ צומ ערשטנ מאָל ווידער אפ אנ עכטנ אויפנ באהאנדלט די טעמע „ליבע”. „פישקע” געהער צו די זעלטענע עכטע ליבע-ראָמאנען אינ דער גאנצער יידישער ליטעראטור.

---

די געשטאלט פונ דעמ ביכערהענדלער מענדעלע[3] ווערט אינ „פישקע” רייכער באהאנדלט ווי אינ אלע איבעריקע ווערק מענדעלעס. דאָ איז דער

---

1 פונ מיר אונטערגעשטראָכנ. מ. וו.

2 ענגעלס: „די אָפשטאמונג פונ מישפאָכע, פריוואט־אייגנטומ אונ מעלוכע”, רוסישע איבערזעצונג, „פארטיזדאט”, 1932, ז. 79, זע אויך די ז. 71—81.

3 די „אונטערגעשטעלטע” דערציילער־פיגור מענדעלע דער מויכער־ספאָרימ איז אינ אָנ־הייב געווענ בלויז א טעכניש הילפס־מיטל, א מאניר: אינעמ מויל פונ דעמ דאָזיקנ דערציי־

פאקנטרעגער מענדעלע ניט בלויז א קלוגער און הארצלעכער צוקוקער און רעזאָניאָר, ניט בלויז א וויציקער קאָנפעראנסיע, נאָר אויך א האנדלענדיקע פיגור.

מענדעלע דער פאקנטרעגער איז די פארקערפערונג פון דער פאָלקס־טימלעכער הארצלעכקייט און קלוגשאפט, ער איז דער פאָלקסטימלעכער מאָנער, דאָס געוויסן פון די פאָלקס־מאסן — א פאָלקס־מענטש דורך און דורך. ער איז באהאוונט אין די קליינע אויסיִעס, אָבער ניט אָפּגעשלאָסן אין די פיר איילן פון ביכער. מיט זיין ביידל קומט ער אין די פארוואָר־פנסטע ווינקלען און אין די גרעסערע שטעט, באגעגנט זיך מיט אלע שיכטן פון דער יידישער און ניט־יידישער באפעלקערונג, באזונדערס אָבער מיט די פאָלקס־מאסן, מיט די אָרעמע, מיט ווייבער, יוגנט, קינדער. ער באגעגנט זיך מיט דער נאטור, ס׳טרעפן זיך אים, אף זיינע נעסיִעס, פארשיידענע פאסירונגען, ער הערט פארשיידענע נייסן, געשעענישן, מייסעס. ער איז אינטעלעקטועלער, מער געלערנט, שארפער, שטרענגער, ערנסטער פון טע־וויען, ווייניקער גוטמוטיק, מער אָנגעלאָדן מיט יענער זאָרג, וואָס קומט באם באוווסטזיניקן באטראכטן דאָס לעבן. ער פארמאָגט אָבער די זעלבע פאָלקס־טימלעכע הארצלעכקייט און ווארעמקייט, די זעלבע פאָלקסטימלעכע קלוג־שאפט, די זעלבע נעטיִע זיך צו טיילן מיט זיינע באטראכטונגען, די זעלבע שאפערישע באריידעוודיקייט.

לויט זיינע טיפסטע מהוס שטאמט דער דאָזיקער וואנדערנדיקער ביכער־הענדלער פון דער זעלבער מישפּאָכע, ווי דער ארומפּאָרנדיקער מילכיקער. מענדעלע איז טעוויעס אן עלטערער ברודער. טעוויע איז א געניִאלע וואַ־ריִאציע פון דער מענדעלע-געשטאלט, מער פארזעלבשטענדיקט אלס האנד־לענדיקע געשטאלט, ערדישער און מאמאָשעסדיקער אנטוויקלט.

---

לעבעדיק געצייכנט איז דער כאראקטער פון דער קרעטשמערקע כאיע־טרייַנע. ס׳איז געווען א טראדיציע אין דער יידישער ליטעראטור באם מאָלן יישוווניקעס צו לייגן דעם טראָפּ אף שטריכן פון אמעראצעס און גראָב־קייט (זע, לעמאָשל, אקסענפעלד: „דאָס שטערנטיכל״ אאא.). מענדעלע גיט די דאָזיקע געשטאלטן אין אן אנדערער פלאך. כאיע־טרייַנע איז א טיפּ פונעם

לער ווערט די שטארק פאָלקסטימלעכע שפראך, דענק־ארט און בילדערישקייט קלינגען נאטיר־לעכער און ניט נאָכגעמאכט, אפן אנטשטיין פון דער געשטאלט האָט, הייסט עס, מיטגעווירקט א „ראציִאָנאליסטישער״ מאָטיוו. אָבער, ווי סע טרעפט זיך אָפט בא מענדעלען, — איז די דאָזיקע פיגור גיך ארויסגעוואקסן פון די „פונקציִאָנאל־טעכנישע״ ראמען צו א זעלבשטענדי־קער, קינסטלערישער געשטאלט.

„קאסרילעווקער" מינ, א שאָלעמ־אלייכעמישער טיפּ — א זאמל-געשטאַלט פונ יִידישער פּראָווינציִעלישקײַט. זי, די איישעס־כאיִל, די ענערגישע בעריעטע, וואָס האלט דעמ מאנ אונטערנ פאנטאָפל [1] — לאָזט זיכ לײַכט אימפּאָנירנ פינ דעמ פּאקנטרעגער, וואָס ווייסט באשייד אינ די אויסיִעס. ס׳געפינט זיכ גיכ דאָס פעדעמל פונ קרויווּעשאפט, לויטנ כעזשבנ פונ פערד-וואָגנ-בײַטש-שטע־קעלע, אונ נאָכ אינ דעמ זעלבנ אָוונט טראכט זי שוינ צו א שידעכ פאר איר טאָכטער טאקע מיט דעמ פּאקנטרעגערס זונ. דער גאנצער עפּיזאָד איז געשריבנ אינ אזא גײַסט, וואָס מע קאָנ אימ נישט אנדערש אָנרופנ, ווי שאָלעמ־אלייכעמיש. די סיטואציע איז שאָלעמ־אלייכעמישער שטייגער, אונ די קרעטשמערקע — א שאָלעמ־אלייכעמישע געשטאלט.

די ווירקונג פונ מענדעלענ אפ שאָלעמ-אלייכעמענ גייט ניט בלויז לויט דער ליניע פונ שפּראכ־סטיל, פונ אנטלײַענ עפּיזאָדנ, מאָטיוונ (דער עפּיזאָד מיטנ שידעכ צווישנ צוויי באָכערים אא.), נאָר נאָכ מער לויטנ שארפנ זענ אונ איראָנישנ, קאָמישנ פיקסירנ דעמ טאָכ פונ דער שטײַ־געדישער פירונג, פונ די שטייגערישע רייד. מענדעלע האָט דאָכ אופגעריסנ א טיר ניט סטאמ צומ שטייגער גופע (דאָס האָבנ שוינ געטאָנ עטינגער, אקסענפעלד אא.), נאָר צומ אינווייניקסטנ כאראקטער פונ דעמ שטייגער. ער האָט געלערנט זענ דעמ שטייגער ניט בלויז פונעמ קריטישנ, נאָר אויכ פונ א ווארעמ-מענטשלעכנ שטאנדפּונקט, פונ אזא, וואָס מעסט מיט דער מאָס פונ מענטשלעכער ווערדע. דעריבער מישט זיכ ארײַנ אפילע אינ זײַנ צאָרנ אונ פארביטערטקײַט — א היפּש ביסל געלעכטער. סאטירע איז אינ דער יִידישער ליטעראטור ביז צו מענדעלענ ניט געווענ קיינ נײַס. מענדעלע האָט אינ איר, אינ דער סאטירע, ארײַנגעטראָגנ די דינ־געשליפענע איראָניע, עלעמענטנ פונ פארטיפטנ הומאָר. מענדעלע האָט שאָלעמ־אלייכעמענ געעפנט א וועג, ניט אומזיסט האָט שאָלעמ־אלייכעמ אינ אימ געזענ א זיידנ. —

די דאָזיקע פיר פּערסאָנאזשנ (פישקע, ביילע, מענדעלע, כאיע־טרײַנע) — זײַנענ די דײַטלעכסטע כאראקטערנ אינ דעמ ווערק. אכוצ דעמ זײַנענ דאָ פאראנ א ריי פיגורנ, וואָס ווערנ קורצ כאראקטעריזירט דורכ פּלאסטישע אויסערלעכע פּאָרטרעטנ.

לעמאָשל די פיגור פונעמ צארישנ טשינאָווניק, דעמ סטאנאָוואָי, צו וועלכנ מע האָט מענדעלענ געבראכט צו שלעפּנ:

---

1 דער שטריכ איז דאפקע א טראדיציִאָנעלער. ער ווײַזט אָנ אפ טיפּישע אומשטענדנ אינ דער יִידישער סוויווע, ווו די פרוי איז אָפט געווענ די פּארנאָסע-געבערנ אונ דער מאנ — א באטלענ, א באנק־קוועטשער אינ קלויז.

...„אינמיטנ שטוב שטייט א רויטער קאַלנער מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס א מינ מענטש מיט א בויכ אונ אנ אָנגעבלאָזנ פּאָנעם. גלאנצט מיט די קליינע אויגנ, אונ בעשאס עס פּארוואַרפט זיכ אים דאָס שווארצאפּעלע, קוקט ארויס דאָס ווייסלעכנ פונ אויג פארלאָפנ מיט בלוט. ער דרייט די לאנגע וואָנצעס אונ רעדט אפנ גוידער, בייזערנדיק זיכ, צו צוויי פארשוויגענע מיט אָנגעבויגענע קעפּ אינ דער זייט פונ דער טיר: איינער א הויכער מיט א געזוונטנ קארק, אונטערגעגאָלט דער האלדז אונ א זילבערנ רייפעלע אינ לעפל פונ עמ לינקנ אויער, דער אנדערער א דארער מיט א שפּיצאסט בערדל, אפנ הארצנ א בלעכ, האלט א לאנגנ שטעקנ מיטביידע הענט, בלינצלט מיט די אייגעלעכ אונ בוקט זיכ איטלעכע רעגע"... אאוו.

אָדער דער פּאָרטרעט פונ א גוילעמ א מויד, וואָס איר מוטער, די קרעטשמערקע, וויל דאפקע שאדכענענ מענדעלענ פאר זיינ זונ:

...„אינ שטוב דרייט זיכ ארומ א דיקע, א ברייטע, א האָרעפּאשנע מויד מיט א פּאָר באקנ, ווי די פּאמפּעשקעס; אפנ קאָפּ זייער ווייניק האָר אונ צוויי קליינע צעפּלעכ פונ הינטנ. די הענט האלט זי ביז די עלנבויגנס שטייפ צו ביידע זייטנ, די אָרעמס אויסגעשטרעקט גלייכ פאָרנט, ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישנ וועלכע זי רוקט זיכ, שליטלט זיכ, נישט צו הייבנ קיינ פיס, ארויסשיקנדיק דעמ קאָפּ א ביסל פריער פאר איר. רוקט זיכ גיכ, טראָגנזיק אינ די הענט א טישטעכ מיט טעלער אונ גרייט צומ טיש"... אאוו.

דער פּאָרטרעט פונ אלטער יאקנעהאָז:

...„אלטער יאקנעהאָז איז א יאָדערדיק יידל, א געשפּיקעוועטער מיט א דיק בייכל. זיינ פּאָנעמ איז גערדיכט באוואקסנ מיט שמוציק געלע האָר, פונ וועלכע ס'איז דאָ גענוג אפ פּייעס, אפ א באָרד אונ אפ וואָנצעס אי פאר זיכ אי אפ נאָכ עטלעכע יידנ צו פארטיילנ. אינ דעמ יאמ האָר ליגט א וויטפּע — א ברייטע, פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָסראָוו יאָר פארלייגט, אָנ שומ היסמאנעס"... אאוו.

אונ לעסאָפ דארפ מענ נאָכ צוגעבנ, אז מענדעלעס מאָלערייענ פונ נאטיורמאָרט, לאנדשאפטנ, אינטעריערס אאוו. דינענ ניט בלויז אלס באלייטמאָטיוונ, אלס אטמאָספער אָדער שטימונג פאר סיטואציע, געשעעניש, האנדלונג אונ געדאנק — נאָר אָפט אויכ אלס שטריכנ באמ כאראקטעריזירנ מענטשלעכע געשטאלטנ.

# 2. העל אונ טונקל

מענדעלעס בילדער פונ לעבנ אונ שטייגער פונ די פאָלקס-מאסנ אסאָ־ציִירנ זיכ, פונ איינ זײַט, מיטנ גראָטעסק פונעמ נידערלענדישנ פויערים־מאָלער ברויגעל. פונ דער אנדערער זײַט, קומט אפנ זינענ, אז מע לייענט אזא ווערק, ווי „פישקע", דער פאטעטישער אונ צוגלײַכ הארצלעכער, טיפ־מענטשלעכער רעאליזמ, וואָס אינ דער מאניר פונ העל־אונ־טונקל באמ גרויסנ רעמבראנדט.

ווי באוווּסט, איז רעמבראנדטס א הויפּט-טעמע, טאקע אפילע אינ פאר־שיידענע, אויסערלעכ, ביבלישע, עוואנגעלישע אונ אנדערע סוזשעטנ — דאָס לעבנ פונ די פאָלקס-מאסנ, זייער נויט אונ זייער שיינע מענטשלעכקײַט. רעמבראנדט האָט מענטשנ פונעמ פאָלק באהאנדלט אינ זײַנ שאפנ אזוי טיפ, מיט אזא מעכטיקער ליבע, מיט אזא גרויסנ ייִרעסהאקאָוועד — ווי זעלטנ א קינסטלער אינ דער געשיכטע פונ דער מאָלערײַ.

ער האָט ארומ זייערע געשטאלטנ, ארומ זייער לעבנ אונ האנדלענ אויסגעשפרייט אזא וווּנדערלעכע פראכט, אזא שטראלנדיקע הערלעכקײַט, אז יענע קונסט־פאָרשער, וואָס האָבנ זײַנ קאוואָנע ניט באנומענ, האָבנ דערינ געזענ רעליגיעז־מיסטישנ עקסטאז.

רעמבראנדט האָט די געשטאלטנ פונעמ פאָלק געוואָלט שענקענ דאָס בעסטע, וואָס ער האָט פארמאָגט, האָט ער זיי ארײַנגעשטעלט אינ אנ אט־מאָספער פונ צארטסטער, הארצלעכסטער ווארעמקײַט, פונ וווּנדערלעכסטער פּאָעזיע, אינ דער פּאָעזיע פונ זײַנ גאָלדענעמ ליכט.

יעדער שטריכ אינ זײַנע בילדער איז דורכגעדרונגענ מיט מעכטיק צאפּלדיקנ לעבנס־געפיל, מיט טיפנ קענענ דאָס לעבנ, די נויט אונ דעמ טויט, מיט דערהויבענעמ ערנסט, מיט פּאָעטישקײַט, וואָס שטאמט פונ א גע־ווינישער ליבע צומ פאָלק, פונ א געווינישנ דערעכערעצ פארנ פאָלק.

זײַנ ליכט — דאָס איז גאָלד צעשמאָלצנ דורכ ליבע אונ דורכ קענטע־ניש פונ לעבנ. דער שאָטנ, די טונקלקײַט, וואָס ער מאָלט, איז ניט סטאמ פוסטע פינצטערניש, נאָר קאָנצענטרירטע געדיכטקײַט פונ לעבנ, אפ וועלכער דער העלער ווארעמער פאָדערגרונט מיט זײַנע באלויכטענע געשטאלטנ גיט בלויז אנ אָנצוהערעניש. זײַנ ליכט איז א ר ע א ל י ס ט י ש ע ר אָרעאָל, מיט וועלכנ ער באשײַנט די געשטאלטנ, וואָס קומענ פונעמ פינצטערנ לעבנ, פונ דער טונקלקײַט אינ הינטערגרונט, אינ די ווינקלענ. אונ דאָרט אינעמ טונקעלנ הינטערגרונט, אינ די פארשאָטענע ווינקלענ פּאָרקעט זיכ דאָכ דאָס געדיכטסטע לעבנ.

רעמבראנדט ווארפט א שטראל ליכט אפ א פראגמענט פונ ווירקלעכקײַט,

ווי וועלנדיק זאָגן: פון דעם באַלויכטענעם — דרינג אַפּן ניט־באַלויכטענעם!
ס׳איז שיין און ווירדיק, כאָטש אין געדיכטער פינצטערניש.

קונסט־קריטיקער האָבן זיך אָפּט געמאַטערט די קעפּ: פון וועלכן פונקט וואַרפט אייגנטלעך רעמבראַנדט די שײַן אַף זײַנע בילדער: פון אויבן, פון פאָרנט, פון רעכטס, פון לינקס, צי פון דער זײַט... עפּעס האָבן זיי דאָ אין דער ריכטונג פון דער שײַן ניט געזען קיין אויסגעהאַלטנקײַט. זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז זײַן שײַן, זײַן ליכט — גייט פון זײַן האַרצן, פון זײַן ליבע צום געפּלאָגטן מענטש, וואָס באַקומט שטאַרק צו פילן דאָס לעבן.

אָט אין דעם מין העל־און־טונקל־מאַניר דערמאָנט מען זיך, ווען מע לייענט מענדעלעס מײַסטערווערק „פישקע", „מאַסאָעס", די בעסטע טיילן פונעם „ווינטשפינגערל" און פון „שלוימע רעב כאַיִמס". — אפילו „מאַסאָעס"! — טראָץ דער סאַטירישער שאַרפקײַט פון דעם ווערק. אָבער אמדײַטלעכסטן — באַם לייענען „פישקע".

מענדעלע וואַרפט אַ בונט גאָלדענע ליכט־שטראַלן אַף די פיגורן אינעם פאָדערגרונט און באַלײַכט זיי — אַלס רעמעז און אָנצוהערעניש אַפּן ניט־באַלויכטענעם הינטערגרונט. און בײַ מענדעלען איז שטענדיק פאַראַן אַ טיפער הינטערגרונט. און דאָ איז קלאָמערשט פינצטער, אינעמעסן — קאָנצענטרירטע געדיכטקײַט. קיין שום שרײַבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור ווײַזט ניט אָן מיט די ווערטער, וואָס ער זאָגט, מיט די בילדער, וואָס ער באַלויכט, — אַף אַזאַ רײַכן, ניט־דערזאָגטן, ניט־באַלויכטענעם הינטערגרונט. קיינער שלעפּט ניט מיט יעדן געזאָגטן זאַץ אַזאַ שלאַל פון בילדער און אָנצוהערענישן. און דאָס, ניט עפּעס אַנדערש, איז דער באַטײַט פון מענדעלעס „ניט דאָס בין איך אויסן".

אויסערלעך איז מענדעלע באַריידעוודיק — און פאָרט האָט קיין שרײַבער אין דער ייִדישער ליטעראַטור ניט געגעבן אַזאַ „געדיכטע" שורע, מיט אַזויפיל קאָנצענטרירטן לעבן, ווי מענדעלע. קיינער איז ניט אַרײַנגעדרונגען אין אַזאַ געדיכטעניש פון לעבן, ווי ער.

מענדעלע איז ביטער־שאַרף, קריטיש, סאַטיריש — און פול מיט צערטלעכקײַט. ער כויזעקט פון ביניאָמינען, סענדערלען, פישקען, רעב מענדעלען אַאַוו. — און ס׳ציטערט אין זײַן כויזעק טיפע ליבע. מענדעלעס טעמע איז שטענדיק: די טראַגעדיע פונעם אונטערדריקטן, עקספּלואַטירטן מענטש, ווי ער צאַפּלט הילפלאָז און רײַסט זיך געפינען אַ וועג, ווי ער שלאָגט זיך פאַר זײַן מענטשלעכער ווירדע, וואָס ווערט צעטראָטן אין דער עקספּלואַטאַרישער געזעלשאַפט. בײַ קיין שום שרײַבער ווערט ניט אַזוי באַוווּסטזיניק, אַזוי אָפּט און אַזוי שאַרף גערעדט גראָד וועגן דער ווירדע פונעם פאָלקס־מענטש, ווי בײַ מענדעלען. און וועגן דער ווירדע פונעם ייִדישן

פאָלק. מענדעלעס שאפן איז א פיל־יאָרצענדליקער לאנגער קאמף פאר מענטש־לעכער ווירדע. דעריבער האָט זײַן שאפן, טראָץ די בוילעטע נאציאָנאלע אייגנשאפטן — גרויסן אַלגעמיינעם באטײַט.

---

דאָס אלץ ווערט דײַטלעכער, ווען מע פארגלײַכט מענדעלעס שאפן מיטן שאפן פון זײַן טאלאנטירטן צײַט־כאווער לינעצקי.

אין פלוג פארמאָגן זיי ביידע א סאך ענלעכס. די צײַט און סוויווע, אין וועלכער ביידע האָבן געשאפן, איז איינע און די זעלבע. זייער אנט־וויקלונגס־גאנג און זייער וועלט־אָנשויונג איז — ניט געקוקט אף באשטימטע ניואנסן — קימאט די זעלבע. די סוויווע, וואָס זיי האָבן געשילדערט, — איז די זעלבע. די טעמעס און סוזשעטן פון זייערע ווערק זײַנען ענלעך — פונקט ווי די בילדער און געשטאלטן און פונקט ווי, אין טאָל געגומען, אויך דער אידייִשער שטאַנדפונקט, פון וועלכן זיי ווערן געשילדערט. אויסערלעך איז אויך דער טאָן דער זעלבער, די טײַנעס די זעלבע, די רעפאָרם־פאָרשלאָגן די זעלבע. דערצו נאָך האָבן זיי איינער דעם אנדערן קעגנזײַטיק באווירקט. לינעצקי האָט אָנגערעגט מענדעלען, און מענדעלע האָט געווירקט אף לינעצקין, כאָטש ער האָט אים קיינמאָל ניט געקאָנט איבער־טראָגן. דאָס אלץ איז אָן שום סאָפעק. וואָס איז דאָ שײַעך צו ריידן וועגן אונטערשיידן?

און פאָרט איז צווישן זיי א גוואַלדיקער כילעק. ניט בלויז יענער כילעק, וואָס צווישן זייער א באגאבטן — און אן עמעסדיק גרויסן שרײַבער, נאָר אויך דער כילעק, וואָס צווישן א שרײַבער, וועמעס געפילן האָבן זיך ניט אף קיין סאך העכער ארויסגעהויבן איבער דעם מאסקילישן, ראציאָנא־ליסטישן יוישער — און א שרײַבער, וואָס האָט אכוץ אבסטראקטע אידע־אַלן און אָנשויונגען פארמאָגט א גליקלעכע גאָב פון ליבע.

לינעצקי האָט זיך געפילט ווייטעקדיק שלעכט אין די דעמלטיקע גע־זעלשאפטלעכע פארהעלטענישן, ווי א קראנקער, וואָס פילט זיך שלעכט ביז מעשוגאס אין זײַן קרענק. האָט ער בייז און פארביטערט געשריִען און זיך געוואָרפן, געשפיגן מיט גאל, געהאקט און געבראָקט אין אלע זײַטן, אמאָל אפילע זיך ניט ארומצוקוקן, וועמען ער טרעפט. מענדעלעס געזעלשאפט־קריטיק איז ניט געווען ווייניקער שארף, אָבער טיף באזיניקט דורך זײַן גרויסן עמאָציאָנעלן כוש און פארשטאנד פאר די איניאָנים פונעם פאָלק.

לינעצקי האָט געשילדערט א שווער און פינצטער לעבן, און ער האָט עס געמאָלט פארומערט און פארצאָגט. שווער און פינצטער זײַנען זײַנע זייער טאלאנטפולע דערציילונגען, פול מיט מאָרעשכוירע. ניטאָ דאָרט קיין

שטראָלעכל זון. מע קאָן זיך פון זײַנע ווערק גאָר אפילע ניט מעשאער זײַן, אז ס׳איז דעמלט געווען א זון אפ דער וועלט.

מענדעלע מאָלט אויך ניט־ווייניק פינצטערניש און שאָטן — אָבער אזוי ווי זיי באווײַזן זיך און ווערן בוילעט דאפקע בא דער העלער שײַן פון ליבע. פאַטאָס און דערהויבנקײַט באקומט די סאטירע ערשט דורך גרויסער ליבע. ניטאָ בא לינעצקין מענדעלעס איידעלע הארצלעכקײַט און זײַן לעבנס־פארשטאנד. ניטאָ בא אים די מענטשלעכע קלוגשאפט, מיט וועלכער מענדעלע באהאנדלט די טראגישע טמימעס ביניאָמינס און סענדערלס, דעם שוידערלעכן גורל פון די פישקעס און האָרבאטע מיידלעך.

לאָמיר זיך אפ א רעגע פאָרשטעלן, וואָס לינעצקי וואָלט געמאכט פון אזעלכע געשטאלטן, ווי ביניאָמין, סענדערל, פישקע, דער פאקנטרעגער מענדעלע! ווען סע זאָל אים עמעצ פרווון זאָגן, אז מע דארף ארויסגעפינען ניט בלויז די שטריכן פון זייער אויסטערלישער אָפגעשטאנענקײַט, נאָר אויך פון זייער קלוגשאפט פון הארצן, פון זייער טראגיק, מענטשלעכקײַט און ווירדע — וואָלט ער זיך ביטער צעלאכט.

אָן סאָפעק: די לאגע פון די ביניאָמינס און פישקעס איז לינעצקין אָנגעגאנגען ביז צום ביין, זייערע ליידן האָט ער געליטן מיט גרויסן ווייטעק און נערוועזן פארדראָס. אָבער דער גרונט־טאָן פון זײַן סאטירע איז ראציאָנאליסטישער שפּאָט. ליבע איז בא אים פאראן, ווייטעקדיקע ליבע, אָבער אין זײַנע אומגעוויינלעכע ביטערע און בייזע סאטירישע געשטאלטן הערט זיך זײַן ליבע ארויס מער פאר אלץ ווי א ראציאָנאליסטישע, אבסטראקטע פאָרהאנאָכע. זי רודערט אופ — אָבער זעלטן אמאָל קאָן מען וועגן איר זאָגן, אז זי ווארעמט. לינעצקי איז געווען א ביז גאָר אינטערעסאנטער שטארקער טאלאנט — ס׳האָט אים אָבער געפעלט יענע גרויסע מאָס ליבע, יענע גרויסע מאָס אכטונג צום מענטשן, אָן וועלכער די עמעסע אנטוויקלונג פון א טאלאנט איז ניט מעגלעך.

---

דער כילעק, וואָס צווישן מענדעלעס — און לינעצקיס געשטאלטן און בילדער, ווײַזט זיך אויך אין זייער סטיל און שפּראך.

לינעצקיס רײַכער סטיל איז ווילד און אומבאהערשט, כאָטש ער באמיט זיך אים צו ברענגען אין א סיידער. ער פארמאָגט א גרויסע שעפע פון בילדער. ער ווארגערט זיי אָבער אָן איינס אפן אנדערן אָן מאָס, אָן הארמאָנישער קאָמפּאָזיציע (אן אויסערלעכע קאָמפּאָזיציע פירט ער דאפקע יאָ דורך). זײַנע בילדער און זאצן זײַנען אָפּט — ווי שיפּענדיקע זידלערײַען, ארויסגעשלײַדערט אין א בייזן שטרײַט. מענדעלען האָט זיך אין זײַנע בעס־

טע ווערק יאָ אײַנגעגעבן צו צוימען דעם „בראָקן" כאַאָס פֿון זײַנע בילדער, זיי אויסצוגלײַכן, אויסצושטימען, אויסצובויען. אויך מענדעלע קרימט זיך אָפֿט בײַז נאָך, פּאַראָדירט און כויזעקט ביטער, ער ווייסט אָבער דעם סאָד פֿון מאָס, וויאַזוי אויסצושפּאַנען די „אָנגעלאָדנקײַט" דורך איבערגאַנגען, ווו ס'איז נייטיק, צו וואַרפֿן אַ שטראַל פֿון העלער שײַן, קורץ: דורכצודרינגען זײַנע בילדער מיטן טיפֿן סייכל פֿון ליבע.

לינעצקי האָט זייער אַ רײַכע שפּראַך. לעקסיש איז זי ניט אָרעמער פֿון מענדעלעס, און אַמאָל עפּשער אַפֿילע רײַכער. לינעצקי באַמיט זיך גראַמאַטיקאַליש צו אָרדענען זײַנע זאַצן. באַזונדערס אין די שפּעטערע אויסגאַבעס פֿון זײַנע ווערק. לעמאָשל, אין דער צווייטער אויסגאַבע פֿונעם „פּוילישן יינגל" אינעם יאָר 1897. אָבער ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען: דער אָרדנענדיקער פּרינציפּ איז באַ אים דעריקער — אַ זייער זאָרגעוודיקע און אויסגערעכנטע אינטערפּונקטאַציע. אין טאָך, איז זײַנע זאַצ געבליבן ווילד. קיין ענדגילטיקן קער אין דער ליטעראַרישער שפּראַך־אַנטוויקלונג קאָן מען אין פֿאַרגלײַך מיט אַקסענפֿעלדן דאָ ניט זען. די עלעמענטן פֿון „פּרימיטיוו" ווערן מײַסטנטיילס דעריקער אויסערלעך פֿאַרגלעט און צוגעדעקט דורך דער קונציקער אינטערפּונקטאַציע.

זײַנע פּעריאָדן באַשטייען פֿון אַזויפֿיל און אַזוי ווילד אָנגעוואַלגערטע און אַרײַנגעשאַכטלטע נעבנזאַצן, אַנטוויקלטע און ניט־אַנטוויקלטע, לאָגיש פֿאַרענדיקטע און ניט־פֿאַרענדיקטע — אַז ער קאָן זיך קימאַט אין יעדן צווייטן — דריטן זאַצ ניט באַגיין אָן אַ פּילפּונקט...[1] ניט דאַפֿקע צוליב דעם, ווײַל ער וויל געבן אָנצוהערן אַפּ עפּעס ניט־דערזאָגטס, נאָר קעדיי צו פֿאַרענטפֿערן דעם ניט פֿאַרגאַנצטן זאַצגעבוי. אַזעלכע ווילד־רײַכע און דערבײַ אויסטערלישע פּעריאָדן זײַנען ניט ביז צו אים און ניט נאָך אים ניט געווען אין דער יידישער ליטעראַטור.

פֿאַר זיך איז דאָס אַן אויסערגעווייגלעך טשיקאַווע שפּראַכלעכע דערשײַנונג. אַ ווילד פֿלייצעניש פֿון בילדער און ווערטער, מעכטיקע רויע און שווערע גליבעס, אַרויסגעשלײַדערט מיט גרויסער רעטאָרישער לײַדנשאַפֿט. באַ דעם אַלעם איז אָבער זײַן זאַצ ווײַט ניט דאָס, וואָס מע רופֿט אָן זאַפֿטיק. לינעצקי שעפּט זײַן שפּראַך פֿונעם לעבן, פֿונעם פֿאָלק, — אָבער עפּעס איז זי, זײַן שפּראַך, אָנגעדרודלט, פֿאַרדראָסיק און בייז. זי איז ניט דורכגעוואַרעמט, ניט דורכגעטראַכט מיט ליבע, ווי באַ מענדעלען. לינעצקי ווייסט ניט פֿון קיין מאָס. געוויס איז ער אין זײַן גאַנצן טאָך זייער פֿאָלקסטימלעך. אָפֿט טרעפֿט זיך אָבער, אַז לינעצקי האַלט די גראָבקײַטן און רוי־

1 פֿאַרגל. „דאָס פּוילישע יינגל", 1897, אָדעס.

קייטן פונעם „זידלערישן" שטייגער אויך פאר „פאָלקסטימלעך". בא מענדעלען פעלן די דאָזיקע און אויך אנדערע פסעוודאָ־פאָלקסטימלעכע אטריבוטן, זיין שפראך איז צניעסדיק און פון טיף אינוויייניק פאָלקסטימלעך.

מענדעלעס שפראך איז קרעפטיק — אָבער ווייך. זי שטראָמט מיט אן אויסגעגליכענעם ברוסטיקן היימישן טאָן. דאָס זאמד איז אויסגערייניקט, דעריבער איז דאָ אומעטום טיף. מענדעלע גלעט ניט נאָר דאָס וואָרט, נאָר אויך דעם זאץ[1]. ער האָט פאר דער שפראך, דער גענאַלער שאפונג פון די פאָלקס־מאסן, יענעם הויכן דערעכערעץ, צו וועלכן ס'איז פייִק נאָר א מענטש, וואָס פארמאָגט גרויסע קולטור פונעם פארשטאנד און פונעם געמיט.

---

מענדעלעס סטיל און שפראך, זיין „נוסעך" איז שווערער זיידענער בראָקאט, אויסגעהאָפטן מיט איידלשטיינער, מיט גאָלדענע, זילבערנע און איידל־געפארבטע פעדעם, אויסגעצירטע מיט הארמאָניש געצייכנטע אָרנאמענטן. זיין שפראך־סטיל איז אזוי רייך, אזוי וואָגיק, אזוי אָנגעזאפט מיט אסאָציאציעס, אז אין א נויט קאָן דאָס שווערע זיידענע מאלבעש אליין שטיין, אָן א מענטשן דרינען. שאָלעם־אלייכעם האָט געלערנט בא מענדעלען צו פארוואנדלען די שטייגער־שפראך אין קינסטלערישער ליטעראטור־שפראך. שאָלעם־אלייכעמס שפראך איז נאטירלעכער, פליסנדיקער, ס'איז איר צוגעקומען יענער טמימעסדיקער כיין, יענער הומאָר פון טמימעס, וואָס איז דעם שטארק אינטעלעקטועלן טאלאנט מענדעלעס געווייגלעך ניט אייגנטימלעך. אָבער שאָלעם־אלייכעמס שפראך איז לייכטער, מיט ווייניקער הינטערגרונט און אסאָציאציעס.

און מענדעלע שעפט אלץ פון די פאָלקס־רייד, סיי די לעקסיק, סיי דעם זאצגעבוי און סיי אפילע זיין סטילפולע רעטאָריק. אויך זי, די רעטאָריק זיינע, פארמאָגט יענע נאטירלעכקייט פונעם וואָרט־שטראָם, וואָס איז געוויינלעך פאראן נאָר באם טמיכישן ריידן. דאָס זיינע פאָלקסטימלעכשטייגערישע נאטירלעכע רייד, אָבער אופגעהויבן צו דער מאדרייגע פון הויכן „ארטיזם", פון הויכער קינסטלערישקייט, באהערשט און געפירט לויט זיין ווילן און דעם אופגעגעבענעם זין.

גאנץ אָפט טרעפט זיך, אז מע קאָן לייענענדיק שפראך נישט אנדערש הויך לייענען טיידן נאָר מיט א קוועטש, מיט א כויזעקדיקן טראָפּ, מיט א קרעכצנדיקער אינטאָנאציע. מענדעלעס שפראך פארמאָגט אומעטום אינווייניק מוזיקאלישע הארמאָניע, א טיפן אינווייניקן ריטם. זי איז רייך מיט

1. ביז צו מענדעלען זעען מיר אזוינס נאָר בא עטינגערן.

פאַרשײדנאַרטיקע אינטאָנאַציעס — אָבער שטענדיק פול מיט ווירדע. זי טרעפט אינ פינטל, איז רײַכ אינ מאָדוליאַציעס אונ זשעסטנ, פליסט האַרצלעכ, זויבער אונ ציכטיק — ווי פליסנדיק גאָלד.

מענדעלעס שפּראַכ פאַרמאָגט אומעטומ די אײדעלע „פאַטינא" פונ אַלטע עכטע מײַסטערישע בילדער, דאָס געוויסע עפּעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַרנ מײַסטער אונ קײנ שומ פעלשער קאָנ עס ניט נאָכמאַכנ, וויפל ער זאָל זיכ ניט באַמיִענ. די דאָזיקע „פאַטינא" שטאַמט פונ באַשטימטע כימישע ענדערונגענ אינעמ מאָל־מאַטעריאַל, וואָס קומענ מיט דער צײַט. דורכ דעמ גיסנ זיכ די דעטאַלנ מער אָרגאַניש צונויפ, שאַפנ אַ גרעסערע איליוזיע פונ נאַטירלעכקײַט, פונ אַ פאַרגאַנצטנ לעבנס־אויסצוג. זײ פאַרגלעטנ די צו שטאַרק אַרויסטאַרטשענדיקע מאָמענטנ. דער ענלעכער אײַנדרוק פונ מענדעלעס ווערק שטאַמט ניט אַזוי ווײַט פונ דער צײַט־דיפערענצ, וואָס זײַט מענדעלענ ביז אונדז, ווי פונ מענדעלעס אײדעלנ קינסטלערישנ וואָרט־מאַטעריאַל, אונ דעריקער פונ די אוצרעס אָנגעזאַמלטער פאָלקס־קולטור, וואָס זײַנענ רעאַליזירט אונ אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ שאַפנ.

ווי אינ מײַסטערישע בילדער, איז יעדעס שטיקל, וואָס מע זאָל ניט אַרויסרײַסנ פונ זײַנס אַ ווערק, פול מיט לעבנ, באַוועגונג אונ רײַכע דעטאַלנ, ווײַל זײַנ וואָרט איז דורכגעגאַנגענ דורכנ שטראָמ פונ ליבע אונ דערעכערעצ צו די פאָלקס־מאַסנ אונ איז דורכגעדרונגענ מיטנ באַוווסטזײַנ וועגנ דער טראַגיק פונ זײער לאַגע.

## 3. פּײזאַזש אונ גראָטעסק

מענדעלע איז געווענ דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט לעבעדיקנ פּײזאַזש אינ דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער העברעיִשער פּאָעזיע אונ פּראָזע פונ יענער צײַט אונ אויכ פונ פריִער זײַנענ ניט פרעמד געווענ בילדער פונ דער נאַטור, פּונקט אַזוי ווי מאָטיוונ פונ ליבע צווישנ די געשלעכטער. אָבער די דאָזיקע בײדע מאָטיוונ, ליבע אונ נאַטור, זײַנענ דאָרט באַהאַנדלט געוואָרנ סקאַרבאָווע, סכעמאַטיש, לויט קלאַסיציסטישע טראַדיציעס פונעמ אַכצנטנ יאָרהונדערט אונ פריִער (עפּיגאָניש נאָכ דעמ זײער טאַלאַנטפולנ דיכטער מוישע כאַיִמ לוצאַטאָ אאַ.). די דאָזיקע טעמעס זײַנענ דאָרט, אינ דער העברעיִשער פּאָעזיע אינ מענדעלעס צײַטנ אונ פריִער, באַהאַנדלט געוואָרנ אַזוי, ווי מע פילט אויס געצווונגענערהײט אַ געבאָט פונ דער אָפיציעלער פּאָעטיק. אָנ האַרצ, אָנ לעבנ אונ אָנ רעאַליסטישער שטײגערישקײַט. דאָס איז געווענ מעליצעדיקע, אויסגעטראַכטע ליבע, אויסגעטראַכטע נאַטור פונ טעאַטער־דעקאָראַציעס.

דער מאָטיוו פון ליבע האָט אין דער נײַער ייִדישער ליטעראטור באלד פון אָנהייב אָן פארנומען אן אָרט. שוין אין דער אנאָנימער „די גענארטע וועלט" און אין עטינגערס ווערק, אין אקסענפעלדס שאפן, באזונדערס אין „דער ערשטער ייִדישער רעקרוט" ווערט דער דאָזיקער מאָטיוו לעבעדיק און שטייגעריש-עכט. אָבער דעם מאָטיוו פון „נאטור" האָט אין דער ייִדישער ליטעראטור, אויב ניט ריידן פון עטלעכע בלאסע אומבאהאָלפענע לידער עטינגערס — ביז צו מענדעלען (לינעצקי — אײַנגעשלאָסן), קיינער ניט באהאנדלט, און אפילע זיך צו אים ניט צוגערירט. די עלטערע ייִדישע אופקלערער זײַנען געווען ווײַט פון דער נאטור, אָפגעפרעמדט פון איר. אפילע אזא וועלטלעכער און פאָלקסטימלעכער מענטש, ווי אקסענפעלד. די סיבעס זײַנען קלאָר.

מענדעלע איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך באמת עפענען די אויגן פונעם פאָלק אויך אף די שיינקײַטן פון דער נאטור. און אויב דער ערשטער אימפּולס פאר דעם נאטור־מאָטיוו איז בא מענדעלען געוואקסן פונעם אינטעלעקטועל־מאסקילישן שטרעבן אנטקעגנצושטעלן צו דער טוכלער פארומערטער „רוכניעס" וועלטלעכע „גאשמיעס" — האָט זיך אָבער דער דידאקטישער טאבלעס באם גרויסן דיכטער טייקעף פון אָנהייב אָן פארוואנדלט אין עכטע פּאָעטישע בילדער, געזעענע און דורכגעלעבטע. זיי ווירקן דעריבער סוגעסטיוו און רעגן אָן באם לייענער — ווי שפּאָרעוודיק זיי זאָלן ניט זײַן און כאָטש ס'איז אין זיי פאראן א קאפּעלע „אָלעאָגראפיע" — די שטימונגען און געפילן, וואָס מענדעלע איז אויסן.

...„פעלדער, געשפּרענקלט מיט בליענדע רעטשקע, ווײַס ווי שניי, נעבן געלב־גילדענע ראצעמאָרענע פאסן פון ווייץ, און מאט־גרינלעכע הויך געוואקסענע קוקורוזעס; א שיינער גרינער טאָל, באדעקט פון ביידע זײַטן מיט וועלדלעך נוסביימער. אונטן פלייצט א טײַכל, ריין, קלאָר ווי קרישטאָל, אין וועלכן עס טוקן זיך די שטראלן פון דער זון און באלייגן עס מיט פינקלדיקע גילדענע פליטערלעך. די שאָף און די קי אף דער פאשע דאָרט זעען פונדערווײַטנס אויס ווי טונקעלע, רויטע, געפלעקטע פינטעלעך". דעם דאָזיקן פייזאזש זעט אָבער מענדעלע דער פאקנטרעגער. ער קאָן זיך ניט פארטיפן אין אזא שטיק גאָלע אוילעמהאזע אָן א מוסערדיקער רעפלעקסיע. „— פע, פע! — מוסערט מיך דער יעיצערטאָוו מיט יענע ווערטער פונעם פייערק: א ייִד אונטערוועגנס, אז ער איז מאפסיק דאָס לערנען און זאָגט: „ווי שיין דער בוים איז, ווי שיין דאָס פעלד, איז גלײַך ווי ער טוט זיך אליין א מײַסע אָן". אָבער באלד שארט דער פאקנטרעגער פון זיך אוועק די מוסערדיקע באדענקענישן, וואָס פארביטערן און פארומערן דאָס לעבן פונעם דעמלטיקן ייִדן. „— דער יעיצערהאָרע אָבער פארטראָגט

מיר אונטער דער נאָז מעכײַעדיקע רייכעס פונ סטערטעס היי, געווירצ אונ קרײַטעכצער, וואָס צעגייענ זיכ אינ אלע אייוורימ. ער צעגיסט זיכ אינ קונציקע ניגונימ פונ אלערליי שפילפייגעלעכ, וואָס ׳ קיצלענ בא דער נעשאָמע. ער לאָזט מיכ פילנ אפ מײַנ פּאָנעמ א וואַרעמ ווינטעלע, וואָס גרײַזלט מיר די פּייעס, שושקעט מיר אינ די אויערנ: קוק, האָב האנאָע אונ זײַ א מענטש, דו נארישער ייִד איינער!“

דער פּייזאזש האָט אינ „פּישקע“ אנ אלגעמיינע אופגאבע: אײַנצוראמענ אינ א גאָלדענער פּאָעטישער ראמ דאָס בילד פונ דער נויט פונעמ פאָלק. מענדעלע באוויַזט דערמיט זײַנ ייִרעס־האקאָוועד אונ זײַנ הארצלעכע ליבע צו די געשטאלטנ פונ דער אָרעמשאפט, וואָס ער מאָלט. דאָס זײַנענ די דערוואָרעמענדיקע, באלעבנדיקע זונ־שטראלנ, וואָס ער ווארפט אפ דער געדיכט־טונקעלער, טרויעריקער אטמאָספער אינעמ בוכ. פונ איינ זײַט, ווערט דורכ דער דאָזיקער גאָלדענער ראמ, דורכ די דאָזיקע פּאָעטישע זונ־שטראלנ אונטערגעשטראָכנ אונ מאָנומענטאליזירט דער אומעט פונ די בילדער. פונ דער אנדערער זײַט, ווערט דורכ דעמ די קלעמענדיקע פּינצטערקײַט געמילדערט, דערנעענטערט צומ מענטשלעכנ געמיט, פארטיפט דורכ מאָנענ גערעכטיקײַט.

ניט געקוקט אפ דער דאָזיקער אלגעמיינער אייגנטלעכער „פונקציע“ פונעמ פּייזאזש, פארגעסט דאָ אָבער מענדעלע נישט די אנדערע אופקלערנדיקע נעבנ־אופגאבעס. אינ אנ אגעוודיק אײַנגעפלאָכטענער העאָרע איראָניזירט ער פונ דער רעליגיעזער טראדיציע, וואָס דריקט אונ פארמאָרעשכוירעט דאָס געמיט, דערלאָזט ניט, מע זאָל זיכ אפ א רעגע באפרײַענ פונעמ הימלשנ אָל אונ געניסנ אָנ געוויסנסביסנ אפילע א סאמע אומשולדיקנ אָרעמענ פארגעניגנ. דעמ דעמלטיקנ ייִד איז די נאטור אונ דאָס פרייענ זיכ מיט איר שיינקײַט געוועזנ זייער פרעמד. מענדעלע באמיט זיכ מיט אגיטאטאָרישער לײַדנשאפט אופצוקלערנ די פאָלקס־מאסנ ניט בלויז וועגנ די געזעצנ פונ דער נאטור („תולדות הטבע“), נאָר אויכ וועגנ איר שיינקײַט, וועגנ דעמ, וויאזוי מע קאָנ פונ דער דאָזיקער שיינקײַט האָבנ דערהויבענע האנאָע אונ פרייד.

פאר מענדעלעס מאָלערײַענ פונ פּייזאזשנ אונ אינטעריערס איז כאראקטעריסטיש, אז ער באנוגנט זיכ געוויינלעכ ניט בלויז מיט דער שילדערונג פונ זע-אײַנדרוקנ, נאָר ער גיט שטענדיק צו אויכ די באשרײַבונג פונ אנדערע געפיל־אײַנדרוקנ, פונ קלאנגענ, פונ רייכעס, פונעמ טאפּ־געפיל אונ אמאָל אפילע פונעמ געשמאק (טאמ). עס שפילנ דאָ אלע כושימ. דערבײַ פארמאָגט בא אימ דאָס בילד ניט בלויז זינלעכע (чувственный) שטימונג, נאָר אויכ א געדאנקלעכע שטימונג — אויב מע קאָנ אזוי זאָגנ.

---

אנ אנדערער פּייזאזש. א שטימונגס־בילד פונ דער נאטור, בעשאס דער רו אונ שטילקייט מיטיק־צייַט.

„...דער הימל איז בלוי, לויטער, אָנ א פּיצל וואָלקנ. די זונ בראָט, סמאליעט. עס ווייעט נישט קיינ ווינטעלע, מע פילט נישט קיינ ליפטעלע. די טוווע אפ די פעלדער, די ביימער אינ די וועלדער שטייענ שטיל, ווי צור־געקאָוועט, קיינ שאָקל אפילע זיכ נישט צו טאָנ. קי אפ די פּאשע ליגנ מיד, אויסגעשטרעקט די העלדזער, שאָקלענ צווייַלנ די אויערנ, קייַענ אונ מאלעגיירענ. אנדערע גראָבנ אונטער זיכ די ערד מיט זייערע הערנער, שארנ מיט די קאָפּיטעס אונ רעווענ, שרייַענ פאר גרויס היצ. דער בוהייַ פארייַסט דעם עק, לויפט גאלאָפּ, ווארפנדיק דעם קאָפּ אינ אלע זייַטנ, שטעלט פּלוצלימ זיכ אנידער אָנגעבויגנ דעם שטערנ הארט צו דער ערד, שמעקט, פּאָכט מיט די נאָזלעכער, לאָזט ארויס א ברומענ, סאָפּעט אונ דריגעט מיט די פיס"... „אפ א צווייַגל אינ דער הייכ וויגט זיכ א סאָראָ־קע, אויסזעענדיק פונדערווייַטנס ווי אָנגעטאָנ א ווייַס טאלעסל מיט פּאסנ טכיילעס פאָרנט, אונ דאוונט, שאָקלענדיק זיכ. זי בוקט זיכ, פאלט טאכנונ מיטנ קעפּל, שפּרינגט א ביסל אונטער, א קליינ קראקעלע געבנדיק א פּאָר מאָל. בלייַבט דערנאָכ ווייַטער שטיינ אָנ לאָשנ, שטרעקט אויס דאָס העלדזל אונ קוקט, גלאט אזוי אינ דער וועלט ארייַנ, מיט פארשלאָפענע אייגעלעכ. — אפ דעמ גאנצנ וועג איז שא־שטיל, מע זאָל דאָס הערנ ערגעצ א שאָרכ, א פּיפּס, מע זאָל דאָס זענ פליִענדיק ערגעצ א פויגל, נאָר קאָמארנ, מיקנ טראָגנ ווי די רוכעס זיכ אינ דער לופט ארומ, פליִענ טאנצנדיק פארבייַ די אויערנ, טוענ א גרילצ, א זזשע, אייַנרוימענדיק עפּעס א סאָד — אונ באלד, טאקע, מארש ווייַטער. נאָר צווישנ היי, צווישנ טוועס דאָרט שמור־צערנ די גרילנ, זומוענ, צימבלענ אונ גייענ מיט די טאצנ...

ס'איז הייס, ס'איז שטיל, ווונדערלעכ שיינ. שא! גאָטס באשעפעניש רוענ..."

די דאָזיקע שיינע נאטור-שילדערונג [1] דארפ דינענ אלס ראמ דעם גראָ־

1 איכ האָב אמאָל אינ א פריִערדיקער ארבעט ניט־ריכטיק אונטערגעשטראָכנ דעם קלאָ־מערשט „קלעריקאלנ" כאראקטער פונ אזעלכע בילדער ווי פונ דער סאָראָקע, וואָס „פאלט טאכנונ מיטנ קעפל", אאוו. מע קאָנ שטרייַטנ וועגנ דער געראָטנקייַט פונ די דאָזיקע אייַנצל־נע דעטאלנ — זיי טרעפנ זיכ, אגעוו, בא מענדעלענ גענוג זעלטנ, — מע קאָנ זאָגנ, אז דאָס שטרעבנ צו פאָלקסטימלעכקייַט האָט זיכ אינ די דאָזיקע אייַנצלנע זעלטענע פאלנ יאָ אָדער ניט אייַנגעגעבנ. אָבער אויב אזא בילד ווי מיט דער סאָראָקע איז אנטלייגנ פונ דער ריטואל-רעליגיעזער ספערע, קאָנ מענ, פונ דער אנדערער זייַט, דערינ זענ אויכ א לייַכטע איראָניע איבער די מעשונעדיקע האווייַעס באמ טאכנונ-פאלנ. יעדנפאלס זייַנענ די אויספירנ, וואָס איכ האָב אמאָל פונ די פּאָר ענלעכע פאלנ אינ מענדעלעס שאפנ געמאכט, געווענ זייער איבערגעטריבנ. —

טעסקירטנ בילד פונ מענדעלעס, דעמ ביכערהענדלערס, שוויצנ אפ דער זונ, ווי ער ליגט: „צעלייגט אפ דעמ וואָגנ, אינ העמד, מעכילע, מיט דעמ טא־לעסקאָטנ, אונטערגעהויבנ אפנ שפיצ קאָפ דאָס געשטעפטע פעלפענע היטל, אונ אראָפגעלאָזנ ביז די פיאטעס מײַנע אונטערגענייטע ברעסלער וואָלענע זאָקנ, וואָס איכ טראָג, באאווינויסיינו־האָראבימ, אינ זומער אפילע”... אאוו. ס'דארפ דינענ אלס ראמ פאר אזא בילד, ווי דאָס, וואָס קומט באלד דער־נאָכ וועגנ דעמ פאקנטרעגערס קליאטשע — דעמ סימבאָל פונ דער יידישער אָרעמשאפט: ...„מײַנ קוק באגעגנט זיכ מיט דעמ בליק פונ פערדל, וואָס האָט, קראצנדיק זיכ אינ דער שפיצ האָלאָבליע, אויסגעדרייט דעמ קאָפ צומ ביידל אונ קוקט אפ מיר עפעס שטארק אָנגעבלאָזנ, גלײַכ ווי עס וואָלט גערעדט מיט פאריבל: „נא, זע! א הינטערשטער פוס איז מיר שטארק גע־שוואָלנ, פארבונדנ מיט שמאטעס, עס רינט מיר נאָכ אנ אויג, עס יאטרעט זיכ מיר דער האלדז. דאָס מויל זאָל מיר אָפנעמענ, אויב איכ ווייס דעמ טאמ פונ א האָבער, פונדעסטוועגנ — וואָס זאָל איכ טאָנ? — שלעפ איכ מיכ הונגעריק, קראנק, צעבראָכנ, נישט אויסצושפאנענ, כאָלילע, פונ דער אוווי־דע”... אונ דעריקער דארפ דאָס אונ אלע ענלעכע בילדער אונ מאָטיוונ דינענ אלס ראמ פאר דער טראגיש־גראָטעסקער געשיכטע פונעמ קרומענ בעטלער פישקע אונ זײַנ האָרבאטער געליבטער, ביילע.

דער פאקנטרעגער מענדעלע באגעגנט אפנ שליאכ א קאָנקורענט, דעמ פאקנטרעגער אלטער. ביידע זײַנענ הונגעריק, ווײַל אינ דעמ טאָג איז א טאָנעס אונ זיי פאסטנ, זיי זײַנענ מיד פונ דער היצ, אויסגעמאטערט פונעמ וועג. דערצו איז אלטערנ נאָכ ביטער אפנ הארצנ, ווײַל ער איז ערשט ניט לאנג אזוי נאריש ארײַנגעפאלנ מיט זײַנ פרווו אלס שאדכנ עפעס צו פארדינענ פאר זײַנ אָרעמ הויזגעזינד. פונ לאנגווײַליקײַט אונ פוסטקײַט, העיויס ס'איז ניטאָ קיינ עמעסדיקע געשעפטנ, הייבנ זיי אָנ אינמיטנ פעלד א קלאָמערשטנ האנדל צווישנ זיכ, הייבנ אָנ אויסבײַטנ צווישנ זיכ: טכינעס — אפ באָווע־מײַסעס, מײַנעלאָשנס — אפ „טויזנט אונ איינ נאכט”, סליכעס, טאלעסקאָטנס, קינעס — אפ שויפרעס, מעשענע לײַכטער — אפ האוודאָלעס, אונ ביידע ווערנ גוט אופגעלייגט. „ביידע צדאָדימ האָבנ דערווייל פונעמ גאנצנ מאסע־מאטנ קיינ גראָשנ אינ די אויגנ נישט געזענ — אונ געבליבנ שטארק צופרידנ, גלאט פונעמ האנדל אליינ. מענ האָט דאָכ געטאָנ, געהאנדלט, גע־מאכט געשעפטנ, נישט געזעסנ ליידיק. אלטערס מאָרעשכוירע איז ווי א רויכ פארשווונדנ געוואָרנ. ס'איז אימ געווענ צו דערקענענ אינ דעמ פאָנעמ, אז יארמעלינעצער יאריד מיט זײַנ פינצטער מאזל איז אימ פונעמ זינענ ארויס־געגאנגענ. ער רעכנט עפעס שטילערהייט פאר זיכ אפ די פינגער, האלטנ־דיק דעמ לינקנ אויער אָנגעבוינגנ, גלײַכ ווי אינ קאָפ בא אימ כעזשבנט

א בוכהאלטער, צו וועלכנ ער האָרכט זיכ גוט צו, אונ, אפּאָנעמ, דער כעזשבנ ווײַזט אויס א פּארדינסטל, אימירצעשעמ, ווײַל דאָס מויל שפּאלט זיכ אימ אינ דער גאנצער ברייט אונ פונ צווישנ זײַנע געדיכטע וואָנצעס בליצט ארויס א זיס שמייכעלע".

אינ דעמ דאָזיקנ ווונדערלעכ צוגעטראכטנ גראָטעסקנ עפּיזאָד ווערט געוויזנ אונ סימבאָליזירט די גאנצע עקאָנאָמישע באָדנלאָזיקײַט פונ ברייטסטע יידישע מאסנ, דער טרויעריקער אומזינ פונעמ שאכער־מאכער. אונ באלד נאָכ דעמ „קאָמישנ" עפּיזאָד, וואָס דערציילט אינעמעסנ וועגנ א ביטער־טראגישנ איניענ, — קומט א רויקער, מילד־געמאָלטער פארנאכט־פייזאזש:

„א געשמאק ווינטעלע הייבט אָנ צו בלאָזנ, אונ אפנ הימל ווײַזנ זיכ שטיקלעכ וואָלקנ, אפ וועלכע מענ האָט, ווי אפ טײַערע געסט, שוינ א לאנגע צײַט ארויסגעקוקט. די ביימער הייבנ פאמעלעכ אָנ זיכ צו שאָקלענ, איינער צומ אנדערנ אײַנגעבויגנ דעמ קאָפּ, אונ פירנ צווישנ זיכ א שמועס אפ זייער לאָשנ, נאָכ דעמ אז זיי האָבנ אזוי לאנג געשוויגנ שטיל. דאָס ווינטעלע האָט אופגעוועקט די שלאָפעדיקע טוווע, אלע זאנגענ כאפנ זיכ ווי יונגע קינדער אופ מיט א קאָל אונ צעקושנ זיכ גאָר פרײַנטלעכ. גאָטס באשעפעניש רירט זיכ אומעטומ: אפנ פעלד, אינ וואלד אונ אינ דער לופט. איינס נאָכ דאָס אנדערע טרעטנ שפּילפייגעלעכ ארויס, אפ צווײַגלעכ, ביימלעכ, נידעריק אונ גאנצ הויכ, פוצנ זיכ די פעדערלעכ, א ווישּ מיט דעמ שנעבעלע, א טרעסע, א שאָקל — אונ הייבנ אָנ די זיסע זמירעס צו זינגענ, צו סווישטשענ. באבעטשקעס, רײַכ געקליידט אינ אטלעס, סאמעט, מאָדעאנטיק, מיט טײַערע צירונג, כאפנ א טענצל, שוועבנדיק אינ דער לופט, הייבנ זיכ, דרייענ זיכ אונ מאכנ כיינ"... „עפּעס א קונדעס א פויגל שטיפּט, פליט פונ איינ בוימ צומ אנדערנ, מאכט „קוקו, קוקו!" ווי ער שפּילט זיכ אינ באהעלטעניש. אימ ענטפערט אָפ פונ צווישנ ווייצ אונ קאָרנ אנ אנדער מינ פויגל עפּעס: „פּיק־בער־וויק, פּיק־בער־וויק!" ווי גערעדט: אייביק וועסטו מיכ דאָ נישט כאפּנ, כאָטש שיט מיר אָנ זאלצ אפנ עק, פּאקט זיכ, רעב קאָרעוו, ווײַטער אונ אוועק, אוועק!.." „זשאבעס אפילע פונ די טײַכלעכ ערגעצ טערעלייקענ. אפילע פליגנ, בינענ האָבנ נישט געשוויגנ, אונ דער זשוק, דער שייגעצ, דער אָנכאפּער, האָט פליענדיק אויכ געזשעט... די גאנצע וועלט איז עפּעס ווי לעבעדיק געוואָרנ אונ באקומענ א פריילעכ פּאָנעמ. א פרייד, א פארגעניגנ צו הערנ, צו זענ; צו שמעקנ די זיסע רייכעס פונ אלע זײַטנ.

— רעב אלטער; ס'איז גוט! רעב אלטער; ס'איז שיינ! עס ציט עפּעס בא דער נעשאָמע, עס רעדט עפּעס צומ הארצנ: גאָטס וועלטל איז שיינ,

גאָטס וועלטל לעבט! עס ציט און גלוסט זיך אריַנוואַרפן זיך עפּעס אהין, אהין מיט הענט און מיט פיס...

— רעב מענדעלע, בע... רעב מענדעלע, עט... פע! — טוט אלטער אפּ מיר זיך א קרים. — שוין צײַט בעסער מינכע דאַוונען. פארגעסט בעסער נישט, פון אלע אייַערע זאכן, צו זאָגן „אנייני”...

דער דאָזיקער פּייזאזש איז א קעגנשטעלונג צום פריִער דערציילטן גראָ־טעסקן עפּיזאָד, ער דארף אים „אויפלייזן” און מילדערן — ער פארענדיקט זיך אָבער מיט אלטערס רעפּליקע, וואָס פירט צוריק „צו דערווירקלעכ־קייַט”, צו דער מאָרעשכוירע פונעם דעמלטיקן ייִדישן לעבן און שטייגער[1].

קיין טראדיציע פון נאטור־מאָטיוון איז אין דער ייִדישער ליטערא־טור און שפראך סיי וואָס שייַעך דעם סטיל סיי וואָס שייַעך די באַציי־כענונגען און מעטאפערן ניט געווען. זייער גרינג האָט מען דאָ געקאָנט אריַנפאלן אין שאבלאָנישער, „דערהויבענער” בוקאָליק, זייער גרינג האָט מען זיך געקאָנט לאָזן אפּ אפן וועג פון „איבערגעזעצטע” ווערטער און בילדער. אזעלכע נאטור־מאָטיוון וואָלטן דאן ארויסגעשטארצט פונעם צוזאמענהאנג, ווי עפּעס פרעמדס, און וואָלטן ניט דערגאנגען צום לייענער. מענדעלע אָבער איז אויך דאָ געבליבן בא זייַן אלגעמיינעם סטיל. ער באנוצט אויך דאָ אויסשליסלעך פאָלקסטימלעכע וואָרט־מיטלען, מעטאפערן און פיגורן. פאראן אין זיי שורעס, וואָס לייענען זיך ווי פאָלקלאָר, זיי פארמאָגן אָבער דער־בייַ א דין־אויסגעשליפענע און אויסגערעכנטע ליטערארישע פאָרם. די ביל־דער זייַנען קלאָמערשט סטיכיש, „קונסטלאָז”, אָן קונצן און פּראָסט, לויט די האסאָגעס פונעם פאקנטרעגער, אזוי ווי ס׳רעדט זיך אמאָל וועגן אזוינס אין א שמועס. אינעמעסן זייַנען זיי דורכגעדרונגען מיט קינסטלערישקייַט און פּאָעזיע.

א בילד פון א וואלד באנאכט.

...„איך בין שוין פארגאנגען טיפלעך און קום לעסאָף צו עפּעס א לאנגן, שמאָלן טאָל, וואָס האקט פאר מיר איבער דעם וואלד אין צוויי טייל. דער טאָל איז באוואקסן מיט טשערעט און מינע ביימלעך שטעכע־דיקע ווי דערנער, און ציט זיך מיט איין זייַט צום שליאך, מיט דער אנ־דערער ערגעץ אנדערש, העט־ווייַט צו אלדי שווארצע יאָר. דער וואלד שטייט און שלאָפט, איבערגעדעקט פון אויבן עפּעס מיט א טונקעלן פאָר־

1 פארגלייַך אויך דאָס לירישע בילד פון דער לעוואָנע־נאכט — נאָך דער מייַסע מיט דער פייע און נאָך די גראָטעסקע בילדער פון דער קרעטשמע, פונעם קרעטשמערס וווינונג, פון דער מילכאָמע מיט די וואנצן. און אויך די פּייזאזשן און לירישע מאָטיוון, וואָס ארום דער באגעגעניש פון פישקען מיט דער האָרבאטער נאָך זייער צעשיידונג א.א.וו. א.א.וו.

האנג. ארום און איז שטיל, נאָר צײַטנווײַז הערט מענ, ווי צווײַ־הויכגעוויקסיקע ביימלעכ, נאָענטע שכײנים, שושקענ זיכ מיט אראָפּגעלאָזע־נע קעפּ צווישנ זיכ; אײנער דעמ אנדערנ א קיצל געבנדיק הינטערווײַלעכס מיט די צווײַגנ; אָדער, ווי א פּאָר בלעטלעכ ערגעצ פלאטערנ, באַרירנ זיכ, גלײַכ ווי עס גרימט זיי עפּעס און לאָזט זיי נישט רוענ. דאָס רעדט דער וואלד פונ שלאָפּ. דאָס כאָלעמט זיכ אימ נעכטיקער טאָג מיט אלע לייד און פרייד אינ אימ. דער שאָרכ פונ די דארע ריטלעכ דאָרט — דאָס קומענ אימ צו כאָלעמ ביימער, נעבעכ, וועלכע מע האָט פאר דער צײַט אויסגעהאקט. דער קלאפּ באמ אראָפּפאלנ עפּעס פונ דער הייכ — דאָס באַטײַט א נעסט מיט יונגע אומשולדיקע פייגעלעכ, וואָס דער שפּארבער, דער זשוליק, האָט פלוצלימ צעשטערט, און דאָס טאקע פלאטערנ די בלעטלעכ דאָרט אפּ דער טויטער מוטער מיט אירע דערהארגעטע קינדער, וואָס קומענ אצינד אימ צו כאָלעמ... עפּעס א גאנצער וואָלקנ מאָרעשכוירע רוקט זיכ אָנ אפּ דעמ וואלד און אויכ אפּ דער נעשאָמע מײַנער"...

אינ זײַנע פייזאזשנ מאָלט מענדעלע ניט בלויז די נאטור, נאָר גלײַכ־צײַטיק, דורכ זיי גופע ניט ווייניקער — אויכ דעמ כאראקטער פונעמ מענטש, וואָס מענדעלע לאָזט אימ דעמ פייזאזש זענ. אינעמ נאָרוואָס ציטירטנ בילד איז פאראנ ניט ווייניקער מענדעלע דער פאקנטרעגער — אײדער ווי וואלד.

---

מענדעלע האָט זיכ געהיט פאר סענטימענטאליטעט. ער האָט עפּעס ווי שטענדיק מוירע געהאט, אז זײַנ ליבע צומ פאָלק, צומ פאָלקס־מענטש זאָל ניט קומענ צומ אויסדרוק אפּ א זיסלעכנ, וויינעוודיקנ אויפנ. נאָכ יעדנ רירנדיקנ זאצ כאפּט ער זיכ און גיט צו אנ איראָניש וואָרט, קעדיי ס'זאָל זיכ אויטגלײַכנ. אינ די לירישע נאטור-בילדער איז שטענדיק פאראנ א דינ פעדעמל איראָניע, וואָס אמאָל גיט זי דאפּקע צו הארצלעכקײַט, אמאָל אָבער איז זי ביטערלעכ און שטעכיק...

מענדעלע וואָלט ניט געווענ מענדעלע, ווענ ער זאָל ניט ערגעצ־ווו איראָניזירנ ניט בלויז איבער די מעליצעדיקע, בוקאָלישע נאטור־מאָלערײַענ ביכלאַל, נאָר אויכ פונ זײַנע אייגענע (אינ „פישקע"). די דאָזיקע איראָניע פארענדיקט ער אָבער מיט זאצנ, וואָס גיבנ א בייז אָנצוהערניש, אז זײַנע קינסטלערישע בילדער האָבנ ניט קײנ שײַכעס צו יענער שאבלאָנישער, פאסטעכער־אידיליק, אז זיי זײַנענ זעלבשטענדיק, עכט און וויטעקדיק אַ־בערגעלעבט:

...„פאר א יידישנ באל-לאָשנ וואָלט געווענ גענוג מאטעריאל אפּ אָנצו־שרײַבנ א שיינעמ פיזמענ פונ אונדז אלע, דענסטמאָל אינ יענעמ שיינעמ

פּרימאָרגן. ס'איז דאָ צום פּיזמען פיר באַוויַיבטע ייִדן, ווי זיי ליגן זיך צעשפּיליעט אפן גרינעם גראָז, האָבן האַנאָע און שוויַיגן. אויך א זון מיט שטראַלן, הימל, נאטור, טוי-טראָפּן, שפּיל-פייגעלעך און פערדלעך, איינס שענער פונעם אנדערן. דערצו וואָלט ער דאָך געמעגט געבן א גמילעסכעסעד עפּעס פון זײַנס אויך; א טשערעדע שאָף, וואָס פּיטערן זיך אפן געמייזאכץ, א קלאָר רינענדיק וועסערל, ווו „אינדן טון צעברעכן זייער דאָרשט"; און אונדז — פּײַפעלעך אין מויל; אפּ וועלכע מיר שפּילן און שאלן, ווי די פּאסטעכער, א ליבּ-ליד דער געליבטער קאלע אין שיר-האשירים. טאָרבעס איז דאָ בא אונדז, באָרעכהאשעם, אייגענע, נישט צו באדארפן זײַנס (דעם „באל-לאָשנס" — מ. וו.), בא אים בלײַב עס... נאָר אָבער — אד-קאן, ביז-דאנגען! ווײַטער, רעב ייִד, רוקט זיך נישט!"... „מײַנע געדאנקען גיב איך איבער בעסער אליין".

---

אכוץ גרויסער ליבע ברענגט מענדעלע צום אויסדרוק אויך גרויסע טײַנעס, אכוץ קריטיק — אויך „אפּאָלאָגיע", אכוץ דער האָפענונג, וואָס ליגט אין יעדער קריטיק, — אויך שטימונגען פון אויסזיכטלאָזיקײַט. דאָס איז דער באָדן פאר די גראָטעסקע בילדער, וואָס געפינען זיך אין אזא גרויסער צאָל אין מענדעלעס שאפן. „מאסאָעס" איז אינגאנצן גענומען איין גרויסער גראָטעסק. דאָס גראָטעסקע ליגט דאָרט שוין אינעם סוזשעט פונעם ווערק גופע און אין אלע זײַנע טיילן. אין א געוויסער מאָס איז דאָס אזוי אויך אין „פישקע", אכוץ דעם אָבער זײַנען דאָ אין דעם ווערק א היפּש ביסל איינצלנע פארענדיקטע קליינע בילדער און שילדערונגען; וואָס די גראָטעסקע שטריכן זייערע דערמאָנען אפּ עפּעס אן אויפן אין נידערלענדישע גראָטעסק-מאָלער (דער א.-ג. „פּויערים"-ברויגעל אא.).

אינעם גראָטעסק קומט צום אויסדרוק א שווערע ווידערשפּרעכלעכקײַט פון געפילן. סאטירע, כויזעק; איראָניע, קאָמיק — און גלײַכצײַטיק צערטלעכע ליבע. גרויל און שרעק פאר דערווירקלעכקײַט — און פרייד, וואָס קומט פון דער קעמפערישער טאט. פארהערלעכונג — און גרימאסירנדיקע היפּערבאָלע. בייזער פּאטאָס — און עקסצענטרישע שפּילערישקײַט. קאָשמארישע פאַנטאסטיק — און פאנאטישע פּינקטלעכקײַט באם רעפּראָדוצירן דעטאלן פונעם לעבן. ווייטעקדיקע קוויקעניש מיט דער „אבסאָליוטער" העסלעכקײַט — און אן עקסטאטיש באגערן די דאָזיקע קאריקאטורן צו פּאָעטיזירן[1]. דאָ איז אן

---

1 צום בײַשפּיל: די גאָטישע סקולפּטורן (די כימערן פון נאָטר-דאם אא.) און גאָטישע מאָלערײַען (מארטין גרונעוואלדס בילדער), האָלביינס „טויטן-טאנצ", די ווערק פון א טייל

אָנוויַיז ניט בלויז אַפּ סטירעס אינ די געפילנ אָדער צווישנ זיי און דעמ געדאנק, נאָר מער פאר אלצ אַפּ טראגישע ווידערשפּרוכנ אינ די געזעל־שאפטלעכע פארהעלטענישנ.

צו דעמ אלעמ דארפ מענ צוגעבנ, אז דער קינסטלערישער (ניט „פרי־מיטיווער") גראָטעסק איז זייער א ראפינירטע פאָרמ און זעצט פאָרויס א הויכנ ניוואָ פונ קינסטלערישער אנטוויקלונג. אָנ דעמ וואָלט ניט מעגלעכ געווענ אויסצודריקנ אינ בילד אזא קאָמפּליצירטנ ווידעראנאנד פונ געפילנ.

ע. ט. א. האָפמאנ האָט געוויסע גראָטעסקע דערציילונגענ זײַנע גע־שריבנ לויט אָנרעגונגענ פונ קאלאָס גראווירנ. אָבער סײַ יענע גראווירנ און סײַ די אומהיימלעכע דערציילונגענ האָפמאנס זײַנענ — צוליב זייער אומ־ווירקלעכער פאנטאסטיק — אינ פארגלײַכ מיט מענדעלעס גראָטעסקע סקיצי־רונגענ — אידיליעס. אנ אנאלאָגיע קאָנ מענ דאָ נאָר מאכנ צו די גראָטעס־קע בילדער אינ גאָגאָלס ווערק.

מענדעלע דערציילט וועגנ כאָליערע־כאסענעס [1]:

„...גלופּסקער קאָהאָל האָט געכאפּט אינ דער בעהאָלע וויסטע קאליקעס, דראבעס, שלעפּערס און זיי כאסענע געמאכט אַפּ דעמ הייליקנ אָרט צווישנ די קוואָרימ, מיט אבי־אָט מיידלעכ, ביכדיי דורכ דעמ זאָל די שלאפקײַט אופהערנ. אָנשטאָט אימ (פישקענ. — מ. וו.) האָט קאָהאָל דאָס ערשטע מאָל מעכאבעד געווענ מיט כאסענע־האָבנ דעמ בארימטנ קאליקע יאָנטלענ, וואָס דוקט זיכ אַפּ זײַנ געזעס מיט צוויי קליינע הילצערנע בענקעלעכ אינ די הענט. מע האָט אימ געפּאָרט מיט דער אָרעמער יידענע, די מעפורסעמעס, וואָס האָט גרויסע ציינ ווי לאָפּעטעס, אָנ אנ אונטערשטע ליפּ. די כאָליערע האָט זיכ פאר זיי שטארק דערשראָקנ, און נאָכ דעמ, אז זי האָט פאר שרעק מאזיק געווענ אינ גלופּסק א סאכ מענטשנ, האָט זי גע־כאפּט די פיס אַפּ די פּלייצעס און איז אנטלאָפנ... דאָס צווייטע מאָל האָט מענ אויסגעקליבנ נאָכעמצע דעמ שטאָט־מעגעגע, דעמ געוויסנ לע־קיש. לעקיש האָט אַפּ דעמ בעסוילעמ, פאר א גאנצער איידע שיינע־יידנ, צוגעדעקט דעמ קאָפּ פונ יענער מויד, וואָס איר קאָפּ איז פונ קינדווײַז אָנ באדעקט, איכ בעט אײַכ מעכילע, מיט א קרוינ און אַפּ וועלכער עס גייט

---

בידערלענדישע (ברויגעל אא.) און שפּאנישע מאָלער (פראנצעסקאָ גאָיא). אינ דער ליטערא־טור: געוויסע שאפונגענ פונ די ראָמאנטיקער, ווי הוגאָס „דער מענטש, וואָס לאכט", צומ טייל אינ „נאָטר־דאמ" אאוו. אָדער אינ די ווערק פונ ע. ט. א. האָפמאנ. עלעמענטנ פונ גראָ־טעסק געפינענ מיר אויכ באמ גרויסנ פראָזאיקער גאָגאָל, בא שטשעדרינענ, בא דיקענסנ אאוו.

1 אינ צײַטנ פונ עפּידעמיעס איז געווענ א מינהעג כאסענע צו מאכנ אָרעמע כאָסנ־קאלע אַפּנ בעסוילעמ און זיכ דאָרט מעסאמייעכ זײַנ. דאָס האָט זיכ נערעכנט פאר א סגולע קעגנ דער פּעסט.

אינ דער שטאָט ארומ א קלאַנג, אז זי איז א אנדרויגענעס. דער אוילעמ זאָגט מענ, האָט אפ זייער כאסענע זיכ גאנצ שטארק מעסאמייעכ געווענ, מענ האָט זיכ וויל געטאָנ אונ עפעס גאָר א יאַמ בראנפנ צווישנ די מאַציווּעס אויסגעטרונקענ. אָט, האָט מענ געזאָגט, נישקאָשע! לאָזנ זיכ פרוכפערנ, לאָזנ יידישע קינדער, דער כאָליערע אפ צעשפרינגעניש, זיכ מערנ, לאָזנ אָרעמע קאליקעס, נעבעכ, אויכ האנאָע האָבנ... נישט דאָס בינ איכ אויסנ. האקלאל, פישקענ האָט קאָהאָל פארגעסנ... אפילע די מומע אָנ א נאָז, וואָס איר שטייגער איז צו העצקענ זיכ אינמיטנ דער גאס, בעשאס איר קלעזמערל סקריפעט אפ עפעס א מינ פידעלע, צוזינגענדיק דערצו אפנ בייַקעלכנ, נעמט צונויפ אפ א טעלערל נעדאָוועס, ביכדיי צוויי מייסימ זאָלנ גיינ טאנצנ, קאליקעס, קאפצאָנימ, אָרעמע מיידלעכ זאָלנ, כאָלילע, נישט פארזיצנ — אפילע די גוטע, בארעמהארציקע מומעניו האָט אינ פישקענ זיכ גאָר פארגעסנ אונ אימ געלאָזט אומגיינ אָנ א ווייַב"...

מענדעלע ווארפט אריַינ אינדערמיט זייַנ „ניט דאָס בינ איכ אויסנ". אכ, ווי איז ער דאָס דאפקע יאָ אויסנ צו מאָלנ דעמ דאָזיקנ טרויעריק־מעשונעדיקנ טויטנ־טאנצ, וואָס סימבאָליזירט די ביטערע דאָליע פונ די אָרעמע מאסנ.

אָדער דאָס בילד וועגנ דעמ, ווי דער צארישער טשינאָווניק שנייַדט אָפ דעמ ביכערהענדלער מענדעלע א פייע:

„...איכ בינ טויט מיט אלע מייַנע אייוורימ. עס ווארפט מיט מיר ווי אינ קאדאָכעס. עס רוישט מיר אינ קאָפ, קלינגט אינ די אויערנ. איכ הער נישט אונ זע נישט, וואָס ארומ מיר טוט זיכ. איכ האָב נישט רעכט געהערט אפילע די טייַנעס פונ מייַנ אָרל בעשאס קלאָגנדיק זיכ אפ מיר. נאָר אז דער רויטער קאָלנער האָט א היק געטאָנ אפ מיר מיט דעמ הארבנ וואָרט אפ יעוואָניש, האָב איכ מיכ באלד אופגעכאפט אונ שוינ גוט געהערט. פאר די אויגנ מייַנע שוועבט א קולאק, אונ עס הערנ זיכ שרעקלעכע ווערטער: גאנעוו, קאָנטראבאנדשטשיק, טרייפע־סכוירע, בייַטל־שנייַדער, קייטנ, טיורמא, קנוטעס, סיביר!.. ער זוכט זיכ פלוצלימ צו מייַנע פייעס, אונ נאָכקרימענדיק מיכ, שטארק אינ קאעס, כאפט ער אינ אימפעט פונעמ טיש א שער אונ שערט מיר אָפ אינגאנצנ איינ פייע! — איכ באַוואש מיכ מיט טרערנ, קוקנדיק אפ דער ערד מייַנ פייע, מייַנ גרוי־אלטע פייע, וואָס איז געוואקסנ מיט מיר פונ קינדווייַז אופ ביז אינ מייַנע אלטע יאָרנ; וואָס האָט איבערגעהאט מיט מיר פרייד אונ לייד גענוג אינ מייַנ לעבנ. די מאמע האָט זי אינ דער יוגנט געגלעט, געצוואָגנ, גאָר נישט געקענט זאט אָנקוקנ זיכ אפ די שווארצע, שיינע גרייַזעלעכ אירע. זי איז געווענ א צירונג מייַנ פאָנעמ אינ מייַנע גוטע טעג. ווענ איכ בינ געווענ

פריש און שטארק. זי איז פרי פאר דער צייט גרוי געוואָרן פאר צאָרעס, נעבעך, און איר גרויקייט האָט מיר, כאַלילע, נישט געמאכט קיין בושע. ביידע האָבן מיר זיך פרי געעלטערט פאר פוראָניעס, גויט, עלנט, גריזאָטע, אומזיסטע פיינטשאפט און רעדיפעס אין דער וועלט! ווענעג, כאַלילע, האָט זי געשאדט? ווענעג, כאַלילע, האָבן מיינע גרויע האָר עפעס שלעכטס געטאָן? — עס וויינט אין מיר דאָס האַרץ, שרייט גוואַלד שטיל, נישט ארויסצוברענגען אפ די ליפן קיין וואָרט. איך קוק שווייגנדיק, ווי א שעפעלע באם באשוירן עס, און פון די אויגן קאַפ־קאַפ, טרערן ווי די באָב... מיין הויל געבליבענע באַק האָט מיר שטארק געפלאמט"...

ווי אומענדלעך קאָמיש דאָס דאָזיקע קלאָג־ליד אַפ דער אָפּגעשוירענער פייע — און ווי טרויעריק. א פאנטאסטישע, אומגעלומפערטע טראגיק. דאָס גאנצע ווילדע איזדיעקעווען זיך פונעם צארישן טשינאָווניק איבער דער אומבאשיצטער יידישער באפעלקערונג איז דאָ קאָנצענטרירט אין דעם בילד, דאָס טרעטן מיט די פיס די ווירדע פונעם מענטשן. דערביי שפילט דאָ אין דעם בילד א הויפט־ראָל — א פייע, אַן אָפּגעשניטענע פייע. און וואָס דארף עס דער פאקנטרעגער אזוי נייטיק די פייע? די ביטערע אוולע ווערט עפעס מעשונעדיק, לעכערלעך, די געפילן, וואָס דאָס רופט ארויס, גראָטעסק פארפלאָנטערט, גרויליק...

מע דערמאָנט זיך אין געוויסע בילדער גאָגאָלס.

---

דעם גראָטעסק גיט מענדעלע אַפ פארשיידנערליי אויפאנים. ערשטנס, אמאָל שוין אינעם גרונט, אין דער טעמע פונעם ווערק גופע, וואָס איז איינגאנצן פארטראכט אינעם פּלאַן פון גראָטעסק — „מאסאָעס", „פישקע". צווייטנס, אין איינצלנע סיטואציעס, ווי, לעמאָשל, אין דער שילדערונג פונעם בייט־„געשעפט" צווישן מענדעלע דעם פאקנטרעגער און אַלטערן, אינעם געשפרעך צווישן בינימין און סענדערל מיטן אוקראַיִנישן פויער — אין „מאסאָעס" אאוו. דריטנס, אינעם אויפן, ווי מענדעלע מאָלט די פּאָרטרעטן פון באשטימטע פיגורן, לעמאָשל, פון פישקען, פונעם קרעטשמערס טאָכטער, פונעם סטאנאָוואָי און זיינע טשינאָווניקעס, פון אַלטערן, פון סענדערל די יידענע (אין „מאסאָעס") אאוו. פערטנס — באם באשרייבן באשטימטע טשודנע אייגנפאלן, געשעענישן, וואָס קומען פאָר אינעם דיכטערס פאנטאזיע[1]. פינפטנס — און באזונדערס אָפט — באם אויסמאָלן

1 לעמאָשל, דאָס בילדל וועגן דעם „יאריד פון אַלערליי מינע געשטאלטן, וואָס זיינען פּלוצלים ווי פון דער ערד אויסגעוואקסן" — וועגן מענדעלע כאפט — אין זיין פאנטאזיע — „איינעם פון דער גוטער קנופיע: קום צום סמיך" אאוו.

„אינטעריערס" (דאָס אינווייניקע אויסזען פונ צימערנ אאַוו.). די דאָזיקע אינטעריער־בילדער זייַנען אָנגעזאַפּט מיט שטייגער און שטימונג, אויכ זיי דאַרפנ זייַנ א פּאָנ פאַר די מענטשלעכע געשטאַלטנ אונ זייערע האַנדלונגענ. אָבער אויב די בילדער פונ דער נאַטור זייַנען לירישי־זוניק, זייַנען געווייַנלעכ די אינטעריערס גראָטעסק אונ כמורנע. וואָרעם אַזוי טאַקע זייַנען געווען די אינטעריערס פונ דער אָרעמשאַפט. אז סע כאַפּט זיכ אריינ אין אַ־ראָניע, א געלעכטער „מיט יאַשטשערקעס", אונ א שמייכל פונ ליבע אונ ווייטעק — אינ א פּינקטלעכער, נאַטורגעטרייַער באַשרייַבונג פונ א העקדעש, לעמאָשל, — ווערט שוינ די צייכענונג מעמיילע גראָטעסק.

„אינגאַנצנ — האָט דער העקדעש אויסגעזען ווי א שטאַרק אַלטע קרעטשמע, א כורווע מיט אויסגעקרימטע, נישט קיינ גלייַכע ווענט, מיט עפּעס א דעכל, מישטיינסגעזאָגט, ווי א צעקנייטשט קאַפּעלוישל, פאַריסנ פונ פאָרנט אונ נידעריק אָנגעבויגנ פונ הינטנ, קימאַט ביז דער ערד. מע האָט באַשייַמפּערלעכ געזענ, אז דער העקדעש, נעבעכ, כאַלעשט, וויל אייַנפאַלנ אונ ליגנ ווי א באַרג מיסט אפ דער ערד, נאָר דער אוילעם אינ שטעטל האָט אים אָפּגעשריגנ, אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעכ אונ אים אייַנגעבעטנ, צו האַלטנ זיכ אַזוי אפ ווייַטער ביז הונדערט אונ צוואַנציק יאָר"...

דאָס איז בלויז דער פּיל־צוזאָגנדיקער אריינגאַנג צום העקדעש, דערנאָכ ערשט קומט דער סאַמע רעכטער „אינטעריער", א גרויזאַם בילד, ווי יענע, וואָס באַלזאַק פּלעגט אַמאָל מאָלנ — אַלס היסטאָריקער פונ זיטנ אונ שטייגער — פונ די אַמאָליקע פּאַריזשער אָפּגעסלעכ („טרושטשאָבעס"), אָבער אָנ מענדעלעס פאַרקלעמטער ביטערקייַט.

אפ אנ אייגנאַרטיק „אימפּרעסיאָניסטישנ" אויפנ באַמיט זיכ מענדעלע צו סוגערירנ דעם לייענער דעם סאַכאַקלדיקנ אייַנדרוק — דורכ דעם, וואָס ער שטעלט פאָר ניט אפ איינמאָל, נאָר בעהאַדראָגעדיק די עמפּינדונגענ פונ פאַרשיידענע כושים: שמעקנ, הערנ, זענ אאַוו. לעמאָשל, אינעם בילד פונ א קרעטשמע:

„...דאָס אַלצדינג, וואָס אינווייניק אינ דער קרעטשמע טוט זיכ, דערפּיל איכ ביסלעכווייַז, איינס נאָכ דאָס אנדערע קעסיידער, נישט אפ איינמאָל. דעם ערשטנ קיבעד דאָרט האָט מייַנ נאָז. באַלד באַם אריינקומענ, נאָכ אפ דער שוועל, טוט מיר א זעצ א שאַרפּ־ביטערער צאַפּנ-שטינקענדיקער רייעכ פונ בראַנפנ, מאַכאָרקע אונ מענטשנ־שווייס אינייינעם. אז די נאָז ניסט אָפּ איר „מה טובו" פונ אַזאַ באָרעכהאַבע מיט א הילכ, צעגיסנדיק זיכ אינ שטייגער — גייענ צום סמיק די אויערנ. א ראַש, א געפּילדער פונ אויסגעמישטע אינייינעם דינע, גראָבע, הייזעריקע, צערעפּעטע אונ כריפּענדיקע קוילעס קייַקלענ זיכ אריינ אינ זיי מיט א גורילצנ — נאָר טויב צו ווערנ.

אַז די נאָז מיט די אויערן האָבן שוין זייערס אָפּגענומען, געהאַט זייער ערלעכן אויסקומעניש, — זײַנען שטאַרק אין דער אַרבעט נעבעך די אויגן. נאָכדעם ווי זיי בלאָנקען זיך פֿריִער אַרום אין דער טונקלעניש צווישן אַ געדיכטן אוילעם מענטשן, צונויפֿגעשמאָלצן איינינעם, נישט צו האָבן אַ פּיצל סימען פֿון עפּעס אַ זאַך — דערזעען זיי פֿונדערווײַטנס אַף אַ לאַנגן הילצערנעם טיש אַ כײַפֿעוודיק ליכטל אין אַ ליימענעם לײַכטערל, וואָס ברענט מיט אַ רויטן שטעכעדיקן פֿלאַם, אַרומגערינגלט מיט געל־גרין־בלוי־גרויע רעדער, ווי רעגנבויגנס, פֿון דער הייסער פּאַרע און זײַלן רויך, וואָס שלעפּן זיך איבער דער שטוב אַרום. ערשט דערנאָך הייבן אָן אַרויסצושווימען פֿאַרנעם טונקעלן טומאַן קעסיידער: נעז, בערד, בערדלעך, טשופּרינעס, גאַנצע פּנעמער און צורעס פֿון מאַנצבילן און נקייוועס, עס שווימען אַרויס רעדלעך מענטשן. אַ טייל האַלטן זיך אַף די פֿיס, ערשט נאָכן פֿערטן, פֿינפֿטן טרונק בראַנפֿן. אין דער זײַט האַלדזן זיך צוויי שיקורימלעך, זידלען זיך פֿאַר גרויס ליבשאַפֿט מיט מיִעסע ווערטער"... אאַוו.

אין אַ טייל גראָטעסקע אינטעריערס קומט דײַטלעכער צום אויסדרוק אַ ווייטעקדיקער פּאַראַדאָקס, אַ סאַטירישער מין (אַזוי, לעמאָשל, אין דער באַוווּסטער שילדערונג פֿון אַ מיקווע). אין אַנדערע ווידער זעט זיך מער אָן מענדעלעס אַ הומאָריסטישער שמייכל. וואָרעם ניט אומעטום, ווו מענדעלע כויזעקט, איז דאָס אומבאַדינגט סאַטירע, ניט ווייניקער אָפֿט גיט מענדעלע הומאָר פֿון יענעם מין, וואָס איז שפּעטער איבערגענומען און גענִיאַל אַנטוויקלט געוואָרן פֿון שאָלעם־אַלייכעמען. אָבער מענדעלעס הומאָר איז האַרבער. דאָס הייסט, ווייניקער הומאָריסטיש; אָפֿט ניט נאָר טראַגיקאָמיש, נאָר טאַקע האַרט בײַ דער גרענעץ פֿון טראַגיק (דער לעצטער עפּיזאָד אין „מאַסאָעס"), אָבער שטענדיק „בייזער", נעענטער צו סאַטירע — איידער ווי בײַם ליריש־ווייכן שאָלעם־אַלייכעם.

דאָס קאָן מען באַמערקן אויך אין יענע ערטער פֿון די אינטעריער־שילדערונגען, וואָס ווערן באַהאַנדלט הומאָריסטיש. לעמאָשל, אין דער שילדערונג פֿונעם קרעטשמערס ווינ־צימער:

...„אַרום די ווענט אין דער הייך הענגען פּאָרטרעטן, באַדעקט מיט שפּינוועבס, מיט געפּייגערטע פֿליגן, אויסגעטריקנטע אייער פֿון פּרײַסן און פֿליגן־קויט. פֿונעם קויט אַף די דאָזיקע פּאָרטרעטלעך קוקן אַרויס עפּעס געשטאַלטן: אַ „מיזרעכ" מיט קראָליקלעך, מיט מעשונע־ווילדע כײַעלעך, האַלב־ציג — האַלב־הירש, האַלב־לייב — האַלב־אייזל, האַלב־לעמפּערט — און האַלב־פּיפּערנאָטער. אַ הויכער האָמאָן, געקליידט ווי אַ אונטעראָפֿיצער, הענגט אַף אַ טליִע; וואָס גרייכט אים קוים ביז צום אַקסל, אַזוי אַז גיכער הענגט די טליִע אַף אים. דערבײַ שטייט מאָרדעכײַ אין אַ שטרײַמל, אַ ראַצעמאָ־

רענע קאפּאָטע מיט א גארטל, אויבן א טיזליק, אין שיך און זעקלעך, מיט פּייקעלעך — טאקע נאָר „מאָנדרוש”. ארום אים „באבערדלטע, באנאָזנדיקע” ייִדן מיט קויסעס אין די הענט, און מאכן: „לעכאיִם, רעבע מאָרדכע!” צו זערעשן מיטן טאָפּ האָבן זיך זייער מיִעס צוגעכאפּט די פליגן, האָבן פון איר, נעבעך, איבערגעלאָזט נאָר א האלבן קאָפּ מיט א שטיקל פעדערכיילעך. נאפּאָלעאָן, נעבעך, איז אויך ארײַנגעפאלן אהינצו אין ייִדישע הענט. אז אָך און ווי איז צו אים, וואָס פאר א פּאָנעם ער האָט געהאט! ער איז געהאנגען צווישן פּויטיפערס ווײַב, עפּעס א פארזועניש, א מיִעסקײַט, וואָס מאכט כיינן, שלעפנדיק יויסעף־האצאדיק בא די פּאָלעס, און צווישן א שמאָלן, פארשמאָלצעוועטן, שטארק אָנגעבויגענעם שפּיגל, הינטער וועלכן עס האָט געשטעקט א פארדארטער לולעוו און אלטע אָפּגעשלאָגענע הוישײַנעס”...

## 4. טראדיציעס און ווירקונגען

### א) ייִדישע קוואלן

אכוץ א סאָלידער אלגעמיינער בילדונג, סײַ אין די הומאניסטישע און סײַ אין די נאטורוויסנשאפטלעכע געביטן, האָט מענדעלע געהאט רײַכע ידיִעס אין אלע צווײַגן פון דער אנטיקער, מיטלאלטערלעכער און נײַער העברייִשער ליטעראטור. ער איז געווען באהאוונט אין די ביכער פון דער ביבל, אין דעם „גרויסן יאם” פון טאלמוד, האלאָכע און אגאָדע, פּאָסקים, קאבאָלע, קאָמענטאטאָרן, פּילפּול, שײַלעס־אוטשוועס, כקירע און מעליצע (מיטלאלטערלעכע פילאָסאָפיע און דיכטונג), לעגענדן־ און מײַסעס־ליטעראטור, היסטאָריאָגראפיע, רײַזע־באשרײַבונגען, ליטורגישע ליטעראטור, באשרײַבונגען פון מינהאָגים און סגולעס אאוו. פארשטייט זיך, אז מענדעלע איז געווען זייער היימיש אין דער נײַער העברייִשער האסקאָלע־ליטעראטור און אין דער א.־ג. כאָכמאס האיאהאדוס. אין זײַן סטיל האָט זיך דאָס ארויסבאוויזן דורך א שלאל רעמיניסצענצן, אסאָציאציעס, בילדער, סטיליזירונגען, מעטאפערן, רייד־פיגורן אאוו. סײַ ערנסט געמיינטע און סײַ איראָנישע, פּאראָדיסטישע.

מענדעלעס אינטעלעקט איז דערצויגן געוואָרן דורך דער האסקאָלע. פון איר האָט מענדעלע באקומען די ערשטע אויפקלערונג וועגן דעם לעבן פונעם פאָלק און פון דער געזעלשאפט. דער געזעלשאפטלעכער אידעאל פון דער האסקאָלע איז געווען די אבסטראקטע גערעכטיקײַט. די געזעלשאפטלעכע פאָדערונגען פון דער צײַט האָבן די מאסקילים געפּרווט אויסדריקן

דורך פֿאָרשטעלונגען און בילדער פֿון די ביבלישע נעוויִים. זייער באַציִונג צו דער ביבל איז אין א באשטימטער מאָס ענלעך געווען צו דער פֿון די הומאניסטן און רעפֿאָרמאטאָרן אין דער צײַט פֿון דער רענעסאנס. דאָס איז דער אינוווייניקסטער זין פֿון דער ביבלישער מעליצע אינעם שאפֿן פֿון די מאסקילים.

אַז מע האָט אָבער די „אבסטראקטע גערעכטיקייט" געדארפֿט קאָנקרעטיזירן לויט די פֿארהעלטענישן פֿון דער צײַט, האָבן די ביבלישע פֿאָרשטעלונגען און בילדער ניט געקאָנט קלעקן. ווענן באַטאַקסעס, קאָהאָלשע טאקיפֿים און כאפּערס, וועגן גוטע־יִידן און צארישע טשינאָווניקעס איז אין דער ביבל גאָרנישט געשטאנען. מיט ביבלישע זאצן האָט מען וועגן דעם געקאָנט ריידן נאָר אבסטראקט. די ביבלישע מעליצע ווערט דאָ גיך פּראָזעאָלאָגיש און פּוסט. אײנצלנע מאסקילים האָבן זיך פֿאָרט געמיט צו געבן קאָנקרעטע, קריטיש־סאטירישע שילדערונגען פֿונעם לעבנשטייגער אינעם פּאטעטישן סטיל פֿון דער ביבל (לעמאָשל: מאפּו אין זײַן „עיט צבוע"). ס'האָט זיך באקומען נאִיוו, אנאכראָניסטיש. דאָ איז געווען א סאך גוטער ווילן, אָבער זייער ווייניק עכט לעבן. טראָץ א סאך דעטאלן פֿון דער ווירקלעכקייט האָט דאָ ווײַטער געהערשט די אבסטראקציע.

אויך מענדעלע האָט אין אָנהייב געפּרוּווט גיין אַף דעם זעלבן וועג — אין זײַן ראָמאן „האבות והבנים". ער האָט אָבער גיך דערזען, אז דאָס איז אויסזיכטלאָז. קאָוונער, אן אָנהעגער פּיסארעווס, האָט מיט זײַן שארפֿער קריטיק מענדעלען א סאך געהאָלפֿן. ער האָט מענדעלען געהאָלפֿן אוועקגיין פֿון די אבסטראקטע אידעאלן — צו די פֿאָלקס־מאסן, צו זייער קאָנקרעט לעבן און צו זייערע נויטן, צום לעבעדיקן לעבן. אונטער דער ווירקונג פֿונעם פֿילאָלאָג ליפֿשיץ, דעם איידעלן דעמאָקראט, האָט מענדעלע אָנגעהויבן צו באנעמען, אז קומען צום פֿאָלק קאָן מען נאָר מיט דער שפּראך פֿונעם פֿאָלק, אז אופֿקלערונג דורך העברייִיש איז אן אבסטראקציע, אן אילוזיע. דאָ, אין דער יִידישער שפּראך, איז אים טייקעף געוואָרן גראַם, דאָ האָט אים טייקעף א פֿלייץ געטאָן א ריזיקע שעפֿע פֿון לעבן און וואָרט.

עפּעס ערגעץ־ווו, טיף אינעם הינטערגרונט פֿון באוווסטזײַן און שטימונג, איז בא מענדעלען אַף שטענדיק געבליבן דער אבסטראקטער, ביבליש־נעוויִישער עטישער פּאטאָס. דער פּאָזיטיווער געזעלשאפֿטלעכער אידעאל, די פּאָזיטיווע פּאָרשלאָגן צו לייזן די נויטן פֿון דער געזעלשאפֿט, זײַנען בא אים אַף שטענדיק פֿארבליבן אָדער קליינבירגערלעך באגרענעצט — דעמלט ווען ער קאָנקרעטיזירט זיי, אָדער אבסטראקט פֿארנעפּלט, — ווען ער רעדט וועגן זיי אין אלגעמיינע זאצן. אַף עפּעס אן אויפֿן בא־

ווײַזט זיכ דאָס אויכ אינ די עלעמענטנ פונ „מוסער”, וואָס אינ זײַנע אײַנגעפלאָכטענע רעפלעקסיעס, אינ זײַנ נעטיִע צום דידאקטישנ מאָראליזירנ. קאָנקרעט, פול מיט לעבנ, מיט קעמפערישקײַט ווערט זײַנ שאפנ, ווענ ער ק ר י ט י ק י ר ט די געזעלשאפט. זײַנ צעשטערערישע קריטיק, זײַנ נעגירנ דאָס געזעלשאפטלעכע אומרעכט אנטהאלט אָנ אנ ערעכ מער אָנווײַזנ אפ דער עמעסדיקער לייזונג פונ די ווידערשפרוכנ אינ דער עקספלואטאטאָרישער געזעלשאפט — איידער ווי זײַנע פאָזיטיווע ארויסגעזאָגטע קאָנקרעטע פאָרשלאָגנ.

קאָנקרעט זענ אונ באנעמענ די געזעלשאפטלעכע ווירקלעכקײַט — דאָס האָט מענדעלע געלערנט בא די גרויסע רוסישע שרײַבער, אינ דער קולטור־אטמאָספער פונ דער רוסישער רעוואָליוציִאָנער־דעמאָקראטישער אופקלערונג. די אידייענ טשערנישעווסקיס, דאָבראָליובאָווס, פּיסארעווס האָבנ אינ מענדעלענ אנטוויקלט די פילבארקײַט צו דער לאגע פונ די פאָלקסמאסנ. ערשט דעמלט האָט מענדעלע געקאָנט אופנעמענ אנטשיידנדיקע ווירקונגענ פונ גאָגאָלנ, פונ סאלטיקאָוו־שטשעדרינענ.

מענדעלע האָט געלערנט בא גאָגאָלנ אופצוכאפּנ דעמ טאָכ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אינ שטייגערישע בילדער אונ געשעענישנ. ער האָט בא אימ געלערנט יענעמ טיפנ הומאניזמ, וואָס זעט די טראגיק פונ א היסטאָריש־געזעלשאפטלעכער לאגע ניט דאפקע אינ דער געהויבענער, העראָיִש־פאטעטישער ספערע, נאָר דאָרט, ווו זי איז, — אויכ אינ דער געוויינלעכער וואָכעדיקער וועלט. גאָגאָלס „טויטע נעפּאשעס” האָבנ געשארפט מענדעלעס בליק צו דערזענ דאָס כאראקטעריסטישע אינ די דעטאלנ. מענדעלע האָט בא גאָגאָלנ געלערנט דעמ פאטאָס פונ רעאליזמ, וואָס ווערט ביז טיפ צערודערט פונ דער העסלעכקײַט אינעמ פארקריפלטנ לעבנ, — וואָס האָט אָבער דעמ מוט די דאָזיקע העסלעכקײַט אָפּצומאָלנ אזוי ווי זי איז.

סאלטיקאָוו־שטשעדרינ ווידער האָט אפ מענדעלענ געווירקט מיט זײַנ לײַדנשאפטלעכנ שטרעבנ אופצוקלערנ די פאָלקס־מאסנ וועגנ זייער לאגע — אונ אויכ וועגנ זייער אייגענער אָפּגעשטאנענקײַט. מענדעלע האָט בא אימ געלערנט בייז פײַנט האָבנ דעמ אונטערדריקער, יעדנ מינ פארקריפלונג פונעמ לעבנ, בלוטיק צו וויטעקנ פאר די פאָלקס־מאסנ — אָבער ווו נייטיק, זיי צו שטראָפנ. מענדעלע איז בא סאלטיקאָוונ זייער פיל געווויר געוואָרנ וועגנ דער ווירדע פונעמ פאָלק, פונעמ אונטערדריקטנ מענטש. סאלטיקאָוו־שטשעדרינ האָט אפ מענדעלענ געווירקט מיט דער הויִכער פאטעטיק פונ זײַנ סאטירע.

ווירקונגענ פונ גאָגאָל אונ סאלטיקאָוו־שטשעדרינ זעענ מיר אויכ אינ דעמ, ווי מענדעלע באהאנדלט סימבאָלישע עלעמענטנ אינ דער סאטירע

און וויאזוי ער סינטעטיזירט אין רעאליסטיש־סימבאָלישע נעשטאלטן שטעט, כאראקטערן, גויבאָלעס, געשעענישן — ריזיקע סאכאקלען פונעם לעבן. דער אויפן, ווי מענדעלע באהאנדלט די פאָלקסטימלעכע שאפערישקייט און דאָס וואָרט פונעם פאָלק, איז אויך באווירקט פון די דאָזיקע צוויי גרויסע שרייבער.

גאָגאָל האָט ליב געהאט צו באצייכענען די „טויטע נעפאשעס" — אלס פאָעמע. דערמיט איז ער אויסן געווען, אז דאָס דאָזיקע ווערק איז די עפּאָפּיי וועגן לעבן און ליידן פונעם גרויסן איידעלן, אָבער דורך לייבייגנ־טום אונטערדריקטן רוסישן פאָלק. און אויך — אז די פּראָזע אין דעם בוך זייַנעם פארמאָגט ניט ווייניקער אינערלעכע ריטמיק און זינגעוודיקייט, איידער ווי פּאָעזיע — אויסערלעכע. אויך דאָס שטארק קאָנצענטרירטע בילד, דאָס זייער רייַכע, זייער וואָגיקע וואָרט האָט גאָגאָלס פּראָזע ענלעך גע־מאכט צו פּאָעזיע.

אין דעם זינען זייַנען אויך „מאסאָעס", „פישקע", טיילן פון „ווינטש־פינגערל", פון „שלוימע רעב כאַימס" — קאפּיטלען פון א „פּאָעמע".

אכוץ אויסנאם־פאלן האָט מענדעלען געפעלט די פייִקייט צו פארענ־דיקטע גרויסע לייַוונטן. אז מע וויל, קאָן מען זאָגן, אז זייַנע בעסטע ווערק זייַנען טיילן פון איין גרויסן בוך. זיי זייַנען אפילע אויסערלעך אָפּט צו־נויפגעבונדן דורך דער געשטאלט פון מענדעלע דעם מויכער־ספאָרים, דורך די זעלבע בילדער פון טונעיאדעווקע, גלופּסק אאוו. זייַן הויפּט־פּערסאָנאזש איז דער פאָלקס־כאראקטער, וואונדערלעך סינטעטיזירט אין עטלעכע קימאט סימבאָלישע, מאָנומענטאלע געשטאלטן. אָבער אין זייַן פּראָזע געפינען מיר אן ענלעכע אינערלעכע ריטמיק, ווי בא גאָגאָלן, די זעלבע קאָנצענטרירט־קייַט פון בילד, די זעלבע געשליפנקייַט פונעם זאצ און וואָגיקייַט פון וואָרט. ווי גאָגאָלס „טויטע נעפאשעס", זייַנען מענדעלעס בעסטע ווערק אן עפּאָפּיי וועגן די ליידן פון א פאָלק, פונעם יִדישן פאָלק, אונטער דעם וויסטן דרוק פון צאריזם און פעאָדאלישע פּריצים.

---

ווען מענדעלע האָט אָנגעהויבן שרייַבן יִדיש, האָט ער בעשומויפן ניט אוועקגעמאכט מיט דער האנט די אופּטועס פון דער יונגער, נאָך ווייניק אנטוויקלטער נייַער יִדישער ליטעראטור. פאַרקערט: ער האָט זיך צו זיי באצויגן מיט אָפּשיַי — און האָט זיי אין זייַן שאפן פארסאכאקלט. אנדערש וואָלט ער ניט געקאָנט ווערן דער גרויסער יִדישער שרייַבער. וואָרעם ער וואָלט געמוזט אָנהייבן פון אָנהייב די ריזיקע ארבעט, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן פון זייַנע פאָרגייער סיַי אין פראט פון קינסטלערישן פיקסירן די אומגעהייערע מאסע פון שטייגערישע דערשייַנונגען און פאקטן אין דער

נאציאָנאלער סוויווע אונ סײַ אינ פראט פונ קינסטלערישנ „פארשרײַבנ" אונ באארבעטנ די גערעדטע שפראכ. אקסענפעלד, עטינגער, גאָטלאָבער, פארשיידענע האלב-פאָלקלאָרישע שרײַבער אונ אויכ דיק — זײַנענ געווענ פאָרגייער מענדעלעס ניט בלויז אינ כראָנאָלאָגישנ זינענ, נאָר טאקע אויכ וואָס שײַעכ ווירקונג. מיר קאָנענ בא מענדעלענ פעסטשטעלנ אָנרעגונגענ אויכ פונ ייִדישע שרײַבער, וואָס האָבנ געלעבט אינ איינ צײַט מיט אימ, לעמאָשל, פונ לינעצקינ.

אינ מענדעלעס סטיל — אינ שפראכ אונ בילד — שפּילנ א גרויסע ראָליע, אכוצ דעמ מינדלעכנ פאָלקלאָר, אויכ די טראדיציעס פונ דער עלטערער ייִדיש-טײַטשער ליטעראטור. מײַסע-ביכער, ראָמאנטישע ריטער-ראָמאנענ, עלטערע אונ נײַערע לידער, פורימ-שפּילנ, יויסיפונ, שעיירים-ייִסראָעל, סייפער-האיאָשאָר אינ ייִדישער שפראכ, צעענאָ-אורעענאָ, נאכלאס-צווי, טכינעס, מוסער-ביכער אפ ייִדיש: קאוו-האיאָשאָר, מענויראס-האמאָויר, שייוועט-מוסער, ייִדישע איבערזעצונגענ פונ געבעט-ביכער, אאוו., קורצ, די גאנצע רײַכע, סײַ פאָלקסטימלעכ וועלטלעכע אונ סײַ די רעליגיעזע אונ האלב-רעליגיעזע, ליטעראטור אינעמ עלטערנ ייִדיש איז אָפּגעשפּיגלט אינ באשטימטע מאָמענטנ פונ מענדעלעס סטיל.

דאָס איז פארבונדנ מיטנ פאָלקסטימלעכנ כאראקטער פונ מענדעלעס שאפנ. וואָרעמ די דאָזיקע עלטערע ייִדישע ליטעראטור איז געווענ פארוואָרצלט אינעמ פאָלק, שטארק פארשפּרייט אונ באליבט אויכ נאָכ צו זײַנע צײַטנ אונ אפילע א היפּש שטיק צײַט שפּעטער. פונדאנענ האָט מענדעלע געשעפּט מאטעריאל פאר זײַנ ס ט י ל, אונ נאָכ מער פאר זײַנ ס ט י ל י ז י ר נ. ער נעמט אמאָל פונ דאָרט א וואָרט, א זאצ, א גראמאטיקאלישע פאָרמ, א בילד — אונ עס זיצט פעסט, ניט צו רירנ פונעמ אָרט, עס צאפּלט פריש אונ לעבעדיק, שפּילט מיט אלע פארבנ.

אָפּטער נאָכ איראָניזירט ער פונ די דאָזיקע עלטערע פאָרמעס, אמאָל גוטמוטיק אונ מיט א צומיש פונ ליריזמ, ווי, לעמאָשל, אינ „פישקע": „אל-מעכטיקער גאָט! — זאָג איכ מיט א געבעט אפ טכינע-לאָשנ" אאוו., אונ אמאָל מיט א בייזער פאראָדיע — דאָרט, ווו ער שטראָפט די פאָלקס-מאסנ פאר זייער אָפּגעשטאנענקײַט.

דײַטלעכ באווײַזנ זיכ די דאָזיקע טראדיציעס אינעמ סטיל פונ מענדעלעס רעפלעקסיעס אונ רעזאָניאָרישע באטראכטונגענ. אונ מער פונ אלצ אינעמ טאָנ, מער ווי אינ שפראכ אונ בילדער. לויט זייער אינערלעכנ טאָנ זײַנענ די דאָזיקע באטראכטונגענ זייער קרויוויש צו יענע „שטראָפּ-רייד" אינ די מוסער-ביכער, וואָס זײַנענ געווענדט קעגנ טאקיפימ, גווירימ, קאָהאָלס-לײַט אונ באדריקערס פונעמ פאָלק, צו יענע ביטערע קלאָגנ, וואָס

ריידן מיט אזויפיל הארצ וועגנ דער דאָליע פונ די „פראָסטע מענטשנ אי־
נעם פאָלק".

ס׳לוינט זיכ דאָ א ביסל נעענטער א קוק צו טאָנ.

...„אָבער אז דער „מענטש פירט זיכ ניט ווי ריכט איז — איז ער אינ
דעמ קלאל פונ „נשיאים ורוח"; דאָס איז טײַטש: וואָלקנס אונ ווינטנ. דענ
אזוי ווי דער וואָלקנ ווערט פארלענדט אונ גייט אוועק אונ קערט ניט ווי־
דער, אזוי אויכ דער מאנהיג־קעהילע, וואָס איז זיכ ניט נויהעג ווי רעכט
איז, דאָס ער זאָל זיכ נויהעג זײַנ, ווי אײַנ מאנהיג פונ די ייִסראָעל בא־
דארפ, אונ ער לײַדט ניט אפ זיכ די מאסע פונ די ייִסראָעל אונ האלט
זיכ באלגײַווע קעגנ זיי — גייט ער פלוצלינג אוועק פונ דער וועלט, אונ
צו זײַנע קינדער איז קיינ געדעכעניש ניט!

אונ אינ דער נעצ ווערנ געכאפט פיל מאנהיגימ, פונ וועגנ זייער גײַווע
אונ הערשאפט, אונ ווארפנ אײַנ גרויס פאָרכט אפ דעמ אוילעמ ניט פונ
גאָטס וועגנ, אונ העלפנ ניט דעמ אוילעמ מיט די מאסימ (שטײַערנ. — מ. וו.),
דאָס אפ זיכ מאכנ זיי גרינג דעמ מאס (שטײַער. — מ. וו.), אונ אפ אנדע־
רע מאכנ זיי שווער. אונ אלערליי קאָוועד אונ געדולע נעמענ זיי אײַנ
כיילעק צומ ערשטנ. אונ זייער פאָנעמ פלאמט טאָמיד מאכמעס טרינקענ.
אונ [זיי] זײַנענ שטארק אונ געזונט, מאכמעס זיי טוענ זיכ אָנ דאָס גלוסט־
קײַט פונ זייער הארצ.

אונ די איידע, די קינדער פונ אווראָהאָמ, ייִצכאָק, יאקויוו זײַנענ צע־
שטויסנ אונ נידעריק אונ גייענ, נעבעכ, נאקעט אונ באָרוועס... מאכמעס,
די שאמאָסימ, וואָס זײַנענ גויווע דעמ מאס (מאָנענ אײַנ דעמ שטײַער. —
מ. וו.), אונ די באדינערס פונ קאָהאָל באגאזלענענ זיי, אונ קומענ מיט אכ־
זאָריעס אינ זייערע הײַזער אונ כאפנ אונ ראבעווענ פונ וואָס זיי געפינענ.
אונ [זיי] זעענ, אז די באלעבאטימ (דה. דער פראָסטער אוילעמ. — מ. וו.)
זאָלנ בלײַבנ בעירומ ובחוסר כל (נאקעט אונ אָנ אלצ. — מ. וו.). אונ נעמענ
אפילע זייערע קליידער אויכ צו, אונ אפילע זייער טאלעס אונ קיטל — אונ
פארקויפנ עס פאר ווייניק געלט. אונ אפילע דאָס בעטגעוואנט נעמט מענ
בא זיי צו. אונ בא די באלעבאטימ בלײַבט מער ניט, נאָר דאָס שטרוי אינ
די בעטנ. אונ אינ דער צײַט, אז עס איז קאלט אָדער רעגנ גייט — צי־
טערנ זיי נעבעכ. אונ ער מיט זײַנ ווײַב אונ קינדער ווײַנענ איטלעכער אינ
אייַנ באזונדער ווינקעלע...

אונ עס איז פארהאנדנ אזעלכע מאנהיגימ, וואָס טוענ נאָכ א גרעסערע
אוולירע: דאָס זיי עסנ אונ טרינקענ פונ קאָהאָלס געלט, אונ גיבנ דערפונ
נאדנ צו זייערע זינ אונ זייערע טעכטער, אונ מאטאָנעס צו כאָסנ־קאלע.
אונ דאָס געלט ביז אלצ — [איז] דאָס רויבונג אונ יעגיִע־קאפאָמ (האָרעווא־

ניע.— מ. וו.) פונ די יִסראָעל. אונ אפ אזוי אײַנ מאנהיג אונ אזוי אַיינ פארנעס גייט איינ כרוז (א הימלש קאָל. — מ. וו.) פאר אימ אונ רופט אויס: דאָס איז דער, וואָס עסט דאָס בלוט אונ פלייש פונ דעמ פאָלק יִסראָעל, ער גאזלט אָרעמעלײַט אונ יעסוימימ אונ אלמאָנעס! אונ דער כרוז שילט אימ מיט פיל קלאָלעס, אונ זײַנ טפילע ווערט ניט צוגעהערט. גאָט־באָרוכ־הו זאָל אונדז מאצל זײַנ פאר זײַנ אוינעש!..״

אָדער:

...„אז עס קומט די צײַט פונ קעלט... דער אוישער — איז זײַנ הויז גוט געבויט, אונ ער זיצט זיכ ווי איינ הער אינ דער ווינטער־שטוב, אונ זײַנ אויוונ איז ווארעמ, אונ בא אימ אינ שטוב איז אויכ גאנצ ווארעמ. אונ דער אָרעמאנ — ניט גענוג, וואָס זײַנ שטוב איז פול מיט לעכער, נאָר ער האָט אפילע ניט, פאר וואָס זיכ האָלצ צו קויפנ, ער זאָל זײַנ לײַב קענענ רעכט אָנווארעמענ. אונ די קעלט צעברעכט זײַנ לײַב אונ זײַנ גופ אונ די לײַבער פונ זײַנ הויזגעזינד. אונ אז א רעגנ גייט — רינט אינ זײַנ שטוב ארײַנ, אונ די וואסער גיסט זיכ אפ זײַנ האלדז. אונ אלע טעג פונ איינ אָרעמאנ זײַנענ מיט גרויס צאר, אונ ער מיט גאָר זײַנ הויזגעזינד זיפצנ טאָמיד אונ שרײַענ — אונ פונדעסטוועגנ נעמענ זיי עס אלצ אָנ מיט ליב־שאפט. אונ אז שאבעס אונ יאָמטעוו קומט, וואָס דעמלט איז די צײַט זיכ צו זענפטנ מיט עסנ אונ טרינקענ אונ מיט שיינע קליידער — אונ דער אָרעמאנ האָט קיינ ברויט ניט!.. אונ ווער קענ עס אויסשרײַבנ גאָר דאָס ביטער־קײַט אונ גאָר דעמ צאר, וואָס דער אָרעמאנ לײַדט... דענ דער אָרעמאנ איז אפ דער וועלט גערעכנט ווי א מעס״...

די דאָזיקע צוויי פראגמענטנ פונ מאגידישנ מוסער זײַנענ גענומענ פונ א געוויינלעכנ, טיפישנ מוסער־סייפער („קב הישר״ — פונ צווי הירש קיי־דאנאָווער [1], אנטשטאנענ סאָפ XVII יאָרהונדערט), וואָס איז אמאָל זייער פארשפרייט געווענ צווישנ ברייטסטע מאסנ. דער בוכ איז פול מיט מעשו־נעדיקסטע אָבערגלויבענישנ אונ געהער צו יענעמ מינ ליטעראטור, וואָס האָט ניט ווייניק געווירקט אפ צו פארווילדערנ די פאָרשטעלונגענ אונ דאָס לעבנ. אָבער די דאָזיקע ביכער אונ פאָרשטעלונגענ זײַנענ דאָכ געווענ א רעזולטאט פונ דער אומדערטרעגלעכער לאגע, אינ וועלכער די מאסנ האָבנ

1 אגעוו: דעמ פארפאסער פונ דעמ דאָזיקנ זייער פרומענ מוסער־בוכ האָבנ טאקיפימ, בעסדנ אונ קאָהאָלס-לײַט גערוידעפט אינ לעבנ ארײַנ. אלס ראָוו אינ א ליטווישער שטאָט, איז ער שארפ ארויסגעטראָטנ קעגנ די גזיילעס אונ באדריקונגענ פונ גווירימ אונ טאקיפימ. האָבנ זיי בא אימ צוגענומענ זײַנ גאנצ האָב־אונ־גוטס, אימ אליינ האָבנ זיי אײַנגעזעצט אינ טפיסע אונ אימ געהאלטנ פארשפארט פיר יאָר. דערנאָכ האָבנ זיי אימ ארויסגעיאָגט פונ שטאָט אָרעמ, נאקעט אונ באָרוועס.

זיך געפֿונען, א רעזולטאט פֿון פֿארצווייפֿלונג און מאָרעשכוירע אָן א ברעג.
דורך דער געדיכטעניש פֿון די פֿינצטערע האסאָגעס רײַסט זיך דאָ פֿון מאָל
צו מאָל דורך אין פּראָסטע ווערטער דער ביטערער ווײ פֿונעם פֿאָלק, באַ־
ווײַזט זיך אמאָל אַף א רעגע דאָס ליבהארציקע, ליכטיק־באַזוניקטע פּאָנעם
פֿונעם פֿאָלק, פֿון די פֿאָלקס־מאסן. באַווײַזט זיך אַף א רעגע ווי א זונ־
שטראַל — און פֿארשווינדט. דעמלט באַקומען מיר צו הערן יענע „שטראָף־
רייד" פֿול מיט טיפֿער מענטשלעכקײַט, אין וועלכע דאָס פֿאָלק באַקלאָגט
זיך אַף זײַן דאָליע. דעמלט באַקומען מיר אויך צו הערן — אין אַרײַנגע־
פֿלאָכטענע מײַסעס, מעשאָלים, ווערטלעך אאַוו. — א שלאָל פֿון דער העלער
פֿאָלקסטימלעכער שאפֿערישקײַט. אין די נאַיווע, רירנדיקע רייד, וואָס מיר
האָבן דאָ ציטירט, גייט דאָך א מענטש אָפּ מיט בלוט, ריידנדיק וועגן די
ליידן פֿון די אָרעמע מאסן.

---

אין מענדעלעס סטיליזירונגען געפֿינען מיר עלעמענטן ניט בלויז פֿון
דעם מיין באַזיניקטן, אזוי צו זאָגן „רעאַליסטישן" מוסער, וואָס מיר האָבן
דערפֿון ציטירט א בײַשפּיל, נאָר אויך פֿון דער פֿרומלעך־סקארבאָווער דראָ־
שע, פֿונעם פּראַזעאָלאָגישן מאגידישן מוסער. און ס'טרעפֿט זיך, אז דאָס
דאָזיקע איז בא מענדעלען גאנץ ערנסט געמיינט, אז דאָס טאקע איז ער
אויסן. דאָס איז אין יענע פֿאלן, ווען מענדעלע צאָלט אָפּ זײַן צינש צו דער
באַגרענעצטקײַט פֿונעם קליינבירגערטום, ווען ס'וועקן זיך בא אים גופֿע
אופֿ אלטע, קאָנסערוואטיווע אידייען.
צומאָל באַנוצט מענדעלע אינעם גאנג פֿונעם דערציילן די דראָשעדיק־
סטיליזירטע באַטראַכטונג — אלס איבערגאנג פֿון איין סיטואציע צו דער אַנ־
דערער אָדער אלס פֿארבינדונג צווישן זעלבשטענדיקע, אינערלעך ניט פֿאר־
בונדענע עפּיזאָדן. און אמאָל איז דאָס בא אים אַן אייגנארטיקער מין אָר־
נאמענט, אַן אראַבעסקע אָדער גלאט א טשודנער אײַנפֿאַל, א מין קינסט־
לערישער קאפּריז — א „ספּלין" אָן באַזונדערע קאוואָנעס. דאָס גיט זײַן סטיל
אַן אייגנארטיקע באַפֿארבונג.
זייער אָפֿט זײַנען די מאגידישע סטיליזירונגען געבראַכט אין א סאַ־
טירישן אספּעקט — אלס א טייל פֿון זײַן קריטיק פֿונעם אָפּגעשטאַנענעם שטיי־
גער. דעמלט הערט זיך אין זיי א דײַטלעכער טאָן פֿון פּאראָדיע. אַן אַנ־
דער מאָל זײַנען זיי בלויז דורכגעוועבט מיט א דין פֿעדעמל איראָניע.
ס'זעט אמאָל אויס אזוי, ווי מענדעלע וואָלט מיט דער לײַכטער אי־
ראָניע, וואָס ליגט מעמיילע אינעם סטיליזירן גופֿע פֿונעם מוסער־טאָן, —
ווי ער וואָלט דערמיט אויסן געווען צו פֿארענטפֿערן זײַן דידאקטיש מאָראַ־

ליזירנ, אָדער צו באוואָרענענ, אז מע זאָל א צו היימישלעכע באטראכטונג ניט אופנעמענ ווי א באלעבאטישע באנאליטעט. זייער אָפט ווידער וויל ער דאָ מיט דער איראָניע אויסמייַדנ, אז זייַנ ליריזם זאָל ניט איבערפלייצנ ביז צו סאנטימענטאלישקייַט, באזונדערס דאָרט, ווו זייַנע קלאָג־רייד קאָנענ באקומענ א בייַטאם פונ „נעבעכ” אונ „ראכמאָנעס”. —

---

מענדעלע האָט דער יידישער ליטעראטור געוויזנ דעמ עמעסדיק קינסטלערישנ וועג צו דער פאָלקסטימלעכקייַט. ער האָט געוויזנ, וויִאזוי, אפ וואָסער אויפנ דאָס דיסציפלינירטע ליטעראַרישע שאפנ דארפ שעפּנ פונ דער פאָלקס־קולטור אונ זיכ פאָרט ניט לאָזנ באהערשנ פונ סטיכישער פארפלייצעניש. אינ דער יידישער ליטעראטור ביז מענדעלענ[1] איז — טראָץ פארשיידענע פרווונ פונ קינסטלערישער באארבעטונג — די פאָלקסטימלעכקייַט פונ דער פאָרמ אינ א גרויסער מאָס באשטאנענ פונ נאטוראליסטישנ רעפראָדוצירנ די רייד, דאָס אויסזענ אונ די טנועס פונעמ פאָלק. אונ דאָס איז א שטריכ פונ אָנהייבערישער אומבאהאָלפנקייַט. דער לייַכטסטער מעטאָד, אָבער דער אויבערפלעכלעכסטער. גראָד דאָס פינקטלעכע קאָפירנ האָט ניט געקאָנט פירנ צו די טיפענישנ פונ דער פאָלקס־קולטור.

אָנהייבערס אונ אומבאהאָלפענע פערזנמאכערס מיינענ, אז אינ דער פאָעזיע איז אמגרינגסטנ צו שרייַבנ „ווייַסע פערזנ”. זיי ווייסנ ניט, אז עכטע „ווייַסע פערזנ” זייַנענ דאפקע די סאמע שווערסטע אונ קאָמפליצירטסטע פאָרמ אונ אז זיי געראָטנ נאָר דעמ, וואָס באהערשט טיפ די געזעצנ פונ מעטריק, ריטמיק אונ אפילע די טעכניק פונ גראמ. דאָס אייגענע איז מיט „פאָלקסטימלעכקייַט”. פרימיטיווע שרייַבער דוכט זיכ, אז ס'איז ניט פאראנ קיינ גרינגערע זאכ, ווי זייַנ „פאָלקסטימלעכ”. מע דארפ בלויז קאָפירנ דאָס, וואָס מע זעט אונ הערט באמ פאָלק — אונ פארטיק. דאָס איז א נאיִווער טאָעס. —

ארויסברענגענ די אויצרעס פונ דער פאָלקס־קולטור אפ דער ליכטיקער שייַנ קאָנ נאָר דער, וואָס גייט צו זיי צו מיט פארטיפטער פארשטענדעניש,

---

1 מיט איינ אויסנאמ — עטינגער, וואָס האָט אָבער מיט זייַנע פיִאָנערישע אופטוענ באמ קינסטלערישנ דיסציפלינירנ פאָלקסטימלעכע שטאָפנ ניט באקומענ קיינ פולנ רעזאָנאנס, ניט אינעמ ליטעראַרישנ שאפנ פונ זייַנ צייַט, אונ ניט א היפשע צייַט שפעטער (ביז פערצנ). דערבייַ האָט זיכ עטינגער קיינמאָל ניט דערגרונטעוועט צו אזעלכע טיפענישנ פונ דער פאָלקס־קולטור ווי מענדעלע. אָפגערעדט דערפונ, אז עטינגערנ האָט אינ אלע פראָטים געפעלט מענדעלעס עכטע פארבונדנקייַט מיט די מאסנ פונעמ פאָלק, מענדעלעס טיפ באנעמענ דאָס פאָלק אונ זייַנע נויטנ.

דער, וואָס זעט זיי אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גאַנצער אָנגעזאַמלטער — אויך ערודיציאָנעלער, שריפטלעכער — קולטור פונעם פאָלק, דער, וואָס שטעלט צו זיך באַם באַהאַנדלען דעם פאָלקסטימלעכן שטאָף די העכסטע פאָדערונגען. און דאָס האָט מענדעלע געטאָן.

מענדעלע איז פרײַ פון יעדער שפור ערודיציאָנעל־גײַוועדיקער באַציִונג צום „עטנאָגראַפישן קוריאָז”, אָבער פונקט אַזוי ווײַט איז ער אויך פון נאַיִווען היספּײַלעס און פון סאַנטימענטאַלן „סיוסיוקען”. זײַן הויפּט־אויפטו איז דאָ געווען דער גרויסער עמעסדיק קולטורעלער דערהכערעץ פאַר דער שאַפערישקײַט פונעם פאָלק. דערמיט האָט ער געעפנט אַ וועג פאַר שאָלעם־אַלייכעמען, פאַר פּערעצן, פאַר אַ העכערער קינסטלערישער אַנטוויקלונג פון דער יִדישער ליטעראַטור.

אין מענדעלעס ווערק ווערט פאַרייניקט די פאָלקסטימלעכע שאַפעריש־קײַט מיט דער ערודיציאָנעלער קולטור פונעם פאָלק. מענדעלע איז, טראָץ דער גרויסער שעפע פון קאָנקרעטע דערפאַרונגען און באַאָבאַכטונגען פונעם לעבן, וואָס אין זײַנע ווערק, — דער אינטעלעקטועלסטער שרײַבער אין דער יִדישער ליטעראַטור. זײַן וואָרט און בילד זײַנען אַמײנסטן אָנגעזאַפּט מיט געדאַנק און מיט באַזיניקטן געפיל. קיין שרײַבער אין דער ביז־סאָוועטישער יִדישער ליטעראַטור איז ניט געווען אַזוי פאַרטיפט היסטאָריציסטיש באַם זען און שילדערן די לאַגע פונעם פאָלק אין דער קעגנוואַרט — ווי מענדע־לע. דעריבער איז מענדעלעס געראָטן אַרויסצוברענגען אינעם באַוווסטזײַן פונעם לייענער אַזעלכע שאַרפע, ביז ווייטעק בוילעטע און קלאָרע פאָרשטעלונגען וועגן דער דערנידערונג פונעם פאָלק, פון די פאָלקס־מאַסן און וועגן דעם סאָציאַלן אומרעכט בענעגייע צו זיי — ווי קיינעם ניט ביז צו אים און זעלטן־ווען נאָך אים. ער איז דאָ געווען אַן ערשטער.

מענדעלע האָט פיקסירט ניט בלויז דאָס לעבן פונעם פאָלק אין אַ באַ־שטימטן פּעריאָד, נאָר אויך דעם סאַכאַקל, וואָס דער גאַנג פון דער גע־שיכטע סומירט אין יעדן געגעבענעם צושטאַנד, אויך דעם סאַכאַקל פון קולטור־טראַדיציע, אַזוי ווי זי איז דערגאַנגען צו דער צײַט און האָט זיך איבערגעבראָכן אינעם פאָקוס פון די צײַט־באַדינגונגען.

ביז צו מענדעלען האָט זיך דאָס ספּעציפיש־נאַציאָנאַלע אין דער לי־טעראַטור דערקער באַוויזן אינעם רעפּראָדוצירן עטנאָגראַפישע אייגנאַרט, ערשט מענדעלע האָט דאָס אַלץ אויפגעהויבן צו דער ספערע פון געשיכט־לעכקײַט און קולטור־טראַדיציע, צו דער פאָדערונג פון סאָציאַלער גע־רעכטיקײַט. אין מענדעלעס שאַפן איז אַפאַנעמעסן קאָנצענטרירט די נאַציאָ־נאַלע אייגנאַרט, ווײַל זי איז געזען דורכן אַספּעקט פון אויסגעצייכנטע

טראַדיציעס אין דער וועלט־קולטור און קריטיש באַלויכטן דורך דעם שרײַ־בערס טיפֿן געפֿיל פֿאַר די נויטן פֿון די אונטערדריקטע פֿאָלקס־מאַסן.

---

מענדעלעס טאַלאַנט איז ניט דאָס, וואָס מע רופֿט „בלענדנדיק". ער שײַנט ניט פֿונעם אַרבל. זײַן זאַץ און בילד זײַנען געדיכט, שווער — און באַרעכנט. די קינסטלערישע אויסרעכענונג שפּילט אין זײַן שאַפֿן אַ גרויסע ראָליע. דער אינטעלעקט הערשט אָפֿט איבער זײַן בילד, לייגט זיך דערויף שווער אַוועק און לאָזט ניט, אַז זײַן פֿאַנטאַזיע זאָל זיך צעשפּילן. שאָלעם־אַליכעמס טאַלאַנט איז בלענדנדיקער, אורשפּרינגלעכער, אומיטלבאַ־רער. שאָלעם־אַליכעמס נאַטור־וווּקסיקע גענ׳אַלישקײַט שטראָמט אַ סך לײַכטער און גלאַטיקער, שפּרודלט מיט אַ סך אַ רײַכערער שעפֿע פֿון בילדער און אײַנפֿאַלן. זײַן קינסטלעריש געמיט איז ווייכער, ליבלעכער, לײַכטער.

פּערעצ ווידער איז פֿילפֿאַרביקער פֿון מענדעלען. פּערעצעס טאַלאַנט בלישטשעט מיט פֿאַרשיידנאַרטיקע אַרטיסטישע אײַנפֿאַלן און סוזשעטן, מיט אַ רײַכער פֿאַבולירנדיקער פֿאַנטאַזיע. פּערעצ איז „נאָכגיביקער" באַם אויפֿנעמען און פֿאַראַרבעטן אײַנפֿלוסן פֿון פֿאַרשיידנאַרטיקסטע — אויך סאָפּעקדיקע — קוואַלן און טראַדיציעס, פֿון דער ייִדישער און פֿון דער וועלט־קולטור.

פֿון די דאָזיקע דרײַ גרויסע שרײַבער האָט אָבער מענדעלע אַמטיפֿסטן געגראָבן, האָט ער מיט סאַמע גרעסטן ערנסט און אַקשאָנעס זיך דערקלײַבן צום טאָך פֿונעם פֿאָלקס־לעבן. אין זײַנע ווערק קומען אַמדײַטלעכסטן צום אויסדרוק די איידעלע טראַדיציעס, וואָס לעבן שטענדיק אינעם פֿאָלק: צו מאָנען גערעכטיקײַט, זיך אָנצונעמען פֿאַר די געפּלאָגטע און געקריוודעטע.

די עלעמענטן פֿון היסטאָרישער קולטור־טראַדיציע זײַנען באַ מענדעלען עכטער, שטרענגער, טיפֿער, ווי באַ וועמען ס׳זאָל ניט זײַן אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור. עמעסדיקער — ווײַל באַ זײַן גאַנצער ערפֿורכט צו דער נאַציאָנאַלער קולטור פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט, האָט מענדעלע פֿאָרט אויף איר געקוקט מיט ניכטערע, קריטישע אויגן — רעאַליסטיש. ווו מע דאַרף, איראָ־ניזירט מענדעלע גאַנץ שאַרף, דער כויזעק דערגייט ביז צו בייזער פּאַראָ־דיע; — אָבער אויך דאָ באַווײַזן זיך די קולטור־טראַדיציעס עכטער, עמעס־דיקער, טיפֿער, איידער ווי, לעמאָשל, אין יענע דערציילונגען פּערעצעס, וואָס הילן אײַן אין ראָמאַנטיק די פֿאַרגאַנגענהײַט און איר קולטור. מענ־דעלעס זאַצן און בילדער צילן אָפֿט טאָך, זײַנען דורכגעדרונגען מ׳ט גע־זעלשאַפֿטלעכן פּאַטאָס, דעריבער אַנטהאַלטן זיי אַזויפֿיל (רעאַליזירטן און פּאָטענצ׳עלן) אינהאַלט.

---

## ב) פונ דער רוסישער אונ פונ דער וועלט־ליטעראַטור

מענדעלעס סטיל איז אינ דער ייִדישער ליטעראַטור איבעראַשנדיק נײַ אונ אנדערש ווי ביז צו אימ. עפּעס אַזוינס אָדער ענלעכס איז ביז צו מענדעלענ ניט געווענ ניט אינ דער ייִדישער [1] אונ ניט אינ דער העברעיִשער ליטעראַטור. אַ סאַך ווּזנטלעכע מאָמענטנ אינ זײַנ סטיל שטאַמענ טאַקע פונ דאָרט. זייער אַ סאַך — פונעמ פאָלקלאָרישנ שאַפנ. די רוסישע ליטעראַטור האָט אפ מענדעלענ געהאַט אַנ אַנטשיידנדיקע ווירקונג. אָבער מיט דעמ איז ניט אויסגעשעפּט די באַשרײַבונג פונ די ליטעראַרישע טראַדיציעס, וואָס האָבנ געווירקט אפ דער אויסבילדונג פונ זײַנ סטיל.

וואָרעמ: אינ דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור פאַרמאָגט מענדעלעס שאַפנ אַמיינסטנ נאַציאָנאַלע אייגנאַרט. גלײַכצײַטיק איז אָבער זײַנ שאַפנ ביז אינ די קלענסטע באַשטאַנדטיילנ, אַמאָל דײַטלעכ, אָפנ, אַמאָל פאַרבאָרגנ אונ פאַרהוילנ אינעמ טיפסטנ געוועב, פאַרבונדנ מיט זעלבשטענדיק באַאַרבעטע ווירקונגענ פונ דער וועלט־קולטור. באַזונדערס מיט יענע טראַדיציעס אינ דער פּראָזאיִשער ליטעראַטור, וואָס קומענ פונ די רוסישע אונ מײַרעוו־אייראָפּייִשע אופקלערער זײַט העלפט אַכצנטנ יאָרהונדערט ביז צו מענדעלעס צײַטנ.

דאָס איז געווענ אַ פּאָרויסזעצונג פאַר מענדעלעס גרויסער אָריגינאַליטעט אונ עכטער שאַפערישער זעלבשטענדיקײַט.

---

אינ מענדעלעס סטיל גיסנ זיכ אייגנאַרטיק צונויפ פאַרשיידענע, צוּווײַלנ ווידערשפּרעכיקע, עלעמענטנ. די אידעאַלנ פונעמ אופקלערערישנ הומאַניזמ — מיטנ סײַכל־האַיאָשערדיקנ פּיקכעס („לעבנס־קלוגשאַפט״), וואָס באַ אַ ייִדנ פונ אַ גאַנצ יאָר. אופקלערערישער פּאַטאָס, פּרײַזיִניקע אידייענ — מיט קאָנסערוואַטיווער אײַנגעהאַלטנקײַט.

סאַטירע גיסט זיכ אינ זײַנ סטיל צונויפ מיט ליריזמ, וויציקער הומאָר — מיט טראַגישנ באַוווסטזײַנ. אַ ניכטערער רעאַליסטישער גאַנג — מיט

---

1 ביז צו מענדעלענ זײַנענ די סטיל־פאָרמענ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור געווענ ווייניק אָריגינעל. אָדער זיי האָבנ געשטעקט אינעמ „פּרימיטיוו״, אָדער זיי זײַנענ געווענ נאָכגעמאַכטע אונ ווײַט ניט לויט ערשטקלאַסיקע טראַדיציעס, אָדער, ווענ מע האָט זיכ אָריִענטירט אפ קלאַסישע טראַדיציעס (עטינגער!), איז דער איקער אופטו וואָס שײַעכ סטיל באַשטאַנענ אינ דעמ, וואָס די דאָזיקע טראַדיציעס זײַנענ אָנגעייגנט געוואָרנ אינ דער ייִדישער ליטעראַטור. אונ דאָס איז געוויס ניט קיינ קלייניקײַט. אָבער אַנ עמעסדיק אָריגינעלנ אונ נײַעמ סטיל האָט אינ דער ייִדישער ליטעראַטור ערשט מענדעלע געשאַפנ.

אויסטערלישע אײַנפאלנ. געמיטלעכקײַט אינ דער קלײנמאָלערײַ — מיט גראָטעסקער היפערבאָליק. א פאָעטיש וועלט־געפיל — מיט וואָכעדיקער שטײגערישקײַט. די נעטיע צו אידילישע בילדער איז אינ מענדעלעס סטיל אָפט פארבונדנ מיט עלעמענטנ פונ עקסצענטריק. קלוגע אויסגערעכנטקײַט — מיט אײגנוויליקע קאפריזנ. נאיווע סאנטימענטאלישקײַט — מיט עלעמענטנ פונ פאראָדיע און אפילע פאמפלעט. מײַסטערישע שטײגער־שילדערונגענ — מיט „וואנטיוריסטישע" מאָטיוונ אינ דער פאבולע.

דאָס שטרעבנ צו דיסציפלינירטער פאָרמ אינ דער אויסבילדונג פונעמ זאצ, פונ דער קאָמפאָזיציע שטײט בא מענדעלענ אינ ווידערשפרוכ צו דער „באראָקער" אָנוואלגערונג פונ מאָטיוונ און עפיזאָדנ. מענדעלע פארמאָגט א זײער שטרענג געפיל פאר פאָרמ — אָבער אָפט צעשויבערט ער זי, ווי בעקיוונ, דורכ „אײַנגעשאכטלטע" עפיזאָדנ, עקסקורסיעס און אָפווײַכונגענ, וואָס צערײַסנ דעמ גאנג פונ דער דערצײלונג.

דאָ קעמפט אינ מענדעלענ דער אויפקלערערישער ראציאָנאליזמ — מיט אנ אײגנארטיקער אויפקלערערישער ראָמאנטיק. זײַנ שארפע ראציאָנאליסטישע לאָגיק ווערט אָפט דורכגעבראָכנ דורכ טשודנע קאפריזנ און שטימונגענ, וואָס אמבעסטנ באצײכענענ קאָנ מענ זײ מיטנ ענגלישנ וואָרט „ספלינ". און דאָס איז ניט צופעליק, ווי מיר וועלנ ווײַטער זענ.

---

אינ זײַנ ענגליש געשריבענער „געשיכטע פונ דער יידישער ליטעראטור אינעמ XIX יאָרהונדערט" האָט לעאָ ווינער אמאָל געלאָזט פאלנ א באמערקונג וועגנ מעגלעכע ווירקונגענ אפ אקסענפעלדנ פונ זשאנ פאָל (פרידריכ ריכטער, א בארימטער דײַטשער פראָזאיקער 1763—1825). ער האָט זיכ דערבײַ געשטיצט אפ יעדיעס, וואָס ער האָט באקומענ אינ אָדעס וועגנ אקסענפעלדס באציונג צו זשאנ פאָלס שאפנ.

אזא מינ ליטעראטור־היסטאָרישער צוזאמענהאנג צווישנ אקסענפעלדנ און זשאנ פאָל איז פאר זיכ טשיקאווע, — אָבער ווײניק פרוכטבאר. זשאנ פאָל איז אינ באשטימטע קרײַזנ פונ דער רוסישער אינטעליגענצ אינ די ערשטע יאָרצענדליק פונעמ XIX יאָרהונדערט געווענ פאָפולער, עפשער ניט ווײניקער ווי שילער. צווישנ די יידישע מאסקילישע קרײַזנ אינ אָדעס איז זשאנ פאָלס שאפנ געווענ באקאנט. זײער מעגלעכ, אז אקסענפעלד איז געווענ זײַנער א באגײַסטערטער אָנהענגער. זשאנ פאָל האָט געקאָנט ווירקנ אפ אקסענפעלדס קינסטלערישנ געשמאק, אפ זײַנ בילדונג; אפ זײַנע אָנשויונגענ אינ דערציונגס־פראגנ, וואָס זײַנענ דאָכ געשטאנענ אינ צענטער פונ זײער בײדנס אינטערעסנ.

אָבער אין אקסענפעלדס שאפן קאָנען גופע קאָנען מיר קיין ווירקונגען פון זשאנ פּאָלן ניט געפינען. סײַדן מע זאָל זיי וועלן זען אין אקסענפעלדס באטראכטערישע אָפּווײַכונגען אינמיטן גאנג פון דער דערציילונג און אין זײַן באשרײַבערישן אינטערעס פארן אויסזען פון געשטאלטן, אינטעריערס אאזוו. דאָס אלץ איז אָבער בא אקסענפעלדן דורכויס ניט זשאנ־פּאָליש.

סײַ אקסענפעלדס פּראָטאָקאָליש פּינקטלעכע באשרײַבונגען סײַ זײַנע דידאקטישע רעפלעקסיעס זײַנען ראציאָנאליסטיש-מאסקיליש, ווײַזן אנטבלויזט און דירעקט דעם אגיטאטאָרישן צוועק. בא זשאנ פּאָלן זײַנען די באשרײַבונגען ראָמאנטיש, אידיליש, די באטראכטונגען — אָפט טשודנע־פאנטאסטיש און פול מיט קינסטלערישע קאפּריזן, ווי זײַן גאנץ שאפן ביכלאל. זשאנ פּאָל איז בא זײַן גאנצן שטרעבן צו שטייגער — ליריש־סוביעקטיוו, עקס־צענטריש, גראָטעסק, פול מיט ראפינירטע אָרנאמענטן. אקסענפעלד דער־ציילט פּראָסט אָן כאָכמעס, זייער און זייער באגאבט, אָבער אין א פּרי־מיטיוו־אָנהייבערישן סטיל. פון נאַיוון נאטוראליזם הייבט אקסענפעלדן ארויס די אויפקלערערישע אידיי, אָבער ניט זײַן קינסטלערישער מעטאָד. קורץ: זשאנ פּאָל האָט צו אקסענפעלדס שאפן קיין שום שײַכעס ניט.

וועגן באציונגען מ ע נ ד ע ל ע ס צו זשאנ פּאָלן זײַנען ניטאָ קיין שום ידיעס. אָבער גראָד דאָ קאָן מען יאָ געפינען א סאך באריר-פּונקטן און אנאלאָגיעס. אויב אראָפּרעכענען פארשיידענע מאָמענטן פון נאציאָנאלער אייגנארט, איז דער סטיל בא די דאָזיקע צוויי שרײַבער ענלעך און קרוי־וויש.

ניט געקוקט דערויף, דארף מען דאָ גיכער פון אלץ ריידן וועגן ענ־לעכע טראדיציעס בא ביידע, וואָס שטאמען פון ענלעכע אָדער די זעלבע קוואלן. לויט די דעמאָקראטיש־אויפקלערערישע אידייען, לויט דעם אייגנ־ארטיק: סטיל פון ראָמאנטיש־רעאליסטישער שטייגערישקייט (אן אָפּשפּיגלונג פון שארפע קאָמפּליקאציעס און ווידערשפּרוכן ניט בלויז אין דער געזעל־שאפט, נאָר אויך אין די אָנשויונגען פון די שרײַבער) געהערן ביידע צו איינער און דער זעלבער ריכטונג אין דער וועלט-ליטעראטור.

---

אין דער נײַער רעאליסטישער פּראָזע ביז צו די זעכציקער יאָרן פון־נעם פארגאנגענעם יאָרהונדערט קאָן מען — אין זייער אלגעמיינע, גראָבע שטריכן — אָנצייכענען עטלעכע הויפּט־ריכטונגען.

די ערשטע — איז פארבונדן מיט די נעמען פון פילדינג, סטערן; טע־קעריי, דיקענס. דער צוזאמענהאנג באם קינסטלערישן אָפּשפּיגלען געזעל־שאפטלעכע פּראָבלעמאטיק איז דאָ אין א געוויסער מאָס צעדריבלט, אָבער

דאָס געזעלשאפטלעכע לעבנ גופא איז זייער דײַטלעכ קאָנקרעטיזירט דורכ קליינמאָלערישנ, דעטאליזירטנ שטייגער. דאָ איז פאראנ א שטרעבנ זיכ צו האלטנ נאָענט בא דער ערד, נאָענט באמ פראָזאִישנ לעבנ. ס'הערשנ דאָ נאָכ שטארק טראדיציעס פונעמ פאבליאָ, פונעמ שעלמענ־ראָמאנ, פונעמ באראָקאָ־סטיל (ראבלע). דערציילפאָרטראָג איז א שפרונגהאפטיקער, געשטיקלטער; מיט ארײַנגעשאכטלטע מײַסעס, מיט ראמענ־דערציילונגענ, מיט אָפּנייגנ אינ א זײַט אאוו. דער אופקלערערישער סטיל איז דאָ אייגנארטיק דורכגעמישט מיט א סוביעקטיווג, פאָעטיש-באטראכטערישנ נוסעכ. די סאטירע — מיט פאנטאסטיק, שטייגערישקײַט — מיט ליריזמ. די עלעמענטנ פונ „ראציאָנאליסטישער ראָמאנטיק” אינ דער דאָזיקער אופקלעריש-רעאליסטישער ריכטונג; וואָס האָט געלייגט דעמ גרונט פאר דער נײַער פראָזע, ווײַזנ אָנ אפ דער ווידערשפרעכלעכקײַט אינ דער ענגלישער אופקלערונג גופא. אפ העפטיקע שטרײַטנ צווישנ דער אָנשויונג אונ דעמ געפיל, אפ שארפע ווידערשפרוכנ אינ דער אָנשויונג גופא: צווישנ מאטעריאליסטישע האנאָכעס, פאָזיטיווג קלערכלעכנ אָדער דעיִסטישנ גלויבנ — אונ סקעפסיס, צווישנ דעמאָקראטישע — אונ קאָנסערוואטיווע נעטיעס. די דאָזיקע ווידערשפרוכנ געפינענ אנ אָפּקלאנג אינ אזא סטיל־מאָמענט, ווי קאָמפּאָזיציע. די אנטוויקלונג פונעמ סוזשעט באוועגט זיכ דאָ (וואָס פריִער — אלצ מער) אינ דער ברייט אונ פאמעלעכ. אינ די אָפטע ברעכונגענ פונ דער קאָמפּאָזיציע פילט זיכ, פונ איינ זײַט, די פרייד איבער דער נײַ־אנטדעקטער נאטור פונעם מענטש אונ פונ דער געזעלשאפט, איבער דער שעפע פונ די באפרײַטע עמפינדונגענ, וואָס לאָזנ זיכ ניט ארײַנצווינגענ אינ די ראמענ פונ א שטרענגקאָנסעקווענטנ סוזשעט. פונ דער אנדערער זײַט אָבער, פילט זיכ דאָ אויכ דער ווידערשפרוכ, וואָס צווישנ דעמ שטרעבנ צו א פארגאנצטנ, אָרגאנישנ — אונ א סענסואליסטישנ, געבראָקלטנ וועלט־באנעמ.

אנ אנדערע הויפט־ריכטונג איז פארבונדנ מיט די נעמענ פונ באלזאק, סטענדאל, מערימע (אינ דער רוסישער ליטעראטור: מיט פושקינ אונ, אינ א געוויסער מאָס, מיט טורגעניעוו). דאָ איז די אופמערקזאמקײַט קאָנצענטרירט אפ צענטראלע געזעלשאפטלעכע פאקטנ אונ אפ דער שילדערונג פונ כאראקטערנ אונ לײַדנשאפטנ. דער טראָפ ליגט אפ דראמאטישער האנדלונג אונ רײַכער געשעעניש. דער סטיל אנטשפרעכט צו א זאכלעכנ אָביעקטיווג באריכט. דאָ הערשט דער פרינציפ פונ סוזשעטישער קאָנסעקווענטער דערציילערישקײַט. ס'הילכנ דאָ אָפּ טראדיציעס פונ דער איטאליענישער אונ פראנצויזישער רענעסאנס־נאָוועלע, אָבער אינ אנ אומפארגלײַכלעכ העכערער אנטוויקלונגס־שטופע. אינ דער דאָזיקער ריכטונג באווײַזט זיכ דײַטלעכער די מאטעריאליסטישע דערקלערונג פונ לעבנ אונ געזעלשאפט.

א קלענערנ באַטײַט פאַר דער אנטוויקלונג פונ דער נײַער רעאַליסטישער פּראָזע האָט געהאט יענע ריכטונג, וואָס איר גרונטלייגער אונ וויכטיקסטער פאָרשטייער איז געווענ געטע (אינ זײַנע פּראָזאיִשע ווערק). איר כאַראַקטער ווערט באַשטימט דורכ דער עסטעטיש-דערציִערישער אונ קאָנטעמפּלאַטיווער (באַטראַכטערישער — созерцательный) אויפקלערונג — אויב מע קאָנ פאַרבינדנ אַזעלכע ווידערשפּרעכלעכע באַגריפנ, אַזוי ווי זיי האָבנ זיכ דאָ פּאַקטיש אינ לעבנ פאַרייניקט. פונדאַנענ די געוויסע שפּורנ פונ וועלט-פרעמדקײַט אונ די עלעמענטנ פונ אַבסטראַקציע אינ דעם סטיל[1].

אונ, לעסאָף, יענע ריכטונג, וואָס איז פאַרבונדנ מיט דער העכסטער אנטוויקלונג פונ אַלע פּראָזאיִשע זשאַנרענ — מיט דעם שאַפנ פונ גאָגאָל, טאָלסטאָי; סאַלטיקאָוו-שטשעדרינ. דאָ איז די אויפמערקזאַמקײַט געווענדט אַפ דער לאַגע אונ אַפ די ליידנ פונ די מאַסנ אינעם פאָלק. די דאָזיקע ריכטונג איז דורכגעדרונגענ פונ געזעלשאַפטלעכ-עטישנ פּאַטאָס, פונ ליבע צום אונטערדריקטנ מענטש, פונעם באַוווּסטזײַנ, אַז דאָס לעבנ פונעם מענטש ווערט פאַרקריפּלט דורכ פאַרקריפּלטע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישנ. די דאָזיקע ריכטונג איז די רעוואָליוציִאָנערסטע פונ אַלע אַנדערע אינעם XIX יאָרהונדערט, זי גיט די פילזײַטיקסטע אונ טיפסטע אָפּשפּיגלונג פונ דערווירקלעכקײַט אינ איר צײַט אונ פאַרסאַכאַקלט די בעסטע סטיל-דערגרייכונגענ פונ דער נײַער פּראָזע. דאָ איז רעאַליסטיש פאַראייניקט די אָביעקטיוו-קאָנסעקווענטע דערציילערישקײַט — מיט דער „סוביעקטיווער" באַזיניקונג, צענטראַלע געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמעס — מיט דורכדרינגענדיקנ פאַרשטיינ די אַלטאָגיקע, וואָכעדיקע ווירקלעכקײַט, די קלײנע דעטאַלנ פונעם שטייגער. דאָ איז פאַראנ ניכטערע באַאָבאַכטונג — אונ טיפ פּאָעטישע געמיטס-שטימונג, וואָס שטאַמט פונעם באַוווּסטזײַנ, אַז די גערעכטיקײַט דאַרפ זײַנ דער פּרינציפּ פונעם לעבנ. די שילדערונג פונ כאַראַקטערנ דערגרייכט דאָ אַזאַ פאַרטיפונג, ווי זי איז אינ דער פּראָזע נאָכ קיינמאָל ניט געווענ. אונ דערגרייכט ווערט דאָס סײַ דורכ אינהאַלטרײַכער האַנדלונג אונ סײַ דורכ אומגעוויינלעכ דינעמ פּסיכאָלאָגישנ אַנאַליז. די הויכע אנטוויקלונג פונעם פּסיכאָלאָגישנ אַנאַליז שטייט דאָ אינ צוזאַמענהאַנג מיט דער זעלבסט-אויספאָרשונג פונעם אייגענעם געוויסנ — אינעם פּראָצעס פונעם קינסטלערישנ פאַרקערפּערנ די געזעלשאַפטלעכ-עטישע אידייענ. דאָ ווײַזנ זיכ טראַדיציעס,

1 דער סטיל פונ די היסטאָרישע ראָמאַנענ (וואַלטער סקאָט אונ זײַנ שול) איז אויסגעוואַקסנ פונ א זשאַנר צו א הויפּט-ריכטונג אינ דער ליטעראַטור פונעם XIX יאָרהונדערט. צו אונדזער טעמע האָט אָבער די דאָזיקע ריכטונג קיינ שײַכעס ניט. דעריבער ווערט זי דאָ בלויז דערמאָנט.

וואָס זייער אָנהייב איז אין דער נײַער פּראָזע ערשט בײַ סטערנ און רוסאָ און וואָס מע קאָן פּריִער געפינען בײַ געוויסע טעאָלאָגישע מאָראַליסטן, אָבער דאָרט — אין אַ רעליגיעז-סכאָלאַסטיש פאַרקריפּלטער פאָרם.

אין דעם סטיל איז פאַראַן אַמווייניקסטן פון יענעם מין אומווירקלעכע גענג, ווענדונגען, טנועס, געשעענישן, אאַוו., וואָס דער לייענער מוז גע־ווײנלעך מוחל זײַן סײַ פילדינגן און אפילו דיקענסן סײַ באַלזאַקן און סטענדאַלן און מוז זיי שטעלן אָפּן כעזשבן פון דער „באַדינגלעכקײַט און קינסטלעכקײַט פון יעדער קונסט ביכלאַל". אין דער דאָזיקער פּראָזע פילט זיך אַמווייניקסטן דער צווישנשייד, וואָס צווישן דער ווירקלעכקײַט און איר שילדערונג.

---

אויב באַטראַכטן מענדעלעס שאַפן אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָזיקע הויפּט־ריכטונגען, וועלן מיר גיך קומען צום אויספיר, אַז די ריכטונג פון די פראַנצויזישע רעאַליסטן איז מענדעלען געווען פרעמד. זײַן שאַפן איז ווײַט פון איר קאָנסעקווענטן דערציייל־נוסעך, פון איר אויסגעהאַלטענער סוזשעטישקײַט, פון איר אויפן כאַראַקטעריזירן אינדיווידועלע געשטאַלטן.

נאָך פרעמדער איז מענדעלען די געטע-ריכטונג אין דער רעאַליסטי־שער פּראָזע.

אַ טיפּע שײַכעס האָט מענדעלעס שאַפן צו דער טראַדיציע פון די גרויסע רוסישע רעאַליסטן. ס'זײַנען אָבער פאַראַן שטריכן אין מענדעלעס סטיל, וואָס קאָנען ניט דערקלערט ווערן דורך אַ צוזאַמענהאַנג מיט דער רוסישער רעאַליסטישער טראַדיציע. אַכוץ דעם פעלן אין מענדעלעס סטיל וועזנטלעכע שטריכן, וואָס אין דער דאָזיקער טראַדיציע, לעמאָשל, דער מעטאָד פון פּסיכאָלאָגישער כאַראַקטעריזירונג, פון קאָנסעקווענטן סוזשע־טישן אויפבוי אאַוו. און זיי פעלן ניט צופעליק, ווײַל מענדעלע גייט אין די דאָזיקע פּראָטים נאָך אַנדערע טראַדיציעס אין דער רעאַליסטישער פּראָזע.

אין אַ גאַנצער ריי שטריכן פון זײַן סטיל האָט מענדעלע רעאַליזירט באַשטימטע אָנרעגונגען און ווירקונגען פון דער ענגלישער ליטעראַטור, פון יענער טראַדיציע, וואָס ציט זיך זײַט סוויפט, פילדינג, סמאָלעט, סטערן, טעקערײ, דיקענס — די גרונטלייגער פון דער נײַער רעאַליסטישער פּראָזע. לויט איר וועלט-עמפינדן איז מענדעלען די דאָזיקע טראַדיציע געווען נאָ־ענט צום האַרצן.

---

ווען מיר האָבנ אמאָל אינ פריערדיקע ארבעטנ געפלעגט ריידנ וועגנ וויר-קונגענ פונ דיקענסנ אפ מענדעלענ, איז דאָס געווענ א ווארשיינלעכע הא-שאָרע, וואָס האָט זיכ געשטיצט בלויז אפנ אנאליז פונ מענדעלעס שאפנ, וואָס האָט געשטויסנ צו זוכנ א צוזאמענהאנג צווישנ מענדעלעס סטיל — אונ דעמ סטיל פונ די ענגלישע רעאליסטנ. איצט ווערט די דאָזיקע הא-שאָרע ניט בלויז באשטעטיקט, נאָר אויכ פארבריימערט דורכ א דירעקטנ איידעס.

דער ניט-לאנג פארשטאָרבענער אלעקסאנדער בינשטאָק, א זונ פונ ל. בינשטאָק, מענדעלעס נאָענטנ פריינט, דערציילט אינ זיינע (נאָכ ניט פאר-עפנטלעכטע) אינטערעסאנטע זיכרוינעס וועגנ מענדעלענ:

«Помню также его отношение к некоторым классикам английской литературы. «Путешествие Гулливера» Свифта была его любимейшей книгой, а в ней — больше всего ему нравилась глава о пребывании Гулливера в стране Гуингмов[1] .Черезвычайно любил также Теккерея, Диккенса и в такой же мере его предшественника — Филдинга. С книгой последнего «История Тома Джонса найденыша» я познакомился по совету Менделе[2]»...

סטערנ[3] ווערט אינ בינשטאָקס מעמוארנ צווישנ מענדעלעס ליבלינג-אויטאָרנ ניט דערמאָנט. אונ פאָרט זיינענ גראָד אָנרעגונגענ פונ סטערנס סטיל אינ מענדעלעס שאפנ באזונדערס פילבאר. ניט בלויז אינעמ „עמפינד-זאמענ" אויפנ[4] באנעמענ דערשיינונגענ, נאָר אויכ מער דירעקט, אינעמ אויפנ פונ פאמעלעכער אנטוויקלונג פונעמ סוזשעט, וואָס גייט מיט זיגזאגנ אינ „דער ברייט"; אינ דער שפרונגהאפטיקער געבראָכענער קאָמפאָזיציע אאזו. — דאָס איז דאָכ יענער סטערנישער נוסעכ, וואָס האָט אזוי שטארק

1 פארגל. עלעמענטנ פונ סוויפטישער סאטירישער פאנטאסטיק אינ מענדעלעס „מאַ-טאָעס".

2 „איכ געדענק אויכ זיינ (מענדעלעס) באציונג צו באשטימטע קלאסיקער פונ דער ענגלישער ליטעראטור. „גוליווערס נעסיע" פונ סוויפטנ איז געווענ זיינ באליבטסטער בוכ, אונ אינ דעמ בוכ איז אימ אמבעסטנ געפעלנ דאָס קאפיטל וועגנ גוליווערס פארברענגענ אינעמ לאנד פונ די גויגגמענ. ער האָט אויכ אויסערגעוויינלעכ ליב געהאט טעקערייענ, דיקענסנ, אונ אינ א גלייכער מאָס זיינ פאָרגייער — פילדינגנ. מיט פילדינגס בוכ „די מייסע פונ טאָמ דזשאָנס דעמ געפינלינג" האָב איכ זיכ באקענט לויט מענדעלעס אייצע"...

3 אינ זיינ ווערק „לעבנ אונ מיינונגענ פונ טריסטראמ שענדי, דעמ איידלמאנ".

4 чувствительный — אינעמ באטייט פונ דער דעמלטיקער עסטעטיק. אנ ערעכ: פונ איינ זייט — אנאליטיש, אינטעלעקטועל; פונ דער אנדערער זייט — זינלעכ אונ זשאנר-מאָלע-ריש, קליינמאָלעריש.

געווירקט אפ זשאנ פאָלנ, אפ היינענ („רײַזע־בילדער", מעמוארנ אאוו.), אפ הערצענער.

דער נוסעכ פונ אריַינגעשאכטלטע רעפלעקסיעס ציט זיכ אינ דער ענגלישער פראָזע פונ פילדינגנ אָנ אונ פונ נאָכ פריער[1]. בא סטערנ ווערנ די רעפלעקסיעס סטיליזירטער, ראָמאנטישער, „ספלינ"־האפטיקער. סטערנ באנוצט פאר די דאָזיקע סטיליזאציעס — האלב אפ ערנסט, האלב אפ א שפאס, אונ אמאָל מיט בייזער איראָניע — עלעמענטנ פונ פריידיקט, פונ עלטערנ ארכאישנ אָדער טעאָלאָגישנ סטיל, אזוי ווי מענדעלע — עלעמענטנ פונ דראָשע אונ מאגידעס. בא סטערנענ האָבנ די דאָזיקע רעפלעקסיעס — ווי ביכלאל זײַנ שאפנ — באזונדערס דיַיטלעכע שטריכנ פונ „אײַנפאלערישקײַט", פונ טשודנעם קאפריז. בא סטערנענ איז דער סוזשעט, דער אופבוי פונ דער פאבולע באזונדערס ענג פארבונדנ מיטנ רײַזע־מאָטיוו. סטערנ פירט דורכ די דערציילונג אינ איכ־פאָרמ. די דאָזיקע אונ א סאכ אנדערע שטריכנ דערקענענ מיר ווידער אינ מענדעלעס סטיל.

סטערנס טעמאטיק באוועגט זיכ אינ א גאָר אנדערער אטמאָספער. אינ א וועלטמענישער („светская"), אינטעלעקטועלער, אונ געווינלעכ אינ העכערע שיכטנ פונ דער געזעלשאפט; מענדעלעס טעמאטיק איז אָנ אנ ערעכ וואָכעדיקער, מער שטייגעריש,[2] געשעפט פונ די געדיכטענישנ פונעמ פאָלקס־לעבנ (ענלעכ ווי בא דיקענסנ) — אָבער סטערנס נוסעכ פילט זיכ אָנ סאָפעק אינ באשטימטע מאָמענטנ פונ מענדעלעס סטיל. —

---

די קאָמפאָזיציע פונ „פישקע" איז זייער אייגנארטיק. דער סוזשעטישער קערנ פונעמ בוכ איז דער ראָמאנ צווישנ צוויי קאליקעס, א בעטלער אונ א בעטלערקע, וואָס ווערט דערציילט אינעמ נאָמענ פונעמ בעטלער גופע. דער אייגנטלעכער ראָמאנ פארנעמט בלויז די לעצטע דרײַ פינפטל (דרײַצנ קאפיטלענ) פונעמ בוכ. די ערשטע צוויי פינפטל (צוועלפ קאפיטלענ) זײַנענ ניט מער ווי א ראמ פארנ ראָמאנ, די שילדערונג פונ דער סוויווע, אינ וועלכער דער ראָמאנ ווערט דערציילט.

---

1 דאָ, ווי אינ א סאכ אנדערע וועזנטלעכע פראָטימ, ווײַזט די אנטוויקלונג־ליניע — צו ווירקונגענ פונ סערוואנטעסנ, מיט א סאכ אָפענע אונ פארבאָרגענע פעדעמ, דירעקטע אונ זייער אומדירעקטע, ווײַזט מענדעלעס שאפנ אלטע טראדיציעס פונעמ שעלמענ־ראָמאנ, פונ סערוואנטעסעס „דאָנ קיכאָט". פארגלײַכ: „מאסאָעס", „פישקע". א באוווסטזיניקע באציִונג מענדעלעס צו טראדיציעס פונ ראבלע איז ניט ווארשײַנלעכ.

2 שטייגער — דאָ ניט אינעמ באטײַט פונ „זיטנ־געשיכטלעכ", נאָר פונ דעמ, וואָס מע רופט אמאָל „זשאנר־מאָלערײַ".

די דאָזיקע צוגרייטנדיקע ערשטע צוועלף קאפיטלען — א גאנצע קלענערע העלפט פונעם בוך — זײַנען אזוי ווי א זעלבשטענדיקע דערציילונג[1] און האָבן, אין טאָכ, א קנאפע שײַכעס צום פישקע־ראָמאן. זיי שאפן בלויז יענע שטימונגסמעסיקע אטמאָספער, וואָס דער אווטאָר דארף האָבן ארום די געשעענישן און געשטאלטן פונעם ראָמאן. סײַ די ווייניקע ערטער, וואָס זײַנען אין דער ראמען־דערציילונג א דירעקטע צוגרייטונג פאר דער פאבולע פונעם ראָמאן, סײַ יענע ניט מער צאָלרײַכע ערטער אינעם ראָמאנגופע, וואָס קערן זיך אָפּ א ווײַלע אום צו די מאָטיוון פון דער ראמען־דערציילונג, — זײַנען ניט מער ווי קונציק אריבערגעוואָרפענע שטריק פון איין דערציילונגס־פלאכ צו דער אנדערער, קעדיי זיי צו פארפעסטיקן איינע צו דער אנדערער.

אין טאָכ איז די קאָמפּאָזיציאָנעלע צונויפפעסטיקונג א גענוג לויזע, כאָטש זי קלעקט פאר יענער אופגאבע, וואָס דער אווטאָר האָט זיך דערמיט געשטעלט: ארײַנצושטעלן די מאָרעשכוירעדיקע לעבנס־געשיכטע פון די צוויי בעטלערס אין א וואונדערלעכ רעמל, וואָס שפרייט אויס אפן בילד א העלע, ווארעמע, זייער אייגנארטיקע שײַן, און גיט דער גראָער, דערבײַ אויסטערלישער און ערטערווײַז אפילע „אוואנטיוריסטישער" פאבולע — א פארטיפטן זין פון אלגעמיינעם באטײַט, פון סימבאָלישן באטײַט.

אזא מין קאָמפּאָזיציע איז אין טאָכ א ראָמאנטישע.

---

ווייל מען, קאָן מען זאָגן, אז די צוויי פארשיידענע טיילן פונעם בוך געהערן צו צוויי פארשיידענע זשאנרען, כאָטש די ביידע טיילן זײַנען קלוג און סאָליד צונויפקאָמפּאָנירט.

דער ערשטער טייל, די ראמען־דערציילונג, באשטייט פון עפּעס, וואָס די אמאָליקע יידישע מוזיקער (קלעזמאָרים, כאזאָנים) פלעגן אָנרופן „נוסעכ" אָדער „שטייגער" סטאם. א מין „פרײַע וואריאציעס" אָדער „פאנטאזיעס" אָן אן אייגנטלעכן קאָנקרעטן סוזשעט. די קאָמפּאָזיציע זעט אין אזעלכע פאלן אויס ווי אימפּראָוויזירט, ווי צופעליק. אָבער סײַ די אימפּראָוויזירטקײַט סײַ די צופעליקײַט זײַנען בלויז קלאָמערשטע. אינעמעסן איז דאָ די „אומאָרדענונג" אן אויסגערעכנטע, אָפּגעוויגענע און אויסגעבויט לויט א פלאן.

א דינינק פעדעמל פון סוזשעט און האנדלונג ציט זיך יאָ דורכ די דאָזיקע צוועלף קאפיטלען. אָבער דער „סוביעקטיוויזם", די ארײַנמישונג

1 דער דאָזיקער זשאנר הייסט: ראמען־דערציילונג. יידישע קריטיקער האָבן אזא דערציילאופן אָנגערופן: „א מײַסע אין א מײַסע".

פונעם דיכטער צעגיסט זיך דאָ אין אזא גרויסער שעפע פון פּאָעטישע אָפּווײַכונגען, פון שטייגער-מאָלערײַ, לאַנדשאַפט־בילדער, געדאַנקלעכע רעפ־לעקסיעס, דערעכ־אגעוו אריינגעפּלאָכטענע באמערקונגען אאוו., אז די פּי־גורן און די האנדלונג ווערן ווייניק אָנזעעוודיק און צעגייען זיך אין לי־ריזם.

דאָס איז דער אייגנטלעכער נוסעך מענדעלעס. אין דעם נוסעך דער־גייט זײַן מײַסטערשאַפט צו דער העכסטער מאדרייגע, ווײַל אין דעם נוסעך זײַנען די טעמע, די פיגורן, די האנדלונג — דאָס פּאָלק און זײַן לעבן, זײַן היסטאָרישער גורל און זײַן לאַגע אין דער קעגנוואַרט. אין דעם נוסעך ברענגט מענדעלע זײַנע פאַרביקסטע בילדער, זײַנע קלוגסטע באָבאַכטונגען, זײַנע שאַרפזיניקסטע אײַנפאַלן און ווערטלעך — און דערבײַ זײַנע טיפסטע געפילן און געדאַנקען. דאָ איז מענדעלע דער גרויסער פאָלקס-דיכטער. דאָס זײַנען יענע טיילן, וואָס מאַכן פון זײַן לעבנס־ווערק — א „פּאָעמע".

די ערשטע צוועלף קאַפּיטלען פון „פישקע דער קרומער" געהערן צו די בעסטע זײַטלעך אין דער יידישער ליטעראַטור. זיי זײַנען אָנגעשפּיקע־וועט מיט געניִאַלישער קענטעניש פונעם פאָלק. דאָ פינקלט מענדעלעס טאַ־לאַנט — ווי אין „מאַסאָעס" — מיט אַלע קאָלירן, יעדעס ביַלד, יעדעס וואָרט איז אפּגעפּאָרט, יעדע באָאָבאַכטונג שלאָגט אין פּינטל.

---

אן אנדערן כאַראַקטער ווײַזט דער סטיל פונעם צווייטן טייל ווערק, דער אייגנטלעכער פישקע־ראָמאַן (פון קאַפּיטל דרײַצן — ביזן סאָף). דאָס איז פון אָנהייב ביזן סאָף אן אויסגעבויטער ראָמאַן, מיט א קלאָר אויס־געאַרבעטער סוזשעטישער ליניע, מיט אן אנטוויקלטער פאַבולע, מיט רײַכער האנדלונג — וואָס דערגייט אפילו ביז צו שפּאַנענדיקער „אינטריגע". פאַר־שטייט זיך: אויך אין די דאָזיקע קאַפּיטלען איז פאַראַן דער עכטער מענ־דעלישער סטיל מיט אַלע זײַנע אייגנאַרטיקע, ווונדערלעכע און אויך טשור־דנע עלעמענטן. אויך דאָ איז פאַראַן ניט ווייניק פונעם מענדעלישן „סור־ביעקטיוויזם". אויך דאָ מישט זיך דער דיכטער שטענדיק אַרײַן אינעם סי־פּער-האַמײַסע, מיט מאָלערײַען, מיט פאַרשיידנערליי אָפּווײַכונגען, באַמער־קונגען, באַטראַכטונגען אאוו. אָבער די געשילדערטע פיגורן און זייערע האַנדלונגען, דער „אָביעקטיוווער" קאָנסעקווענטער דערצייל־נוסעך — הערשן דאָ איבערן „סוביעקטיוויזם". —

---

אויב אין דער ראָמאַן־דערציילונג זײַנען פאַרווירקלעכט טראַדיציעס פון דער ענגלישער רעאַליסטישער פּראָזע, רופט דער אייגנטלעכער פישקע־ראָ־

מאנ ארויס אסאָציִאציעס פונ גאָר אנ אנדערנ מינ. דאָ פירנ די אסאָציִאציעס — צו א באשטימטער שול אינ דער פראנצויזישער פראָזע, אָבער ניט צו דער רעאליסטישער, נאָר צו דער ראָמאנטישער שול, צו וויקטאָר הוגאָ, סיו אונ דיומא.

ווי באוווסט, האָט שוינ שאָלעמ־אלייכעמ אָנגעוויזנ אפ דער קרויוועשאפט צווישנ די געשטאלטנ אינ „פישקע“ אונ די געשטאלטנ אינ וויקטאָר הוגאָס בוכ „דער מענטש, וואָס לאכט“. עמעס: הוגאָס דאָזיקער בוכ מיט דער הויפט-געשטאלט, וואָס איז אמיינסטנ אנאלאָגיש צו דער פישקע־געשטאלט, איז דערשינענ א ביסל שפעטער, ווי דער ערשטער ווארִיאנט פונ „פישקע דער קרומער“. אָבער „נאָטער־דאמ“ מיט דעמ הויקער קוואזימאָדאָ אונ די ציגײַנערס אלס הויפט־פיגורנ, מיט דער פארביקער שילדערונג פונ סוויווע אונ שטייגער פונ די בעטלערס — איז דאָכ א פריִיִק ווערק פונ הוגאָ. ס'איז דערשינענ אינ יאָר 1831, אונ די רוסישע איבערזעצונג — אינ די זעכציקער יאָרנ. הוגאָס שאפנ איז אגעוו דעמלט זייער פאָפולער געווענ אינ רוסלאנד.

די געשטאלט פונ דער האָרבאטער ביילע דערמאָנט סײַ מיט איר כאראקטער סײַ מיט געוויסע שטריכנ פונ איר גורל — אינ דער האָרבאטער פונ סיו „די סוידעס פונ פאריזש“. די אוואנטיוריסטישע מאָטיוונ אינעמ פישקע-ראָמאנ דערמאָנענ ענלעכע סיטואציעס בא סיו אונ דיומא.

---

דער גאנצער אײַנפאל גופע, צו שרײַבנ א ראָמאנ, ווו די הויפט-פיגורנ זײַנענ קאליקעס־בעטלערס, איז גאָר ניט אזוי פראָסט, ווי ס'קאָנ זיכ דוכטנ. דער אײַנפאל איז גענוג „עקסטראוואגאנט“, לעפאָכעס אויסערלעכ. דאָ איז דאָ פונ יענעמ מינ אויסטערלישקײַט, ווי, לעמאָשל, אינ גאָגאָלס אײַנפאל, צו באשרײַבנ אינ א בוכ די געשטאלטנ אונ פאסירונגענ באמ אײַנקויפנ „טויטע נעפאשעס“ [1]. דאָס איז ניט גלאט א נעטיִע צו אויסטערלישע טעמעס, נאָר א רעזולטאט פונ גרויסער ליבע צומ אונטערדריקטנ פאָלק, א רעזולטאט פונעמ ביטערנ קלעמ, אינ וועלכנ די פאָלקס־מאסנ האָבנ זיכ געפונענ, — אונ אויכ די גרויסע שרײַבער גופע: אינעמ קלעמ פונ שווערע ווידערשפרוכנ צווישנ זייער דענקענ — אונ פילנ. —

דער דאָזיקער טעמאטישער שטאָפ ווײַזט שוינ בא הוגאָ גופע — אונ דאָס איז אגעוו אויכ א ראָמאנטישער שטריכ — באציִונגענ צו דער טראדיציע פונ דער שעלמענ־דערציילונג (La novella picaresca — плутовской роман). די אטמאָספער פונ געזעלשאפטלעכנ דנאָ („דעק“) איז דאָרט, אינ דער

1 ווי באוווסט, האָבנ אויכ דאָ — לויט פושקינס אָנרעגונג — געווירקט געוויסע האשפאָעס פונ טערוואנטעסעס נאָוועלנ אונ „דאָנ קיכאָט“.

שעלמען־דערציילונג, שטענדיק היימיש געווען. די סוויווע פון דעקלאסירטע, בעטלערס, קאלאמינע בראדיאגעס, ציגיינערס, שלעפערס, גייערס, פארברע־כערס אאזוו. — דאס אלץ איז שוין פאראן אין דער בארימטער שעלמען־דערציילונג „לאסארילא פון טארמעס".

אויך די דאזיקע טראדיציע שפארט אן מיט איינער א זייט אן דעם גרויסן סערוואנטעס. די געשיכטע פון דאן קיכאט איז דאך די געשיכטע פון אן איידעלן, טרוימעריש־פאנטאזירנדיקן „שעלם" — און סאנכא פאנטשא גאר איז דאך שוין בעפיירעש א טיפישער שעלם מיט אלע פישטשעווע־קעס.

אין זיינע נאוועלעס באהאנדלט סערוואנטעס א ריי „שעלמישע" (פי־קארעסקע) טעמעס. למשל: אין דער נאוועלע „Rinconete y Cortadillo" אדער אין דער נאוועלע „די ציגיינערקע". איןביידע ווערט געשילדערט (מיט אן אויסגעשפראכענעם באוווסטזיין, אז די טעמע איז ניי און פאר זיך אליין אן אופטו!) די סוויווע פון ציגיינערס, בעטלערס און גנאווים אפ אן אויפן, וואס איז כאראקטעריסטיש געווארן — פאר דער פיקארא־דערציילונג. שטייגעריש — אבער מיט א דייטלעכער שטרעבן אופצודעקן מענטשלעכקייט און ווירדע אפילע אין דער דאזיקער סוויווע (הוגאס „נאטר־דאם" איז בעפיירעש באווירקט פון סערוואנטעסן).

די געשיכטע פונעם בעטלערשן בראדיאגע פישקע איז לויטן זשאנר טיף פארווארצלט אין דער טראדיציע פון דער שעלמען־דערציילונג.

---

א טעמאטיש נייס אין הוגאס געשטאלטן פונעם געזעלשאפטלעכן דנא איז דאס, וואס אויב דער טיפישער קלאסישער שעלם איז געוויינלעך א פלינקער, א מייסטער אפ אלע הענט, א פיגארא, א געניטער, געוואשן אין זיבן וואסערן, א רייטער אפ אלע זאטלען — זיינען דא בא הוגא די „שעלמען" ניט בלויז מענטשן פון דער טיפ, געשלאגענע פון דער געזעל־שאפט, נאר אויך באליידיקט פון דער נאטור מיט קערפערלעכע דעפעקטן, קאליקעס. הייסט דאס טאפלט־באוולטע, אומבאהאלפענע און אומגליק־לעכע.

און גראד בא זיי נעמט הוגא זוכן, געפינען און שילדערן טיפע מענטש־לעכע געפילן, שיינע מענטשלעכע ווירדע. דאס איז א ראמאנטישער אופן צו פארקערפערן דורך היפערבאלישע געשטאלטן דעם עמעסדיקן געדאנק, אז דערהויבענע מענטשלעכע געפילן קאן מען געפינען דאפקע אין די טי־פענישן פונעם פאלק.

אין אן ארטיקל פון די דרייסיקער יארן „וועגן דער שיינער קונסט

און דער הײַנטצײַטיקער דראמע" שרײַבט הוגאָ: ...„צו ווײַזן, ווען סע מאכט זיך א געלעגנהײַט, די שײנע עטישקײַט אונטער דער געשטאלט פון פיזישער העסלעכקײַט, ארײַנצודרינגען דורכ אלע אויבער־פלעכלעכקײַטן, קעדיי ארויסצוציען דעמ אינווײניקסטן מעהוס פון אלעם, ארויסרופן בא דעמ העכערן אכטונג צומ נידעריקערן, אויסצונוצן די אופמערקזאמקײַט פון די מאסן און זיי דאָס קלאָר מאכן אפ אזא אופן, אז זיי זאָלן דאָס אלײן ניט באמערקן, און זיי אופצוקלערן דורכן פארגע־ניגן פונעם שוישפיל וועגן עטלעכע גרויסע געזעלשאפטלעכ־עטישע, פי־לאָסאָפישע עמעסן, אָן וועלכע זיי קאָנען זיכ אלײן ניט באגרײַפן, — אָט דאָס איז, לויט אונדזער מײנונג, דער עמעסער פּאָעטישער נוצ, דער עמעס־דיקער אײַנפלוס, דער עמעסדיקער אָנטײל פון דער קונסט אין דער געזעל־שאפטלעכקײַט". די דאָזיקע אופגאבע האָט זיכ הוגאָ באמיט צו פארווירק־לעכן אין זײַנ „נאָטער־דאמ", „דער מענטש, וואָס לאכט" און אנדערע ווערק. —

אין דער דאָזיקער טראדיציע פונעם „סאנטימענטאלן"[1] אָבער גלײַכצײַ־טיק אויכ רעאליסטישן ראָמאנטיזמ געפינען מיר א געוויסע דערקלערונג פאר דער „אויסטערלישקײַט" פון די געשטאלטן אין „פישקע" — ווי ווײַט דאָס איז שײַעכ צו ליטעראטור־היסטאָרישע ווירקונגען. און אויכ אזוי ווײַט ס'איז שײַעכ צומ קינסטלערישן בילד פאר זיכ גענומען, אומאָפּהענגיק פון זײַנ סימבאָליש־אלגעמײנעמ באטײַט, פון זײַנ באטײַט אלס הויכ־קינסטלע־רישן רעאליסטישן מאָשל.

וואָרעמ דער גאנצער פישקע־ראָמאן איז, אכוץ אלעמ, בא דער גאנצער רעאליסטישקײַט פון דער דערצײלונג — אויכ נאָכ בעפײרעש געמײנט אלס מאָשל. דער אײגנטלעכער העלד פונעמ בוכ איז ניט פישקע, נאָר דאָס פאָלק. די טעמע איז דאָ: די אָרעמקײַט פונעמ פאָלק, זײַנ נויט — „די טאָרבע".

מענדעלעס פאָלקס־ליבע ווענדט זיכ צו דער דאָזיקער טעמע אפ א גראָטעסק־היפערבאָלישן אופן. ער קלײַבט אויס פאר טרעגער פון דער דער־צײלונג דעמ סאמע אָרעמסטן, אומגליקלעכסטן, געשלאָגענעמ און באלײדיקטן טײל פונ דער אָרעמשאפט — בעטלערישע קאליקעס. ס'איז א טאט־זאכ, אז א גרויסער טײל פון דער שטעטלדיקער מאסע איז באשטאנען פון דעקלא־סירטע פּאופּערס. דער דאָזיקער פאקט ווערט אין „פישקע" דערפירט צו א סימבאָלישער היפערבאָל „קאָל־יִסראָעל — אײן קאפצן!" צו א גרויסן סימ־

1 דאָ איז דער טערמין געמײנט אינעמ געוויינלעכן, הײַנטצײַטיקן באטײַט.

באַלישן מאָשל וועגן דער אומדערטרעגלעכער לאגע פונעם פאָלק, צום מאָשל וועגן דער „טאָרבע".

...„מיר, אקעגן, איז באשערט געווען זיך אראָפּצולאָזן אפן נידעריקן טרעפּל פון ייִדישן לעבן, אונטן אין די קעלערס. מײַן יעש־בעקאָן איז: שמאטעס און פוילע סכוירע. איך האָב נאָר שטענדיק צו טאָן מיט עווייוינים, קאַפּצאָנים, אומגליקלעכע, נעבעך; אויך מיט מענטשעלעך־דראבעס, פּאָקוסניקעס, אוכעדוימע אזעלכע מינע נעפאשעס, קליינינטשקע, נידעריקע פאַרשווינען. מיר כאַלעמט זיך נאָר בעטלערס. פאר מײַנע אויגן שוועבט טאָמיד א טאָרבע — די אלטע, גרויסע ייִדישע טאָרבע הענגט מיר טאָמיד, ווי יענעם מאָרעשכוירעניק א לונג־און־לעבער אפ דער נאָז. וווהין איך זאָל מיך נישט קערן און ווענדן, זע איך פאר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט ווען עפּעס דערציילן אָדער זאָגן, — קומט מיר אפיר די טאָרבע...

אוי, אלץ די טאָרבע, די ייִדישע טאָרבע!.."

---

געטע האָט אמאָל אין א געשפּרעך מיט עקערמאַן וועגן בײַראָנען מע־קאָנע געווען דאָס ענגלישע פאָלק פאר זײַן געשיכטע, ווײַל זי איז רײַך מיט פּאָליטישן לעבן און מעמיילע מיט גרויסע קאמפן, מיט פארשארפטע היסטאָרישע סיטואציעס, מעלוכישע אקציעס, העראָישע מילכאָמעס, לײַדנ־שאפטלעכע קאָליזיעס. אפ אזא באָדן וואקסן היסטאָרישע פערזענלעכקײַטן, וואָס קאָנצענטרירן אין זיך דאָס געזעלשאפטלעכע לעבן פון זייער צײַט. דאָס גיט דער ליטעראטור א גרויסע טעמאטיק. דערמיט האָט געטע דער־קלערט, פארוואָס די ענגלענדער האָבן געשאפן אזא גרויסע ליטעראטור, מיט שעקספּירן, מיט בײַראָנען, און אויך פארוואָס די דײַטשן מיט זייער דעמלט מעלוכיש־צעדריבלטן לאנד, מיט זייער פארקריפּלטער געשיכטע און נישטיקע פּאָליטישע פערזענלעכקײַטן — האָבן ביז דעמלט געהאט אזא קליינ־לעכע בלאסע און גראָע ליטעראטור.

אין דעם געדאנק איז פאראן א טיפער עמעס. ס'איז אָבער אויך עמעס, אז געטע, וואָס זײַן שאפן איז אינגאנצן פארוואָרצלט אינעם אכצנטן יאָר־הונדערט און וואָס איז דאָך איינער פון די גרעסטע דיכטער אין אלע צײַטן — איז אין א געוויסער מאָס אליין א לעבעדיקער ווידערשפּרוך צו זײַן באהויפּטונג. און ווידער האָט דאָך גראָד געטע מיט א גרויסן טייל פון זײַן דיכטערישן און דענקערישן שאפן געלערנט דערעכערעץ האָבן פאר דער פּראָזע פּ'נעם לעבן, פאר די קלאָמערשט „קליינע פאקטן" און געשעענישן, וואָס נאָר דורך דעם איז מעגלעך וויסנשאפט, איז מעגלעך אַן אלגעמיינער

באגריפ, די אידיי פונעם ג א נ צ נ, פונעם צ ו ז א מ ע נ ה א נ ג, אנ עמעסדיק באגרייפנ דאָס לעבנ, דעמ מענטש, די געזעלשאפט. גראָד געטע האָט ניט ווייניק מיטגעהאָלפנ צו דערזענ די באדייטונג פונ „אומבאדייטנדיקע" פאקטנ, צו דערזענ, אז גרויסע זאכנ, גרויסע אידייענ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ שפיגלענ זיכ אומפארמיידלעכ אָפּ אינ קלאָמערשט „קליינע" האנדלונגענ אונ געשעענישנ. דער פאטאָס פאר די „פלעביייִשע" פאקטנ פונ אלע־טאָג קאָנ פארמאָגנ ניט ווייניקער דערהויבנקייט ווי דער פאטאָס פאר די אויסנאמסמעסיקע פאקטנ. די העראָיִק פונ געוויינלעכנ אינדערוואָכנ קאָנ זיינ ניט ווייניקער דערהויבנ ווי די פייערלעכ אונטערגעשטראָכענע העראָיִק.

א מייסע וועגנ א מענטשנ פונ א גאנצ יאָר מ'יט זיינ געוויינלעכנ פראָזאיִשנ שטייגער טאקע בא הוגאָ, בא דיקענס אָדער בא דאָסטאָיעווסקי, סאלטיקאָוו-שטשעדרינ, גאָרקי, טשעכאָוו, מענדעלע, שאָלעמ־אליינעמ — קאָנ אנטהאלטנ ניט ווייניקער ליידנשאפטנ, דראמאטישע קאָליזיעס, טראגיק, העראָיִזמ, דערהויבנקייט, טרויער, פרייד, קאָמיק, פּאָעזיע, טיפסטע געדאנקענ אונ געפילנ, ווי יענע גרויסע ווערק, וואָס באהאנדלענ קלינגענדיקע פייערלעכ־געהויבענע טעמעס. אינ קליינע וואָכעדיקע געשעענישנ קאָנ מענ דערזענ אונ אופדעקנ די קאָמפּליצירטסטע פאקטנ פונ די געזעלשאפטלעכע פארהעלטענישנ, פאקטנ פונ אלגעמיינסטנ באטייט. מע קאָנ די וואָכעדיקע געשעענישנ זענ פונעמ זעלבנ הויכנ אספעקט, ווי שעקספּיר האָט געזענ זיינע טעמעס. אונ דאָס איז עפּשער טאקע שווערער אונ זעצט פאָרויס א העכערע אנטוויקלונג פונ דער געזעלשאפט. ס'ווענדט זיכ בלויז, צי דער דיכטער פארלירט זיכ ניט אינ דער דעטאל; — צי די דעטאל דינט אימ אלס ענדגילטיקער ציל אָדער אלס דינסטער מעטאָד, וויִאזוי צו געפינענ אינ פּאָשעטסטע דעטאלנ — די געזעצנ פונעמ גאנצנ.

אינעמ דערעכערעצ פאר דער „פראָזע פונעמ לעבנ" איז פאראנ דערעכערעצ פארנ לעבנ גופע, איז פאראנ א הויכער פאטאָס פאר די „קליינע, ניט־אָנזעעוודיקע" מענטשנ אונ זייער לעבנ. דער דאָזיקער דערעכערעצ זעצט פאָרויס א דעמאָקראטיש געמיט, ליבע צומ פאָלק, א טיפ געפיל פאר געזעלשאפטלעכער גערעכטיקייט. אָנ דעמ איז ניט מעגלעכ דאָס רעאליסטישע שילדערנ דעמ שטייגער ביכלאל אונ דאָס ארייַנדרינגענ אינ די געדיכטענישנ פונעמ פאָלקס־לעבנ ביפראט.

דאָס איז דער באטייט אויכ פונ מענדעלעס קליינמאָלעריי, פונ זיינ וואָכעדיקער, „אומהעראָיִשער" טאָרבע־טעמאטיק, פונ אזעלכע געשטאלטנ, ווי פישקע דער קרומער.

אונ ווייל דאָס איז בא מענדעלענ ניט קיינ זשאנר-מאָלעריי ס ט א מ, ווייל די דאָזיקע בילדער אונ געשטאלטנ זיינענ דורכגעדרונגענ פונעמ ליידנ־

שאפטלעכן ווילן צו העלפן דעם פאָלק, עס אופצוקלערן — מאכט ער פון זײַנע געפלאָגטע, געשלאָגענע, באַליידיקטע און אונטערדריקטע פיגורן ניט קיין אידעאַליזירטע "Странники". מענדעלע מיסטיפיצירט ניט דעם לייע־נער מיט עפּעס אַזעלכע פאַרבאָרגענע, אויסטערלישע איידעלע מידעס פון זײַנע געשטאַלטן. ער מאָלט זיי אַזוי, ווי זיי זײַנען מיט אַלע זייערע שייַ־נע, אָבער אויך גאָרניט שיינע זײַטן. ער באַזינגט דאָס פאָלק מיט אַזאַ האַרצלעכקייט, ווי קיינער ניט ביז צו אים אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אין דער אייגענער צײַט שטראָפט ער עס מיט ביטערע ווערטער פאַר דער מעשונעדיקער אָפּגעשטאַנענקייט. דעריבער ווירקן זײַנע בילדער ניט ווי ראָ־מאַנטישע פאַרליבלעכונג, נאָר ווי דער עמעס אַליין.

דאָס ל ע ב ן, וואָס מענדעלע האָט געמאָלט, איז געווען מיִעס, פאַר־קריפּלט און צעקאַליעטשעט, אָבער אין זײַנע בילדער איז פאַראַן זייער אַ סאַך שיינקייט. דעם דיכטערס טרויער, זײַן אָנקלאָג, זײַן ליבע צום פאָלק שפּרייטן אויס איבער די בילדער דעם אָטעם פון הויכער פּאָעזיע.

## 5. אידעע און בילד

די ראַמען־דערציילונג אין „פישקע" בלישטשעט און פינקלט מיט אַלע מענדעלשע קאָלירן, דאָ איז אַלץ אָפּן ריכטיקן אָרט. אין יענעם טייל בוך, וווּ ס'ווערט דערציילט דער אייגנטלעכער פישקע־ראָמאַן, האָט מענדעלע אויך דערגרייכט די הייך פון אַ מײַסטער. דאָ הערשט אָבער דער סוזשע־טישער פּרינציפּ; — און דער קאָנסעקווענטער דערצייל־שטייגער געהער גע־ווינלעך ניט צו מענדעלעס שטאַרקע זײַטן. דאָ זײַנען ניט אַלע טיילן פון אַ גלײַך הויכן ווערט.

אַזוי, לעמאָשל, זײַנען די מאָטיוון פון אוואַנטיוריסטישער אינטריגע אין דער אַנטוויקלונג פון עם סוזשעט — ניט זייער געראָטן. דער גאַנצער עפּיזאָד, ווו פישקע וויל פּײַוועשקען אָפּטאָן אַ שפּיצל אינעם קעלער און ווי דער דאָזיקער כאַפּט אים אַלייַן אַרײַן, שלאָגט אים און פאַרשליסט אים, ביז עס באַפרײַט אים דאָס האָרבאַטע מיידל — איז גוט דערציילט, אָבער צו „ראָמאַנהאַפטיק" און פאַלט אַרויס פון מענדעלעס סטיל.

און גאָר דער עפּיזאָד אין דער קרעטשמע־כורווע, ווען פּײַוועשקע וויל פישקען האַרגענען — איז ניט איבערצײַגנדיק, ווירקט נאַיִוו־אַלטמאָדיש און שטערנדיק. מענדעלע האָט דאָ דורך אַן „אוואַנטיוריסטישן" מאָטיוו געוואָלט געבן אַ הויך־פּונקט פון דראַמאַטישער האַנדלונג אָפּן שטייגער פון הוגאָ;

באקומענ האָט זיכ א מאָטיוו פונ דיומא, פונ סיו. א צו „פארביקע", שרײַ־עַרישע אקציע — איז ניט מענדעלעס זאכ [1].

די בילדער, וואָס מענדעלע מאָלט פונעמ דעמלטיקנ אָדעס, זײַנענ אויס־געצייכנט אונ עכט מענדעליש. א טיפנ באטײַט האָט דאָ די פאראלעל, וואָס מענדעלע פירט דורכ צווישנ אָדעס אונ גלופּסק (בערדיטשעוו). מענדעלע איז דאָ אויסנ צו זאָגנ, אז פאר די אָרעמע פאָלקס־מאסנ ברענגענ ניט די מאָדערנע בורזשואזע פארהעלטעניש, וואָס האָבנ אָנגעהויבנ צו הערשנ אינ אדעס, קיינ שומ גליקנ, אז צווישנ זיי אונ די אָפּגעשטאנענע פּעאָדאליש־פּאטריארכאלישע פארהעלטענישנ אינ די טונעיאדעווקעס איז פאר די מאסנ אינ טאָכ קיינ גרויסער כילעק ניט.

„...דאָרט עסט דער אָרעמאנ דאָס טרוקנ שטיקל ברויט פארפּינצטערט, פארזאָרגט, אונ דאָ עסט ער טאקע אויכ דאָס אייגנ שטיקל ברויט — נאָר א קאטערינקע שפּילט אימ דערבײַ צו"... „שטענדיק איז אינ אדעס נאָר א קאָכעניש, הור־הא! עס קאטערינקעט זיכ, עס שפּילט, עס זינגט אונ עס פײַפט..."

דאָ האָט שוינ מענדעלע צעקײַט דעמ טאמ פונעמ שאָלעמ־אלייכעמישנ „אדעס" אָדער „יעהופּעצ", דעמ באָדנ, אפ וועלכנ מענאכעמ־מענדל וועט ערשט ווערנ דער רעכטער מענאכעמ־מענדל. וואָרעמ, וואָס איז אייגנטלעכ מענאכעמ־מענדל מער — ווי בינ־יאָמינ פליוס „קאטערינקע", פליוס דעמ הור־הא אונ דעמ קאָכעניש, וואָס ארומ דער קאפּיטאליסטישער ספּעקוליאציע?

אָבער אינ די בילדער פונ אדעס רוקט מענדעלע אינמיטנדרינענ ארײַנ א היפּשנ עקסקורס — וועגנ טאלמעטוירעס, קאָרשולנ, בעדער אונ ענלעכע „קולטור"־דערגרייכונגענ. ער פירט אפילע ארויס אינ עטלעכע ווייניק גע־ראָטענע שורעס זײַנ אייגענע, שאָלעמ־יאנקעוו אבראמאָוויטשעס, פערזאָנ. אכוץ דעמ, וואָס דער דאָזיקער עקסקורס איז נאיוו־מאסקיליש אונ אפילע פיליסטעויש — שטייט ער אינ ווידערשפּרוכ צו דער פריערדיקער, נאָרוואָס ציטירטער טיפער באאָבאכטונג וועגנ דעמ כאראקטער פונעמ קאפּיטאליסטישנ אדעס.

צו די ניט־געראָטענע ערטער געהער אויכ דער סאמע לעצטער עפּיזאָד: אלטער ווערט געוווירר, אז דאָס האָרבאטע מיידל איז זײַנ טאָכטער, וואָס ער האָט זי אלס קינד אוועקגעוואָרפנ אונ פארלאָזנ. דער ראָמאנ ענדיקט זיכ מיט אלטערס געוויסנסביסנ אונ כאראָטעדיקע באטראכטונגענ, מיט זײַנ פּא־

1 פּונקט אזוי ווייניק איז מענדעלענ געראָטנ דער מאָטיוו מיט לייווי באָכער אונ זײַנ הויז — אינעמ צווייטנ טייל „ווינטשפּינגערל" — אונ איבער די זעלבע סיבעס.

טעטישער שוועּ, אז ער וועט דאָס האָרבאַטע מיידל זוכן און געפֿינען. דאָס איז א מאָטיוו פֿון דער גאָר אַלטמאָדישער טריוויאַלער דראַמאַטיק.

דער כיסאָרן באַקומט דאָ א באַזונדערן באַטײַט, ווײַל דער סאָף־עפּיזאָד איז דאָך — לעפּאָכעס אויסערלעך — די סוזשעטישע לייזונג פֿונעם גאַנצן ראָמאַן. ס׳קאָן זיך דאָך באַקומען, אַז דער דאָזיקער טריוויאַלער סאָף אַנטהאַלט דאָס טאַקע די אידיי פֿונעם ווערק, אז דאָס איז עס, וואָס דער אַווטאָר לאָזט אונדז הערן: מע דאַרף זיך לײַטיש פֿירן מיט קינדער, מע טאָר זיי ניט איבערלאָזן אַף גאָטס באַראָט אאַוו. דערבײַ פֿאַרשטייט דאָך יעדעס קינד, אַז דער טיפֿער אינהאַלט פֿונעם בוך האָט ניט קיין שום שײַכעס צו אַזאַ מין „קינסטלעכן” אומנאַטירלעכן סוזשעטישן אויספֿיר — אַפֿילע ווען ער זאָל זײַן מאָשלדיק און סימבאָליש געמיינט! — דער ראָמאַן האָט אייגנטלעך ניט קיין סאָף, לויט זײַן אייגנטלעכסטן מעהוס קאָן פֿישקעס געשיכטע בא מענדעלען קיין סאָף ניט האָבן.

פֿאַראַן א צוזאַמענהאַנג צווישן מענדעלעס אומבאַהאָלפֿנקײַט אין פֿראַגן פֿון פֿאַבולע, סוזשעט און האַנדלונג מיט דער מאַנגלהאַפֿטיקער גאַנצקײַט פֿון זײַנע אָנשויונגען, מיט דעם, וואָס זיי זײַנען צווישן זיך ניט אָרגאַניש און פֿעסט פֿאַרבונדן. די געבראָקלטקײַט, די ניט־קאָנסעקווענץ אינעם דערציילן שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ניט־קאָנסעקווענץ פֿון זײַנע אָנשויונגען.

די בילדער פֿון שווײַגנדיקן אומשולדיקן לײַדן אַנטהאַלטן א מעכטיקן אויסדרוק פֿון סאָציאַלן פּראָטעסט. מענדעלע זעט אָבער ניט קיין אויסוועג, קיין האָפֿענונגען. דעריבער באַקומט זיך א קימאַט פֿאַטאַליסטישע, „גורלדיקע” פֿאַרמישפּעטקײַט פֿון די געשילדערטע מענטשן. די „טאָרבע” ווערט א סימבאָל פֿון מעכטיקער און אייביקער גילטיקײַט. די בילדער רודערן אויף ביז טיף, זיי זײַנען אָבער פֿאַרוואָלקנט און אויסזיכטלאָז. דעריבער פּרוּווט דאָ מענדעלע צומאָל זיך אן אייצע געבן מיט סאַנטימענטאַליזם אינעם פֿאָשעטן באַטײַט פֿונעם וואָרט — און אַמאָל ווידער, גאַנץ אויסערלעך, — מיט „פֿאַרווײַלנדיקע”, אָבער ניט געראָטענע עלעמענטן פֿון „אינטריגע” און „אַוואַנטיורע”.

---

דאָ קומען צום אויסדרוק די געוויסע קלײנבירגערלעכע און קאָנסערוואַטיווע שטריכן אין מענדעלעס דענקען — יענע שטריכן, וואָס שטייען אין אַזאַ שאַרפֿן ווידערשפּרוך צו די פּראָגרעסיוולעכע, דעמאָקראַטישע הומאַניסטישע זײַטן אין זײַן באַנעמען און פֿילן די וועלט און וואָס הייבן זיך אַזוי הויך אַרויס איבער יעדן מין פֿיליסטערישער באַגרענעצטקײַט.

מענדעלעס פּאָזיטיווער געזעלשאַפֿטלעכער אידעאַל איז אין טאָך שטענדיק געווען און געבליבן — אן אַבסטראַקטער אידעאַל פֿון גערעכטיקײַט. וואָס

שײַעכ די װעגנ, װי אַזױ קאָנקרעט צו פאַרװירקלעכנ דעמ דאָזיקנ אידעאַל, — איז מענדעלע געװענ הילפלאָז ביז צו נאַיִװקײַט. דערמיט איז פאַרבונדנ די ניט־קאָנסעקװענצ, װאָס מע האָט בא אימ אַזױ אָפט פעסטגעשטעלט. דאָס איז אױכ די סיבע, פאַרװאָס ער קומט מיט זײַנע דעמאַסקירנדיקע אַרױס־טרעטונגענ קעגנ דער גװירימשאַפט גאַנצ גיכ צו אַ טעמפּנ װינקל. שױנ אינ דער „טאַקסע״ (1869) האָט ער מיט אױסשעפּנדיקער שאַרפקײַט באַװיזנ די עקספּלואַטאַטאָרישע ראָליע פונ דער פעאָדאַלישער פּלוטאָקראַטיע אינ דער יִדישער סװיװע. אָבער צו אַנטשפּרעכנדיקע פּ אָ ז י ט י װ ע אױספירנ איז מענדעלע אינ זײַנע באַװוסטזיניקע אָנשױונגענ ניט דערגאַנגענ. אַזאַ געזעל־שאַפטלעכע אָרדענונג טױג ניט — נו, איז װאָס זשע דאַרפ מענ טאָנ? איז װאָסער אָרדענונג טױג יאָ? אפ דעמ האָט מענדעלע ניט קײנ ענטפער.

דער אָנגריפ קעגנ דער גװירימשאַפט הײבט אימ אָנ אױסזענ װי אױס־זיכטלאָז. דעריבער װענדט ער שפּעטער זײַנ אופמערקזאַמקײַט דעריקער אפ דער ש י ל ד ע ר ו נ ג פונ די פאָלקס־מאַסנ גופע, אפ דער שילדערונג פונ זײער נױט, פונ זײער מענטשלעכקײַט אונ װירדע אונ אױכ — קריטיש — פונ זײער גרױסער אױסטערלישער אָפּגעשטאַנענקײַט, װאָס שאַדט קײנעמ ניט אַזױ שטאַרק װי זײ גופע. מענדעלע װיל איצט אפ אַזאַ אױפנ פירנ זײַנ אופקלערערישנ קאַמפ, העלפנ אופהײבנ די פאָלקס־מאַסנ אפ אַ העכע־רער מאַדרײגע.

אונ דאָ טאַקע איז מענדעלע אַמשטאַרקסטנ, דאָ האָט ער דערגרײכט זײַנע העכסטע אופטוענ. דורכ זײַנ שילדערנ דאָס פאָלקס־לעבנ האָט ער אַ סאַכ שאַרפער אָנגעגריפנ די הערשנדיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אײדער װי דורכ זײַנע ד י ר ע ק ט ע אָנגריפנ. די פּאָזיטיװע געזעלשאַפטלעכע פּראָ־גראַמ, װאָס מענדעלע לײגט צומאָל פאָר, בלײַבט געװײנלעכ שטעקנ אינ די טראַדיציאָנעלע מאַסקילישע פאָרשטעלונגענ, װאָס זײַנענ מיט דער צײַט עמײלע געװאָרנ אַלצ מער באַלעבאַטיש. אָבער זײַנ דיכטערישער טאַלאַנט איז אומפאַרגלײַכלעכ רעװאָליוציאָנערער, װי זײַנ טעאָרעטיש דענקענ. דער פּראָטעסט קעגנ די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישנ, װאָס איז אַנטהאַלטנ אינ זײַנע קינסטלערישע בילדער, דער אױספיר, װאָס בעט זיכ, אַז מע זאָל דאָ מאַכנ, — איז אָנ אַנ ערעכ שאַרפער, װי סע װאָלט געטױגט פאַר דער טעאָרעטישער פּראָגראַמ, װאָס ער האָט אָפט אָנגעװאָרפנ.

מענדעלע דערקלערט שפּעטער אַמאָל װעגנ „פישקע״:

...„איכ װײס גאַנצ גוט די סיבע פונ דער יִדישער אָרעמקײַט. אינ דער דערמאָנטער דערציילונג אָבער[1] איז דער איקער ניט ד י ס י ב ע, נ אָ ר

1 אינ „פישקע דער קרומער״.

די פאַקטישע לאַגע"[1]. מע קאָנ צווייפלענ, צי האָט מענדעלע טאַקע אַזוי קלאָר געזענ די סיבע, ווי די פאַקטישע לאַגע. אָבער „די פאַקטישע לאַגע" האָט ער געוווּסט אונ געפילט אפ א געווינישנ אויפנ. זײַנ שילדערונג פונ דער פאַקטישער לאַגע האָט פאַרמאָגט זייער א סאַכ אופרײַס־שטאָפ. די לײַדנשאַפטלעכע קלאָג אפ דער דאָליע פונ די מאַסנ איז א מעכטיקע אָנ־קלאָג קעגנ דעמ גאַנצנ געזעלשאַפטלעכנ סיידער. די קלאָג ווערט דאָ א פאָרמ פונ אָנקלאָגערישנ קאַמפ.

וואָס העכער מענדעלע אַנטוויקלט זיכ אַלס קינסטלער, אַלץ מער קאָמ־פענסירט זײַנ דיכטעריש בילד די כעסרוינעס פונ זײַנ טעאָרעטישנ געדאַנק. זײַנע בילדער רײַסנ אופ די ענגע ראַמענ, וואָס זײַנענ געגעבנ אינ זײַנ פאָליטישנ דענקענ, דער טאָכ פונ זײַנע בילדער צעשטערט דעמ אינהאַלט פונ זײַנ פאָזיטיווער פראָגראַמ, רײַסט אויכ אופ די ראַמענ פונ זײַנ סו־זשעט, פונ זײַנ קאָמפּאָזיציע,— וואָס זײַנענ אַמאָל פעסטער ווי די איינצלנע בילדער פאַרבונדנ מיט זײַנע טעאָרעטישע אידייענ. די דאָזיקע זײַט פונ זײַנ „ניט־קאָנסעקווענצ" האָט שוינ דאַפקע א רעוואָליוציאָנערנ אונ זייער פרוכטבאַרנ באַטײַט פאַר זײַנ שאַפנ.

אונ ס'איז זייער כאַראַקטעריסטיש: ווו מענדעלע זאָגט אַרויס זײַנע גע־דאַנקענ, זײַנ „פראָגראַמע" אפ א צוזאַמענהענגענדיקנ, פובליציסטישנ אויפנ, איז ער געוויינלעכ זייער געמעסיקט. אָבער אינ יענע באַטראַכטונגענ אונ רעפלעקסיעס, וואָס זײַנענ אָרגאַניש פאַרבונדנ מיט זײַנע קינסטלע־רישע בילדער,— איז ער גאָר נישט געמעסיקט, רעדט ער מיט דער שפּראַכ פונ א רעוואָליוציאָנערנ דעמאָקראַט.

מענדעלע לאָזט איינעמ פונ די פערסאָנאַזשנ אינ „פישקע" זאָגנ אַזעל־כע ווערטער:

...„ס'איז סדאָמ, נאָר סדאָמ! פאַרוואָס קומט עס די נעגידימ זאָלנ זיכ זיצנ ווי די פריצימ, רויִק, אונ אַנדערע זאָלנ אפ זיי האָרעווענ? זייער גוטס איז דענ נישט יענעמס מי, יענעמס פראַצע, יענעמס שווייס? אַלײנ זײַנענ זיי בא זיכ אָפגעפײַנטע מענטשלעכ, היטנ אָפּעט זייער נעפעשל אונ ווילנ אַלץ, יענער זאָל אַרבעטנ. א נאָגיד, וואָס מער דיק, געזונט ער איז, וואָס מער זײַנ בײַכל איז גרעסער, איז ער אַלץ מער פאָרנעמ, מער פײַנע־בעריע. אונדזער איינער, אַקעגנ, מוז מיט זײַנ געזונט זיכ, נעבעכ, באַהאַלטנ, זיכ שעמענ ווי א גאַנעוו. איטלעכער שרײַט אפ די ציינ, פאַרוואָס גייט אַזא געזונטער נישט אַרבעטנ! עס וואָלט שוינ רעכט געווענ, כ'לעבנ, איבערצו־

1 פונ מענדעלעס א בריוו צו אנ אומבאַקאַנטנ אַדרעסאַט. זע ב. V פונ מענדעלעס „גע־זאַמלטע ווערק", „עמעס"־אויסגאַבע, „דאָס ווינטשפינגערל", ערשטער טייל, ז. XLI.

בײַטן די יאָצרעס: לאָזן די נעגידים פּרוּוון אַ ביסל אַרבעטן. וואָס איז, קראַנק זײַנען זײ?"

די שאַרפקײַט פון די דאָזיקע רייד באַוואָרנט מענדעלע גאַנץ אויבנאויף — דורך דעם, וואָס קלאָמערשט איז דאָס אַ מיינונג פונעם רויטן מאַמזער פײַוועשקע, דעם אונטערוועלט־פאַרשוין, און מענדעלע אַליין — איז דאָ קלאָמערשט „ניט דאָס אויסן". אײַנעמעסן זאָגט דאָ דער דאָזיקער רויטער מאַמזער אַרויס מענדעלעס איבערצײַגונג. דאַפקע דאָס איז מענדעלע אַליין יאָ אויסן צו זאָגן.

ווײַטער ווערט אין „פישקע" דערציילט, אַז:

„נעגידים פלעגט מען (די וואַנדערנדיקע שלעפּערס. — מ. וו.) שילטן אַפּ וואָס די וועלט שטייט, גלאַט אַזוי זיך, פאַר גאָרנישט. איך קען אײַך שווערן אין טאַליעס און אין קיטל, אַז זײ האָבן די נעגידים אַ סאַך מער פײַנט, ווי די נעגידים זײ. אַ נאָגיד האָט בײַ זײ געהייסן עפּעס אַזויפיל, ווי: פּיאַווקע, צעשטאָפּטע קישקע, פאַרשטאָפּטער קאָפּ און פאַרשטאָפּט הערצעלע, פאַרשײַט בעניאָכידל, קופּערנער שטערן, און דער שוואַרציאָר ווייסט זײער טאַטן, וואָס נאָך פאַר אַ מיִעסע צונעמעניש".

דאָס איז ניט בלויז אַ שטייגערישער שטריך אין דער באַשרײַבונג. דאָ קומען אויך צום אויסדרוק מענדעלעס געפילן גופא. לאָמיר זיך דערמאָנען, וואָס מענדעלע דערציילט וועגן זיך אַליין:

„ס'טרעפן זיך בײַ מיר צײַטן, וואָס דעמלט בין איך דערצאָרנט מיט אַ גרויסן גרימצאָרן קעגן די גווירים, וואָס באַהאַלטן זיך אונטערן שאָטן פון געלט, און דעמלט טאָר מען פאַר מיר ניט דערמאָנען דעם נאָמען פון אַן אוישער. — מײַן זעל ווערט צעפלאַמט, ווי אַ ווולקאַן, און איך שפּײַ מיט זידלערײַען, מיט פלאַם־פײַער פון גרימצאָרן און איך שרײַ: גוואַלד! מע ראַבעוועט!"...

דאָס האָט מענדעלע געשריבן אין אַ בריוו פון 1864. אָבער דער דאָזיקער „גרימצאָרן" האָט זיך אין אים קיינמאָל נישט אינגאַנצן אויסגעלאָשן.

---

אין פראַגן פון רעליגיע איז מענדעלע געווײַנלעך — און באַזונדערס אין זײַן פובליציסטיק — זייער אײַנגעהאַלטן און צומאָל אַפילו פּאָשעט קאָנסערוואַטיוו. דער קריטיקער מ. מ. פײַטלסאָן האָט דאָס צוריק מיט אַ יאָר פופציק געפּרוּווט דערקלערן מיט דער ווירקונג פון דער רוסישער ליטעראַטור, וואָס איז, לויט זײַן מיינונג, אין די 60־ער יאָרן געווען „דורכויס וועלטלעך, און איר באַציִונג צו פראַגן פון רעליגיע און גלויבן איז געווען אַ

גלײַכגילטיקע". דאָס איז, פאַרשטײט זיכ, ניט ריכטיק[1] סײַ וואָס שײַעכ דער רוסישער ליטעראַטור פונ די 60־ער יאָרנ סײַ וואָס שײַעכ מענדעלען. מענדעלעס געמעסיקטקײַט געהער פּאַשעט צו די באַשטימטע קלײנבירגערלעכע שטריכנ פונ זײַנ וועלט־אָנשויונג.

אָבער ניט געקוקט אַפ זײַנ גאַנצער „אײַנגעהאַלטנקײַט" וואָס שײַעכ די דאָזיקע פראַגנ — איז ווו ער קומט ווענ זיי צו ריידנ אינ צוזאַמענהאַנג מיט זײַנע קינסטלערישע בילדער, צינדט ער זיכ אָפּט אָנ אונ גיט אַ וואָרפ אַזעלכע געדאַנקענ אונ באַטראַכטונגענ, וואָס צילנ קעגנ די רעליגיעזע גרונט־פּרינציפּנ אַ סאַכ טרעפלעכער, ווי ווער ס'ניט־איז פונ די מאַסקילישע בעלעטריסטנ:

...„דעמ ייִדנס עסנ שאַבעס איז נישט גלאַט גראָב פרעסנ ווענג דער אכילע, ווײַל אַ זינדיקער מענטש באַדאַרפ עסנ. נאָר וואָס דענ? עס הײסט מעקײַעמ זײַנ שאָלויש סודעס. דעסגלײַכנ אויכ דאָס גלעזעלע ווײַנ פּײסעכ באַמ סײדער, — טרינקט עס דענ אַ ייִד גלאַט מעשונע גראָב, ווײַל אַ ביסל ווײַנ איז מעכײַע אונ נאָכ די קנײדלעכ טאַקע גאָר אַ דערקוויקעניש? כאָ־לילע! ער מאַכט דערבײַ מיט אַ פאַרפרומט פּענעמל: הריני מוכן ומזומן... — איכ בינ מיר גרייט, איכ בינ מיר ברייט, מעקײַעמ זײַנ די מיצווע קויסענ: דעמ ערשטנ, צווייטנ, דריטנ, פערטנ קאָס... אונדזער־אײנער עסט, טרינקט, האָט כאַסענע — אַלצ מיט אַ לשם יחוד[2], צוליב קודשאָ בריכ־הו אונ דער שכינע"...

מיט דער דאָזיקער דינער, אָבער שאַרפער איראָניע טרעפט מענדעלע אינ פּינטל אַרײַנ, אינ סאַמע טאָכ. מענדעלע, דער געמעסיקטער אונ אײַנגעהאַלטענער אינ פראַגנ פונ רעליגיע, לייגט דעמ זעלבנ פּײַוועשקע אַזעלכע ווערטער אינ מויל אַרײַנ:

...„אָט אַזוי מוז מענ"... „מיט די נאַרישע ייִדישע קינדער האַנדלענ. ווילנ זיי נישט געבנ מיט גוטנ — מוז מענ באַ זיי נעמענ מיט קונצנ. אָנ דעמ גייט עס נישט. דער ראָוו, דער דײַענ, דער שיינער מעקאַבל מיט דעמ גאַנצנ פּעקל קלייקוידעש — אַלע פאַרשטעלנ זיכ, מאַכנ קונצנ"...

דיזר דאָזיקער פּײַוועשקע איז באַ מענדעלענ ווײַט ניט קײנ פּײַנער פאַרשוינ, פאַרקערט. מיילע, וואָס אַזאַ פאַרשוינ רעדט שוינ! אָבער ווער

---

1 ריכטיקער איז אַנ אַנדערע באַהויפּטונג פונ דעמ יונג־פאַרשטאָרבענעמ באַגאַבטנ קריטיקער פּײַטלסאָנ: מענדעלע האָט געלערנט פונ דער רוסישער ליטעראַטור: „אַז מע דאַרפ ניט שטעלנ די פּראָבלעמעס פונ רעליגיע אונ גלויבנ אַלס אָנהייב אונ צענטער פונ די ייִדישע פּראָבלעמעס" — אינ קעגנזאַצ צו יענע ביז־מענדלשע מאַסקילימ, וואָס האָבנ גראָד אינ די דאָזיקע פראַגנ געזענ דעמ „אַלעפ — ביז טאָוו" פונ דער ייִדישער פּראָבלעמאַטיק.

2 צוליב רעליגיעז־מיסטישע קאַוואָנעס.

15

קאָנ אפּ א רעגע צווייפלענ, אז דאָ רעדט מענדעלע ווערטער פונ זײַנ איי-
גענעמ הארצנ? אונ ער זאָגט זיי רויִק, בינימעס אזעלכע קלאָרע ווערטער,
וואָס א סאך פונ די געוויסע מאסקילישע כייליעוו־עסערס וואָלטנ זיך ניט
דערוועגט זיי הויך צו ברענגענ פארנ מויל, ווײַל דאָ גייט עס דאָך ניט
בלויז קעגנ כסידישע גוטע־יידנ, נאָר טאקע קעגנ דעמ גאנצנ קלייקוידעש
ביכלאל, קעגנ א גרונט־זײַל פונעמ רעליגיעזנ לעבנ. —

---

מענדעלע איז אויסגעוואקסנ אלס שרײַבער אינ די 60־ער יאָרנ, אונ-
טער דער ווירקונג פונ די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראטישע אידייענ אינ
יענער צײַט. אינ א געוויסער מאָס איז ריכטיק צו זאָגנ, אז מענדעלע גע-
הער מיט זײַנ קינסטלערישנ שאפנ צו די „מענטשנ פונ די זעכציקער יאָרנ",
כאָטש ער האָט געלעבט טאקע ביז צו דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע. ער
געהער מיט זײַנ שאפנ צו דער צאָל גרויסע שרײַבער, וואָס האָבנ אינ רוס־
לאנד זײַט די זעכציקער יאָרנ געקעמפט קעגנ דער פארשקלאפונג פונעמ
מענטשנ דורכנ צאריסטיש־פעאָדאלישנ יאָך, פאר באפרײַענ דאָס לעבנ, דעמ
געדאנק, די שאפערישקײַט אונ די מענטשלעכע ווירדע פונ די מיטלאלטער-
לעכע פענטעס. דעריבער הייבט זיך מענדעלעס שאפנ הויך ארויס איבער
די נאציאָנאלע גרענעצנ — ניט געקוקט אפּ דער זייער נאציאָנאלער פאָרמ —
אונ האָט א גרויסנ אלגעמיינעמ באטײַט.

---

ל׳ גאָלדבערג

# וואָרט־דערקלערונגען

(באַ די העברעיִשע ווערטער איז אין קלאַמערן אָנגעצייכנט זייער העברעיִשער אויסלייג)

צו ז. 7.

מענאַשע מאַרגאָליס (1912—1837). לויט דער בילדונג א יוריסט. האָט פאַרעפנטלעכט אָפּהאַנדלונגען וועגן טאַלמודישן רעכט און אויך היסטאָרישע שטודיעס וועגן דער טאַלמודישער עפּאָכע און א ריי טאַנאָים. אַף די דאָזיקע שטודיעס גיט מענדעלע אָנצוהערן אין זיין ווידמונג־בריוו. די פריינטשאַפט צווישן מענדעלען און מענאַשע מאַרגאָליס שטאַמט, אַפּאָנעם, פון די 60־ער יאָרן, ווען מענדעלע האָט געוווינט אין בערדיטשעוו און מאַרגאָליס איז דאָרט געווען לערער אין דער מעלוכעשער („קאַזיאָנער“) יידישער שול. פון 1869 האָט מאַרגאָליס געוווינט אין אָדעס, וווּ עס האָט געוווינט אויך מענדעלע.

זמירעס (זמירות) — רעליגיעזע געזאַנגען.

אייכעס (איכות) — קלאָג־לידער. דער נאָמען שטאַמט פונעם וואָרט „אייכאָ“ — מיט וועלכן עס הייבט זיך אָן איינע פון די פינף מעגילעס (מעגילע — א בוך, געשריבן אַף פאַרמעט און צונויפגעוויקלט) אין דער ביבל — די, וואָס באַשטייט פון א ריי קלאָג־געזאַנגען אַפן חורבן פון יערושאָלאַיִם. די דאָזיקע מעגילע פלעגט געלייענט ווערן דעם ניינטן טאָג פונעם חודעש אָוו — אין יאָרצייט־טאָג פון דער ערשטער און צווייטער צעשטערונג פון יערושאָלאַיִם (די ערשטע — אינעם יאָר 586 ביז אונדזער צייט־רעכענונג; די צווייטע — אינעם יאָר 70 פון אונדזער צייט־רעכענונג).

מעשוירער (משורר) — א זינגער.

צו ז. 8.

מוילעץ־יוישער (מליץ יושר) — פאַרטיידיקער.

יעש־בעקאַן (יש בכאן) — פאַרמעגן.

צו ז. 9.

דראַבעס — טויגעניכצן, הולטייעס, זשוליקעס, שווינדלער.

באַאַוווינויסיינו האָראַבים (בעונותינו הרבים) — איבער די גרויסע זינד אונדזערע (רעדנסאַרט באַם דערמאָנען א געזעלשאַפטלעכן אומגליק).

1

צו ז. 11.

ספירע (ספירה) — די צייט צווישן די רעליגיעזע יאָמטויווים פייסעך און שוועס (פונעם צווייטן טאָג פייסעך ביז שוועס ווערן געציילט ניין און פער־

ציק טעג — פונדאנענ קומט דער נאָמענ ספירע, וואָס באטייט: ציילונג). ספירע-צייט רעכנט זיכ פאר טרויער-טעג.

קינעס (קינות) — קלאָג-לידער; דאָ: א בוכ קלאָג-לידער, באשטימט אפ צו לייענענ טישעבאָוו (דעמ ניינטנ טאָג פונעמ כוידעש אָוו). סליכעס (סליחות) — טפילעס פאר די לעצטע טעג פאר ראָשעשאָנע אונ פאר די טעג, וואָס צווישנ ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפער, ווי אויכ פאר רעליגיעזע פאסט-טעג. ווייבערשע טכינעס (טחינות) — טפילעס אפ יידיש, פארפאסט פאר פרויענ. מיינעלאָשנ (מענה-לשון) — א בוכ געבעטנ אונ טכינעס צו זאָגנ אפנ בעסוילעמ. מאכזער (מחזור), מערצאָל מאכזוירימ (מחזורים) — געבעט-בוכ פאר אלע יאָמטויוומ פונ א גאנצ יאָר.

שיוואָ-אָסאָר-בעטאמוז (שבעה-עשר בתמוז) — דער זיבעצעטער טאָג אינ כוידעש טאמוז; א טאָנעס (פאסט-טאָג), וואָס ווערט פארבונדנ מיט דער געשיכטע פונעמ ערשטנ אונ צווייטנ כורבנ פונ יערושאָלאַימ.

מייסע-סאָטנ (מעשה שטן) — א שפיצל פונעמ סאָטנ, פונעמ טייוול. באטייט: צומ אומגליק.

ראצעמאָרענע — זיידענע; ראצעמאָרע איז א מינ זייד, אינ פאסנ.

צו ז. 12.

פירעק (פרק) — א קאפיטל. דאָ געמיינט: די קאפיטלענ פונעמ טאלמודישנ טראקטאט „אָוויס" (אָבות), טראדיציאָנעלע מאָראַלישע עפיגראמעס, וואָס פלעגנ געלייענט ווערנ אינ זומערדיקע שאבעס-נאָכמיטיקנ.

מאפסיק (מפסיק) — רייסט איבער.

דראפאטשעס — אויסגעריבענע ריטלעכ-בעזעמער.

הוישיינעס (הושענות) — ווערבע-ריטלעכ, מיט וועלכע מע פלעגט קלאפנ אינ שטענדער בייסנ דאווענע אינעמ יאָמטעוו הוישיינע-ראבאָ (דעמ זיבעטנ טאָג סוקעס). פונעמ קלאפנ זיינענ די בלעטלעכ אראָפגעפאלנ אונ עס זיינענ געבליבנ ליידיקע ריטלעכ, וואָס טויגנ צו גאָרניט — „אָפגעשלאָגענע הוישיינעס". דער אויסדרוק ווערט באניצט אינעמ זינ אָפגעניצטע, אומנוצלעכע זאכנ.

קאָרבנ-מינכע (קרבן-מנחה) — א סידער, אינ וועלכנ די טפילעס זיינענ איבערגעזעצט געווענ אפ יידיש-טייטש (אלט-יידישע שפראכ). דאָ, ווי אינ פיל אנדערע ערטער אינעמ בוכ, פאראָדירט מענדעלע דעמ דאָזיקנ סטיל.

נעוווכאדנעצאר מעלעכ באָוועל (נבוכדנצר מלך בבל) — נעוווכאדנעצאר דער קיניג פונ באָוועל, וועלכער האָט אינ דער אוראלטער צייט צעשטערט די יידישע מעלוכע אינ יערושאָלאַימ (אינעמ יאָר 586 ביז אונדזער צייט-רעכענונג).

צו ז. 13.

פיזמענ, פיזמוינעס (פזמון, פזמונות) — א זשאנר פונ ליטורגישע לידער.

פיפערנאָטער — א לעגענדארע, אויסטערלישע באשעפעניש, א מינ גיפטיקע שלאנג, וואָס פיגורירט אינעמ אלטנ יידישנ פאָלקלאָר.

ראָכומ צאדיק (רחום צדיק) — דערבארעמדיקער, גערעכטיקער.

ציונ, בך כל בהמה ועוף חכמו — א זאצ פונ דער ביבל. יעדעס פי אונ יעדער פויגל זיינענ בא דיר קלוג, ציוינ.

קנעסעס=יִסראָעל (כנסת ישראל) — געמיינט: דאָס ייִדישע פאָלק.
מעמרע (מימרא) — וואָרט, שפּרוך, עפּיגראַמע.

צו ז. 14.

רעצועס (רצועות) — רימענס, וואָס פעסטיקן צו צום קאָפּ און צום לינקן אָרעם די טפילן באַם דאַווענען.
וויספּע — אינדזל.
היסמאַנעס (התמנות) — באַשטימונג, פונקציע, שטעלע.

צו ז. 15.

פּאַרשע „יִסרוי“ (פּרשה יתרו) — די ערשטע פינף ביכער פון דער ביבל (דער חומש) זײַנען אײַנגעטיילט אין אָפּשניטן (סעדרעס), וואָס זײַנען לויט דער ריי נאָך געלייענט געוואָרן שאַבעס בייסן דאַווענען. רעליגיעזע ייִדן פלעגן אָנרופן די וואָך נאָכן נאָמען פונעם אָפּשניט פונעם אַנטשפּרעכיקן שאַבעס. „יִסרוי“ פלעגט געלייענט ווערן אין ערעך אָנהייב מאַרט.
מויכער=ספאָרים (מוכר=ספרים) — דאָ: וואַנדערנדיקער ביכער=הענדלער. (פּאַקנטרעגער).
באַל=דאַברען (בעל=דברן) — באַרייִדעוודיקער.
פּידיען (פּדיון) — לייזונג, די סומע, וואָס מע לייזט אין מעשעך פונעם טאָג.
מין=האַצאַד (מן הצד) — פון אַ זײַט.

צו ז. 16.

שעל=ראָש (של ראש) — איינע פון די טפילן, וואָס מע פלעגט אָנטאָן בייסן דאַווענען אויפן קאָפּ.
באַטשיטי, יאַקןי פּאַני=בעריו, צאַטצי, ע=ען טראַסצאַ וואַשי מאַטערי. דײַטע דאַראָגין הוי, כודקאָ זשידקי, לאַבסאַרדאַקי — זעט נאָר, כמאַראַ פּײַניע=בעריעס, צאַצעס, — הע=ע=ען אַ קאַדאָבעס אין אײַער מוטער, לאָזט דורכפאָרן הוי, גיכער, ייִדלעך, לאַפּסערדאַקעס
ביזכוס (בזכות) — דאָ: צוליב, אַדאַנק עמעצן.
זיסט (זינסט, אַזונסט) — אַניט.
אייסעוום — אַ שאָוויניסטישע באַצייכענונג פון ניט=ייִדן.
וועהאַיאָדאַיִם יעדיי אייסאָוו (והידים ידי עשו) — און די הענט זײַנען אייסעווס.
האַקויל קויל יאַאַקויוו (הקול קול יעקב) — די שטים איז יאַנקעווס.
די פראַזע „הקול קול יעקב והידים ידי עשו“ איז גענומען פון דער ביבלישער לעגענדע (בראשית, 27) וועגן דעם, ווי אַזוי דער אורפאָטער יאַנקעוו האָט אָפּגענאַרט זײַן פאָטער יִצכאָק און זײַן עלטערן ברודער אייסעוו און באַקומען בײַ יִצכאָקן די בענטשונג, וואָס ער האָט געוואָלט געבן אייסעוון. די לעגענדע דערציילט: ווען יִצכאָק איז אַלט געוואָרן און האָט שוין שלעכט געזען, האָט ער גערופן זײַן עלטערן זון אייסעוו און אים געבעטן, ער זאָל אַרויסגיין אויף יאַגד און דערנאָך אָפּבראָטן פאַר אים דאָס ווילדוואַרג, וואָס ער וועט פאַנגען, — וועט ער אים דערפאַר בענטשן. ווען אייסעוו איז אַוועק, האָט יאַנקעוו, לויט זײַן מוטער ריווקעס איינצע, גענומען אַ שעפּס פון דער סטאַדע, ריווקע האָט צוגעריכט דערפון די מײַכאָלים, וואָס יִצכאָק האָט ליב געהאַט, און יאַנקעוו האָט עס אים דערלאַנגט. דערבײַ האָט ער אָנגעטאָן אייסעווס קליידער. אויף יִצכאָקס פראַגע, ווער ער איז, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז אייסעוו.

דערופ האָט יִצכאָק געזאָגט: **די שטימ איז יאנקעווס, אונ די הענט זײַנענ אייסעווס**. פונדעסטוועגנ האָט ער אימ ניט דערקענט אונ האָט אימ געבענטשט אלס עלטסטנ זונ. יאנקעוו רעכנט זיכ, לויט דער ביבלישער טראדיציע, פארנ אורפאָטער פונ די ייִדנ; אייסעוו, לויט א שטייגערישער טראדיציע — פונ די קריסטלעכע פעלקער. די פראזע ווערט באניצט אינעמ באטײַט, אז ייִדנ האָבנ ניט מער, ווי א שטימ, אָבער פעסטע, געזונטע הענט האָבנ קריסטנ.

**פארצעס** — פאראכטונג=אויסדרוק אָנשטאָט: פענעמער.

**בוירע** — דער שעפער (פונ דער וועלט) — גאָט.

**טו לוגנ פונ דײַנ הארבעריג** — „טו קוקנ פונ דײַנ וווינאָרט" (איבערזעצונג פונעמ ביבלישנ זאצ: השקיפה ממעון קדשך) — דער גאנצער אבזאצ איז א פאראָדירטע נאָכמאכונג פונ דער שפראכ פונעמ טײַטש=כומעש. **פאָרכטזומע** (פאראָדירט, ווי אויבנ) — פאָרכטזאמע, פרומע. **נײַערט** — נאָר, בלויז, סײַדנ. **אכפערנ** — הויכ שעצנ. **קאָל=יִסראָעל** (כל ישראל) — אלע ייִדנ, דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק. **נאכעס=רועכ** (נחת רוח) — פארגעניגנ.

## 2

צו ז. 17.

**געקרעמפעוועטע** — צונויפגעבונדענע, צוגעפעסטיקטע.

**קרעמפעלעצ** — א פארפעסטיקונג=העלצל אינעמ געשפאנ.

**אויסגעסמילעוועטע** — אויסגעסמאָלעטע, באשמירטע מיט סמאָלע.

**מע מאכט ניט קיינ פיירעש** — מע מאכט ניט קיינ וועזנ.

**טאָרענ** — שטופנ, שטויסנ.

**א זלידנע** — א בייזע, אנ אײַנגעגעסענע.

**שאָר=יעראָקעס** (שאר ירקות) — בוכשטעבלעכ: די איבעריקע קרײַטעכצער. דאָ געמיינט: אלע איבעריקע זאכנ.

**סמאזע** — שפײַעכצ.

צו ז. 18.

**צווײַלנ** — פונ צײַט צו צײַט.

**טכיילעס** (תכלת) — הימל=בלוי.

**טאכנונ** (תחנון) — בוכשטעבלעכ: געבעט אפ ראכמאָנעס. דאָ: א טפילע פאר טאניוסימ=טעג. בא דער דאָזיקער טפילע פלעגט מענ זיכ טיפ בוקנ.

**טאליסקאָטנ** (טלית קטן) — א פירקאנטיק שטיק צײַג מיט ציצעס (בינטלעכ פעדעמ), צוגעפעסטיקטע צו די פיר עקנ. דעמ דאָזיקנ ריטועלנ מאלבעש פלעגט מענ טראָגנ אונטער די אייבערשטע קליידער.

**פעלפענע** — זײַד=סאמעטענע; וועלוועטענע.

**אָפגענומענ די וועלט** — געווענ שטארק בארימט.

צו ז. 19.

**בעגאָטישער** — פעדאנטיש פרומ, פאנאטיש אונ אויכ צווויאקיש.

**לאמדנ=מופלעג** (למדן=מופלג) — א גרויסער געלערנטער.

**כאריפעס** (חריפות) — שארפע קענטשאפט, פייִקײַט צו שארפנ אנאליז.

שיווים אומעס (שבעים אומות) — זיבעציק פעלקער; געמיינט — אלע ניט־ייִדישע פעלקער.

לעדוויצע — ווייכע רינד־פלייש (פונעם פוילישן cpolędwica).

כרעמזל — א געבעקס פון טייג, געפּרעגלט אין האָניק.

פּראַקעס — א געקעכץ: געהאַקט פלייש, איינגעוויקלט אין קרויט־בלעטער אָדער אין אַנדערע בלעטער.

קראָפּ — דער גוידער פון אַן אינדיק אָדער פון א געשטאָפּטער הון.

יאַטרעט זיך — אויטערט זיך.

אַוויידע (עבודה) — אַרבעט.

צו ז. 20.

אדם ובהמה... תושיע ה' — דער ריכטיקער באַטייט איז: אי דעם מענטשן אי דעם פי העלפסטו, גאָט.

קעזאַיִס (כזית) — די גרייס פון אַן איילבערט, ד. ה. דאָ: א קליין שטיקל.

טאַקסע (אָדער „קאָראָבקע") — א ספּעציעלער שטייער, וואָס פלעגט גענו־מען ווערן בא דער ייִדישער באַפעלקערונג פאַר קאָשער פלייש. די אופמאַנונג פונעם דאָזיקן שטייער פלעגט אָפּגעגעבן ווערן אין אַרענדע א „באַל־טאַקסע", וואָס האָט זיך באַמיט אַרויסצופּרעסן פון דער באַפעלקערונג וואָס גרעסערע רע־וואַכים פאַר זיך. פון דער טאַקסע האָבן זייער געליטן די אָרעמע פאָלקס־מאַסן. דאָס וואָרט „טאַקסע" איז, פּונקט ווי „תּחום" (черта оседлости), געוואָרן א סימבאָל פאַר דער אונטערדריקטער, רעכטלאָזער לאַגע פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אינעם צאַרישן רוסלאַנד.

מעכוערעס — בוכשטעבלעך: מיִעסקייט. דאָ געמיינט אינעם פאַרקערטן זין: א שיינע פרוי.

פּיליניצעס — רויטע וואַלד־יאַגעדעס (Земляника).

לאַקעטקע — נאַשוואַרג.

לוי האָיאָ (לא היה) — עס הייבט זיך ניט אָן.

עס וועסערט — עס לויפט אָן אין מויל שפּייעכץ.

צו ז. 21.

סאָנע־ציִענ (שונאי ציון) — די פייַנט פון ציִוויזם; געמיינט: די סאָנים פון ייִדן.

אַנטערגעלענט — צוגעלייגט, אָנגעשפּאַרט.

3

פּאַרוואָר — בעעמעס.

צו ז. 22.

פּיזעם — מוסקוס־טראָפּנס, וועלכע מע גיט אייַן אָפּ צו מונטערן א טויט־קראַנקן.

צו ז. 23.

אַקאָרע (עקרה) — א פרוי, וואָס קאָן ניט האָבן קיין קינדער.

צו ז. 24.

סילעקן — דעקן, אָפּצאָלן.

שוונע־מוירינע — געמיינט: א פרומאַק, א יאַכסן. איראָנישע פאַרקריפּ־

לונג פונעמ אויסדרוק: מוירוינו ראַביינו, (מורנו רבינו) — אונדזער לערער און וועגווײַזער.

**געמעלאָכעט** — ניט עכט, געפאַלשעוועט, נאָכגעמאַכט.

**פול פליו אין דער נאָז** — פול מיט כוצפע, מיט אויסגעטראַכטע, ניט=עמעסע מײַלעס.

**פיירושימ** — אויסטײַטשונגען, באַטײַטן.

**לאָד מיך צום אונסאַנע=טויקעפ** („ונתנה תוקף" איז אַ יאָמנע=ראָ‏ימדיקע טפילע וועגן גאָטס מישפּעט איבערן מענטשנ) — אַ פאָלקס=ווערטל, וואָס באַטײַט: טו, וואָס דו ווילסט, עס וועט דיר גאָרניט העלפנ; קאָנסט מיט מיר גאָרניט נית מאַכנ.

**קוימעמיעס** (קוממיות) — דאָ: טו מיר, וואָס דו קאָסנט, איך ווײַז דיר אַ פײַג.

**געסמאַהע דיר פאַרפול** — איך שפײַ דיר אָנ אַ פול פאָנעמ. באַטײַט: ס'אַרט מיך ניט, ס'גייט מיך ניט אָנ, וואָס דו טראַכסט.

**שײַלעס** (שאלות) — פראַגנ.

4

צו ז. 25.

**יאַנקעוו אָווינוס בראָכע** — געמיינט: די בראָכע, מיט וועלכער דער אורפאָטער יאַנקעוו האָט, לויט דער ביבלישער לעגענדע, געבענטשט זײַנע אייניק=לעכ, יויסעפס קינדער, מענאַשע און עפראָימ (בערייִשים, XLVIII), זיי זאָלנ זיך מערנ און פרוכפערנ.

**וידגו — און זיי זאָלנ זיך פישלענ** — אַ ווערטער=שפּיל. דאָס וואָרט וידגו (ווײִדגו) שטאַמט פונעמ העברעיִשנ ווערב דגה (דאָגוי) — און באַ=טײַט: זיי זאָלנ זיך מערנ, פרוכפערנ; אַלטער מיינט, אַז דער וואָרצל איז דער העברעיִשער סובסטאַנטיוו דג (דאָג) — פיש, און ער טײַטשט עס: זיי זאָלנ זיך פישלענ.

**„אפנ הימל אַ יאַריד"** — אַזאַ פּראַזע שטייט אינ ערגעץ ניט געשריבנ; דאָס איז אַ פאָלקס=ווערטל, וואָס באַטײַט: אַנ אויסגעטראַכטע זאַך, אַ באָבעמײַסע. אַלטער נעמט עס אָנ פאַר אַ פּאָסעק פונ עפּעס אַ הייליקנ בוך און מאַכט דערפונ דעמ אויספיר, אַז אווילעמהאַבע („יענע וועלט") פאַר ייִדנ איז אַ יאַריד.

**מאַכליארקעס** — מעקלערנס.

**קורעלאַפניצעס** — הינער=הענדלערנס.

**מיט פינפ פינגער** — מיט לוידיקע הענט.

**קאַמייעס** — אַמולעטנ; פּראַזעס פונ רעליגיעזע ספאָרימ אָדער קאַבאַליסטי=שע צייכנס, געדרוקט אפּ פּאַפּיר אָדער געשריבנ אפּ פּאַרמעט. דינענ, לויט אַנ אָבערגלויבנ, אַלס באַוואָרעניש קעגנ שוידימ, אַלס מיטל צו גליק.

**סאָרע=באַס=טויווימ** (שרה בת טובים) — אַ לעגענדאַרע פּאַרפאַסערנ פונ ווײַבערשע טכינעס.

צו ז. 26.

**קאַלענדרעווענ** — (פונ „קאָליאַדעווענ") — דאָ: אַרומגיינ פונ איינעמ צומ אַנדערנ.

צו ז. 27.

פשיטע (פשיטא) — פארשטײט זיך.

צו ז. 28.

מיט דער גאַנצער מוירע — מיטן גאַנצן טויט.

מין האַשאָמאַיִם (מן השמים) — פון הימל.

מיזמער (מזמור) — געזאַנג. דאָ געמײנט: לויב־געזאַנג.

צו ז. 29.

גאַבע (גבאי) — פאָרזיצער אָדער פאַרװאַלטונג־מיטגליד פון אַ רעליגיעזער בעוורע אָדער פון בעסמעדרעש.

גאַם זו לעטויװאָ (גם זו לטובה) — דאָס איז אויך צום גוטן. אַ שפּרוך פונעם טאַלמוד.

קעמינהעג (כמנהג) ײִד — װי עס פירט זיך בײַ ײִדן.

צו ז. 30.

יעפײפיִע (יפה־פיה) — אַ שײנע פרוי.

זאַמד־פּאַטשערקעס — גלעזערנע קלײנינקע פּאַטשערקעס.

5

לײַבסערדאַק (אָדער לײַבצודעק) — דאָס זעלבע, װאָס טאַלעסקאָטן, נאָר פון פּראָסטן באַװל־צײַג.

צו ז. 31.

מעזאַקע (מזכה) זײַן — באַשענקען, באַגליקן.

רעקרוטן־נעמען — דאָ געמײנט: אָפּקלײַבן. דער אויסדרוק װערט דאָ באַניצט דערפאַר, װײַל בײַ די כאַליערע־כאַסאַנים פלעגט מען ניט קײן סאַך פרעגן זײער מײנונג.

מעפורסעמעס (מפורסמת) — באַרימטע.

אַנדרויגענעס — הערמאַפראָדיט; אַ ניט־נאָרמאַלער, טאָפּלט־געשלעכטלעכער מענטש.

צאַרבאַלעכײַיִם — (צער־בעלי־חיים) — אַ ראַכמאָנעס אױף אַ לעבעדיקער באַשעפעניש.

צו ז. 32.

אַרבעקאַנפעס (ארבע כנפות) — דאָס זעלבע, װאָס טאַלעסקאָטן.

טאַכטוינים (תחתונים) — הױזן.

אַ צװײער — אַ קאָפּעקע (צװײ גראָשן); אַ דרײַער — $1^1/_2$ קאָפּעקעס (דרײַ גראָשן).

קרישמע־לײענען — דאָס װאָרט „קרישמע" גיט איבער די צװײ העברעיִשע װערטער: „קריאת שמע", װאָס באַטײַטן: לײענען די טפילע „שמע ישראל" (שמאַ יִסראָעל). מענדעלע רעדט דאָ װעגן דעם מינהעג צו קומען „לײענען קרישמע" בײַ דעם בעט פון אַ קימפּעטאָרן, מאַכמעס אַן אָבערגלױבן, אַז דורך דעם באַשיצט מען די קימפּעטאָרן און דאָס קינד קעגן די שײדים, װאָס לאָקערן נאָך זײ, באַזונדערס נאָך אַ נײַ־געבוירן ײִנגל אין די ערשטע זיבן טעג, ביזן ברים.

אויסצופּרודען — אויספּאַרען, קעדײ אָפּצורײניקן פון אומפליט.

צו ז. 33.

שטשאָגעל — אנ אויסגעפוצטער.

פליסנ — פליושענע.

האסלע — אויסרופ, אָנזאָג.

בעלי־נעדער (בלי נדר) — באטײַט: ניט נעמענדיק אפ זיכ קײנ פעסטע היסכײַוועס דאָס אויסצופילנ. א רײדארט, א באוואָרעניש בא רעליגיעזע יִידנ, אז א סטאם געפלאנטע זאכ זאָל ניט האָבנ דעם קויעכ פונ א צוזאָג.

רויפים (רופאים) — פעלדשערס.

צו ז. 34.

ראשקעלע — שעפל.

וויבאָרעס אפ גלאסנעס — וואלנ פונ ראטמענער; געמיינט: וואלנ אינ דער יִידישער קעהילע.

באלדייע (בעל דעה) — דייע־זאָגער, אווטאָריטעט.

טשאקנדיק — מיט קנאק, מיט גלאנצ.

היסמאנעס (התמנות) — דאָ: קאָהאָלשע שטעלע.

צו ז. 35.

ביזכוס מעיוכאָסים (בזכות מיוחסים) — אדאנק די מעיוכאָסים.

ביִעכידעס (ביחידות) — אײנער אלײנ.

6

א זעקסער — 6 גראָשנ, 3 קאָפּעקעס.

צו ז. 36.

א טרעסע — א טרויסל.

כאפערס — בײַם רעקרוטשינע, אינ ניקאָלײַ I צײַטנ, ווענ מע האָט אָנגעהויבנ נעמענ בא יִידנ קינדער פאר סאָלדאטנ, זײַנענ געווענ ספעציעלע קאָהאָלשע „כאפערס" („לאָווצעס"), וואָס פלעגנ כאפנ אָרעמע קינדער אונ אָפּגעבנ זיי פאר רעקרוטנ.

צו ז. 37.

א גילדענע יויכ — א טראדיציאָנעלע חינערשע יויכ, וואָס מע פלעגט קאָכנ אפ כאסענעס.

נישט לעקאָוועד (לכבוד) — עס פאסט ניט.

עסרעג (אתרוג) — א לימאָנענ־פרוכט. ווערט באנוצט באם דאווענענ אינעם רעליגיעזנ יאָמטעוו סוקעס.

זאָגערנ — א פאָרלייענערנ פונ טפילעס.

אויסנעמעניש — דאָס ארויסנעמענ די סויפער־טוירע פונ שראנק (אָרנ־קוידעש) צומ לייענענ אונ איד דעם אנטשפרעכיקנ קאפיטל, ביז „אויסנעמעניש" פלעגנ פרומע יִידנ ניט עסנ.

צעשטערנענ — צעשעדיקנ, קאליע מאכנ.

שרײַ כײַוועקײַעמ (חי וקים) — „כײַ וועקײַעמ" זײַנענ ווערטער פונ א טפילע, וועלכע דער כאזנ שרײַט אויס מיט א הויכ קאָל, די רעדנסארט באטײַט: מעגסט שרײַענ, וויפל דו ווילסט, עס וועט סײַוויי ניט העלפנ.

געבליבנ ווי אפ דער מיזלבעדיקער באנק — געבליבנ מיט גאָרניט.

(דער אויסדרוק נעמט זיכ דערפונ, וואָס אפ דער מילכיקער באנק טאָר מענ קיינ שום פליישיקע קיילע ניט שטעלנ — אנדערש ווערט זי טריפ, אונ מע בלייבט מיט גאָרניט).

**מיטאסקים** (מתעסקים) — טוער, קלאל־טוער.

צו ז. 38.

**ניט צו מאכנ מיט אים קיינ פיל האסבאָרעס** — ניט אריינ־לאָזנדיק זיכ אינ ברייטע דערקלערונגענ.

**טכילעס־האלײלע** (תחילת הלילה) — אָנהייב נאכט; אינ. אָוונט.

**אײשעס־כאיל** (אשת חיל) — א גרויסע בעריע א פרוי.

**זיוועג** (מערצאָל: זיוווגים) — פּאָר.

**געכאפט דעמ סטרי** — געכאפט דעמ שניט; ווייסט, ווי אזוי דאָס ווערט געטאָנ.

**לאָמדיש** — ווי א געלערנטער.

**וועט עס שײנ גײנ ווי א מיזמער** (מזמור) — וועט עס שיינ גיינ ווי א לידל, גלאטיק.

צו ז. 39.

**אינ מאכשאָוועסנ** — פארטראכטערהייט, פארכושט.

## 7

**שאָפל** (שפל) — דאָ: זייער שלעכט, פּאסקודנע.

**מאלאָסוי** (מעלתו) — „זיינ ווערדע", „זיינ קאָוועד": אנ אלט־טראדיציאָנעלע פאָרמ פונ קאָוועד אָפּגעבנ אינ דער דריטער פּערזאָנ.

**טיטע** — ברוסט (קינדער־שפּראכ).

**אײנ ברײרע** — ניטאָ קיינ אנדער אויסוועג.

**סטעכעווענ** — ביַיטנ, טוישנ.

**כילעפ** (חילוף) — ביַיט, אויסטויש.

צו ז. 40.

**רומל־ספאָרים** — גאנגבארע ביכער אפ העברעיִש אונ יִדיש, וואָס פלעגנ אָפט איבערגעדרוקט ווערנ.

**ראשע** (רש"י) — איניציאַלנ פונ „ראבי שלוימע יִצכאָקי", א קאָמענטאטאָר פונ דער ביבל אונ פונעמ טאלמוד. אויכ דער קאָמענטאר גופע רופט זיכ „ראשע" אונ ווערט אינ די רעליגיעזע ספאָרימ געדרוקט מיט א ספּעציעלנ אלטערטימלעכנ יִדישנ שריפט, וואָס טראָגט דעמ נאָמענ „ראשע־שריפט". **דימענט, פערל, בראָקימ, גרויס אונ קליינ וועליש** — מיניִמ שריפטנ, וואָס צייכענענ זיכ אויס איינס פונעמ אנדערנ לויט דער גרייס. **דימענט**, לעמאָשל, איז גאָר א פיטשינקער שריפט — ער האלט 4 פונקטנ; **פערל** האלט 5 פונקטנ אאַז.

**פארווענדטע** — צעמישטע, פארפּלאָנטערטע.

**אָצ־קוויצ־לאָשנ** — א פארשטעלטע, פארפּלאָנטערטע שפּראכ.

**כשיוועס** (חשיבות) — וויכטיקייט.

**„טויזנט אונ איינ נאכט"** — באוווּסטע אראבישע מעיסעס, איבערגעזעצט אפ יִדיש.

**שיר־האַמײַלעסנ** (שיר־המעלות) — קאַפּיטלענ פונעמ ביבלישנ בוכ „טי־לימ". אינ געגעבענעמ קאָנטעקסט: פּאַפּירלעכ מיט אָפּגעדרוקטע אַנטשפּרעכיקע קאַ־פּיטלענ טילימ, וואָס מע פלעגט אָבערגלויביש אופהענגענ איבערנ געלעגער פונ א קימפּעטאָרנ, קעדיי ניט צוצולאָזנ קיינ שיידימ צו איר אונ צומ קינד.

**אַמײַע** — הונדערט.

**זשיטאָמירער סליכעס** — סליכעס, געדרוקט אינ זשיטאָמיר. **בערשע־טער טאַלעסקאָטנס** — טאַלעסקאָטנס פונ שטאָפּ, וואָס איז געוועבט אינעמ שטעטל בערשאַד. **ווילנער קינעס** — קינעס, געדרוקט אינ ווילנע. **כאַנוקע־לעמפּלעכ** — לעמפּלעכ מיט 9 רערנ, אינ וועלכע עס ווערט געברענט אייל אָדער ליכטלעכ אינ האַלב־יאָמטעװ כאַנוקע, וואָס איז פאַרבונדנ מיטנ מאַקאַבייער־אופ־שטאַנד (165 יאָר פאַר אונדזער צײַט־רעכענונג).

**וואָלפּ־ציינדלעכ** — ביינדלעכ אינ דער פאָרמ פונ וועלפישע האַקציינער. פלעגט געגעבנ ווערנ קליינע קינדער צומ שפּילנ זיכ אונ האָט זיכ גערעכנט פאַר א מיטל, אז די ציינדלעכ באַ די קינדער זאָלנ זיכ גיכער דורכשנײַדנ.

**האַוודאָלעס** (הבדלות) — וועקסענע ליכט, וואָס ווערנ אָנגעצונדנ שאַבעס־צונאַכט, באַמ זאָגנ די אַנטשפּרעכיקע טפילעס.

צו ז. 41.

**בליטשקענע** (פונעמ פּוילישנ wlókno — באַוולנע.

**מינכע** (מנחה) — דאָס פאַרנאַכטיקע דאַוונענ.

**מאָרע־אַנטיק** — געשטיקטע זײַד (?)

צו ז. 42.

**אַנייִנו** (עננו) — א טפילע פונעמ פאַרנאַכטיקנ דאַוונענ (מינכע) נאָכ א טאָנעס.

„**קמוירעס**" — א טייל פונעמ דאַוונענ. דער בוכשטעבלעכער טײַטש פונעמ וואָרט איז „ווײַרעכ". אינ דער טפילע ווערט באַשריבנ דער צערעמאָניאַל פונ א גאָ־טעסדינסט אינ בויס־האַמיקדעש: דאָס רייכערנ פאַרשיידענע שמעקעדיקע גראָזנ אונ געווירצנ אפנ מיזביִיעכ. **שוואַכ** (שבח) — לויב. **שירע** (שירה) — געזאַנג; דאָ: א לויב־געזאַנג צו גאָט.

**הײַענ** — פאַרלאַנגזאַמענ, פאַרציִענ.

צו ז. 43.

**עס גרימט זיי** — עס רעגט אופ, דערצאָרנט, אָדער עס מאַטערט זיי, עס שנײַדט זיי אינ בויכ.

**קויעכ־האַמעדאַמע** (כח המדמה) — פאַנטאַזיע.

8

צו ז. 45.

„**דרײַ וואָכנ**" — דרײַ טרויער־וואָכנ, פונ 17־טנ טאַמוז ביזנ 9־טנ אָוו, פאַרבונדנ מיטנ כורבנ פונ יערושאָלאַיִמ.

**בעיִמ** (באם) — אויב, טאָמער.

**בערלעכ** — בוזיקעס אָדער שישקעס, מיט וועלכע די קינדער פלעגנ שטי־פעריש וואַרפנ, ביים די עלטערע האָבנ טישעבאָוו געזאָגט די „קינעס".

אבנטשערל — א ביכעלע מיט טפילעס אפ צו זאָגנ נאָכנ עסנ.

טרייבערנ — אָפּרייניקנ דאָס פלייש פונ די אָדערנ, עס זאָל ווערנ קאָשער.

א האגאָדע (הגדה) — א בוכ טפילעס פאר פייסעכ, באמ אָפּריכטנ דעמ סיידער.

צו ז. 46.

לעמעשקע — זייער א שיטערע קאשע.

וויטענ זיכ — באגריסנ זיכ.

מעקאדעש זײַנ די לעוואָנע — לייענענ באשטימטע טפילעס, בייס עס גייט אופ א יונגע לעוואָנע. באמ לייענענ די דאָזיקע טפילעס שפרינגט מענ אונטער. שאָלעמ=אַליכעמ — אַליכעמ=שאָלעמ — פונ דער טפילע, וואָס ווערט געזאָגט באמ מעקאדעש זײַנ די לעוואָנע.

צו ז. 47.

יאשער=קויעכ (יישר כח) — א דאנק=פאָרמ, א צווינטשנ געזונט.

„ציני באטשילי, טשויעש, טוטעטשקי זשידקא אים קיבאמי? קאזשי=נאָ, טשילאָוויטשע!“ — האָט איר ניט געזענ, העסטו, א מענטש מיט פערד? זאָג נאָר, מענטש!

צו ז. 48.

סאָטסקע — א קלענערער פּאָליציי־שער אמט אינ דאָרף אינעמ צארישנ רוסלאנד.

יעוואָניש — געמיינט: רוסיש.

צו ז. 49.

פּוראָניעס (פרעניות) — ליידנ.

יעוואָרעכעכאָ (יברכך) — ער זאָל דיכ בענטשנ; דאָ אינעמ פארקערטנ זינ: כאפּט דיכ דער טײַוול.

סטאנאָוואָי (סטאנאָוואָי פּריסטאוו) — א פּאָליציי=אמט אינעמ צארישנ רוסלאנד; דער פּאָליציי=עלטסטער פונ א טייל אויעזד (א „סטאנ“).

9

צו ז. 50.

מאקרעטעס (פארגרײַזט פונעמ אוקראַיִנישנ „מאקיטרעס“) — פלאכע, אָפענע לייסענע געשיר.

שאָר=האבאָר (שור=הבור) — א לעגענדארער ריזיקער אור=אָקס. די בעהייִמע זאָגט: „געלויבט דער שאָר=האבאָר“, פונקט ווי א מענטש וואָלט געזאָגט: „געלויבט איז גאָט“.

קיצווע (קצבה) — א באשטימטע כוידעשלעכע געדאָווע. דאָ געמיינט: דער הונט לעבט אפ קאָהאָלישע געדאָוועס.

צו ז. 51.

הײַלנדיק — וואָיענדיק.

שאלשעלעס (שלשלת) — א געדרייטע, געציקלטע נאָטע, וואָס געהער צומ רעטשיטאטיוו, וואָס באמ לייענענ די טוירע.

מאטויוו (מה טובו) — דער אָנהייב פון דער אינדערפרידיקער טפילע. דאָ געבראכט איבערן באַטײַט פון די ווערטער: מה טובו — „ווי גוט".
גייען צום סמיך — אָנקומען לויט דער ריי.

צו ז. 52.

מאָקעם־מענוכע (מקום־מנוחה) — רו־אָרט.
פעלענע מושקעס — א מאלבעש פון קליינינקע פעלעכלעך.
גער (גר) — פרעמדער.
האסבאָרע (הסברה) — דאָ: אײַנפאל.
מיליץ (מליץ) — דאָ: פארמיטלער.

צו ז. 53.

א קאלטע מומע — א ווײַטע קרוווע.
מעוויעש ווערן — פארשעמט ווערן.
שאָול האָט געזוכט אייזלען און געפונען די מעלוכע —
דער אויסדרוק שטאמט פון דער ביבלישער לעגענדע וועגן דעם, ווי אזוי עס איז געזאלבט געוואָרן דער ערשטער ייִדישער קיניג שאָול. א זון פון אן ערד־ארבעטער, איז ער געשיקט געוואָרן פון זײַן פאָטער זוכן אייזלען, וואָס זײַנען בא זיי פארפאלן געוואָרן. אין וועג איז ער אָנגעקומען אין דער שטאָט, ווו עס האָט זיך געפונען דער נאָווי שמועל, וואָס האָט דערקענט אין אים דעם מענטשן, וועגן וועלכן גאָט האָט אים צו וויסן געגעבן, אז ער דארף עס ווערן קיניג בא ייִדן. און שאָול איז געוואָרן קיניג (שמואל א. IX—XI).
געהינעט — פארפאלן געוואָרן.
פעריסטע קו — א פארשיידנקאָליריקע קו.

צו ז. 54.

האָרגעמ־קאָרנעם — איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ.
בעבעכעס — בעטגעוואנט.
נימער ערגער — האלעווײַ זאָל קיינמאָל ערגער ניט זײַן.

צו ז. 55.

א „מיזרעך" — א בילד מיט פארשיידענע פסוקים, געמאָלטע כײַעס און אָרנאמענטן, וואָס פלעגט הענגען בא רעליגיעזע ייִדן אָפּ דער מיזרעכדיקער וואנט.
האָמען — א פערסאָנאזש פון דער ביבלישער „מעגילאס־עסטער", וועלכע ווערט געלייענט פורים: דער ערשטער מיניסטער פונעם פערסישן קיניג אכאשווייראש; וועגן אים ווערט דערציילט, אז ער האָט געוואָלט אויסראָטן אלע ייִדן. מאָרדכע — א פערסאָנאזש פון דער זעלביקער מעגילע. א פעטער פון דער ייִדישער פרוי עסטער, וואָס אדאנק דעם קיניגס ליבע צו איר זײַנען די ייִדן ארויסגעראַטעוועט געוואָרן פונעם אומגליק. נאָך דעם, ווי האָמאן איז אויפגעהאנגען געוואָרן צוזאמען מיט זײַנע צען זין, האָט מאָרדכע פארנומען זײַן אָרט אלס ערשטער מיניסטער („מישנע־לאמעלעך").
טיזליק — אן אויבער־בעגעד.
„מאָנדרוש" — א קלאָון, א וויצן־זאָגער אין די פאָלקסטימלעכע אכאשווייראש־שפילן, וואָס פלעגן אויפגעפירט ווערן פורים.
זערעש — האָמאָנס ווײַב. אין די רעליגיעזע קאריקאטור־בילדער ווערט זי געמאָלט מיט א נאכט־טאָפּ.

פויטיפערס ווײַב — לויט דער ביבלישער לעגענדע, דאָס ווײַב פונעמ מיצרישנ (עגיפטישנ) פירשט פויטיפאר: זי האָט געוואָלט פארפירנ יויסעפנ (יויסעפ האצאדיק), וועלכער איז געווענ א דינער בא איר מאנ.

לולעוו — פאלמענ־צווײַגל. ווערט באניצט באמ דאוונענ אינעמ רעליגיעזנ יאָמטעוו סוקעס.

צו ז. 56.

לאדיש — קרוג.

צו ז. 57.

בארמיצווע (בר־מצוה) — רעליגיעזע פוליעריקײַט; צו דרײַצנ יאָר.

וואָס גייט הײַנט פאר א סעדרע? — זע די אָנמערקונג אפ ז. 231 צו פארשע „יִסרוי“. באָלאָק — א סעדרע פונעמ ביבלישנ בוכ „באמידבאָר“ (במדבר), קאפ. 2, XXII — 9, XXV. וואָס האָט אזוינס באָלאָק געשיקט זאָגנ — די ביבלישע לעגענדע (במדבר XXIII) דערציילט, אז באָלאָק, דער קיניג פונ מויאָוו, האָט געשיקט צומ נאָווי בילאָמ אימ בעטנ, ער זאָל פארשעלטנ די יידנ, קעדיי ער, באָלאָק, זאָל זיי קאָנענ באזיגנ אינ דער מילכאָמע. די דערציילונג וועגנ דעמ הייבט זיכ אָנ דערמיט, ווי די רעגירער פונ מויאָוו האָט אָנגעכאפט א שרעק, די אָנגרײַפנדיקע יידנ זאָלנ ניט אויסראָטנ אלצ ארומ, אָט פונקט ווי דער אָקס ראָט אויס (לעקט אויס) דאָס גראָז אינ פעלד. דער אמעראַ־צישער מעלאמעד האָט אלצ צונויפגעפלאָנטערט.

צו ז. 58.

קילכויכ האשויר (כלחוך השור) — דאָ געמיינט: ווי נאָר עס וועט אָנהייבנ צו טאָגנ.

10

נעגלוואסער — וואסער צומ באגיסנ די הענט באמ אופשטיינ פונ שלאָפ.

אויקער זײַנ — אנטלויפנ.

צו ז. 60.

„אינ דײַנ האנט טו איכ מײַנ זעל באהאלטנ“ — (בידך אפקיד רוחי — בעיאָדכאָ אפקיד רוכי) — א פראזע פונעמ דאוונענ.

פריסוטסטוועס — געמיינט: מעלוכע־אנשטאלטנ.

אדוינימ (אדונים) — הארנ.

צו ז. 61.

לאנטוכ — דאָ: אנ אויבערדעק, געמאכט פונ זאק־שטאָפ.

11

צו ז. 62.

שאָפל (שפל) — דאָ: ניט גוט; פאסקודנע.

פלוכנ — שעלטנ.

צו ז. 63.

לעיעסער ביטאָכנ (ליתר בטחון) — פונ גרעסערער זיכערקײַט וועגנ.

צו ז. 65.

שיקער־לאָט — שיקער ווי לאָט. [וועגנ לאָטנ ווערט דערציילט אינ דער ביבל (בראשית XXI), אז די טעכטער זײַנע האָבנ אימ אזוי אָנגעשיקערט, אז

ער האָט ניט געוווּסט, וואָס מיט אים טוט זיכ]. די רעדנסאַרט באַטײַט: טויט־שיקער.

פליאַגע — פוילע, צעקראַכענע בריע.

דריכנענ — פּאַפּנ, שלאָפנ.

צו ז. 66.

אָבעדריקעס, שלייעס — טוילנ פונ געשפּאַנ.

גייונ אפנ דראָנזשיק — גייונ צוגעשפּאַנט.

איקעוו (עיכוב) — אָפּהאַלט, שטערונג.

בײַטנ זיכ די יאָצרעס — געמיינט: בײַט זיכ די לאַגע.

אינ דער דיכ — אינ פאַכווע.

צו ז. 67.

בענטשנ גוימל — זאָגנ געוויסע טפילעס, ווענ מע ווערט געראַטעוועט פונ אנ אומגליק.

לויאַלייכעמ (לא עליכם) — ניט פאַר אײַכ געדאַכט. א צושפּרוכ, א באַוואָרעניש, אז דער אומגליק, וועגנ וועלכנ מע רעדט, זאָל ניט טרעפנ דעמ, צו וועמענ די רייד זײַנענ געווענדט.

12

צו ז. 68.

באַלאָשנ (בעל־לשון) — א מענטש מיט א שיינעמ סטיל.

פיזמענ (פזמון) — דאָ: ליד, פּאָעמע.

צו ז. 69.

„ווי אינדנ טלענ צעברעכנ זייער דאָרשט" — אינדנ: גאַזעלנ, די זי פונ א הירש. פונקט ווי „שפּילנ אונ שאַלנ, ווי די פּאַסטעכער, א ליבע־בילד דער געליבטער קאַלע אינ שיר־השירימ" — א פּאַראָדיע אפ דעמ סטיל פונ מעליצע.

שיר־האַשירימ (שיר־השירים) — דאָס געזאַנג פונ די געזאַנגענ. איינס פונ די ביבלישע ביכער. א פּאָעמע, אינ וועלכער עס ווערט באַזונגענ די ליבע צווישנ א פּאַסטעכ מיט א פּאַסטושקע. דאָס בוכ געהער צו די סאַמע באַדײַטנדיקע לירישע ווערק אינ דער וועלט־ליטעראַטור. די רעליגיעזע טראַדיציע האָט די דאָזיקע וועלטלעכע פּאָעמע אויסגעטײַטשט אפ א רעליגיעז־אַלעגאָרישנ אויפנ.

אַדקאַנ (עד כאן) — ביזדאַנענ; ווײַטער ניֹשט.

צוטרימקענ — צובאָמקענ, זינגענ פאַר זיכ, שטילערהייט, אָנ ווערטער.

דיקיילע (כלי) — דאָ געמיינט: די שטימע.

דײַגעס־האַפּאַרנאָסע (דאגות הפרנסה) — דײַגעס וועגנ פּאַרנאָסע.

צו ז. 70.

מעקנײַעמ־פּסאַק זײַנ — אויספילנ דעמ אורטייל; דאָ: ארײַנשטילנ א כיילעק.

לעהאַנגידאָ האַמפּורסעמעס שעייר־בסאָרי האַצנואָ מאַראַס כאַיע־טרײַנע — (להגגידה המפורסמת שאר־בשרי הצנועה מרת חיה־טרײַנע) — צו דער באַרימטער נעגידע, מײַנ קרוווע, דער צנועדיקער כאַיע־טרײַנע — א טראַדיציאָנעלער טיטל פאַר א ווענדונג אינ א בריוו. דער גאַנצער בריוו

צו באַיע־טרײַנער איז אָנגעשריבן אינעם טראַדיציאָנעלן ברייוו־סטיל, מיט א גע־
מישטער העברעיִש־יִדישער שפּראַך. ה י נ י י (הנה) — אָט. ב ע ק אָ ו ה אַ ב ר י ע
(בקו הבריאה) — געזונט. ב אָ ר ו כ־ה ו (ברוך־הוא) — געבענטשט איז ער; א צו־
שפּרוך בײַ רעליגיעזע יִדן באַם דערמאָנען גאָטס נאָמען. כ ע ס ע ד (חסד) — מער־
צאָל: כאַסאָדים (חסדים) — גנאָד. י ש ו ע ס ו ו ע נ ע כ אָ מ ע ס (ישועות
ונחמות) — הילף און טרייסט. מע זאָל הערן יעשועס ווענעכאָמעס — א טראַדי־
ציאָנעלע פאָרם פון א צווינטשונג. ז אָ ל נ מ אַ ר י כ י אָ מ י מ ו ו ע ש אָ נ י מ
זײַנ (מאריך ימים ושנים) — זאָלן לאַנג לעבן. א ו ב י פ ר אַ ט ל ע ב י ט כ ע מ ה אַ־
קאַלאָ האַבסולאָ מאָראַס (ובפרט לבתכם הכלה הבתולה מרת) — און באַזונ־
דערס אײַער טאָכטער, דער קאַלע, דעם פרײַלן כאַסיע־גרונע. ה אַ ס כ ו י ר ע (הסחו־
רה) — די סכוירע. א י מ (עם) ה אַ ב ײַ ד ל ע כ — מיט די בײַדלעך. ו ו ע ה אַ ש ו ו־
נ י ס (והשנית) — צווייטנס.

צו ז. 71

ה אַ ס ו ס י מ (הסוסים) — די פערד. ב אַ א ל כ ע מ (בעלכם) — אײַער מאַן.
נ״י אַברעוויאַציע פון די ווערטער „נרו יאִיר“ (נֵירוֹ יָאִיר) — זײַן ליכט זאָל
לײַכטן — א טראַדיציאָנעל נאָכוואָרט באַם שרײַבן א נאָמען פון א לעבעדיקן מענטש.
ק אָ ל ד אָ ו ו אָ ר ש ו י ר ע ש (כל דבר שורש) — געמיינט: אויספירלעך, מיט אלע
פּראָטים. ה אַ י ו י מ (היום) — הײַנט. ל ו י ט ד ע מ מ ע ד ו ב ע ר (מדובר) — ווי
עס איז געווען אָפּגערעדט. קעפי המעדובער (כפי המדובר) — דאָס זעלבע. מ י צ י־
ד ו י (מצדו) — פון זײַן זײַט. ו ב י פ ר אַ ט ב י ט כ ע מ ה אַ ק אַ ל אָ ה אַ מ ו ש ל ע־
מ ע ס (ובפרט בתכם הכלה המושלמת) — און באַזונדערס אײַער טאָכטער די קאַלע
די פולקומע (מיט אלע מײַלעס). ז ו ג אָ ס י — מײַן פרוי. „ט כ י נ אָ כ אַ ד אָ ש אָ
א ל ה אַ פ אַ ר נ אָ ס אָ“ („תחינה חדשה על הפרנסה“) — א נײַע טכינע וועגן פּאַרנאָסע.
ר אָ ש־כ אָ ד ע ש־ב ע נ ט ש נ — ספּעציעלע טפילעס פאַרן אָנהייב פון א נײַעם
כוידעש (לויטן רעליגיעזן יִדישן קאַלענדאַר). „ט כ י נ אַ ס א י מ אָ ה ו י ס ס אָ ר אָ
ר י וו ק אָ ר אָ כ י י ל וו ע ל י י אָ“ („תחינת אמהות שרה רבקה רחל ולאה“) — א געבעט,
וואָס ווערט צוגעשריבן צו די אורמוטערס: סאָראָ (די פרוי פונעם אורפאָטער אַוראָ־
האָם), ריווקאָ (די פרוי פונעם אורפאָטער יִצכאָק), ראָכל און לייע (פרויען פו־
נעם אורפאָטער יאַנקעוו). ג אַ ם — אויך. „מ אַ י אָ נ ט אָ ה ו י ר“ („מעין טהור“) —
א בוך מיט רעליגיעזע געזעצן וועגן דעם, וויאַזוי די פרוי דאַרף זיך אויפירן אין
די מענסטרואַציע־טעג און בכלאַל אינעם געשלעכטלעכן לעבן. ש ע ל אָ כ ע מ (שלכם) —
אײַערע.

צו ז. 72

ה אַ ו ו אָ ל ע נ ע ז אָ ק נ ש ע ל י (געמיש פון העברעיִשע מיט יִדישע ווערטער
און פאָרמען) — מײַנע וואָלענע זאַקן. ה אַ ב ײַ ט ש ש ע ל י (דאָס זעלבע) — מײַן
בײַטש. ב ע ה אָ א ל ק ע ר ל ש ע ל אָ כ ע מ (דאָס זעלבע) — אין אײַער אַלקערל.
ה אַ ק אָ ט נ (הקטן) — קליינער, מינדערווערטיקער מענטש. א טראַדיציאָנעלע אונ־
טערשריפט־פאָרם אין א בריוו, אַן ערעך ווי „אײַער אונטערטעניקער דינער“.

13

צו ז. 73

מ אַ ל כ ע ס (מלכות) — דאָ: קיניג.

צו ז. 74.

אקיסליצע — א זויער עפּעלע.

געסילעקט באַלד בימזומאָנימ — געדעקט באַלד מיט באַר געלט.

עלעל (אלול) — דער לעצטער כוידעש פונ יאָר לויטנ אלט־יִידישנ קאַלענ־דאַר. דאָס איז דער כוידעש פאַר די רעליגיעזע יאָמטויוומ, די „פאָרכטיקע טעג" (יאָמימ נויראָימ).

זאָגערנס — פאַרליִיענערנס פונ טפילעס אונ טכינעס.

מעקאַבלימ — „בעקאָוועדיקע" שנאָרערס.

גאַבעטעס — ווײַבער, וואָס קלײַבנ נעדאָווועס מיט פילאַנטראָפּישע צוועקנ.

קנויטלעכ־לייגערנס — די, וואָס צינדנ ליכט בא די קוואָרימ פונ „הייליקע לײַט". פעלד־מעסטערנס — מעסטנ מיט א פאָדעמ קוואָרימ אפנ בעסאַלמענ, ציִענ אפ דעמ פאָדעמ ליכט אונ אוועקשענקענ זיי אינ בעסמעדרעש איז אנ אָבערגלויבעריש מיטל אפ צו ראַטעווענ זיכ פונ אנ אומגליק, — בײַס א שווערער קרענק, לעמאָשל. רײַכע לײַט פלעגנ עס טאָנ ניט אליינ, נאָר דינגענ דערצו עמעצנ.

וויינערנס, קלאָגערנס — פרויענ, וואָס פלעגנ פאַר געצאָלט באַקלאָגנ מויסימ, וויינענ אפ פרעמדע קוואָרימ.

צו ז. 75.

כאָליערע־כאָסנ — איינער, וואָס מע האָט אימ כאַסענע געמאַכט בײַס א כאָליערע־מאַגייפע. געווענ אנ אָבערגלויבערישער מינהעג — כאַסענע צו מאַכנ בײַס אנ עפּידעמיע אפ קאַהאָלישנ כעזשבנ א פּאָר אָרעמעלײַט, קאַליקעס, פאַרזעעניש. די כופּע פלעגט געשטעלט ווערנ אפנ בעסאַלמענ. דאָס האָט געדאַרפט זײַנ א סגולע אפ אָפּצושטעלנ די עפּידעמיע (זע אינעמ טעקסט, קאַפּיטל 5).

מאַמאַליגע — א קאַשע פונ קוקורוזע, א בעסאַראַביש מײַכל.

קאָדע — דער פעטער הינטערשטער טייל פונ א שאָף.

צו ז. 76.

העקדעש (הקדש) — א קאַהאָלש הויז פאַר אָרעמעלײַט, אָרעמע זקיינימ; אָפּטמאָל אויכ א שפּיטאָל.

אפלעט — אָנווײַזונג (בילעט) אפ אנ אָרט צומ עסנ.

הילכעס (הלכות) — די געזעצנ, געזעצנ.

אפריצ — א „גרינער", א ניט באַהאַוונטער.

גאַרגערעס (גרגרת) — האַלדז. ארײַנ אינ דער גאַרגערעס — אײַנ־עסנ זיכ, ארײַנקריכנ אינ דער נעשאָמע.

קאָשע — שווער צו פאַרשטיינ, ווידערשפּרעכיק.

פיעשע — פוסגייער.

דראַלנ, הוילעכנ מיט די ראַגלאַימ — גיינ צופוס.

צו ז. 77.

נעסינעס (נתינות) — געמיינט: געלט־צאָלונגענ פאַר די קלייקוידעש.

מישנײַעס (משניות) — טאַלמוד. זופנ מישנײַעס אונ זאָגנ קאַדיש בא א באַרמיגענ אונ אפנ הייליקנ אָרט. — דאָ איז גע־מיינט דער מינהעג צו לייענענ באַשטימטע טיילנ פונ טאַלמוד (מישנײַעס), בײַס

דער טויטער (דער בארמינענ) איז נאָכ געלעגנ אינ שטוב. דערצו פלעגט מענ געוויינלעכ עמעצנ דינגענ פאַר געלט. דאָס אײגענע אינ די טעג פונ יאָרצײַט. זאָגנ די טפילע „קאַדיש“ נאָכ א געשטאָרבענעמ (דעמ ערשטנ יאָר נאָכנ טויט — יעדנ טאָג, אונ דערנאָכ אינ די יאָרצײַט=טעג) זײַנענ, לויטנ רעליגיעזנ געזעצ, מעכויעוו דעמ געשטאָרבענעמס זינ. אָבער אויב קײנ זינ איז ניט געווענ, אָדער ווענ פרויענ פלעגנ קומענ אפנ בעסאָלמענ (אפנ „הייליקנ אָרט“) אָנ א מאַנצבל א קאָרעוו, וואָס זאָל זאָגנ די טפילע, פלעגט מענ עמעצנ דינגענ, ער זאָל זאָגנ „קאַדיש“. דער געדונגענער, א „פּראָפעסיאָנאַל“, פלעגט עס, פאַרשטייט זיכ, מאַכנ מעכאַניש אונ אפגיכ — „זופנ“ די ווערטער, ווי וואַסער.

„ב יי צ אָ“ („ביצה“) — א טאַלמודישער טראַקטאַט. דער דאָזיקער טראַקטאַט באַהאַנדלט די סאַמע מעשונעדיקסטע אויסגעטראַכטע פאַלנ אונ איז א שעמ=דאָוואָר פאַר טאַלמודישער קאַזויִסטיק.

ע ס נ ט ע ג — עסנ געשענקטע קעסט, יעדנ טאָג אינ דער וואָכ בא אנ אנדער באַלעבאָס. אזוי פלעגנ זיכ שפּײַזנ יעשיווע=באָכערימ.

צו ז. 78.

ד א י אָ נ י מ (דינים) — געהילפ=ראַבאָנימ.

כ ע ד וו ע (חדוה) — פרייד.

א יי נ י ק ל ע כ — שנאָרערס, וואָס גיבנ זיכ אויס פאַר אייניקלעכ פונ באַוווסטע ראַבאָנימ, רעבייִמ.

י ע ר ו ש א ל מ י מ — יערושאָלאַיִמער ייִדנ, וואָס פלעגנ אַרומפאָרנ אונ זאַמלענ געלט פאַר די יערושאָלאַיִמער יעשיוועס אונ אָרעמעלײַט, אָדער פאַר זיכ. צומאָל פלעגנ זיכ שווינדלער פאַרשטעלנ פאַר „יערושאַלמימ“.

ק ס או, ק ס אָ ווי מ (כתב, כתבים) — געשריפטנ, צײַגענישנ.

א ג ו נ ע (עגונה) — א פרוי, וואָס דער מאַנ איז פונ איר אוועק, אָנ א געט, אונ איז פאַרפאַלנ געוואָרנ. זי קאָנ דעריבער ניט כאַסענע האָבנ מיט קײנ אנדערנ.

ב א ל=מ א ג י ע (בעל־מגיה) — קאָרעקטאָר.

י א א מ ו י ד א י מ ק אָ ל (יעמוד עמ כל) ה ק א פּ צ אָ נ י מ — פאַראָדירט די פאָרמ פונ סימכעסטוירעדיקנ אופרופנ צו דער טוירע אלע יינגלעכ. עס ווערט אופגערופנ לויטנ נאָמענ אײנער א דערוואַקסענער אונ צוזאַמענ מיט אימ אלע יינגלעכ, וועלכע ווערנ אַרײַנגענומענ אינ דער אלגעמיינער פאָרמול: יעמויד (אזא אונ אזא נאָמענ) עמ כל הנערים — זאָל זיכ שטעלנ (בא דער טוירע) (דער אונ דער) צוזאַמענ מיט אלע יינגלעכ.

צו ז. 79.

ק י ד ע ש — א טפילע פאַרנ עסנ שאַבעס אונ יאָמטעוו — געוויינלעכ, איבער א בעכער ווײַנ.

14

צו ז. 80.

ט א ר פּ א ט א ל אָ פּ י מ (תרפ״ט אלפים) ט אָ ל ע ר — געמיינט: א זייער גרויסע סומע געלט.

צו ז. 81.

דימײַסע מיטנ קאפצנ, וואָס האָט געבראַכט אַנ אײדעמ אַפ אַ מאָלצײַט פאַר אָרעמעלײַט, איז אַ פאָלקס־מײַסע; פונ אָט דער מײַסע שטאַמט דאָס פאָלקס־ווערטל: „געקומענ מיט אַנ אײדעמ אַפ קעסט".

קעסט — דער שטײגער בײַ באַלעבאַטישע מישפּאָכעס, אַז די עלטערנ פונ דער קאַלע, אונ טײלמאָל, אויכ פונעמ כאָסנ, פלעגנ אויסהאַלטנ בײַ זיכ דאָס יונגע פאָרפאָלק די ערשטע יאָרנ נאָכ דער כאַסענע.

מעגולגל געוואָרנ — דאָ: זיכ פאַרקליבנ. (אינ אַנדערע פאַלנ: זיכ פאַרוואַנדלט).

מערידע (מרידה) — בונט.

באַלעבעטלעכ פונ הײַנטיקער וועלט — געמײנט: אַזעלכע קלערטע יונגעלײַט.

צו ז. 82.

סדאָמ (סדום) — אַ ביבליש־לעגענדאַרישע שטאָט, וואָס איבער דער פאַרדאָרבנקײַט פונ אירע אײַנוווינער האָט זי גאָט פאַרמישפּעט צומ אונטערגאַנג דורכ פײַער.

שמוליקע — פאַראָדירטע פאַרקריפּלונג פונ „הוליקע".

צו ז. 84.

אײשעס־איש (אשת איש) — אַ מאַנס אַ פרוי.

אַ גוט־אויג — געמײנט פאַרקערט: אַנ אײַנהאָרע, אַ בײז אויג.

לו־אַלײכעמדיק — ניט פאַר אײַכ געדאַכט, דה. ניט־געזונט.

שאַבעס־שטעכ — גרויסע, גיכע שטעכ, געמאַכט אינ אײַלעניש, ווענ מע האָט מוירע, אַז מע זאָל ניט באַווײַזנ פאַרטיק ווערנ ביז שאַבעס.

סיור־ביור אומאַפּלי לאַאַסויס — געמײנט: אינ דער גיכ, אינ אײַלעניש. סיור־ביור — שטאַמט פונעמ רוסישנ „סיר באָר". די טפילע „אַשער יאָצאַר" ווערט געזאָגט אינדערפרי באַמ וואַשנ די הענט שטילערהײט, פאַר זיכ אונ אַפּגיכ, אַזוי אַז מע הערט בלויז דעמ אָנהײב, דעמ מיטנ אונ דעמ סאָפ: „אַשער... באַראָ... ומאַפּלי לאַאַסויס", וואָס קלינגט ווי „שור־בור (סיור־ביור) אומאַפּלי לאַאַסויס".

רויפּעטע — פעלדשערנ; געוויינלעכ: אַ ייִדענע, וואָס פלעגט אַרומגײנ שטעלנ באַנקעס.

צו ז. 85.

אַכבעראָש — לײַדאַק, זשוליק, גאַסנ־יונג, גראָבער נעפעש.

פאַראַפּאָטשקע — אַ זידלוואָרט (?).

## 15

צו ז. 86.

קיטל — אַ ברײטער ווײַסער העמדאַרטיקער כאַלאַט (באַלאַכאָנ), וואָס דערגרייכט ביז צו די קנאָפּל. אײגנטלעכ אַ העמד פאַר טויטע אַפ דערינ באַגראָבנ צו ווערנ. פרומע ייִדנ פלעגנ דאָס דאָזיקע טויטנ־העמד אָנטאָנ בײַסעכ צום סײדער, ראָשעשאָנע אונ יאָמקיפּער צום דאַוונענ.

שווערן אין טאַלעס און אין קיטל — הייסט: געבן אַ הייליקע, פֿײַערלעכע שווּע.

צו ז. 87.

שאַץ — אויצער.

געקאָשקעט — ארויסגעוויזן גרויס ליבלעכקײַט.

צולאָנטשען — צוגעווינען, צוציִען.

צו ז. 88.

טכִיעס=האַמייסים (תחית המתים) — דאָס צוריק לעבעדיק ווערן פֿון די טויטע, וואָס דאַרף, לויט די יִדישע רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען, פֿאָרקומען אינעם „סאָף פֿון די טעג".

פלאַנכענען — וויינען. (גנייוויש לאָשן)

צו ז. 89.

טעלעמעטשע — אַ קלאַפּ, אַ זעץ (גנייוויש לאָשן).

מאָרער (מרור) — ביטערע קרײַטעכצער; אַ קעזאִים מאָרער — אַ קליינ שטיקל פֿון די ביטערע קרײַטעכצער, וואָס גייען אַרײַן אינעם ריטואַל פֿונעם פּיי= סעכדיקן סיידער.

טעלעפּעטשע — אַ קלאַפּ, אַ זעץ (גנייוויש לאָשן).

אַ „פּאָלקע" — אַ פּוס, געווייִנלעכ פֿון אַנ אָפּ.

# 16

צו ז. 91.

רײַסנ קריִע — אײַנרײַסנ אַ לאַץ פֿונעם אויבערשטנ מאַלבעש אַלס סימענ פֿונ טרויער נאָכ אַ געשטאָרבענעמ נאָענטנ מענטשנ. דאָ באַניצט אינעם באַטײַט אַקערנ די ערד מיט דער נאָז, אוועקלייגנ די קוויכעס.

פליאַסקעדריגע — אַ פוסטער פּלוידערזאַק.

דאָוויד האַמײַלעכס טילעמל — לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע, איז דאָס ביבלישע בוכ „טעהילים" פאַרפאַסט פֿונעמ קיניג דאָוויד.

לאַפּנמיץ — אַ היטל מיט צוויי קלאַפּעס באַ די זײַטנ פֿאַר די אויערנ.

מײַ דעקאַמראָ רעבעצנ — פאַראָדירטער פּאַראַפראַז פֿונ דער טאַלמודי= שער פראַזע: „מאַי דקאמרי רבנן" — וואָס די לערער זאָגנ. ער ווייסט ניט מײַ דעקאַמראָ רעבעצנ באַטײַט: ער פאַרשטייט גאָרניט, ער ווייסט גאָר= ניט.

צו ז. 92.

כאַראָמעס (חרמות) — ווּיסטע קלאָלעס.

צו ז. 94.

פּיסקעס — אַ שטאָט=טייל אין בערדיטשעוו (באַ מענדעלענ: גלופּסק).

קאָלנידרע=באַרלעכ — קליינע ווילדע באַרלעכ, וואָס ווערנ פאַרקויפט דורכגעפוילטע.

ערעצ=יִסראָעל=עפּעלעכ — אַנדערש: גאַנייִדנ=עפּעלעכ.

צו ז. 95.

טשאַקנדיק — ווי עס דאַרפ צו זײַנ, מיטנ גאַנצנ קנאַק, אויסגעצייכנט.

17

צו ז. 99.

ביקער=כוילימ (בקור=חולים) — א פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט אפ צו געבנ מעדיצינישע הילפ אונ צו פילנעווענ קראַנקע; דאָ איז געמיינט דער שפּיטאָל אינעמ העקדעש גופע.

כעווראַ=קאַדישע (חברה קדישא) — א רעליגיעזע געזעלשאַפט, וואָס פאַרנעמט זיכ מיט די איניאָנימ פונ באַגראָבנ געשטאָרבענע.

מאַזשגיעכ (משגיח) — אויפזעער.

וואַשטי האַמאַלקע (ושתי המלכה) — די קיניגנ וואַשטי פונ דער ביבלישער „מעגילאַס=עסטער"; דעמ פּערסישנ קיניג אַכאַשווייראָשעס ווייב, וואָס האָט זיכ אָפּגעזאָגט צו קומענ, לויט זײַנ פאָדערונג, צו אימ אפ דעמ מאָלצײַט אונ איז דערויבער געוואָרנ אויס קיניגנ. דאָ געמיינט: א פּערסאָנאַזש פונ די אַכאַשווייראָש=שפּילנ, אינ וועלכע מענער פלעגנ שפּילנ אויכ די פרויענ=ראָלנ.

סאַרווער — דער, וואָס אָרדנט אײַנ אונ באַדינט כאַסענעס אָדער אַנדערע סימכעס.

צו ז. 100.

מאַלאַכע=כאַבאָלע (מלאכי=חבלה) — די מאַלאָכימ, וואָס פּײַניקנ, לויט געוויסע רעליגיעזע פאָרשטעלונגענ, דעמ מענטשנ נאָכנ טויט.

הויז — דאָ: פירהויז, קאָרידאָר.

צו ז. 101.

אויסשווייגעצנ — אויסזידלענ.

צו ז. 102.

מעגולגל ווערנ — דאָ: פּלוצלינג אַרײַנפאַלנ ערגעצ=ווו.

העסעבעט — א געלעגער אפ שטולנ אָדער אפ א סאָפע, אויסגעבעט מיט קישנס, אפ וועלכנ דער הויפּט פונ דער מישפּאָכע זיצט באַמ אָפּריכטנ דעמ סיידער פּייסעכ אינ אָוונט.

באַסמאַלקע (בת מלכה) — פּרינצעסנ.

18

צו ז. 103.

זיכ געמיינעט — דאָ: געקווענקלט זיכ.

בילאָמס אייזל — די ביבל דערציילט: לויט דער פאָדערונג פונעמ מויאָווישנ קיניג באַלאָק איז בילאָמ געפאָרנ צו פאַרשעלטנ די יידנ. אָבער אינמיטנ וועג האָט זיכ זײַנ אייזל אָפּגעשטעלט אונ בעשומויפנ ניט געוואָלט ווײַטער גייִנ — דעמ וועג האָט אימ פאַרצאַמט א מאַלעכ, וואָס גאָט האָט געשיקט. פונ קאַעס האָט בילאָמ גענומענ שלאָגנ דעמ אייזל מיט א שטעקנ. האָט דאַנ דער אייזל אָנגעהויבנ רעדנ, ווי א מענטש, אונ געפרעגט בא בילאָמענ, פאַרוואָס ער שלאָגט אימ? (במדבר 22).

מאַלעגיירענ — געמיינט: איבערקײַענ עטלעכע מאָל איינס אונ דאָס זעלביקע.

צו ז. 104.

מוסעפ (מוסף) — צוגאָב=טפילע צומ שאַבעסדיקנ אונ יאָמטעוודיקנ אינדער=

פרינקנ דאווננ. „יעקום-פורקנ" — א שאבעסדיקע טפילע. „טיקאנט-אַשאַבעס" — דאָס זעלבע.

רעב לייב סאָרעס — א באַוווּסטער כסידישער רעבע. א טאלמיד פונ יסראָעל באַלשעמטאָוו, דעמ באַגרינדער פונעמ כאסידיזמ, געשטאמט פונ ראָוונע (אנדערע העלפט XVIII יאָרהונדערט). פלעגט ארומוואנדערנ איבער שטעט אונ שטעטלעכ פונ פוילנ אונ אוקראינע. וועגנ אימ איז בא די כסידימ פאראנ א סאכ לעגענדעס, אינ וועלכע ער ווערט געשילדערט אלס וווּנדער-טוער (באַל-מויפעס). איינע פונ די דאָזיקע לעגענדעס דערציילט, אז לייב סאָרעס האָט געמאכט א גוילעמ (האָמונקולוס): א קינסטלעכנ מענטשנ פונ לייממ אונ האָט אימ לעבעדיק געמאכט, ארייַנלייגנדיק אינ אימ א צעטעלע מיט גאָטס נאָמענ (דעמ שעמ-האמפוירעש — גאָטס בעפּיירעשנ נאָמענ: יעהאָוואָ — יהוה, וואָס טאָר ניט ארויסגעזאָגט ווערנ). דער גוילעמ פלעגט אויספילנ אלצ, וואָס לייב סאָרעס האָט אימ געהייסנ.

צו ז. 105.

א נייַדערגעבנ — געבנ א פייַערלעכנ צוזאָג, וואָס האָט רעליגיעזע גילטיקייַט.

צו ז. 106.

אשער-יאָצאר (אשר יצר) — א טפילע, וואָס ווערט געזאָגט איבערפרי אונ אויכ באַמ וואשנ די הענט נאָכנ אָפּטאָנ מענטשלעכע באַדערפעניש.

באקומענ א בערדע — פארשפּילנ (אינ קאָרטנ אָדער אינ אנ אנדער שפּיל).

צו ז. 107.

אָסער-כאזער — ווי כאזער איז פארווערט; געמיינט: אינ קיינ פאל ניט.

פּאָלעש — פירהויז פונ שול.

צו ז. 108.

נעשאָמע יעסיירע (נשמה יתרה) — די איבעריקע, די צווייטע נעשאָמע. לויט איינער א רעליגיעזער פאָרשטעלונג פארמאָגט א ייד שאבעס צוויי נעשאָמעס: איינע — די געוויינלעכע, אונ א צווייטע — א צוגאָבלעכע, א שאבעסדיקע.

שאָלעמ-אלייכעמ (שלום עליכם) — דאָ: א רעליגיעזער געזאנג, וואָס ווערט געזאָגט פרייטיקצונאכטס באַמ ארייַנקומענ אינ שטוב פונ שול אונ הייבט זיכ אָנ מיט די ווערטער: שאָלעמ-אלייכעמ מאלאכיי האשאָרעיס: פרידנ אפ אייַכ, איר מאלאָכימ, גאָטס דינער. א באַגריסונג די מאלאָכימ, וואָס קומענ, לויט א רעליגיעזער פאָרשטעלונג, אינ די יידישע הייַזער לעקאָוועד שאבעס.

אייזשעס כאיל (אשת חיל) — דאָ געמיינט: פּסוקימ פונעמ ביבלישנ בוכ „מישליי" (משלי XXXI, 10 אונ ווייַטער), וואָס רעליגיעזע יידנ זינגענ פרייטיקצונאכטס פארנ עסנ. דאָס איז א לויב-געזאנג דער פרוי.

צו ז. 109.

ווארשעווער זילבער — (אזויגערופענע „פראזשע") — מעש, באַדעקט גאלוואניש מיט זילבער. פראָדוקציע פונ פראזשעס פאבריק אינ ווארשע.

ליכטבענטשנ — אָנצינדנ ליכט אונ זאָגנ דערבייַ א באַשטימטע טפילע ערעוו שאבעס אונ יאָמטעוו בייַסנ זונ-אונטערגאנג.

## 19

צו ז. 111.

שאָלטיק — אַן אויסגעלאָסענער. א פּוסטעפּאַסניק.

געוויכן — אויסגעמיטן.

צו ז. 113.

מעכאַלעל שאַבעס (מחלל שבת) זײַן — פאַרשוועכן דעם שאַבעס; טאָן אַן אַרבעט, וואָס איז פאַרווערט, לויטן רעליגיעזן געזעץ, צו טאָן אום שאַבעס.

צו ז. 114.

באַלדאָווערן (גאַנאָווים־שפּראַך) — טייטן, הארגענען.

צו ז. 116.

בענ־זאָכער — א זון. דאָ געמיינט: די פיַיערונג פון דער געבורט פון א יינגל.

געטראָגן דאָס פּאַטשיילכן אום שאַבעס — איבערגעטריבן פרומע לײַט האָבן אויסגעמיטן צו טראָגן אפילע א טיכל אום שאבעס, האַלטנדיק, אז דאָס איז שוין אויך אַן „אַרבעט”.

צו ז. 117.

קעלעוו שעבעקלאָווים (כלב שבכלבים) — הינטישסטער פון אַלע הינט (זידלוואָרט).

צו ז. 118.

כאַזאָקע (חזקה) — פאַר־רעכט.

## 20

צו ז. 119.

א פּעניג — א קליינע דײַטשישע מאַטבייע. געמיינט: א גראָשן.

צו ז. 120.

קנופּיע (כנופיה) — כעוורע, באַנדע.

דער געפּענטעטער האָן בעשאַס קאַפּאָרעס שלאָגן — געמיינט דעם רעליגיעזן מינהעג צו דרייען ערעוו־יאָמקיפּער איבערן קאָפּ א געפּענטעטן האָן און זאָגן דערבײַ באַשטימטע טפילעס, וואָס זייער אינהאַלט איז, אַז דער האָן זאָל אומקומען אַלס קאַפּאָרע (פאַרגעבונג) פאַרן מענטשנס זינד.

צו ז. 122.

טאַרבעס (תרבות) — דאָ: דערעכערעץ.

צו ז. 123.

דאַם־סאָנים (מערצאָל פון דאַם־סוינע) — א סוינע ביז בלוט.

פירקומען — דאַכטן זיך.

## 21

צו ז. 125.

ניכפּע — עפּילעפּסיע, ספּאַזמעס, קאָנוווּלסיעס.

צו ז. 126.

קאָל־וועלאָכ — פאַרקריפּלונג פון קאָל ווע־כאָל (כל וכל) — אַלץ מיטאַנאַנדער.

אוישער (עושר) — דאָ: רײַכטום.

צו ז. 127.

ד י ש ו ל, ו ו ו ע ס ד א ו ו נ ע נ א צ י נ ד ד י מ י ו ס י מ — אנ אָבערגלויבנ, אז נאָכ האַלבער נאכט קומענ די מיוסימ אינ די שולנ אונ זיי דאַוונענ דאָרט, ביז עס הייבט אָנ צו טאָגנ (ביז דער האָנ קרייט אַפּ טאָג).

ק ס ו ב ע (כתובה) — א געשריבענע פאַרפליכטונג, וואָס דער מאַנ גיט ארויס, לויטנ יידישנ רעליגיעזנ געזעצ, דער פרוי באַ דער כאסענע, אויסצוהאַלטנ זי מיט שפּייז אונ קליידער, באַפרידיקנ אירע באַדערפעני שנ אונ אויסצאָלנ איר א געוויסע סומע אינ פאַל פונ א געט.

ו ע ה א ק ו י ל ש אָ ר י ר ו ו ע ק א י אָ מ (והכל שריר וקים) — אונ אלצ איז פעסט אונ גילטיק. א טראַדיציאָנעלע יורידישע באשטעטיקונג-פאָרמול אינ קאָהאָלשע באשטימונגענ, ראבאָנישע אופרופנ אונ אינ ציווילע אָפּמאכנ.

ט כ י ל ע ס (תחילת) — צוערשט, פונ אָנהייב.

צו ז. 128.

פ א ר ל ע ק ט — באטרונקענ, שיכּערלעכ.

מ א ל כ ע ס-ב ר ו י ט ל — א האָניק-געבעקס.

ר ו י ז נ-ב ו ל ק ע ל ע — א צוקער-געבעקס.

צו ז. 129.

מ י ט פ ו ל נ א י ב ע ר ג י י נ ד ע מ ו ו ע ג — אנ אָבערגלויבנ, אז אויב עמעצער גייט איבער דעם וועג מיט פולע עמערס, איז דאָס א גוטער סימענ, אז דער וועג וועט אָפּגליקנ.

22

צו ז. 130.

ג ע ק אָ ט ע ר ט — געמאַטערט.

מ א נ ק אָ ל י ע — פאַרגרייזט פונ „מעלאנכאָליע”.

א ב א ל ש ע מ (בעל-שם) — א וווּנדער-טוער.

ד ע ר ט אָ ט ע ר — א ניט-יידישער זנאכער.

ט א מ (טעם) — דאָ: סיבע, באגרינדונג, דערקלערונג.

צו ז. 131.

פ א ר ט ר אָ ג נ א י נ ד י י ז ש ע-ב אָ ר ש ט ש — פארנומענ מיט ארומהאַוועג.

ר יי ש י ס-כ אָ כ מ ע (ראשית חכמה) — דער הויפּט-פּרינציפּ פונ יעדער קלוג-שאפט, דאָ באטייט: קוידעם קאָל, פריער פונ אלצ.

ק ע פ י (כפי) ד ע ם מ ע ד ו ב ע ר (מדובר) — ווי עס איז געווענ אָפּגערעדט.

ט אָ ר ע ד (טרוד) — פארנומענ, פאַרהאָרעוועט.

ש ל ו י ש י מ (שלושים) — די ערשטע 30 טעג טרויער נאָכ א געשטאָרבענעמ.

מ ע ק יי ע מ (מקים) ז יי נ — אויספילנ, טאָנ.

צו ז. 132.

ש אָ ל ו י ש ס ו ד ע ס (שלוש סעודות) — דריי סודעס, וואָס מע דאַרפ, לויט דער רעליגיעזער טראַדיציע, עסנ שאבעס. ל ע ש ע מ י י כ ו ד (לשם יחוד) — אינ גאָטס נאָמענ, קעדיי צו פארשטארקנ גאָטס איינהייט. ק ו ד ש אָ-ב ר י ך ה ו אָ (קודשה בריך הוא) — גאָט. ש כ י נ ע (שכינה) — גאָטהייט, גאָטס גייסט.

מוסער=ספאָרימ — רעליגיעזע מאָראַל=ביכער מיט שטראָף=רייד פאַר ניט אויספּילנ די רעליגיעזע געבאָטנ אונ סטראַשונקעס פונ קאָלערליי ליידנ נאָכנ טויט, אפ יענער וועלט.

צו ז. 133.

קויממעמיעס (קוממיות) — דאָ געמיינט: פראָטעסט, בונט.

צו ז. 135.

געמאַכט טאַמ — געמאַכט זיכ טאַמעוואַטע.

23

צו ז. 137.

פרענקענ — אָדער פראַנקישע יידנ — ספּאַרדישע יידנ (שפּאַניאָלנ), וואָס האָבנ אינ מיטלאַלטער אויסגעוואַנדערט פונ שפּאַניע. א סאַכ פונ זיי וווינענ אינ די לענדער פונ פאָדערשטער אזיע אונ אויכ אינ פאַלעסטינע.

מייכעש — שוואַכקייט, קרענק.

בראָדער פראַנצויזנ — אינ אָנהייב XIX יה. האָט קיינ אָדעס איבערגעוואַנדערט א היפּשע צאָל יידנ פונ גאַליציע, דערונטער באַזונדערס פיל פונ דער גאַליצישער שטאָט בראָד — נאָכ וועלכער מע פלעגט אָנרופנ אלע גאַליצישע איינוואַנדערער „בראָדער“. די בראָדער זיינענ אינ אָדעס געווענ פיאָנערנ פונ דער האַסקאָלע=באַוועגונג. דער נאָמענ „בראָדער“ איז דעריבער אינ דאָרעמ=רוסלאַנד אינ משעכ פונ א לאַנגער צייט געווענ אידענטיש מיטנ נאָמענ „מאַסקיל“. מיטנ צונעמעניש „פראַנצויזנ“ זיינענ געמיינט אויסגעפּוצטע, אייראָפּייִש געקליידעטע יידנ. מע פלעגט זיי רופנ אויכ „דייטשנ“. גייג קורצ געקליידט — ניט אינ קיינ לאַנגער קאַפּאָטע, אונ אינ א קאַפּעליוש, אָנשטאָט א טראַדיציאָנעל יידיש היטל, — האָט געהייסנ גייג „דייטש“ געקליידעט.

צו ז. 138.

אינ שול, לעהאַוודל, פע, אויכ א קאַטערינקע — געמיינט דעמ אָרגל, וואָס האָט געשפּילט אינ דער אָדעסער קאָרשול.

אָדאָמ יעסוידוי מעאָפּאָר (וועסויפוי לעאָפּאָר) (אדם יסודו מעפר וסופו לעפר) — דער מענטש קומט פונ דער ערד (אונ זיינ סאָפ איז אומצוקערנ זיכ אינ דער ערד) — א פראַזע פונ א טפילע.

גראָלדיע (הערלדיע) — געמיינט: ייִכעס=בריוו.

צו ז. 140.

נעקייוועס מיט האָר — פרויענ נאָכ דער כאַסענע פלעגנ, לויטנ רעליגיעזנ שטייגער, אָפּשערנ זיכ די האָר אונ צודעקנ דעמ קאָפּ מיט א טשיפּעק, א שטערנטיכל אָדער גלאַט א טיכל. שפּעטער א ביסל האָט מענ אָנגעהויבנ טראָגנ פאַריקנ פונ פרעמדע האָר. ערשט זינט דער אויפקלערונג האָבנ זיכ טייל פרויענ דערלויבט צו טראָגנ די אייגענע האָר.

בישליימעס (בשלמות) — פולקומ.

זאָגנ טילימ אפנ הייליקנ אָרט — א רעליגיעזער מינהעג צו לייענענ (זאָגנ) פונעמ בוכ „טילימ“ לעבנ דעמ קייווער פונ א פאַרשטאָרבענעמ נאָענטנ מענטשנ

אינעם טאָג פֿון יאָרצײַט און אויך אין די טעג צווישן ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער. דערצו פֿלעגט מען דינגען עמעצן.

„מישעבײרעך" (מי שברך) — א טפֿילע פֿאר עמעצנס וווילזײַן.

„צוין קאָדאָשים" (צאן קדשים) — בוכשטעבלעך: הייליקע שאָף. דאָ געמיינט: א מין שפּיל. סימכעסטוירע פֿלעגט דער מעלאמעד (אָדער אן אנדער דערוואקסענער) אויסרופֿן: „צוין קאָדאָשים", און די קינדער פֿלעגן, ווי שאָף, ענטפֿערן: מע=מע!

צו ז. 141.

נישט מאכן קיין „מישעבײרעך" די נעגידים, נישט באַגראָבן די פֿײַנע=בערים — א צווייטײַטיקע פֿראזע: „מאכן א מישעבײרעך" האָט, אויסער דעם דירעקטן באטײַט פֿון זאָגן א טפֿילע פֿאר עמעצנס וווילזײַן, אויך א פֿארקערטן באטײַט: אויסזידלען עמעצן; „באגראָבן עמעצן" באטײַט ניט נאָר באטייליקן זיך אין עמעצנס א לעווײַע, נאָר: מאכן א טעל פֿון עמעצן, ארײַנלייגן אין דר'ערד ארײַן. דערוף טאקע ענטפֿערט יאָנטל: „ער באגראָבט זיי, נאָר אף אן אנדער שטייגער".

אוילאָמעס= (עולמות) געלט — געלט, וואָס עמעצער לאָזט איבער לויט א צאוואָע אף צדאָקע=צוועקן.

נעמאָנעס (נאמנות) — ערלעכקײַט, צוטרוי.

סאנדעק, מעציצע — ערן=פֿליכטן באַם דורכפֿירן די מילע=פּראָצעדור. די פֿליכטן רעכענען זיך בא רעליגיעזע יידן פֿאר מיצוועס.

פֿערציק ווערסט ארום אדעם ברענט דער געהענעם — א פֿארשפּריט ווערטל, וואָס דארף באטײַטן, אז אדעם איז זייער א צעלאָזענע, ניט פֿרומע שטאָט.

צו ז. 142.

טענדעווערענדע — דאָ געמיינט: א שווארצער לאנגער מאלבעש מיט א קײַלעכיקן צוגענייטן קאָלנער, ווי א פֿעלערינקע; ענלעך אפֿן אָנטאָן פֿון די קאטוילישע גאלאָכים. דאוונענען קאָרכיש — דאוונענען „רעפֿאָרמירט" מיט א כאָר, לויטן נוסעך פֿון א קאָרשול. פּיסטל=געזאנג — זינגען אף א בײַקאָל אף דער פּיסטל. קליוואנער בעטלערל — א געזאנג=שטייגער אין כאזאָנעס. „אוי נ=ק אָמויכאָ" (אין כמוך) — א טפֿילע.

צו ז. 143.

צעלניק — גאלאנטעריי.

א קאָכלעפֿל — א מענטש, וואָס מישט זיך אין קאָהאָלשע איניאָנים.

א קאָטא — אוועק!

צו ז. 144.

מאכמאקים — געלט; דאָס זעלבע — קלינגערס.

פּרודען זיך — אָפּרייניקן זיך פֿון אומפֿלייט.

24

צו ז. 147.

באדעקנס — א דעטאל פֿונעם טראדיציאָנעלן באסענע=צערעמאָניאל. די קאלע פֿירט מען צו דער כופּע, פֿארדעקט דאָס פּאָנעם מיט א שלייער. דאָס „באדעקנס" גופֿע

פלעגט פאַרקומען אַפּ א פּײַערלעכנ אויפנ עטלעכע שאָ פאַר דער כופּע. די גאַנצע צײַט נאָכ דעמ — ביז דער כופּע — איז די קאַלע געזעסנ מיט א פאַרדעקט פּאָנעמ, אַרומ־ גערינגלט מיט כאַווערטעס, קרויווים און מעכוטענעסטעס. באַמ באַדעקנס פלעגנ קלעז־ מער שפּילנ און דער באַדכנ פלעגט זינגענ טרויעריקע לידער וועגנ דעמ גוירל פונעמ מענטשנ אַאוו.

צו ז. 150.

מ ע ק א ב ל  ב ע א ה א ו ו ע (מקבל באהבה) — אופנעמען מיט ליבע, אָנעמען פאַר גוט.

צו ז. 153.

ש ט ו ר מ א ק — טויגעניכץ, אויזוואַר־באָטל.
פּ אָ צ י א פּ ע נ — פּאַקנ, קריגנ.

צו ז. 154.

ק י נ ע — לויז.
„פּ ל ו מ פּ ל ע נ" (גנייוויש לאָשנ) — מאַכנ אומבאַוועגלעכ; האַרגענענ.

צו ז. 155.

ט ק י ע־ג ע ד ו י ל ע (תקיעה גדולה) — דאָס גרויסע שאַלנ (טראָמפּייטערנ). א לאַנגע, אויסגעצויגענע טקיע (טראָמפּייט־קלאַנג), מיט וועלכער עס פאַרענדיקט זיכ דאָס שויפער־בלאָזנ. דאָ געמיינט: דער לעצטער אַקאָרד.

צו ז. 156.

ק ע צ א פּ י כ י ס (כצפּיחת) — א וואָרט אינ דער ביבל, וואָס באַטײַט אַנ ערעכ: ווי א בלינטשיק, א קוכנ. דער פּינקטלעכער באַטײַט פונעמ דאָזיקנ וואָרט איז די מעפ־ לאַמדימ ניט געווענ באַוווּסט, און דעריבער איז עס אָנגענומענ געוואָרנ ווי א נאָמענ פונ אַנ אויסטערלישער זאַכ. מענדעלע באַניצט עס דאָ אינעמ באַטײַט: עפּעס אַנ אויס־ טערלישע, אומבאַוווּסטע זאַכ.

ה א ר־ה א ז ײ ס י מ (אייבערט־באַרג), ל ע ו ו אָ נ ו י נ — נעמענ פונ בערג אינ פּאַלעסטינע.

ס א מ ב א ט י ע נ — א פאַנטאַסטישער טײַכ, וועגנ וועלכנ די לעגענדעס דערציילנ, אַז א גאַנצע וואָכ איז ער ניט צוטרייטלעכ, ווײַל ער וואַרפט פונ זיכ שטיינער. בלויז שאַבעס רוט ער אָפּ. און דאָס אַלץ, קעדיי צו באַשיצנ די „רויטע ייִדעלעכ" — רעשטנ פונ די צענ שוואָטימ, וואָס וווינענ הינטער דעמ סאַמבאַטיענ.

צו ז. 159.

אָ מ נ אָ מ כ אָ ט אָ ס י (אמנם חטאתי) — איכ האָב טאַקע אָפּגעמעסנ געזינדיקט.
ב אָ ס אָ ר־וו ע ד אָ מ (בשר ודם) — פלייש און בלוט; א מענטש.

זײַט

# אינהאלט

